# אינהאַלט

# אין דער קאָמיסיע פון פּאָליטביוראָ פון צק קפּסס

## אף צוגאָבלער דערלערנען די מאטעריאלן, וועלכע זײַנען פארבונדן מיט די רעפּרעסיעס, וואָס האָבן געהאט אן אָרט אין פעריאָד פון די 30-ער — 40-ער און אין אָנהייב פון די 50-ער יאָרן

די קאָמיסיע האָט אף איר אָרדנטלעכער זיצונג אויסגעהערט די אינפאָרמאציע פונעם אויבער־געריכט פון פססר וועגן באַ־האַנדלען די מאטעריאלן, וועלכע זײַנען פארבונדן מיט דער רעאַ־ביליטאציע פון די פערזאָנען, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען לויטן אזוי־גערופענעם איניען „ייִדישער אנטיפאשיסטישער קאָמיטעט״.

דער ייִדישער אנטיפאשיסטישער קאָמיטעט, וועלכער איז געשאפן געוואָרן אין די יאָרן פון דער גרויסער פאטערלענדישער מילכאָמע, האָט דורכגעפירט, פונקט ווי אנדערע געזעלשאפט־לעכע אָרגאניזאציעס און באוועגונגען, אַן אקטיווע ארבעט אף צו מאָביליזירן די סאָוועטישע און אויסלענדישע געזעלשאפטלע־כע מיינונג קעגן די רעציכעס פונעם פאשיזם.

אין סאָף פון 1948 איז דער קאָמיטעט פאנאנדערגעלאָזט גע־וואָרן, און א גרויסע גרופּע פערזאָנען, וועלכע זײַנען געווען פארבונדן מיט זײַן ארבעט, איז געוואָרן ארעסטירט. אלס א טע־רעץ אָנצווּועדן רעפּרעסיווע מיטלען האָט געדינט די גרונטלאָזע באשולדיקונג אין מעלוכישע פארברעכנס און אין שפּיאָנישער טע־טיקײַט. די מיליטערישע קאָלעגיע פונעם אויבער־געריכט פון פססר האָט אין יול 1952 פאַרמישפּעט די אָנפירער פונעם קאָמיטעט צו דער העכסטער שטראָף אָדער צו דויערנדיקע טערמינען טפיסע.

די דורכקאָנטראָלירונג אין 1955 האָט פעסטגעשטעלט, אז די אינקרימינירטע באשולדיקונגען בענעגייע די אָנטיילנעמער פונעם ייִדישן אנטיפאשיסטישן קאָמיטעט זײַנען געווען פאברי־צירט. דער אויבער־געריכט פון פססר האָט דעם 22 נאָיאבער 1955 באהאנדלט דעם אויספיר פונעם גענעראל־פּראָקוראָר פון פססר לויט דעם אזויגערופענעם איניען „ייִדישער אנטיפאשיס־טישער קאָמיטעט״ און האָט אָפּגעשאפן דעם אורטייל בענעגייע אלע פארמישפּעטע לויט אָט דעם איניען.

אין די זעלבע יאָרן זײַנען אופגעשטעלט געוואָרן אין קפּסס ס. א. לאָזאָווסקי, אי. ס. פעפער, אי. ס. יוזעפאָוויטש, ל. מ. קוויט־קאָ, פּ. ד. מארקיש, ע. אי. טעומין, ס. ל. ברעגמאן (נאָכן טויט), ל. ס. שטערן.

אין יענער צײַט זײַנען די סאכאקלען פון דער געריכטלעכער און פארטייִשער רעאביליטאציע ניט פארעפנטלעכט געוואָרן. באטראכט די אינפאָרמאציע פונעם אויבער־געריכט פון פססר, האָט די קאָמיסיע אנערקענט פאר נייטיק צו פארעפנטלעכן די דאָזיקע מיטיילונג.

ס'איז גענומען געוואָרן אין אכט דער באשלוס פונעם קאָמי־טעט פון פארטיי־קאָנטראָל באַם צק פון קפּסס וועגן אופשטעלן אין דער פארטיי וו. א. שימעליאָוויטשן און ד. נ. האָפשטיינען (נאָכן טויט).

די קאָמיסיע פון פּאָליטביוראָ זעצט פאָר די ארבעט.

יאסל בוכבינדער

# בלעטלעך פון מײַן טאָגבוך

זאָל עס הייסן א האקדאָמע צו די אייניקע בלעטלעך פון מײַן לעבנס־געשיכטע. מעגלעך, אַז ניט יעדערן וועלן זיי געפעלן און מע וועט זאָגן, אַז ס'איז ניט אינטערעסאַנט. נאָר אַזוי ווי די טײַלעך פונעם זיקאָרן האָבן אױף דער עלטער זיך ברייט געעפנט און באַוויזן האָט זיך מײַן קינדהייט, וואָס איז שוין פון לאַנג אַוועק און פאַרשוווּנדן, און איר אַוועקגאַנג האָט איבערגעלאָזט א סאַך שיינקייט, ראָמאַנטיק, וואָס איז ביז איצט פאַרבליבן אין האַרצן, בענקט זיך אָפטמאָל נאָך איר פאַרגאַנגענהייט. איז וואָס קאָן מען טאָן? צי מעג מען דען בענקען נאָך איר בלויז אינדערשטיל, אַז קיינער זאָל ניט הערן די טריט פון דער בענקשאַפט, צי עפּשער גאָר פאַרקערט — גלײַכער זיך טיילן מיט גוטע פרײַנט וועגן דעם ווײַטן איבערגעלעבטן? האָב איך באַשלאָסן דאָס אַלץ פאַרשרײַבן סײַ וועגן זיך, סײַ וועגן אַנדערע מענטשן, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען אָפט זיך באַגעגענען, זײַן אין פרײַנט־לעכע באַציִונגען. עפּשער וועלן זיי אַלע גאָר זײַן צופרידן, לייענענדיק אָט די בלעטלעך?

אַזוי האָב איך געטראַכט, אָפט געצווייפלט און ענדלעך דערפילט, אַז דאָס אַלץ, וואָס איך גאַר צו באַשרײַבן, וועט זיך אין לידער צי אין א פּאָעמע ניט באַקומען. כאָטש אין גרונט האָב איך זיך פאַרנומען (אָפט ניט געלונגען, זייער זעלטן געלונגען) מיט פּאָעזיע, האָב איך טאַקע באַשטימט דאָס אַלץ אָנשרײַבן אין דער פאָרם פון מעמוארן. מעגלעך, אַז אייניקע וועלן זיכער זאָגן (און עפּשער זײַנען זיי גערעכט): ווידער וועגן קינדהייט, וועגן יוגנט, וועגן שטעטל, וועגן דעם טראַגישן גורל פון מענטשן, — ס'איז שוין דערעסן, ווײַל וועגן דעם האָט מען שוין א סאַך געשריבן, און איינער אַן אָנגעזעענער דיכטער האָט אפילע נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן געשריבן: „שטעטל, שטעטעלע, פאַרשווינדו!“ נאָר איך האַלט, אַז גראָד פונעם שטעטל זײַנען אַרויס אין דער גרויסער וועלט א סאַך באַגאַבטע מענטשן און אַז דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט אַ שיינקייט, אַ ראָמאַנטיק און אַז אין מײַן זיקאָרן ליגט ביז צו הײַנטיקן טאָג זייער א סאַך אומפאַרגעסלעכס. ווען ניט די נאַציסטישע גזירע, וואָלט דאָס שטעטל נאָך לאַנג געהאַט א קיום, נאָר אַזאַ איז אונדזער גורל. ווילט זיך מיר טאַקע עטוואָס דערציילן וועגן זיך און וועגן אַנדערע.

געבוירן ביז איך בײַ אָרעמע עלטערן אין א קליין שטעטל אױף וואָלין נאָך ביז דער רעוואָלוציע. פון קינדווײַז אָן בין איך אָפט געגאַנגען, ווי מיט באָרוועסע פיס, איבער שאַרפע סטערניעס פון אָן אָפּגעקאָסטע פעלד אין צײַט פון שניט, נאָר זיך ניט אָפּגעשטעלט. אונדזער געזינדל איז באַשטאַנען פון זעקס קינדער. דער איינציקער באַל־מעפּאַרנעס איז געווען דער טאַטע מײַנער, א פּאָשעטער, געלער ייִד, וואָס האָט ניט געקאָנט אפילע אָנשרײַבן זײַן פאַמיליע. נאָר ער האָט פאַרמאָגט טאַלאַנט

אין די הענט. ער איז געווען דער איינציקער סטעלמאַך, וואָס האָט געקאָנט מאַכן אַ ברישקע, אַ וואָגן, אַ פּאַעטאָן, שוין ניט רעדנדיק וועגן אויסשניצן רעדער צו פֿלאַשטשאַדקעס אַף צו פירן שווערע פּראַכטן. דערפאַר טאַקע איז ער שטענדיק געווען פאַרנומען.

ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן פרילינג, ווען די ערד האָט נאָך ניט באַוויזן זיך באַפרײַען פון די שניי־הורבעס, ווען אייניקע פויערים פון די אַרומיקע דערפער, ווי אויך די שטעטלדיקע באַלע־גאָלעס, וואָס האָבן זיך געשלעפּט אַף די שליטנס איבער די צוגעפרוירענע קאַליוזשעס און אָפּט ווערן ווי דערטרונקען אין דער קלעפּיקער בלאָטע, שוין דאַן איז לעם אונדזער הויקערדיק שטיבל, ווו עס האָט זיך געפונען דעם טאַטנס סטעלמאַשניע, געשטאַנען אויסגעשפּאַנטע פערד לעבן הינקעדיקע וועגענער, בא וועלכע ס'האָט געפעלט אַ ראָד אָדער צווײ רעדער. און אַלע מיט איין קאָל:

— שמוליק, דאַוואַי שווידשע קאָלעסאָ!

נאָר גײ צערײַס זיך אַף שטיקלעך! ווו נעמט מען אַזויפיל הענט? אַזויפיל קויעך? קיין שום הילף האָט דער טאַטע ניט געהאַט פון קיינעם, דעריבער איז ער עפּשער דערפאַר געווען אָפּט בייז, אין קאַס אַף זיך אַליין און אָפּט אויסגעלאָזט דעם קאַס אַף מיר, דעם עלטסטן אין דער מישפּאָכע, וואָס איך גײ אָן כײשעק אים העלפן צו צעזעגן אַ היפּשן דעמב אָדער אַ יאַסען אַף אויסשניצן ספּיצעס פאַר די קומענדיקע רעדער. אָפּט האָב איך עס געטאָן מיט פאַרגעניגן, אַבי מיטהעלפן דעם קראַנקן טאַטן, נאָר ווי אַפּצולאָכעס פלעג די גרויסע זעג, וואָס דער טאַטע האָט מיר פאַרטרויט, פאַרקריכן אין אַ זײַט, האָט דער טאַטע זיך געבייזערט און פלעג מיר דערלאַנגען אַזאַ פּאַטש אין פּאָנעם, אַז פונקען זײַנען געפלויגן בא מיר פון די אויגן. דערבײַ פלעג ער מיך נעמען טרייסטן:

— נו, זאָג מיר אַליין, צי ס'איז אַ גרויסע טוירע דערבײַ. מע דאַרף ענדיקן אַ גימנאַזיע, קעדיי פירן די זעג גלײַך און ניט בייגן זי אַהין און צוריק?

— ביסט גערעכט, טאַטע, נאָר ס'באַקומט זיך ניט בא מיר.

ערגער איז געווען מיט דער טאָקאַרניע. דרייען די גרויסע ראָד אַף צו אויסטאָקן קלעצלעך פאַר די רעדער האָט זיך מיר לאַכלוטן ניט אײַנגעגעבן. מע האָט געדאַרפט האָבן אײַזערנעם קויעך. אַז דער טאַטע האָט דערזען, ווי איך בין שוין פּיטש־נאַס, ווי פּאַטיאָקעס שווייס רינען פון מיר, האָט ער מיט ראַכמאָנעס־אויגן אַ קוק געטאָן און מיך אָפּגעשיקט אַהיים. אַוועקגייענדיק, האָב איך גע־הערט, ווי דער טאַטע האָט צו איינעם פון די קליִענטן זיך געוועדט:

— פּאַוולאָ, כאָדי סיודי (קום אַהער), גיב נאָר אַ גוטן דריי די טאָקאַרניע־ראָד, וועלן די צווײ קלעצלעך פאַר דײַנע רעדער אין עטלעכע מינוט אַרום ווערן אויסגעטאָקט, ווי די צאַצקעלעך.

פּאַוולאָ האָט עס געטאָן מיט כײשעק. די פויערים, ווי איך געדענק, האָבן דעם טאַטן זייער געלויבט: אויב שמילעק מאַכט אַ ראָד, פלעגן זיי רעדן, גייט זי איבער די ערגסטע זומפּיקע וועגן ניט ווייניקער פון אַ יאָר צען. עפּשער דערפאַר בענקען נאָך ביז איצט די וואָלינער וועגן נאָך די קלינגענדיקע רעדער, וואָס דער טאַטע מײַנער האָט אויסגעמײַסטרעוועט מיט גאָלדענע הענט...

נאָר גענויער וועגן דעם וועל איך נאָך דערציילן, כאָטש ניט אַלץ געדענק איך. איך בין אַלט געווען קנאַפּע זיבן יאָר, ווען דעם טאַטן האָט מען אין איינער אַ נאַכט, אין שטעטל איז דאַן געווען אַ גרויסע אָבלאַווע, געפּאַקט ליגן אַפּן שטאַל־בוידעם פאַרדעקט מיט היי. ער האָט זיך אויסגעבאַ־האַלטן פון ניט וועלן גיין דינען צו „פּאָניע גאָנעוו" — אַזוי האָט מען גערופן דעם קייסער. ער האָט זיך געמאַכט אַ פּײַפנדיקן אויער און אַ פאַכעווע קילע. אָבער עס האָט אים גאָרנישט ניט געהאָלפן. אין אָנהייב פון דער אימפּעריִאַליסטישער מילכאָמע האָט מען אים גענומען אין דער צאַרישער אַרמיי. נאָר אים האָט דאַן אָפּגעגליקט. געדינט האָט ער אין אַן אינפאַנטעריע־פּאָלק אין מאָזיר אַלס סטעל־מאַך ביז דער פעווראַל־רעוואָליוציע.

געקומען אַהיים, האָט ער זיך ווידער גענומען צו סטעלמאַכערײַ. איך בין נאָך דאַן געגאַן אָן שום ווילן אין כיידער, כ'האָב דעם רעבן מײַנעם ניט ליב געהאַט. אָפּט בייסן לערנען, ווען כ'האָב ניט אַזוי גוט פאַרשטאַנען דעם כומעש, פלעג ער אַזוי אַ קניפּ טאָן מײַן באַק אָדער אַ דריי טאָן דעם אויער, אַז דאָס גאַנצע פּאָנעם האָט געפלאַמט און פון די אויגן האָבן טרערן זיך געשפּאַרט. עטוואָס גליקלעכער בין איך געווען, ווען כ'האָב אָנגעהויבן לערנען שוין בא אַ צווייטן רעבן אַ בלאָט גע־מאָרע און אַפילע אַ טיקנדל, קעדיי דערנאָכדעם קענען לייענען די טוירע. פאַר דעם טאַטן מײַנעם האָט דער רעבע מיך אָנגעהויבן שטאַרק צו לויבן, אַז איך וועל אויסוואַקסן אַ גרויסער לאָמדן, געזאָגט, אַז איך פאַרמאָג אַ שאַרפן קאָפּ. וועגן די דאָזיקע שוואָכים האָב איך זיך דערוווּסט אַ סאַך שפּעטער, ערשט נאָך מײַן באַרמיצווע ווערן. איך האָב שוין דאַן אָנגעהויבן לייגן טפילן און מיט זאָרעך דעם בלינדן, אַ ייִד אַ פאַרמעגלעכער, האָב איך געדאַרפט ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער זיצן לעם אים, זאָגן די טפילעס, און ער האָט זיי איבערגעכאַזערט. די דאָזיקע שליכעס האָב איך געמוזט אויספּילן, ווײַל איך האָב געוווּסט, אַז בא זאָרעכן אין שטאַל האַלט דער ייִדע מײַנער, דער באַלע־גאָלע, די פערד, די פלאַשטשאַדקע און דעם פּאַעטאָן. דאָס האָט באַטײַט אַ טויזנט פּאַר אַ טויזנט.

פון יונגווייז אָן האָט מיך אָבער געצויגן צו גאָר אַן אַנדער וועלט. גאַנצע טעג פֿלעג איך זיצן אין דער ביבליאָטעק אָדער אין לייענשטיבל און געלייענט. צו צוועלף יאָר, זייענדיק אַ שילער פֿונעם 5־טן קלאַס, האָב איך איבערגעלייענט די קלאַסיקער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור — מענדעלען, שלום־עליכעמען, פּרעצן, ווי אויך פֿיל ווערק פֿון טאָלסטאָיען, גאָגאָלן, טשעכאָוון און גאָרקין. ווי נאָר אין ייִשעוו האָט זיך געעפֿנט די ייִדישע אַרבעטער־שול, בין איך גלייך אָנגעקומען אין פֿערטן קלאַס, ווייל לייענען, שרייבן און רעכענען האָב איך זיך אַליין אויסגעלערנט.

וועגן דער ייִדישער אַרבעטער־שול איז קעדײַ עטוואָס געניער דערציילן. די שול האָט זיך געפֿונען אין אַ גרויסער איינשטאָקיקער געבײַדע, וועלכע זיידל דער האַרבאַרניק האָט ניט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן באַלד נאָך דעם, ווי ער האָט אויפֿגעהערט זיך פֿאַרנעמען מיט אויסאַרבעטן לעדער. די דאָזיקע אַרבעט איז אים געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ. זיידל האָט דאַן פֿאַרטראַכט, אַז די געבײַדע וועט ער אויסבויען בעסער פֿאַר אַן אײַנפֿאָר־הויז פֿאַר די פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער, וואָס קומען אויף נאַכטלעג מיט אָנגעלאָדענע וועגענער, מיט אַלערליי אויפֿעס, מיט זעקלעך מעל, קאָרענער און ווייצענער, קעדיי פֿאַרקויפֿן אויף דעם קומענדיקן שטעטלדיקן יאַריד. זיידל איז געווען פֿון אָט די פֿאַרמעגלעכע ייִדן, וועלכע האָבן נאָך אין אָנהייב נעפּ פֿאַרויסגעזען, אַז די פּריוואַט־איינגעבּטימערישע באַלעבאַטישקייט וועט בעמיילע אונטערגיין פֿריִער אָדער שפּעטער, און אַז מע דאַרף באַצײַטנס זיך אָפּזאָגן דערפֿון.

זיידלען איז שווער געווען זיך שיידן מיט אָט דעם געפּיל, נאָר אים האָט מיטגעהאָלפֿן זײַן ברודערס זון, קאַלמען, וועלכער איז געוואָרן דער דירעקטאָר פֿון דער שול. קאַלמען האָט איבערצײַגט דעם פֿעטער, אַז בעסער און שענער וועט זײַן, ווען ער אַליין וועט אָפּגעבן די געבײַדע פֿאַר אַ שול, אין וועלכער עס וועלן זיך לערנען באַ 600 ייִדישע קינדער, איידער מע זאָל זי אָפּנעמען באַ אים מיט צוואַנג. כאָטש זיידל האָט אינעם ייִשעוו געהאַט אַ צונעמעניש „זיידל מיט די לאַנגע הענט און מיטן קורצן סייכל", האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער פֿאַרמאָגט אַ לאַנגן סייכל און קורצע הענט. ער האָט געטאָן ווי אַ כאָכעם סײַ פֿאַר זיך און סײַ צוליבן ברודערס זון. ער האָט נאָך שענער זיך אויסגעפּײַנט, ווען אין איינעם אַ האַרבסטיקן טאָג איז ער צוגעפֿאָרן מיט זײַן פֿערד־און־וואָגן אין שול־הויף, ווו קאַלמען איז געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט אַ גרופּע שילער, און אים געזאָגט:

— דאַרפֿסט אַוודאי מײַן פֿערד־און־וואָגן — איז אָט בין איך דאָ.

אַ וואָכן צוויי האָט זיידל געפֿירט ציגל, ליים, צעמענט און אַנדערע בוי־מאַטעריאַלן, אין וועלכע עס האָט זיך גענייטיקט די שול־געבײַדע. אויף וויפֿל זיידל האָט געוווינט ניט ווײַט פֿון דער שול, איז ער באַנאַכט געווען אויך אַ שומער. אינעם ייִשעוו האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז קאַלמען האָט אײַנגעאָרדנט זיידלען פֿאַר אַ זאַווכאָז פֿון דער שול, קעדיי ער זאָל זיך ניט רעכענען אַלס אַ לישענעץ.

קאַלמען איז אין אונדזער ייִשעוו געווען דער כאָשעווסטער מענטש, דער ערשטער ייִדישער קולטורטרעגער. די שול אָפֿן נאָמען פֿון י.־ל. פּרעץ איז געווען אַ מוסטער־שול ניט בלויז אינעם ייִשעוו, נאָר אויך אינעם גאַנצן ראַיאָן. די אויסגעשטאַטע קאַבינעטן, דער פֿיזיש־מאַטעמאַטישער, ביאָלאָגישער, דער היסטאָריש־לינגוויסטישער האָבן באַ די לערער פֿון אַ סאַך שולן נויסע כיין געווען און מיטגעהאָלפֿן זיי אין זייער לער. אינעם ייִשעוו האָבן מענטשן זיך געכידעשט, ווי קומט צו אָט דעם קאַלמענען אַזעלכע קענטענישן. קיין גימנאַזיע האָט ער ניט געענדיקט, קיין סאָוועטישע הויכשול אויך ניט, דער פֿאָטער זײַנער, פּינכעס דער וואַסערפֿירער, איז געווען אַ קאַפּצן מיט אַ שטוב, נאָר קאַלמען האָט אַליין געהאָרעוועט, געווען אַ סאַמאָוטשקע. ער האָט טאָג ווי נאַכט שטודירט, נאָך ביז דער רעוואָליוציע, מאַרקסן, שפּינאָזען, העגעלן, געלערנט העברעיִש, דײַטש. עפּשער דערפֿאַר האָבן איייניקע אינעם ייִשעוו, מאַכמעס קינע, אים ניט פֿאַרגונען, פֿאַרשפּרייט אַ מאָדנע קלאַנג וועגן אים — אַז ער איז ניט פּינכעסעס אייגענער זון, ווײַל ווי קומט צו פּינכעסן דעם וואַסערפֿירער, אָט דעם אָפּגעלאָזן קויטיקן ייִדן, אַזאַ לאַמדן. ניט אַנדערש, אַז די מאַמע זײַנע, פֿראַדל, וועלכע פֿלעג אויף פּייסעך אַראָפּפֿאָרן צוגאַסט צו איר שוועסטער קיין זשיטאָמיר, האָט פּלוצלינג באַנאַכט אָנגעהויבן גיין צו קינד. לויט פֿראַדלס כעזשבן, איז זי געווען ערשט אין זיבעטן כוידעש, און פּלוצעם נאָ דיר — געבורט־ווייען. אין זשיטאָמירער געבורט־הויז האָט זי געבוירן אַ זיבעלע — קאַלמענקען. קאָן זײַן דערפֿאַר האָבן די ניט־פֿאַרגינערס אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז אַ מעדשוועסטער האָט אַלפּי טאָעס געגעבן פֿראַדלען זויגן ניט איר אייגן קינד, נאָר גאָר אַ פֿרעמדס, ווײַל דאָס קינד איז אַ בלאָנדס, נישט ענלעך ניט אויף דער מאַמען, ניט אויפֿן טאַטן און ניט אויף זיידלען, דעם פֿעטער. קאַלמענקע האָט פֿאַרמאָגט צוויי גרויסע שוואַרצע אויגן, אַ קאָפּ געקרײַזלטע הערעלעך, אַ קורץ נעזל, אַ כיינעוודיק פּענעמל, אַ מאָלעטאַמעדיקס.

ווען קאַלמענקע איז אונטערגעוואַקסן, האָט ער צו זיבן יאָר געגומען אָנטיילנעמען אין שול־כאָר (ער האָט פֿאַרמאָגט אַ קלינגעוודיק קעלכל, אַן אַלט). די לעגענדע וועגן דעם, אַז ער איז „אַ פֿאַרביטענער", האָט ביסלעכווײַז געגומען גויסען, ווײַל דער טאַטע זײַנער, דער פּאַשעטער וואַ־

סערפירער, איז געווען א שטיקל מענאגן. ער האָט פאַרמאָגט א פיַינע שטים. אָפּט געדאַווענט באַם אָמעד, אַפילע אין יאָמים־נויראָים. וויַזט אויס, האָבן ערלעכע יידן געטיַינעט, אז דאָס קעלכל, דאָס אלטעלע, האָט ער געיאַרשנט באַם טאַטן.

נאָר דאָס איז עפשער ניט אזוי וויכטיק. איך דערציייל עס בלויז דערפאַר, וואָס עס באַטיַיט א פאַלשער קלאַנג, א רעכילעס. וויַיל צוליב א רעכילעס, ערשט שפּעטער מיט יאָרן, איז קאַלמען אומ־געקומען.

קאַלמען האָט פון יונגוויַיז אָן א סאַך געלייענט אױף יידיש, אױף העברעיש, אױף רוסיש, דיַיטש. איך געדענק, ווי ער האָט אױף א פאַרנעמונג פונעם ליטעראַרישן קריַיז, מיט וועלכן ער האָט דאַן אָנגעפירט, אויסווייניק פאָרגעלייענט כ.־נ. ביאַליקס „דאָס לעצטע וואָרט", זיַינע פרילינג־לידער און די ליד „נעם מיך, שוועסטער, אונטער דיַינע פליגלען", מאַקסים גאָרקיס „שטורעמפויגל". דאָס האָט ער אין אונדז איַינגעפּלאַנצט ליבע צו ליטעראַטור און ביכלאַל אַלע גוטע מיַילעס.

ביז איצט געדענק איך, ווי אָט דער דאָזיקער ערלעכער מענטש, וואָס איז געגאַן אָנגעטאָן אין א פּאָר פאַרלאַטעטע אויסגעקרימטע שטיוול, אין א פאַרשמאַלצעוועטן אָפּגעריבן פּעלצל, פלעג אָפּט קומען אין שול מיט נײַע פּלענער: פאַרפלאַנצן לענגויס דעם שאָסיי־וועג, וואָס פירט צו דער שול־געביַידע, ווי אויך אױף דעם ברייטן פעלד־שטעטך, וואָס געהערט צו דער שול, ביימער און בלומען, אַרויסלאָזן א קינדער־זשורנאַל.

— און זאָל ער הייסן „די יונגע בלום", — האָב איך פאָרגעלייגט.

— א שיינער נאָמען, — האָט באַוויליקט דער לערער, — און דער רעדאַקטאָר וועסטו זיַין.

און איך בין טאַקע געוואָרן דער רעדאַקטאָר...

יאָרן זיַינען געגאַנגען. איך בין געוואָרן עלטער, די שול האָב איך פאַרענדיקט. וואָס זשע טוט מען וויַיטער? דער פאָטער מיַינער איז געווען א קראַנקער מענטש, און אַרבעטן מוז מען. פינף קינ־דער. זיבן מיַילער. האָב איך באַשלאָסן זיך אוועקלאָזן קיין זשיטאָמיר. דאָס האָט מיר געייצעט קאַל־מען, און בעפיירעש אָנגעזאָגט, איך זאָל אָנקומען אַרבעטן אױף אַן אונטערנעמונג, בעסער פון אַלץ אױף דער שוך־פאַבריק, וויַיל אין שוסטעריַי האָב איך געהאַט שוין עפּעס א דערפאַרונג, וויַיל קנאַפּע צוויי יאָר האָב איך, זיַיענדיק נאָך א שילער, געאַרבעט אינעם שוסטער־וואַרשטאַט באַ דער שול. אין מעשעך פון א האַלב יאָר האָב איך באַהערשט די קונסט פון מאַכן א דראַטווע, איבערנייען א כאָליעווע, אויספּלעקלען א פאָדמיאָטקע צו אַן אַלטן שוך, מיט איין וואָרט — א שטיקל שוסטער.

העכער א כוידעש ציַיט האָב איך זיך אומגעדרייט אױף דער אַרבעטס־בירזשע אין זשיטאָמיר, ביז מע האָט מיך ענדלעך געשיקט אַרבעטן אין א שוסטער־וואַרשטאַט. איך האָב געמוזט אַליין קויפן אָדער אַנטליַיען דעם אינסטרומענט, אַפילע א שוסטער־בענקעלע האָב איך אויסגעבעטן באַ איינעם א באַקאַנטן. ווי נאָר איך האָב זיך באַוויזן אױף דער שוועל, האָט מען אין וואַרשטאַט מיך באַגעגנט מיט א ברייטן באָרעכהאַבע. איינער פון די יונגען, מיט א קלייַענדיק נעזל, מיט א פליכעוואַטן קאָפּ, א געווייזנער פאַרוואָרלאָזטער, האָט אַריַינגעשטעקט צוויי פינגער אין מויל און מיט א פיַיף אויס־געשריַען:

— אופשטייען! אין אונדזער פאָלק איז אָנגעקומען נאָך א גוואַרדייעץ...

צוגעגאַנגען צו מיר, האָט ער מיר דערלאַנגט זיַין פאַרשמאַלצעוועטע האַנט און מיט א שקאָ־צעוואַט שמייכעלע פריילעך זיך פאָרגעשטעלט:

— לאָמיר זיַין באַקאַנט. מיך רופט מען מענדל קאַליעניק. שעם זיך ניט. שטעל אַוועק דאָס בענקעלע אָט דאָ לעבן מיר וועסטו באַ מיר ווערן דער ערשטער באַלמעלאָכע אין שטאָט.

א פאַרלוירענער, באַטראַכט איך דאָס ייִנגל און רוף זיך אָן:

— איך קאָן שוין צוקלאַפּן א פאָדעשווע. איך קאָן שטעפּן זאַדניקעס און אַפילע איבערנייען א כאָליעווע...

איך האָב נאָך געוואָלט זאָגן, אז דאָס אַלץ האָב איך זיך אויסגעלערנט באַ מיַין אייגענעם פעטער שלוימען, דעם בעסטן שוסטער אין דער סלאָבאָדקע, נאָר מענדל האָט מיך איבערגעשלאָגן:

— אַיב אזוי, טאָ שטעל אַוועק דאָס בענקעלע. וואָס האַלטסטו זיך מיט דעם? ביסט א מאַלאָ־דיעץ, — און מענדל האָט מיך גוטברודעריש א פּאַטש געטאָן אין פּלייצע. אָט דער פריילעכער יונג האָט זיך א היפּשע ציַיט אַרומגעשלעפּט אױף די וואָקזאַלן, געגנבֿעט אונטער פרעמדע גאַנעקעס, געשלעפּט געלט פון די קעשענעס. ער האָט ניט געהאַט פּאָר וועמען מוירע צו האָבן און זיך צו שעמען. טאַטע־מאַמע זיַינע זיַינען באַ אים אומגעקומען בייס א פּאָגראָם אין נײַנצנטן יאָר, א ברודערל איז דערטרונקען געוואָרן, און די אייניציקע עלטערע שוועסטער איז ערגעץ פאַרשוווּנדן, ער ווייסט אַפילע ניט, ווו איר געביין איז אהינגעקומען.

מענדל האָט מיר דערלאַנגט א קינדער־שיכל אױף דער קאָפּיטע, אַריַינגעשטויסן די נאָל אין דער האַנט:

— נאַ, שטעך אַן און פּלעקל אויס, וועלן מיר זען, וואָס פאַר א מיַיסטער דו ביסט.

איך האָב גלײַך גענומען די נאָל צו מאכן די שטעך.

— וואָס טוסטו, דו מאמזער אײנער? — האָט מענדל אויסגעגלאָצט אױף מיר די אויגן. — דו נעם פריִער דעם קלאַפּ־אײַזן און נעץ אים אײַן...

— צוליב וואָס? — האָב איך אָנגעשטעלט א פּאָר אויגן.

— כאָכעם אײנער, דו וועסט דאָך דארפן אויסקלאפּן די פּאָדעשווע.

— וועל איך אײַנעצן די פּאָדעשווע.

— נא, — שטופּט מיר מענדל אין דער האנט ארײַן דעם קלאַפּ־אײַזן.

איך האָב זיך פּאָשעט פארלוירן. ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. אין אײן האנט האָב איך געהאלטן די פּאָדעשווע, אין דער צווייטער דעם קלאַפּ־אײַזן און האָב זיך געלאָזט גײן צום פולן צעבער מיט וואסער. אלע האָבן אויסגעשאָסן א געלעכטער. בין איך געבליבן שטײן א צעמישטער, ניט געוווּסט, ווי אהינצוטאָן זיך פאר בײזאײַען. דער קאלעניק מיט די ברענענדיקע אויגן האָט געמאכט א בארויגעז פּאָנעם און א געשריי געטאָן צו די שוסטער־יונגען:

— וואָס איז דאָס געלעכטער? ער קאָן בעסער פון אײַך שוסטערײַ... — און אז דער אוילעם האָט קײן אכט ניט געלײגט אױף זײַן געשריי און אױף זײַן כיישעק נאָך לאנג אָנצוהאלטן די שפּיל, האָט ער מיט קאס א מאך געטאָן מיט דער האנט און א זאָג געטאָן צו די כעווירע, וואָס האָבן זיך געקאטשעט פאר געלעכטער:

— איר זעט דען ניט, אז דאָס איז פון די אײדל געפּאטשקעטע? דער טאטע זײַנער איז מיס־טאמע א נעפּמאן, און ער וויל ארײַנקריכן צו די קוסטארן.

— איך פײַף אױף אײַך, — בין איך אופגעבראכט געוואָרן. — דער טאטע מײַנער איז א סטעל־מאך, און דער פעטער שלוימע איז א בעסערער שוסטער פון אײַך, כאָטש איר זײַט גרויסשטאָטישע.

די ערשטע צײַט איז מיר שווער געווען זיך צוגעווינען צו דער ארבעט אין דעם דאָזיקן וואר־שטאט, נאָר ביסלעכווײַז האָב איך אָנגעהויבן זיך אײַנלעבן מיט דער כעווירע, כאָטש געארבעט האָב איך ניט אזוי פלײַסיק, ווי אנדערע, נאָר דאָס, וואָס איך האָב געמאכט, איז געווען אקוראַט און מוס־טערהאפט. באזונדערס האָב איך נויטע כײן געווען, ווען איך בין געוואָרן דער רעדאקטאָר פון דער וואנטצײַטונג, וועלכע האָט באלויכטן דאָס לעבן פון די שוסטער־ווארשטאטן. נאָר מיר האָט זיך גע־וואָלט פאָרזעצן די לער. באזונדערס האָט זיך מײַן ווילן נאָך פארגרעסערט, ווען כ׳בין געוואָרן א מיטגליד פון דעם לעדער־פאריין. די פרייד מײַנע איז ניט צו באשרײַבן. די צײַגעניש אינעם רויטן לעדערנעם אײַנבונד האָב איך עטלעכע מאָל ארויסגענומען פון דער זײַט־קעשענע, ווידער א קוק געטאָן, נאָכאמאָל איבערגעלײענט די שווארצע אויסיִעס: „רעפּובליקאנישער לעדער־פאריין". איך בין א פּאָרשטײער פונעם ארבעטער־קלאַס! אלעמאָל פלעג איך א טאַפּ טאָן די קעשענע, צי איז די צײַגעניש כאָלילע ניט ארויסגעפאלן. איך בין ארײַן אין א מאגאזין און געקויפט א בײַטעלע אױף אײַנמאַסטען דעם בילעט.

אך, ווי גליקלעך בין איך געווען, ווען כ׳בין אָנגעקומען זיך לערנען אין אָדעסער פעדטעכניקום!

דאָ, אין פעדטעכניקום, האָט זיך אין מיר דערוועקט די אמאָליקע נײגונג צום שרײַבן לידער. פאר די כאווירים האָב איך עס אויסגעבאהאלטן, כאָטש ביכלאל בין איך געווען אן אָפנהארציקער, געהאט צווישן די סטודענטן א סאך כאווירים, ליב געהאט אָנטײלנעמען אין פארשײדענע מאסן־פארווײַלונגען. מיט אײן וואָרט, ניט אָפּגעשטאנען פון אלעמען.

נאָר פון צײַט צו צײַט פלעג איך זיך אָפּזונדערן, זיך פארוקן ערגעץ אין א ווינקל פון א לײ־דיקער אאודיטאָריע אָדער אין א ביבליאָטעק, ארויסשלעפּן פון דער זײַט־קעשענע דאָס פּעקל פּאַפּיר און זיך זעצן שרײַבן.

אז ס׳איז מיר ניט גאָר מיט דערפאָלג געגאנגען, די שורעס האָבן זיך ניט געקלעפּט, די ווער־טער האָבן זיך פארהאלטן און האָבן בעשום־אויפן ניט געוואָלט ארוּף אפן צונג, פלעג איך אוועקגײן צום יאם און שאָענווײַז ארומבלאָנקען באם ברעג, דערנאָך אויסקלײַבן אן אײנזאם שטיל אָרט, זיך אויסטאָן און זיך לאָזן שווימען ווײַט פונעם ברעג, אז קײן מענטשנס אויג זאָל מיך ניט באמערקן.

אײנמאָל בין איך פארשווומען העטווײַט, אזש ביז די צעשטעלטע פישנעצן. אומקערנדיק זיך צוריק, האָב איך באמערקט, אז איך בין ניט אלײן. ס׳האָט מיך אָנגעיאָגט א שווימער, וואָס האָט זיך מיט מיר אויסגעגלײַכט, און מיר האָבן אײנער צום צווייטן א שמײכל געטאָן. איך האָב זיך געכידעשט, ווי דער שווימער פון אזא סאָלידן עלטער האָט געקאָנט אזוי ווײַט פארשווימען. מיר זײַנען בײדע גלײַך צוגעשווומען צו א פעלדז, און דאָ האָבן מיר זיך ערשט באקאנט ווי ס׳באדאַרף צו זײַן. דער נײַער באקאנטער, ווי ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, איז געווען א באוווּסטער שרײַבער. באם געזעגענען זיך האָט פעטראָ פאדייעוויטש אײַנגעלאַדן מיך צו זיך אין האָטעל, איך זאָל קומען מיט מײַנע לידער — ער האָט ליב יונגע טאלאנטן.

צוערשט האָב איך זיך געקווענקלט, צי זאָל איך אָננעמען די דאָזיקע אײַנלאַדונג. עפּעס האָט

מיך פלוצעם ארומגעכאפּט א מאָדנע מוירע. עפּשער איז צו פרי לייענען די לידער פאַר אזא אָנגעזעענעם דיכטער?

דערווײַל האָבן זיך דערנעענטערט די ארויסלאָז־עקזאַמענעס, און דעם וויזיט צום שרײַבער האָב איך אָלץ אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. נאָך די עקזאַמענעס האָט דער גאַנצער קורס אונדזערער באַשלאָסן מאַכן א טוריסטישע רײַזע קיין קרים. צײַט אויף זיך צוגרייטן אין וועג איז געווען ווייניק, דאָך האָב איך דערמיט זיך פאַרנומען, שאַענהווײַז געזעסן אין צוזאַמענווינונג און עטלעכע מאָל איבערגעשריבן מײַנע לידער. איך האָב זיך אָלץ געגרייט צו דעם דאָזיקן וויזיט.

ערשט א פּאָר טעג פאַר דער עקסקורסיע האָב איך, ענדלעך, באַשלאָסן באַזוכן דעם שרײַבער.

כאָטש אין אָדעס בין איך שוין אָפּגעווען העכער דרײַ יאָר, איז מיר דאָס ערשטע מאָל הײַנט אויסגעקומען באַזוכן דעם לאַנדזשער האָטעל, וואָס געפינט זיך באַם ברעג פונעם יאַם.

די לאַנג־אויסגעשפּרייטע טעפּיכער־סטעזשקעס מיט די רויט־גרינע קאַנטן באַ די ראַנדן, וועלכע האָבן זיך געצויגן איבער די ווײַסע מירמל־טרעפּ, די בראָנזענע פיגורן אין וועסטיביול מיט די ווונדערלעכע געמעלן אויף די ווענט, די רונדיקע סטעליע, די געהיימע שטילקײַט ארום האָבן מיך איבעראַשט.

איך האָב זיך פאַמעלעך אופגעהויבן אפן צווייטן שטאָק, שטיל אָנגעקלאַפּט מיטן פינגער אין דער טיר, נאָר קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. האָב איך צוגעלייגט דעם אויער צו דער טיר און זיך צוגעהערט. מיטאַמאָל האָט זיך די טיר אָן עפּן געטאָן און מיך א לײַכטן קלאַפּ געטאָן אין שטערן.

— ביטע, קומט ארײַן, — האָט פּעטראָ פּאַדייעוויטש העפלעך מיך פאַרבעטן. ער האָט מיר געהאָלפן אופהענגען מײַן עטוואָס אָפּגעקראַכענעם זומער־מאַנטל אויף דער הענגעלקע און מיר אונטערגערוקט א ווייכן שטול. מיט ביידע עלנבויגנס האָב איך זיך אָנגעשפּאַרט אין דער אָנגעבעטער סאַמעטענער ווייכקײַט פון די שטול־הענטלעך, קעדיי ניט דערטרונקען ווערן אין דער טיפקײַט פון דעם שטול. נאָר ס׳איז עפּעס געווען ניט באַקוועם דאָרט זיצן, האָב איך זיך איבערגעזעצט אויף א געוויינלעך בענקל און גענומען פאַרלייענען מײַנע לידער.

צוערשט האָב איך זיך באַמיט לייענען פאַמעלעך, מיט דער נייטיקער אינטאָנאַציע, נאָר ווען כ׳האָב דערזען, ווי פּעטראָ פּאַדייעוויטש האָט א פּאָר מאָל זיך פאַרקוקט אין פענצטער, עפּעס ווי זיך פאַרקרימט, דערנאָך זיך אופגעהויבן פונעם בענקל און גענומען אומשפּאַנען איבערן צימער, האָב איך אָנגעהויבן נערווען כאַפּן, שלינגענדיק די ווערטער. ענדלעך האָב איך געפרעגט:

— איר וועט נאָך קאָנען אויסהערן א קלייניקע באַלאַדע וועגן דעלפינען?

— ביטע, — האָט פּעטראָ פּאַדייעוויטש געענטפערט און בעשאַסמײַסע א קוק געטאָן אפן זייגער.

— עפּשער עס אײַך איבערלאָזן? איר וועט אַליין דורכלייענען?

פּעטראָ פּאַדייעוויטש האָט אויף דערויף גאָרנישט ניט געענטפערט. איך האָב דערפילט, אז דער דיכטער איז אַנטוישט, כאָטש ער האָט מיך געדולדיק אויסגעהערט ביזן סאָף.

באַם געזעגענען זיך האָב איך ניט געוווּסט ווּהין זיך אהינטאָן. גיין אין צוזאַמענווינונג האָט זיך מיר ניט געגלוסט. איך בין געווען זיכער, אז אַלע וועלן אויף מײַן פּנים דערקענען דעם דורכפאַל. בין איך אוועק צום באַנאַכטיקן יאַם. כ׳האָב באַשטימט, אז דאָרט ערגעץ וועל איך אויף מאָכיקע פעלדזן איבערליגן, ביז איך וועל זיך דערוואַרטן אויף דעם זון־אופגאַנג. וואָס זשע וועט זײַן ווײַטער? די זון וועט אופגיין, און איך ווּהין וועל גיין?

דעם זון־אופגאַנג האָב איך פאַרשלאָפן. ווען כ׳האָב זיך אופגעכאַפּט, איז דער זון־קײַלעך שוין געווען א סאַך א קלענערער, געשטאַנען הויך און ווײַט פונעם יאַם־האָריזאָנט. זיך אויסגעטאָן, האָב איך זיך ארײַנגעוואָרפן אין וואַסער. שווימען ווײַט האָט זיך מיר ניט געגלוסט, האָב איך עטלעכע מאָל זיך אונטערגעטוקט. דאָס איז מיר אויך נימעס געוואָרן, בין איך סאָפּקאָלסאָף ארויס אפן ברעג און זיך אײַליק אָנגעטאָן. עס האָט מיך געעגבערט דער געדאַנק, אז פון הײַנט אָן דאַרף איך זיך געזעגענען מיט מײַן שרײַבערײַ. נאָר געפילט האָב איך, אז זיך אָפּצוזאָגן דערפון בין איך ניט בעקויעך.

די זון האָט שוין אָנגעהויבן גוט בראָטן, האָב איך זיך געלאָזט באַרג־אַרויף אין שטאָט ארײַן. כ׳האָב לאַנג געבלאָנקעט איבער די אָנגעגליטע גאַסן, ביז איך בין אָנגעקומען אויש אפן מאָלדאַוואַנקער מאַרק.

נאָכן ארויסלאָז־אָוונט האָב איך צוזאַמען מיט מײַן קורס געמאַכט א רײַזע איבערן דאָרעם־ברעג פון קרים.

אין קרים האָב איך פאַרבראַכט העכער א כוידעש צײַט, אומגעגאַנגען צופוס פון איין ייִשעוו צום צווייטן מיטן רוקזאַק אויף די פּלייצעס, אזוי בין איך אויסגעגאַנגען דעם גאַנצן דאָרעמדיקן ברעג, געווען אין סימעיִז, אַלופּקע, מיסכאָר, יאַלטע, אַלושטע, גענעכטיקט אויף אײַ־פּעטרי, טשאַטיר־דאַג און זיך אומגעקערט אהיים אָפּגעברענט פון דער דאָרעמדיקער זון, שוואַרץ ווי א טאַטער פון די באַרג־אַאולן.

די דאָזיקע ווונדערלעכע ריַזע. די דאָזיקע פריַהײַט, זאָרגלאָזיקײַט האָט מיך אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ס'האָט זיך מיר געוואָלט, זי זאָל זיך ציִען אָן אַן עק, אייביק. נאָר מע דאַרף דאָך פאָרן אויף אַרבעט. אויס טעכניקום, אויס סטודענטישע יאָרן...

נאָך אָדעס האָט די שטאָט אויף פּאָדאָליע אויסגעזען אין מײַנע אויגן ווי אַ שטיל דאָרפל. די גרויסע סטאַרטשענדיקע שטיינער פונעם שאָסיי, וואָס האָבן טראָטואַרן אָנגעוווירן זייער צעמענטירט קײַט, האָבן זיך געריגעוועט ווי ציין, וואָס האַלטן באַם אַרויספאַלן. דער מוטנער טײַך, וואָס האָט, ניט פרעגנדיק בײַ קיינעם, זיך דורכגעלייגט אַ וועג אינמיטן דער שטאָט, האָט מיט זײַן הויכער היל־צערונער בריק צעטיילט די שטאָט אויף צוויי טיילן. דער מאַרק מיט די געוועלבן, די פאַרשיידענע קוסטאַר־וואַרשטאַטן, שערערײַען מיט אָפּגעריבענע שילדן, די מעלכע־אַנשטאַלטן — דאָס אַלץ האָט זיך דעריקער געפונען אין דער אַלטער שטאָט. דער צווייטער טייל שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט מיט סקווערן. הויכע ביימער האָבן זיך געצויגן לענגאויס די אַספאַלטירטע טראָטואַרן מיט די נײַ־אויסגעבויטע הײַזער פאַר די אַרבעטער פון דער געוואַנט־פאַבריק. בלויז איין אַלט מויערל האָט פאַראַקשנט זיך צוגעטוליעט צו דער קאַשטאַנען־אַלייע, וואָס האָט אַרומגעצוימט דאָס סעדל מיט מאַרקס' דענקמאָל.

אינעם דאָזיקן מויערל האָט זיך נאָך געניסטעט אַ פאַרמילכאָמעדיקע גאַרקיך, וואָס האָט געגרייט אַלט־ייִדישע מײַכאָלים און געשפרייט איבער דער גאַנצער גאַס געשמאַקע רייכעס פון עסיק־פלייש און געפילטע פיש. די גאַרקיך האָט געהאַט אַ שעם סײַ בײַ די אָרטיקע טוישווים, סײַ אויך בײַ די אָנגעפאָרענע, וואָרעם זיי האָבן געוווּסט, אַז גוט און געשמאַק אָפּעסן קאָן מען נאָר דאָ, אין דער נײַער שטאָט. די באַלעגאָלעס האָבן גלײַך פונעם וואָקזאַל געפירט אַהער די פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן צום אַלעם ערשטן געזוכט אַן אָרט, ווו מע קאָן גוט איבערכאַפּן. דאָ, בײַ דער דאָזיקער גאַר־קיך, ניט ווײַט פונעם סקווער, זײַנען געבליבן וואַרטן, ביז אַ נײַער צוג וועט אָנקומען, די באַלעגאָלעס, דרעמלענדיק אויף די קאָזלעס פון די פאַיטאָנען מיט די פאַרלאַטעטע בוידן. זייערע פאַר־נייגטע קעפּ האָבן זיך פון צײַט צו צײַט געשאָקלט, פונקט ווי זייערע פערד גאָכן אָנעסן זיך מיט האָבער אָדער מיט קאָוישינע.

עס זײַנען געווען די יאָרן פון נעפּ. און דאָס האָט עפּשער גורים געווען, וואָס די גרעסטע מערהײַט פון דער יוגנט האָט פאַרלאָזט די היים. דאָ איז ניט געווען ווו זיך צושלאָגן צו אַ שטיקל שטאַנד. אַרבעטס־פּלעצער זײַנען געווען נאָך ווייניק, און גיין אויפן וועג פון די טאַטעס האָט שוין די יוגנט ניט געוואָלט און ניט געקאָנט. נאָך איידער מע האָט דערלעבט צו פאַרענדיקן די שול, האָט מען שוין געטרוימט וועגן זיך אַוועקלאָזן אין דער גרויסער וועלט.

די שול, אין וועלכער איך האָב געאַרבעט, האָט זיך געפונען אין אַ גרויסער צווייסטאָקיקער געבײַדע אויפן געוועזענעם פּריצישן פּאַלוואַרק. זי האָט זיך באַלעבאַטיש צעלייגט אין אַ געדיכטן פּאַרק, וועלכער האָט זיך געצויגן אַזש ביז צו דעם טײַכל. די גרויסע צאָל קינדער, וואָס האָבן אָנגעפילט די עטלעכע פּאַראַלעלע קלאַסן, די שיין אויסגעשטאַטע לאַבאָראַטאָריעס, די פאַרשיידענע זעלבסטטעטיקײַט־קרײַזלעך, דער גרויסער שול־כאָר און דער היפּשער דראַמאַטישער קרײַז, — דאָס אַלץ האָט מיך זייער פאַרכאַפּט, כאָטש די ערשטע צײַט איז מיר געווען ניט מיט אַלעמען. אין דער דאָזיקער שטאָט האָב איך זיך אָפּט געפילט איינזאַם, באַזונדערס, ווען איך פלעג זיך אומקערן פון דער שול אַהיים, אין מײַן באָכערישן צימער.

זומערצײַט איז מיר געווען גרינגער. אין די שיינע וואַרעמע פאַרנאַכטן פלעג איך צונויפנעמען מײַנע שילער, וועלכע כ'האָב אָרגאַניזירט אין אַ ליטעראַרישן קרײַז, זיך באַזעצן מיט זיי ווײַט הינטער דער שטאָט אויף אַ טײַך־ברעג און פאָרלייענען פאַר זיי עפּעס גוטס פון דער שיינער ליטעראַטור. די קינדער האָבן געגאַפּט פון אַ גוטער ליד אָדער אַ דערציילונג. דערנאָך האָב איך מיט זיי אַרומ־גערעדט דאָס ווערק, אַנאַליזירט לויט די קלאַלים פון ליטעראַטור־טעאָריע, וואָס זיי זײַנען דורכגע־גאַנגען אין שול. מיט די דאָזיקע ליטעראַרישע שמועסן האָב איך זיך באַמיט דערוועקן אין די קינדערשע הערצער ליבע צו ליטעראַטור, דערציִען אין זיי דעם געשמאַק, געפיל פון שיינקײַט. מיט דער צײַט האָבן די קינדער שוין אַליין צוגעזוכט געהעריקע ווערק צום פאָרלייענען. פון זייערע אַרויסזאָגונגען, פון דעם, וויאַזוי זיי האָבן אויפגעפּאַסט דאָס געלייענטע, האָב איך מיט פרייד זיך איבערצײַגט, אַז מײַן מי גייט ניט לעיבעד.

איך ווייס ניט, וויאַזוויאַרום האָבן זיך די שילער דערוווּסט, אַז איך אַליין האָב אויך אַמאָל געשריבן לידער. שוין זשע האָב איך פאַר זיי זיך אַרויסגערעדט, צי דאָס קומט פון אַ האַשאָרע, אַז אויב זיי אַליין פּרוּוון האַלטן די פּען אין האַנט, מוז דער לערער זייערער, וואָס האָט אַזוי ליב דיכטונג און דערציילט וועגן איר אַזוי שיין, אַוואַדע און אַוואַדע שרײַבן לידער?

עס זײַנען שוין אַוועק רייד, אַז ניט בלויז איך שרײַב, נאָר אַז אין אָדעס האָב איך זיך געכאַוועט מיט שרײַבער און אַז איך בין געווען אַפֿילו באַקאַנט מיט זייער גרויסע שרײַבער און זיך באַגעגנט אַפֿילו מיט יעסענינען און מיט מאַיאַקאָווסקין.

מיר האָט ווידער אָנגעהויבן ציִען צו דער פּען. כ׳האָב גענומען שרײַבן קינסטלערישע פּאַרציי־כענונגען, דעריקער וועגן דעם שול־לעבן, וועגן געשעענישן אין דער שטאָט. נאָר זיי האָבן מיך ניט אינגאַנצן באַפֿרידיקט, כאָטש געפֿעלט האָב איך, אַז זיי זײַנען געווען ניט ערגער פֿון די, וואָס איך לייען אין דער אָרטיקער צײַטונג. אַ פּרוּוו טאָן דאָס מאָל, פֿאַרלייגן עפּעס פֿון די דאָזיקע פּאַרציי־כענונגען האָב איך זיך ניט אײַנגעשטעלט. און אַלץ, וואָס איך האָב אָנגעשריבן, איז אַוועקגעפֿאַלן אין בליבן אין שופֿלאָד פֿון מײַן שרײַבטיש.

צײַטנווײַז, איז די שפּעטע שאָען, האָט זיך צו מיר אומגעקערט דאָס בענקעניש צו ראָכלען, און ס׳האָט מיך גענומען ציִען אויסצוגיסן מײַנע געפֿילן אין ריטמישע קלאַנגען. פֿלעג איך זיך צו־זעצן צום שרײַבטיש. געשריבן, עפּעס שעפּטשענדיק צו זיך, געשריבן און געמעקט און ווידער גע־שריבן. איבערגעלייענט און ווידער געמעקט, ביז איך פֿלעג זיך ניט כאַפּן, אַז ס׳איז שוין אויף טאָג. דאַן פֿלעג איך זיך אויפֿהייבן פֿון אָרט, צעווייפֿלען די אויסגעשריבענע פּאַפּירלעך, זיי צערײַסן אויף שטיק־שטיקלעך און אַרויסוואַרפֿן אין קויש.

די ליבע מיט ראָכלען ווילט זיך מיר ניט דערמאָנען. דאָס איז געווען מײַן ערשטער טראַגישער דורכפֿאַל. זי איז געווען, ווי איך האָב זיך נאָכדעם דערוווּסט, פֿאַרליבט אין איינעם אַ קאָנדיטער, מיט וועלכן זי האָט זיך געלערנט אין אָדעסער טעכניקום פֿון שפּײַז־אינדוסטריע. אומזיסט בין איך אָפּגעזעסן אַפֿט אין קאָנדיטער־מאַגאַזין, ווו זי האָט געאַרבעט אַלס אַ פֿאַרקויפֿערין פֿון פּיראָזשנעס, קאַנפֿעטן און אַנדערע זיסקײַטן. מײַן גאַנצע סטיפּענדיע האָב איך דאָ געפּאַטערט. איך האָב געקויפֿט פּיראָזשנעס אָדער קאָנפֿעטן, אַ פּאָר פֿלעשלעך סיטראָ, געטרונקען צוביסלעך, אַז וואָס לענגער זאָלן דויערן די רעגעס צו זײַן דאָ און בלויז קוקן אויף איר... נאָר זי האָט קיין שום אַכט אויף מיר ניט געלייגט.

אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט זי באַמערקט, אַז מײַן אָפּטער באַזוך איז מיט עפּעס פֿאַרבונדן. זי האָט שוין געדאַרפֿט געווען פֿאַרשליסן דעם מאַגאַזין, און איך בין נאָך אַלץ געזעסן באַם טיש. זי איז צוגעגאַן נאָענט און העפֿלעך געבעטן פֿאַרלאָזן דעם מאַגאַזין. איך האָב זי אַ נעם געטאָן פֿאַר דער האַנט און דרייסט געזאָגט:

— דעם מאַגאַזין פֿאַרשליסט איר, נאָר פֿאַרשליסן דאָס האַרץ פֿון ליבע איז אוממעגלעך...

אין פֿײַנלעכע רעגעס פֿון בענקשאַפֿט נאָך ראָכלען האָב איך זיך ווי פֿאַרגעסן, באַזונדערס דאַן, ווען אַלס לערער פֿון שפּראַך און ליטעראַטור בין איך אָפֿט געווען אַרומגערינגלט נאָך די לימודים מיט שילער, וועלכע האָבן מיך פֿאַרשאָטן מיט פֿאַרשיידענע פֿראַגן ניט בלויז וועגן ייִדישע שריפֿט־שטעלער, נאָר אויך וועגן רוסישע און אוקראַיִנישע שרײַבער.

מיט גרויס פֿאַרגעניגן דערמאָן איך זיך אין איינעם אַן אָוונט, וואָס איך האָב צוגעגרייט מיט מײַנע שילער פֿאַר אַלע קלאַסן פֿון שול. זיי האָבן געוויזן די אינסצענירונג פֿון טשעכאָווס דערציי־לונג „קאַשטאַנקע‟. איך האָב זיך אָפּגעזוכט אַן אָרט אין אַ ווײַט ווינקל אויף איינער פֿון די לעצטע בענק און מיט האַנאָע צוגעקוקט די שפּיל פֿון די קינדער. איך האָב מאַמעש געשעפּט נאַכעס פֿון באַזונדערע עפּיזאָדן, אין וועלכע די אָנטיילנעמער האָבן זייער נאַטירלעך געשפּילט אויף דער בינע טשעכאָווס געשטאַלטן. בעשאַסמײַסע האָב איך געטרוימט: „עפּשער וועל איך אַמאָל איינעם פֿון זיי זען ערגעץ אויף אַ גרויסער בינע פֿון אַ גרויסשטאָטישן טעאַטער, און איך וועל זיך גרויסן מיט דעם, וואָס דאָס האָב איך אויסגעכאַוועט באַ דעם דאָזיקן געוועזענעם שילער מײַנעם אַן עכטן געשמאַק צו קונסט‟. צווישן די דאָזיקע קינדער זײַנען געווען גאַנץ באַגאַבטע, מעגלעך, אַז דאָס איז ניט נאָר אַ טרוים. איך האָב שוין געפּרוּווט אַפֿילו באַ זיך אַליין באַשטימען, אין וועמען פֿון די דאָזיקע יונגע שוישפּילער איז פֿאַרבאָרגן אַ פֿונק פֿון אַן עכטן טאַלאַנט און האָב זיך גענומען אויפֿמערקזאַמער צוקוקן צו זיי. מײַן אויפֿמערקזאַמקײַט האָט צוגעצויגן איינע אַ שילערין, וואָס האָט געטאַנצט און געזונגען. אירע באַוועגונגען זײַנען געווען אַזוי גראַציעז, ריטמיש, און דאָס קעלכל האָט געקלונגען אַזוי ריין און צויבערדיק, אַז ס׳איז אוממעגלעך געווען אָפּרײַסן פֿון איר די אויגן.

ווען דער אָוונט האָט זיך פֿאַרענדיקט און איך בין אַרויס אין דרויסן און זיך געלאָזט אַהיים, איז צו מיר צוגעטאַנען אַ פֿרוי פֿון מיטלען עלטער מיט אַ שײַנענדיק־צופֿרידענעם פּאָנעם און עט־וואָס פֿאַרשעמט זיך אָנגערופֿן:

— אַנטשולדיקט מיך, לערער. אָפֿט זע איך אײַך פֿאַרבײַגיין מײַן שטוב. מיר זײַנען דאָך מיט אײַך נאָענטע שכיינים, נאָר עפּעס איז מיר ניט באַקוועם געווען אײַך אָפּצושטעלן. איך וויל זיך מיט אײַך אויסרייצנען. איך בין די מוטער פֿון דעם מיידעלע, וואָס האָט געזונגען און געטאַנצט אויף דער בינע. זי לאָזט מיך מאַמעש ניט לעבן, זי וויל אָנקומען אין אַ טעאַטראַלער שול. ווי האַלט איר, ס׳איז קעדײַ?

— אומבאַדינגט. זי איז בעפֿײרעש זייער אַ פֿעיִקע, — האָב איך געענטפֿערט.

די שילערן האָט זיך עטוואָס פאַרשעמט און זיך באַהאַלטן הינטער דער מוטערס פּלייצע.

עטוואָס מיד פון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט אין שול, בין איך געגאַנגען געלאַסן אַהיים. ווען כ'האָב זיך אויפגעהויבן אויף די הילצערנע טרעפּ, איז צו מיר דערגאַנגען פון שטוב עפּעס אַ טומלדיקער געשפּרעך. איך האָב האַסטיק אָן עפן געטאָן די טיר, נאָר אין ערשטן צימער איז קיינער ניט געווען. מיט מײַן אַרײַנקומען איז אויף אַ ווײַלע געוואָרן שטיל. נאָר באַלד האָט זיך דערהערט אינעם צווייטן צימער עפּעס אַן אויפגערעגט קאָל. איך בין צוגעגאַנגען צו דער טיר, פאַרזיכטיק זי אָן עפן געטאָן און דערזען אַ פּרוי, וועלכע איז געזעסן באַם טיש, אויסגעקערעוועט מיט דער פּלייצע צום אַרײַנגאַנג. כ'האָב טייקעף צוגעמאַכט די טיר און בין שטילערהייט אַרײַן צו זיך אין צימער.

דער באַלעבאָס פון דעם הויז אַרן צוקערמאַן איז אַמאָל געווען גאָר אַ גרויסער וואַלד־הענדלער, אָבער די לעצטע יאָרן האָט ער שוין קימאַט גאָרנישט ניט געטאָן. ער האָט געלעבט פון דעם אָפּ־געשפּאָרטן. קעדײַ מענטשן זאָלן אויף אים ניט טײַטלען מיט די פינגער, אַז ער פאַרמאָגט נאָך אַ היפּשע פּויטעקע, פלעגט ער אַלעמען דערציילן, אַז יעדן כוידעש שיקט אים דער בעניאַכיד אַ ביסל געלט, און ווען ניט דאָס, וואָלט ער געמוזט גיין אין די הײַזער. די דאָזיקע טעלעכע רובל האָבן אים קלוימערשט געקלעקט ניט בלויז פאַר זײַן אייגענער כאַיונע, נאָר אויך אויף אויסצוהאַלטן די געוועזענע דינסט, וואָס איז געבליבן בײַ אים וווינען נאָך דעם ווײַבס טויט.

לויט דער אַלטער געוווינהײַט האָט אַרן צוקערמאַן ליב געהאַט יעדן טאָג צום אָנבײַסן האָבן געגנדזענע גריוון, וואָס האָבן זיך ניט אויסגעלאָזט בײַ אים אין שטוב אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר. יאָמים־נוירויִם־צײַט האָט ער שוין אָנגעפּילט די צוויי גרויסע שטײַגן, וואָס זײַנען געשטאַנען בײַ אים אין שטאַל, מיט יונגע געגנדזעלעך, נאָכן אויסהאָדעווען זיי געקוילעט און גלײַך אונטערגעוואָרפן אין די שטײַגן פרישע געגנדז. אָט אַזוי דעם גאַנצן ווינטער קימאַט.

צו יעדן מיטיק האָט אַרן אַליין אָפּגעבונדן דאָס טעפּעלע גריוון, אַראָפּגעשאָטן טעלעכע אויף דער סקאָווראָדע און זיי אָנגעוואָרעמט. דערנאָך אָנגעהאַקט לעבער מיט ציבעלעס און באַגאָסן מיט געגנדזן־שמאַלץ. אָט דאָס איז בײַ אים געווען די פאָרשפּײַז. דערנאָך ערשט האָט די דינסט אים דערלאַנגט דאָס הייסע געקעכטס.

נאָך אַזאַ זאַטן אָנבײַסן האָט אַרן צוקערמאַן ליב געהאַט אַרומשפּאַנען איבערן גרויסן זאַל מיט פאַרלייגטע הענט אויפן הינטן, זיך אונטערבאָמקען אַ ניגן און דערבײַ מיך פאַרטשעפּען:

— גריוון, זאָלט איר וויסן, דאָס איז טאַם־גאַניידן. זיי פאַרלענגערן דעם מענטשנס יאָרן.

צײַטנווײַז פלעגט ער נאָך, ווען איך בין געלעגן אויפן געלעגער בײַ זיך אין צימער, אַרײַנשרײַען צו מיר:

— כאַווער לערער, קומט צום טיש, וועלן מיר הײַנט פרישטיקן, אַזאַ מײַכל מיט גריוון וועט איר לאַנג פאַרגעדענקען...

און פאַרגעדענקט האָב איך עס טאַקע אויף לאַנג, און ניט אַזוי די גריוון, ווי אים אַליין. דער דאָזיקער ייִד איז געווען אינטערעסאַנט מיט זײַן האַפּעדיקײַט און פאַרליבטקײַט אינעם לעבן. ער האָט געהאַט אַ טעווע, ווען אויפן האַרצן איז אים געווען אַ ביסל אָנגעזאָלעט, שטילערהייט פאַרצײַען עפּעס אַ ניגן, אָפּטמאָל אַ ייִדישע פאָלקסליד און אַמאָל אַ כאַזאָנישע מעלאָדיע. כאָטש געווען איז ער אַ גוואַלדיקער אַפּיקוירעס, פלעגט ער יאָמקיפּער זיצן אין סינאַגאָגע אָנגעטאָן אין אַ טאַלעס און אין אַ ווײַסן קיטל און טאַקע ביז נילע. און אַז קיינער זאָל ניט זען, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט אין דרויסן אין אַ הינטערגעסל און פאַרייכערט אַ פּאַפּיראָס „סאַלווע". ער האָט אויך ניט פײַנט געהאַט צו נעמען אַ קויסע און אַמאָל זיך אונטערשפּילן מיט אַ יונג ווײַבל. האָט זיך עפּעס־וואָס געטראָפן מיט אים, פלעגט ער זאָגן: „גאָט האָט געגעבן, און גאָט האָט צוגענומען..."

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון דער שול מיד, פאַרמאַטערט, האָט אַרן צוקערמאַן מיך אַ רוף געטאָן צו זיך און געפרעגט:

— אײַך איז באַקאַנט אַזאַ פאָלקסליד?.. די דאָזיקע ליד, געדענק איך, האָט נאָך מײַן מאַמע געזונגען. „ווו ביסטו געווען, ווען דאָס געלט איז געווען, און דאָס לעבן איז געווען צוקער־זיס? הײַנט ביסטו דאָ, און דאָס געלט איז ניטאָ, און דאָס לעבן איז געוואָרן עטוואָס גאַליק, ניטאָ איז שוין דער עסיקפלייש דער זיסער און ניט דער פוכיקער, דער פרישינקער פּאַפּאַלעק..." נו, עס געפעלט אײַך?

איך האָב גאָרניט געענטפערט, ווײַל איך בין שוין געווען פאַרנומען מיט גאָר אַנדערע מאַכ־שאָוועס.

די לעצטע סענטיאַבער־טעג האָבן זיך פאַר מיר געצויגן, ווי די שווערע וואָלקנס אינעם האַרב־סטיקן הימל, וואָס פלעגן באַדעקן די שטאָט, און מיט זייערע קאַלטע רעגנס לאַנג אָפּגעהאַלטן די בלאָטע אויף דער ערד. איך האָב זיך געדאַרפט שטעלן צום פּרוּוויזיע. פון דער שול האָב איך זיך שוין באַפרײַט, וואַרט איך פון טאָג צו טאָג אויף דער פאַראָרדענונג פון וואָיענקאָמאַט. מײַנע טאַטע־מאַמע האָבן זיך די גאַנצע צײַט באַאומרויִקט, זיי וואָלטן אַ באַלד געוועזן, מע זאָל מיך ניט ווײַט פאַרשיקן,

וואָלט דער טאַטע געקאָנט אַמאָל צופֿאָרן זיך זען מיט מיר, עפּעס אונטערפֿירן. איך האָב געוווּסט וועגן זייער אומרו, נאָר מיר האָט זיך געוואָלט דינען וואָס ווײַטער פֿון מײַן היים. אַשטייגער, אין סיביר אָדער אין מיטל־אַזיע. ס'וואָלט אויך גאָרניט שלעכט געווען, ווען מע שיקט מיך קיין לענינגראַד. דאָרט האָב איך דאָך לאַנדסלײַט, וועל איך קאָנען זיך זען מיט דער מומע נעכאַמע און מיט איר מאַן דעמיאַנען.

אומדערוואַרט איז פֿאַר מיר געווען, ווען כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז מע שיקט מיך גאָר דינען אינעם טאַראַשטשאַנער פּאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין זשיטאָמיר, — קימאַט ווי בײַ זיך אינדערהיים, זיך בעטן, מע זאָל מיך אַהין ניט שיקן, איז לעכערלעך. ס'איז דאָך ניט דער נאַראָבראַז. אין דער אַרמיי איז ניט שײַעך, צי ס'געפֿעלט, צי ניט. אויב זיך יאָ בעטן, וואָלט איך זיך שוין בעסער געבעטן קיין לענינגראַד, ווײַל איך האָב דאָרטן אַן אייגענעם קאָמאַנדיר. נאָר דאָס איז דאָך ניט קיין אַרגרמענט, אַט דאָ ערשט קאָן מען מיך כּוישעד זײַן, אַז איך וויל זיך פֿאַרגרינגערן דאָס אַרמיי־לעבן.

אינעם טאָג, ווען כ'האָב געדאַרפֿט פֿאַרלאָזן די שטאָט, האָב איך באַגעגנט מײַן געוועזענעם באַלעבאָס. איך האָב אים קימאַט ניט דערקענט. דאָס פּאָנעם איז געווען אָפּגעצויגן, די פֿריִערדיקע רויטקײַט פֿון די פּולע באַקן איז פֿאַרשוווּנדן. ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף זײַן שטעקן, אָנגעטאָן אין אַן אַלטן שוואַרצן וואַטניק. דערזען מיך, האָט ער אין פֿאַרלעגנהײַט אַ זאָג געטאָן:

— איר פֿאָרט אַוועק פֿונדאַנען? אַהאַ, אין דער אַרמיי. און איך בין דאָ אַ נאַכטוועכטער אויף דער דאַמפּ־מיל. אַיִס דײַגעס, איך לעב אויף גרייטן, די מעלוכע זאָרגט זיך פֿאַר מיר.

באַם געזעגענען זיך האָט ער צוגעגעבן:

— גלייבט מיר יאָ, גלייבט מיר ניט, איך זאָג אײַך דעם עמעס, באַ דער איצטיקער מאַכט וועט מען ניט פֿאַרפֿאַלן...

איך היפּער איבער אַ סאַך ווײַטלעך פֿון מײַן פֿאַרמילכאָמעדיקן לעבן, אַפֿילע די מילכאָמע היפּער איך איבער, און ניט דערפֿאַר, ווײַל דאָס זײַנען געווען פּוסטע יאָרן... עפּשער וועל איך נאָך אַמאָל וועגן דעם דערציילן, נאָר איצטער גיי איך גלײַך איבער צו אַ ביטערער צײַט — דער ביטערסטער צײַט פֿון מײַן לעבן.

געווען איז דאָן ערעוו מײַ־יאָמטעוו און ערעוו דעם ייִדישן פּייסעך, סאָף אַפּרעל 1951. מעגלעך, אַז די ביידע יאָמטויוויִם האָבן זיך צונויפֿגעדעדט קומען אויף דער וועלט צוזאַמען, און עפּשער האָט די ערד געוווּסט וועגן דער דאָזיקער צונויפֿגערעדטקײַט, ווײַל דער גאַנצער אַרום האָט אין אַפּרעל כּוידעש אויסגעזען זייער שיין, ליכטיק און יאָמטעוודיק. ביימער האָבן געפּײַערט זייער באַנײַונג. פֿייגל האָבן זיך שוין באַזעצט אין זייערע אויסגעבויטע נעסטן. טײַכן האָבן נאָכן פֿרילינג־געוויסער זיך אָפּגערוט פֿונעם קאַלטן פֿלייצנדיקן ראַש און ביסלעכווײַז אָנגעהויבן צו פֿירן אַ נאָרמאַל לעבן אין זייערע אײַנגעשטילטע ברעגן. איבערן דניעפּער האָבן שוין קורסירט די ערשטע פּאַסאַזשיר־שיפֿן. אויף אַ סאַך געבײַדעס פֿון דער שטאָט האָבן זיך געהוידעט מיט שטריק צוגעבונדענע ליולקעס, אויף וועלכע עס זײַנען געשטאַנען יונגע פּאַסאַדטשיקעס, וואָס האָבן געבערשטלט מיט קאַלך־וואַסער די ציגל־ווענט, גערייניקט און געפּוצט מיט פֿאַרשיידענע פֿאַרבן די קאָלאָנעס, באַלקאָנען, קאַרניזן, וואָס זײַנען געווען פֿאַרגאָסן מיט שוואַרצע פּאַטיאָקעס, באַזונדערס אין די ווינקלען פֿון די רינוועס, וואָס זײַנען דעם גאַנצן ווינטער געווען פֿאַרקאַוועט אין אײַז, און איצט האָבן די מוטנע וואַסערן פֿון די דעכער מיטאַמאָל אַ יאָג געטאָן דורך די איבערגעפֿולטע טרויבן. קיִעוו האָט אויסגעזען וווּנדערלעך־שיין. די קאַשטאַנען האָבן זיך עטוואָס שוין צעבליט. אין די סקווערן זײַנען מענטשן געזעסן און זיך געקוויקט מיט די ערשטע זונענשטראַלן. נאָר מיר איז די יאָמטעוודיקײַט ניט אײַנגעגאַנגען. כאָטש געגרייט האָב איך זיך צו ביידע יאָמטויווים. כ'האָב אַלץ געטאָן, קעדיי מיטהעלפֿן דער אַלטיטשקער שוויגער אין איר שטוב־ווירטשאַפֿט. אָפּט בין איך געווען אַפֿילע צופֿרידן, כאָטש כ'האָב ניט אַרויסגעוויזן, אַז כ'בין אין עפּעס פֿאַרטאָן, אַ ביסל פֿאַרנומען, אַבי זיך ניט אומדרייען ווי אַן איבעריקער סײַ אין שטוב און סײַ אין דרויסן. מיר איז שוין דערעסן דאָס אומגיין ליידיק און זיך ניט קאָנען צושלאָגן צו עפּעס אַן אַרבעט. איך וואָלט זיך גענומען צו מײַן אַלטער מעלאָכע, צו שוסטערײַ, איז שוין אָבער דורכגעגאַנגען העכער 25 יאָר זינט כ'האָב געהאַלטן אַ דראַטווע אין דער האַנט.

כאָטש צוריקגערעדט, וואָלט איך אויך איצט געקאָנט נאָך עפּעס טאָן אין הילכעס שוסטערײַ. די דאָזיקע פּראָפֿעסיע האָב איך ניט שלעכט באַהערשט נאָך זײַענדיק אַ שילער פֿון דער אַרבעטס־שול. אָבער איצט, נאָך אַזאַ לאַנגדויערנדיקן איבערײַס, האָט זיך מיר געוואָלט אָפּזוכן עפּעס בעסערס פֿון שוסטערײַ. דערווײַל גיי איך אום פֿון איין אַנשטאַלט צום צווייטן, און צו וועמען איך ווענד זיך ניט, זאָגט מען מיר דאַפּקע צו, מע גיט מיר אַפֿילע אַן אַנקעטע צו פֿאַרפֿולן און מע הייסט אַרײַנקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום. געקומען זיך דערוויסן, ווי האַלט עס מיט מײַן באַקאָשע, ענטפֿערט מען מיר זייער העפֿלעך:

— אנטשולדיקט, אַף דער דאָזיקער שטעלע האָט מען שוין גענומען א מענטשן.

געקומען אַהיים מיט א צעבראָכן געמיט, האָב איך וויי־ניק־וואָס דערציילט וועגן מײַנע דורכפאַלן, וועגן די אָפּטע דערנידעריקונגען, וועלכע מיר קומט אויס אויסצושטיין, און ווי שווערע שטיינער טראָג איך זיי שווײַגנדיק בײַ זיך אין האַרצן. „וואָס הייסט עס? וואָס קומט דאָ פֿאָר? — פֿרעג איך אָפּט זיך אַליין. — עס איז דאָך ניט אויסצוהאַלטן, מע שפּײַט דיר אין פּנים, און דו דאַרפֿסט שווײַגן".

צו אַלע יעסורים זײַנען צוגעקומען מײַנע כילוקע־דייעס מיט דער שוויגער.

די כילוקע־דייעס מיט דער שוויגער זײַנען אַמערסטן פֿאָרגעקומען צוליב דער פֿרוי מײַנער, טאַניען. זי, די אַלטע, האָט זיך שטענדיק געמישט אין אונדזער פֿאַמיליען־לעבן, און טאַניע האָט ניט רעאַגירט. וואָס די מאַמע פֿלעג זאָגן, האָט זי איר פּאַטאַקעווען, נאָכגעבאַמקעט און שטענדיק איר אָפּגעגעבן דעם גערעכט. קיין זעלבשטענדיקע מיינונג האָט טאַניע ניט געהאַט. און דאָס האָט מיך געערגערט. נאָר זי האָט זיך דערמיט ניט גערעכנט. טאָמער האָב איך אויסגעשטראָפֿט דאָס טעכטערל, האָלעמײַ זי האָט ניט ווי געהעריק צוגעגרייט די לימודים אין שול, פֿלעג די שוויגער גלײַך אַרויסטרעטן ווי אַן אַדוואָקאַט, אַרומטערנעמען דאָס אייניקל אונטער אירע שוץ־פֿליגל און צו נישט מאַכן מײַנע באַמיִונגען.

— אויך מיר א דערציִער. ער ווייסט נאָר שרײַען, זידלען זיך, — פֿלעג די אַלטע מיר אָפּענטפֿערן.

אַניעטשקע האָט זיך געפֿונען צווישן צוויי פֿײַערן, נאָר אויב איך פֿלעג זי עפּעס בעטן, האָט זי מיר טייקעף געענטפֿערט:

— איך וועל פֿרעגן בײַ דער באָבען...

די לעצטע פּאָר כאָדאָשים, זינט טאַניע האָט בעסאָד־סוידעס פֿאַרטרויט דער מוטער וועגן דעם, אַז מ'האָט אײַנגעזעצט אייניקע כאַוויירים מײַנע, האָט די אַלטע עטוואָס געענדערט איר באַציִונג צו מיר, נאָר איר געדאַנק וועגן דעם, אַז אויב מ'וועט מיך אויך אײַנזעצן, איז דאַפֿקע איצט די פּאַסיקע צײַט, זי זאָל זיך אָפּזאָגן פֿון מיר. עפּשער דערמיט וועט זי זיך ראַטעווען מיטן קינד.

אַז מע זאָל איר מאַן אויך אַרעסטירן, אין דעם האָט די פֿרוי מײַנע ניט געגלייבט. ווײַל וואָס שטעל איך מיט זיך פֿאָר? איך בין דען עפּעס אַן אָנגעזעענער זשורנאַליסט אָדער שריפֿטשטעלער? צי האָב איך אַזוינס אויפֿגעטאָן קעגן דעם היימלאַנד? צי בין איך געווען פֿאַרבונדן מיט מענטשן פֿון אויסלאַנד? איך בין שטענדיק געזעסן אין שטוב, צו קיינעם ניט געגאַנגען, מיט קיינעם זיך ניט געכאַווערט, און טאַניען איז ניט געקומען אַפֿן זינען, אַז איר מאַן זאָל מען איזאָלירן. פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס? זיי ווייסן דאָרטן זייער גוט, מיט וואָס יעדערער שמעקט דאָ. אין די דרײַ בוכשטאַבן ווייסט מען, אַז איך שטאַם פֿון אַן אָרעמער מישפּאָכע, פֿון דוירעסדיקע קאַפּצאָנים אין זיבן פּאָלעס, וווּ קיינמאָל האָט מען זיך ניט אָנגעגעסן זאַט מיט א שטיקל ברויט. דער הונגער האָט שטענדיק פֿאַרוויגט מײַן קינדערש וויגל, און אין שטיבל בײַ אונדז, דאָס פֿאַרטריבענע פֿון די שטעטלדיקע גרויסאַרטיקע הײַזער, איז דאָס איינציקע ליכט געווען דאָס בלייכע פּאַסיקל לעוואָנע־שײַן, וואָס האָט אַרײַנגעקוקט דורכן פֿענצטערל, ווי א קינדערש אויג. צו זיבן יאָר בין איך געזעסן צוזאַמען מיט דער מוטער מײַנער אַף א גווירישער האָפֿ־פּלאַנטאַציע און ביזקל שפּעטן אָוונט געריסן האָפּן, אַז די הויט האָט זיך געשיילט פֿון מײַנע קינדערשע הענט, ווי קאָרע פֿון א בערעזע־בוים. דעם פֿאָטער האָט מען גענומען אין אַרמיי, און די מאַמע איז געבליבן מיט דרײַ קליינע קינדערלעך אין יאָר 1915. האָט די אײַנגעדאַרטע, אײַנגעקוואַרטע מאַמע מײַנע, וואָס האָט געליטן פֿון פֿאַרשיידענע מינים קראַנקהײַטן — פּאַדאַגרע, מיגרען, כאָלעציסטיט, זיך אײַנגעשפּאַנט אין אָט דעם שווערן לעבנס־וואָגן און אים געשלעפּט מיט אַלע קויכעס קנאַפּע דרײַ יאָר. אַלץ האָט זי, אָט די צניִעס־שווײַגנדיקע, אין זיך לײַדנדיקע פֿרוי, געטאָן, אַז די קינדערלעך זאָלן כאָלילע ניט לײַדן פֿון קיין הונגער, ניט גיין נאַקעט און באָרוועס, ניט זײַן פֿאַרשעמט צווישן אַנדערע קינדער.

ווי נאָר ס'האָט זיך דערנעענטערט דער ערעוו־פּייסעך, אַזוי האָט זי פֿאַר די קינדערלעך אויפֿגענייט נײַע מאַלבושימלעך, אויסגעפּוצט אַלעמען מיט נײַע שיכעלעך, וואָס זי האָט אַף באָרג גענומען בײַ איינער א קלייטניטשקע. די אַלע כויוועס האָט זי נאָכדעם אַליין אויסגעצאָלט פֿון אירע שווערע פֿאַרדינסטן. זי האָט זיך מיט גאָרנישט ניט גערעכנט. פֿון קיין שום אַרבעט האָט זי זיך ניט אָפּגעזאָגט. אַרײַנסן מעסטלעך האָפּן, בעפּיירעש פֿאַר קאָפּיקעס, אויסוואַשן די דילן בײַ די נעגידים אַף שאַבעס צי זײַן א וועשערן — אַלץ האָט זי געטאָן, קעדיי כאַיִוען דאָס געזינדל.

בין איצט געדענק איך, כאָטש כ'בין דאַן אַלט געווען קנאַפּע זיבן יאָר, אָט יענעם ערעוו־פּייסעך, ווען אין דרויסן איז געפֿאַלן א שווערער נאַסער שניי. טראָגנדיק דאָס אַנטליִענע שטעמפּל (א גרויסן הילצערנעם שטייסל אַף אָנקלאַפּן מאַצע־מעל), בין איך אַרײַן אין א מוטנער קאַליושע מיט די נײַע שיכעלעך, געבליבן פֿאַרהריזנעט אין אָט דער בלאָטע מיטן שטעמפּל, וואָס איז געווען צוויי מאָל העכער פֿון מיר, און זיך צעוויינט ניט מיט מײַן קאָל. ווען ניט די שכיינע, בײַ וועלכער איך

האָב אנטלױפֿן דעם שטײסל, זאָל ניט געווען צופֿעליק א קוק טאָן דורכן פֿענצטער, וואָלט איך לאַנג נאָך געשטאַנען א פֿאַרהרױנעטער אין אָט דער קלעפּיקער בלאָטע. די אַלטיטשקע שכײנע איז אַרױס פֿון שטוב און קוים מיך אַרױסגעשלעפּט פֿון דער קאַליוזשע. זי האָט דעם שטײסל צוגעטראָגן ביז אונדזער שטוב און זיך אומגעקערט אַהײם. זי האָט ניט געוואָלט אַרײַנגײן צו מײַן מוטער, אַז יענע זאָל ניט אױפֿהײבן קײן טומל.

ווען כ׳בין געקומען אין שטוב מיט א כליפּעניש, האָט די מאַמע מײַנע זיך מאַמעש דערשראָקן. דערזעענדיק דעם אײַנגעשמירטן שטײסל און די נאַסע הײזעלעך אַף מיר, האָט זי צום אַלעם ערשטן אַראָפּגעשלעפּט פֿון מיר די נאַסע שיכלעך און מיר אָנגעטאָן טרוקענע זעקעלעך, איך זאָל די פֿיס ניט פֿאַרקילן, מיך אָנגעטאָן אין אַלטע הײזעלעך און די נײַע אױפֿגעהאָנגען לעם אױוון, זײ זאָלן זיך גיכער אױסטריקענען, אַרױפֿגעשלעפּט אַף מײַנע פֿיס א פּאָר אַלטע צונױפֿגעקאָרטשעטע סאַנדאַליעטלעך און קוים־קוים מיך באַרויִקט.

פֿון קלײנערהײט אָן בין איך געוואַקסן א שטיק שלימאַזל, דערפֿאַר האָט די מאַמע מײַנע זיך געסטאַרעט מיר פֿאַרלױפֿן אַלע וועגן און שטענדיק מיך טרײסטן, ווען עפּעס פֿלעג זיך טרעפֿן מיט מיר. אײנמאָל האָט מיר די מאַמע געגעבן א טוץ גרױסע ניס. כ׳האָב אָנגעפּילט בײדע קעשענעס פֿון די נײַע הײזעלעך און בין אַוועק צו דער גרױסער סינאַגאָגע צו שפּילן מיט די ניס. ס׳איז דאָן געווען דער ערשטער טאָג פּײסעך, און פֿאַרשפּילט האָב איך אַלע ניסלעך מײַנעם א בעסטן כאַווער. נאָר ווען איך האָב זיך צעװײנט מיט בלוטיקע טרערן פֿאַר אים, האָט דער כאַווער מײַנער, פּאַשעט צוליב ראַכמאָנעס, מיר אומגעקערט עטלעכע פֿאַרשפּילטע ניס.

איך האָב געוווּסט, אַז די מאַמע וועט ניט דערלאָזן, אַז עמעצער זאָל מיך באַשטראָפֿן, נאָר די לײדן, וואָס זי, די מאַמע, וועט האָבן, די צאָרעס, וואָס איך וועל איר פֿאַרשאַפֿן, וועט מיר קאָסטן זײער א סאַך געזונט. ווײַל זינט איך געדענק זיך, האָט די מאַמע מײַנע דעם שענסטן און בעסטן כײלעק אױסגעטײלט פֿאַר מיר, אַז די איבעריקע קינדער זאָלן ניט זען. פֿאַר אַלעמען האָט א גוטער מײַכל ניט געקלעקט, און אַף וויפֿל איך בין פֿון קלײנערהײט אָן געווען א דאַרינקער, א שוואַכינקער און שטענדיק עפּעס א פֿאַרטרוימטער, האָט זי מער פֿון די איבעריקע קינדער מיך געקעכלט. זומער־צײַט, ווען איך פֿלעג זיך אױפֿכאַפּן פֿאַרטאָג, קעדײ אָוועקטרײַבן אונדזער קו, די „קאָרמיליצע", אַף דער פּאַשע, פֿלעג איך, אומקערנדיק זיך אַהײם, געפֿינען א הײ־קאַפּיצע אָדער א ווײכן גראָדגעלעגער, זיך אָוועקלײגן און לאַנגע שאָען לײענען. מיר איז דעמלט שױן געווען קנאַפּע עלף יאָר. אין כײדער בין איך שױן ניט געגאַנגען, ווײַל גלײַך נאָך דער רעוואָליוציע זײַנען אין אונדזער יִשעוו פֿאַרמאַכט געוואָרן אַלע כאַדאָרים און ס׳האָט זיך געעפֿנט א יִדישע שול. העברעיִש אַלס א שפּראַך איז געווען פֿאַרבאָטן, בלױז אַף יִדיש זײַנען געפֿירט געוואָרן די לימודים. איך בין שױן דאָן געווען א שילער פֿון 4־טן קלאַס. די ערשטע דערציילונג, וואָס איך האָב איבערגעלײענט, איז געווען שאָלעם־אַלייכעמס „דאָס מעכערל" און די צווײטע — „א פֿאַרשטערטער פּײסעך", וואָס האָט זיך ביז איצט מיר פֿאַרקריצט אין זיקאָרן.

בא מיר איז אין יענעם סאַף אַפּרעל געווען בעעמעס א פֿאַרשטערטער ערעוו־מײַ און א פֿאַרשטערטער ערעוו־פּײסעך. איך דערמאָן זיך, ווי ערשט נעכטן פֿאַרטאָג האָב איך זיך אומגעקערט פֿון מאָסקווע, וווּהין כ׳האָב געפֿירט מיט זיך א פּאָר עסײען וועגן מײַנע כאַווײרים, וואָס זײַנען אומגעקומען אפֿן פֿראָנט, ווי אויך וועגן דעם אָנטײל פֿון מענטשן אינעם אױפֿשטעלן די קיִעווער רויִנירטע גאַסן. די דאָזיקע מאַטעריאַלן האָב איך, ווי שטענדיק, אָפּגעגעבן אין יִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, וואָס האָט עקזיסטירט בא דער סאָווינפֿאָרמביוראָ, ווי אויך א פֿאַרצײכענונג פֿאַר דער צײַטונג „אײניקײַט". גלײַכצײַטיק האָב איך געטראַכט באַקומען דאָס ביסל האָנאָראַר פֿאַר די אויסגעניצטע מאַטעריאַלן נאָך אין פֿאַריקן כוידעש.

צוגײענדיק צו דעם הויז, וווּ עס האָט זיך געפֿונען דער קאָמיטעט, האָב איך דערזען פֿאַר זיך א שוידערלעך בילד. די גאַנצע געבײַדע איז אַרומגערינגלט מיט א שטרענגער וואַך פֿון אַוטאָמאַטשינען, און אַף די עטלעכע לאַסטמאַשינען, וואָס זײַנען געשטאַנען לעם הויז, צוגערוקט אײנע צו דער אַנדערער, האָבן יונגען אין ציווילע קלײדער געטאַסקעט פּעק מיט זעקלעך און אַרופֿגעוואָרפֿן אַף די לאַסט־אַוטאָמאָבילן.

לעכאַטכילע האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס עס קומט דאָ פֿאָר. כ׳האָב געמײנט, אַז דער קאָמיטעט קלײַבט זיך איבער אין א צווײטער געבײַדע און דאָס דאָזיקע הויז פֿאַרנעמט א מיליטער־טײל, דעריבער האָב איך זיך געלאָזט גײן אַלץ נעענטער צו דער וואַך, קעדײ זיך דערפֿרעגן, אַף א וועלכער גאַס איז אַריבערגעפֿאָרן דער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט.

א מיליטער־אָפֿיצער האָט מיך אָפּגעשטעלט און געמאָלדן:

— בירגער, אַהער איז פֿאַרבאָטן דער אַרײַנגאַנג!

כ'האָב אַרויסגענומען מײַן שרײַבער־ביכל און די צײַגעניש פֿונעם קאָמיטעט, אַז איך בין זײַנער אַ מיטאַרבעטער, נאָר דער מיליטער־אָפֿיצער האָט ניט געוואָלט אַפֿילו אַ קוק טאָן אױף מײַנע דאָקומענטן און ווידער איבערגעכאַזערט:

— בירגער, פֿאַרלאָזט דעם דאָזיקן פּלאַץ, גייט אײַך אין אײַער וועג. איר האָט פֿאַרשטאַנען?

נאָר איך האָב אַבסאָליוט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס טוט זיך עס דאָ. אױף אַזאַ באַגעגעניש האָב איך זיך גאָרניט געריכט. כ'האָב געמאַכט עטלעכע לאַנגזאַמע שריט אױף צוריק, זיך אָפּגעשטעלט און ניט געוווּסט וווּהין זיך לאָזן. טראַכט איך בײַ זיך: עפּשער אָנקלינגען צו מײַנעם אַ גוטן באַקאַנטן, וועלכער האָט אויך, ווי איך, מיטגעאַרבעט אין קאָמיטעט, און בײַ אים וועל איך זיכער זיך דערוויסן, וואָס עס איז דאָ געשען.

דערהערנדיק מײַן קאָל, האָט דער כאַווער מײַנער, מיט אַ פֿיבערדיקער טיף־פֿאַרצאַרנטער שטים, מיט האַלבע קוים אַרויסגעבראַכטע ווערטער דערשראָקן מיר געזאָגט:

— אונדז האָט געטראָפֿן אַ גרויסער אומגליק... ניט איך און ניט די, וואָס זײַנען נאָך געבליבן, פֿאַרשטייען לאַכלוטן ניט, מיט וואָס עס איז צו דערקלערן די דאָזיקע טראַגעדיע. נעכטן בײַנאַכט (דאָס איז פֿאָרגעקומען סאָף 1948) האָט מען אַרעסטירט די אָנפֿירונג פֿונעם אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט — פֿעפֿערן, האָפּשטיינען, קוויטקאָן און אַנדערע. מער קאָן איך דיר גאָרניט זאָגן. מיר איז זייער שווער צו ריידן... ווער ווייסט, וואָס דאָ קומט פֿאָר... איך אײַלע דיר גלײַך זיך אומקערן אַהיים... ווײַל איך בין פּאַשעט אין פֿאַרצווייפֿלונג... ווער ווייסט, וואָס עס וועט זײַן מיט אונדז...

דאָס טעלעפֿאָן־טרײַבל פֿונעם אױטאָמאַט איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון מײַן האַנט און געבליבן הענגען אין דער קאַבינע. דעם גאַנצן וועג ביז קיִעוו האָב איך ניט אױפֿגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַזוינס האָט ניט געקאָנט פּאַסירן מיט דעם דאָזיקן אַנשטאַלט. אַ סאַך אָנגעזעענע שרײַבער, קולטור־טוער, די שענסטע פֿאָרשטייער פֿון דער רוסישער אינטעליגענץ האָבן געוווּסט, אַז דער קאָמיטעט איז געגרינדעט געוואָרן לויט סטאַלינס האַסקאָמע. לויט זײַנער אַ פֿאַראָרדענונג זײַנען אַרויסגעפֿלויגן קיין אַמעריקע, קאַנאַדע, מעקסיקע און ענגלאַנד פֿעפֿער און מיכאָעלס מיטן ציל צו מאָביליזירן און קאָנטראָלירן אַלע קויכעס פֿונעם יִדישן פֿאָלק אַרום דעם קאַמף קעגן פֿאַשיזם. איך דערמאָן זיך אין די וווּנדערלעכע אַרויסטרעטונגען פֿון די שרײַבער, קולטור־טוער, מיליטערלײַט אױף די אַנטיפֿאַשיסטישע מיטינגען, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען אין מאָסקווע, אין ניו־יאָרק, אין לאָנדאָן, קאַנאַדע און אין אַ ריי אַנדערע שטעט. די מיטאַרבעטער פֿונעם קאָמיטעט, ווי אויך די, וואָס זײַנען געווען זײַנע אַקטיווע טוער, האָבן גענוי געוווּסט, ווי סטאַלין האָט פֿרײַנטלעך אױפֿגענומען די ביידע שליכים נאָך זייער אומקערן זיך פֿון אויסלאַנד. אַלע זײַנען געווען איבעראַשט פֿון דער מאַטאָנע, וואָס די אַרבעטער פֿון מאַנטשעסטער האָבן אױפֿגענייט: אַ וווּנדערלעכן ווינטער־מאַנטל פֿאַרן גענעראַליסימוס סטאַלין. הײַנט די מאַטעריִעלע הילף פֿון די אַמעריקאַנער יִדן פֿאַר דער רויטער אַרמיי. וואָס זשע הייסט עס? נאָך אַזאַ טריומף, נאָך אַזאַ גרויסער פֿרייד און פֿרײַנטשאַפֿט — אַזאַ שוואַרצער טרויער... אַזאַ גזירע?

יאָ, — האָב איך אויסגעשריִען שטילערהייט פֿאַר זיך אַליין. — ס'איז אַ דיווערסיע! אַ פּראָוואָקאַציע...

די בעהאָלע אין קיִעוו איז געווען גרויס. מענטשן זײַנען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. יעדער אײנער פֿון אונדז האָט געטראַכט, אַז אויב ניט הײַנט, איז מאָרגן וועט געשען מיט אים דאָס זעלבע, ווי מיט די אָנפֿירנדיקע טוער פֿונעם קאַבינעט פֿאַר יִדישער קולטור בײַ דער אוקראַיִנישער אַקאַדעמיע. אָט האָט מען נעכטן אַרעסטירט ספּיוואַקן, לויצקערן, לערנערן — מעגלעך, אַז אויך צו מיר וועט די גזירע אָנטרעפֿן, איז עפּשער זאָל איך טאָן דאָס זעלבע, וואָס די מומע מײַנע נעכאַמע, וועלכע איז אױף אַ שטיקל צײַט נעלעם געוואָרן פֿון לענינגראַד?

די גרויזאַמע געשיכטע פֿון דער מומע נעכאַמע האָב איך ניט געקאָנט פֿאַרגעסן. ביז דעם אומגליק, וואָס איז מיט איר פֿאַרלאָפֿן, האָב איך אָנגעשריבן וועגן איר אַ היפּשע פֿאַרצייכענונג, וויִאַזוי זי, דעם שוסטערס טאָכטער, האָט בײַ 19 יאָר אָנגעטאָן אַ רויטאַרמייִשע שינעל, מיט אַ ביקס אין האַנט זיך אַוועקגעזעצט אױף אַ טאַטשאַנקע, צוזאַמען מיט אַ בודיאָנישן טייל אַוועק אין 1920 יאָר אױפֿן פֿראָנט און דורכגעמאַכט אַ וווּנדערלעך שיינעם לעבנסוועג. איך האָב שטענדיק שטאָלצירט מיט דער מומע נעכאַמע. זי איז דאָך געווען אַ מיטגליד פֿון פּאַרטיי פֿון 1920 יאָר, געווען אױף אָנפֿירנדיקער ווירטשאַפֿטלעכער אַרבעט אין לענינגראַד. און פּלוצעם האָט אַ בילבל, אַ רעכילעס פֿאַרשמוציקט איר ליכטיקן לעבנסוועג. אירע בעסטע כאַווײרים און כאַווערטעס, אויך אַלטע פּאַרטייער, האָט מען באַשולדיקט אין טראָצקיזם. אייניקע זײַנען אומגעקומען. ווי איך האָב זיך נאָכדעם דערוווּסט, האָט די מומע באַשלאָסן פֿאַרלאָזן די שטאָט אױף אַ שטיקל צײַט, מוירע האָבנדיק, מע זאָל זי ניט אַרעסטירן. און אין אײנעם אַ בײַנאַכט, ווען אין שטוב איז מען געשלאָפֿן, האָט זי זיך אָפּגיך אָנגעטאָן, אַרופֿגעוואָרפֿן אױף זיך דער טאָכטערס ווינטער־מאַנטל, גענומען מיט זיך אַ קליין טשעמאָדאַנטשיקל, אַרײַנגעלייגט אַ פּאָר העמדער, עטלעכע פּאָר זאָקן, אַ פּראָסט קלייד, אַ וואַלענע קאָפּטע,

אײַנגעוויקלט דעם פּאַרטיי־בילעט אין א טיכעלע און פאַרוקט אין בוזעם. זי האָט שטילערהייט געעפנט די דרויסן־טיר און איז אוועק צו דער טאָוואַרנער סטאַנציע. פּונקט אָנגעטראָפן אויף א לאַנגזאַם אָפּ־גייענדיקן טאָוואַרניאַק, האָט זי זיך אַרופגעכאַפּט אויף א פראַכט־וואַגאָן און זיך אײַנגעמאַסטעט אין טאַמבור אויף איר רענצעלע. זי איז דאַן פאַרפאָרן צו אירער א באַקאַנטער נאָך פון די פראָנט־יאָרן אין א פאַרוואָרפענעם ייִשעוו פון קירגיזיע. אין א האַלב יאָר אַרום האָט זי זיך אומגעקערט צוריק אַהיים. נאָר דאָס האַרץ האָט ניט אויסגעהאַלטן, און זי איז אינגיכן אוועק אויף יענער־וועלט...

איז עפּשער זאָל איך איצטער, טראַכט איך בײַ זיך, טאָן דאָס זעלבע, ווי די מומע מײַנע? נאָר איינס קימערט מיך: צי דען וועט מען זיך ניט דערוויסן, ווו איך בין אַהינגעקומען? און אויב זיי פּאַקן מיך, וועלן זיי זיכער מיך באַשטראָפן נאָך שטרענגער, ווײַל ווײַבאַלד איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן, איז א סימען, אַז איך פיל זיך טאַקע שולדיק און אַז איך בין באַגאַנגען א גרויסן פאַרברעכן. פונעם דאָזיקן געדאַנק האָב איך זיך אָפּגעזאָגט. איך באַשליס בלײַבן אינדערהיים, און וואָס עס וועט זײַן מיט קאָל ייִסראָעל, וועט זײַן מיט רעב ייִסראָעל. דערווײַל בין איך אויף דער פרײַ, דאַרף מען צוזוכן עפּעס אַן אַרבעט. איך האָב דאָך א מישפּאָכע, און לעבן דאַרף מען. איז עפּשער האָט א זין זיך ווענדן נאָך הילף צו מײַן באַקאַנטן שרײַבער־אַקאַדעמיקער? זייער ניט אָנגענעם צו באומרויִקן אַזא אָנגעזעענע פּערזענלעכקײַט, נאָר מעגלעך, אַז דער דאָזיקער כאַשעווער מענטש וועט מיר דאָפקע ניט אָפּזאָגן און מיט זײַן הילף וועל איך עפּשער קריגן א שטיקל שטעלע פאַר זיך. מיטן דאָזיקן אָנגעזעענעם מענטשן בין איך געווען באַקאַנט נאָך ביז דער מילכאָמע, נאָר געווען זייער ווײַט פון אים. ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע, איז מיר צופעליק אויסגעקומען זיך עוואַקויִרן מיטן זעלבן עשעלאָן, אין וועלכן ער איז געפאָרן. איך בין דאַן געווען נאָך א יונגער שרײַבער, בלויז פיר יאָר א מיטגליד פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד.

ווײַזט אויס, אַז אין לעבן איז פאַראַן גליק, כאָטש גליק האָט מיך זייער אָפט אויסגעמיטן. דאָס מאָל אָבער איז באַשערט געווען נויסע כיין זײַן בײַ דעם אָנגעזעענעם שריפטשטעלער נאָך אין דער עוואַקואַציע. זײַן וואַרעמע געטרײַשאַפט צו מיר, ווען איך בין געווען א ניט־אָנגעזעענער זשורנאַליסט, ווי אויך אַלס א שרײַבער, האָט מיך ביז גאָר גערירט. בײַ דער מישפּאָכע פונעם שריפטשטעלער בין איך געווען קימאַט ווי אַן אייגענער זון. דערוויסנדיק זיך, אַז איך פאַרנעם זיך מיט שרײַבערײַ, האָט דער אָנגעזעענער שריפטשטעלער — דאָס איז געווען מאַקסים רילסקי — מאַמעש מיך געצוווּנגען, איך זאָל אים מיט רוסיש בוכשטאַבן מאַכן א פּאָדסטראָטשניק פון טעלעכע לידער. פון טאָג צו טאָג האָב איך אָפּגעלייגט אויסצופילן דעם שריפטשטעלערס ביטע. איך האָב מוירע געהאַט, אַז אָט דער גרויסער טאַלאַנט זאָל זיך ניט אַנטוישן אין מײַן שאַפונג, ווען ער וועט איבערלייענען די פּאָדסטראָטשניקעס. נאָר אויף וויפל דער נאָבעלער מענטש האָט מיך ניט געלאָזט צורו, געפאָדערט, איך זאָל אויספילן זײַן באַקאָשע, האָב איך דאָס געטאָן מיט גרויסער מוירע (נאָר וועגן די דאָזיקע איבערזעצונגען, וואָס דער שריפטשטעלער האָט געמאַכט באַלד נאָך דער מילכאָמע, שוין זײַענדיק בײַ זיך אינדערהיים אין קיִעוו, וועל איך דערציילן עטוואָס שפּעטער).

דערווײַל גיי איך אום צעטראָגן. איך קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. ענדלעך, האָב איך איבערגעשפּאַנט דעם רוביקאָן און געקומען צום הויכגעשעצטן מענטשן אַהיים. פון זײַן מישפּאָכע איז קיינער ניט געווען. בלויז ער אַליין איז געזעסן בײַ זיך אין קאַבינעט און, ווײַזט אויס, געשריבן עפּעס. ווען כ'בין אַרײַנגעקומען, האָט ער זיך אופגעהויבן פון זײַן פאָטעל, געדריקט די האַנט און פאָרגעלייגט זיך אוועקזעצן. ווי נאָר כ'האָב אים געזאָגט, נאָך וואָס כ'בין געקומען צו אים, האָט ער מיט שווײַגנדיקער פאַרזאָרגטקײַט א קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען, צענומען בײדע הענט און מיט אינווייניקסטן אומרו און שטילער פאַרצאַרגטקײַט פאַמעלעך אַרויסגעשטאַמלט:

— אָט האָט איר מײַנעם א בריוו צו יענעם מענטשן, וואָס וווינט, אַגעוו, בײַ אונדז אין הויף. איך גלייב, אַז ער וועט אַלץ טאָן... וועגן דעם רעזולטאַט קלינגט מיר אָדער קומט אַרײַן.

טעלעכע מאָל, גייענדיק איבער דער גאַס, האָב איך געלייענט און איבערגעלייענט דעם בריוו זײַנעם.

ס'איז שווער זיך פאָרשטעלן, אַז אין אַזא אומרויִקער, געפערלעכער צײַט זאָל אָט דער אָנגעזעענער אַקאַדעמיקער־שריפטשטעלער, וואָס האָט אַזא נאָמען אין לאַנד, זאָל אַזוי וואַרעם זיך אָפּרופן וועגן מיר. טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן. די הענט האָבן בײַ מיר אַזוי געציטערט, אַז כ'האָב ניט געקאָנט אַפילו אַרײַנלייגן צוריק דאָס בריוול אין אָפענעם קאָנווערט. זײַענדיק צעטראָגן, איבעראַשט און איבערפולט מיטן ביסעלע פרייד, ווי אויך מיט דער האָפענונג, אַז איצט וועט נעמען א סאָף צו מײַן אַרומדרייען זיך ליידיק, בין איך געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט, זיך א כאַפּ געטאָן באַם קאָפּ און מיט א האַלבן קאָל אויסגעשריִען: „גאָט מײַנער, וואָס טוט זיך עס מיט מירן" איך האָב דאָך אַפּגיך זיך אומגעקערט און זיך אופגעהויבן מיטן ליפט און אַנשטאָט זיך אופהייבן ביזן פערטן שטאָק, בין איך פאַרפאָרן אַזש ביזן זיבעטן. דערזעענדיק פאַר זיך א פרעמדע פאַדערטיר,

האָב איך זיך שנעל אַראָפּגעלאָזט איבער די גלאַטע שטיינערנע טרעפּ, ווי פון א גליטשיק בערגל זיך אַראָפּגעקײַקלט, און געכאַפּט אזא טשמעל אין קאָפּ, אז כ'בין קוים פאַרקראָכן צו זיך אַהיים.

אַרײַנקומענדיק אין שטוב, האָב איך דערזען אפן טיש א צעטעלע פון מײַן פרוי: זי בעט אַרויס־גיין צום מאגאזין, ניט ווײַט פון אונדזער שטוב, ווײַל זי האָט פאַרנומען פאַר מיר א ריי נאָך ווייצ־נער מעל, און איינע הענט גיט מען בלויז דרײַ קילאָ. ניט געקוקט אַף דער שישקע, וואָס איז אַרויס־געשפּרונגען אפן שטערן, ווען כ'האָב זיך פון די טרעפּ געקײַקלט, בין איך אַראָפּגעלאָפן צום מאגאַ־זין. ס'איז דאָך פאַרט ערעוו־יאָמטעוו, און מעל באַדאַרף מען דאָך אַף עפּעס אָפּבאַקן. די ריי האָט זיך געצויגן לענגאויס דער גאַנצער גאַס. פונווײַטן האָט דער צעטומלטער האַמוין אויסגעזען ווי א שטורעמדיקער וואַלד, און די מענטשן — ווי ביימער, וואָס הוידען זיך אַהין און צוריק. כ'האָב זיך קוים דורכגעשפּאַרט דורך דער דאָזיקער ענגשאַפט, ביז כ'האָב געפונען מײַן אָרט אין דער ריי, וואָס די פרוי האָט פאַר מיר פאַרנומען. צוערשט האָב איך געוואָלט וואָס גיכער זיך אומקערן צוריק, זיך אַרויסקאַראַבקען פונדאַנען און אוועקגיין, נאָר אַרופוואַרפן דעם שווערן אָל בלויז אַף דער פרוי און אַף דער אַלטער שוויגער האָט דאָס האַרץ ניט דערלאָזט. ביז שפּעטן אָוונט, מיט גרויס מאַטער־ניש, פאַרנעמענדיק עטלעכע מאָל א נײַע ריי, האָב איך קוים צונויפגעשלעפּט עטלעכע קילאָ מעל. עטלעכע שקאַרמיצן מעל האָב איך איבערגעשאָטן אין א ווײַס טאָרבעלע און עס אַרײַנגעלייגט אין א שוואַרצן עטוואָס צעבויגענעם טשעמאָדאַן, אים איבערגעבונדן עטלעכע מאָל מיט שפּאַגאַט, און ווען אין דרויסן איז געוואָרן פינצטערלעך, האָב איך דורך פאַרוואָרפענע געסלעך זיך דערקליבן צו דער בעקערײַ און פון דאָרטן זיך אומגעקערט מיט מאַצעס. נאָר ביז איך בין אַהין פאַרגאַנגען און זיך אומגעקערט צוריק, האָט דאָס האַרץ זיך מיר שיר ניט אָפּגעריסן. כ'בין געווען פּיטש־נאַס, ווי נאָך א שווערער קרענק. און ווער ווייסט, צי האָט מיך טאַקע קיינער ניט געזען, צי איז מען ניט נאָכגעגאַנגען נאָך מיר. נאָר מיילע, האָב איך א מאַך געטאָן מיט דער האַנט. בעמיילע איז די שפּיל פאַרן טײַוול.

אָפּגעטאָן דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט, האָב איך זיך געגרייט צום בענעפּיס פון מײַן פרוי. כ'האָב פריִער געוווּסט, אז זי וועט זײַן ניט צופרידן מיט די מאַצעס. זי האָט מיך עטלעכע מאָל געוואָרנט, איך זאָל זיך ניט פאַרנעמען דערמיט, מוירע האָבנדיק, אז דאָס קאָן פאַרגיכערן מײַן אַרעסט. נאָר איך האָב געזשאַלעוועט איר טירכע. זי איז דאָך פאַרנומען אַף דער אַרבעט, און קומענדיק אַהיים, האָט זי נאָך א שטוב אַף זיך און איך בין דאָך פאַרט א ליידיקגייער, אויסער דעם, דער איינציקער מאַנצביל אין דער מישפּאָכע. איז זאָלן זיי טאָן, וואָס זיי ווילן. אַלציינס האָב איך שוין ניט וואָס צו פאַרלירן... איך זע זיי דאָך יעדן טאָג, אי אינדערפרי, אי אָפּדערנאַכט, די דאָזיקע גע־היימע פאַרשוינען, זייער פײַן געקליידט, פון יענעם מאַקעם, וואָס הערן אַלץ, וואָס זעען גוט, מאַכן זיך ניט וויסנדיק און גייען מיר נאָך פוסטריט שוין העכער א כוידעש צײַט. זיי מיינען, אז איך זע זיי ניט.

מיך האָט קיינער אין מײַן לעבן אַזוי ניט געהיט און פאַרהיט פון אַלדאָס בייז, ווי דער דאָזיקער פײַן־אויסגעמאַלבושעוועטער דרײַלינג. מיר ווילט זיך צוגיין צו זיי און זאָגן: „וואָס מאַכט איר זיך טאַמעוואַטע? איר מיינט, אז איך זע ניט, ווי יעדן טאָג שטייט איר אפן ראָג ניט ווײַט פון מײַן הויז און פּרוּווט צווישן זיך קלוימערשט א וויכטיקן וויקוּעך. יעדן מאָל שיסט אויס עמעצער פון אײַך א געלעכטער, קוקט קלוימערשט אַף די פאַרבײַגייענדיקע, נאָר די אויגן אײַערע נעמט איר ניט אַראָפּ פון מיר, איז ווײַט אַזויפיל גוט און גיט איבער אײַער שעף, אז ער מעג זײַן רויִק, איך קלײַב זיך אין ערגעץ ניט אַנטלויפן, און אַז אַלע מײַנע געענג באַשטייען בלויז פון דער שטוב ביז דעניסאָווער געסל, ווו עס געפינט זיך דער לערן־קאָמבינאַט, און קער זיך אום צוריק אַהיים". דערבײַ ווילט זיך מיר אָפּט זאָגן: „גענוג שוין נאָכצושפּירן נאָך מיר. נאַט און נעמט מיך צו... און באַפרײַט מיך פון אָט דער מישטיינס־געזאָגט „פרײַהײַט"..."

נאָר וואָס קאָן העלפן דאָס זאָגן מײַנס? עפּשער בעסער שווײַגן... עפּשער וועט די גזירע מיך אויסמײַדן?.. די בעהאָלע וועט אַדורכגיין? — טראַכט איך באַ זיך און זאָג צו זיך אַליין: „אָט דער פאַכדאַנעסדיקער „מעגלעך" אָדער דער „עפּשער" פּאַטערט מיך. מ'דאַרף זײַן דרייסטער, מוטיקער, נאָר ווי־אַזוי נעמט מען זיך אין די הענט?.."

אָפּט ווילט זיך אויסריידן דאָס האַרץ פאַר א גוטן פרײַנט, ס'זאָל ווערן עטוואָס גרינגער. איז יעדערער אַזוי אָנגעשראָקן, אז איינער פאַרן צווייטן האָט מוירע... „עפּשער איז ער א מענטש פון דאָרטן?" — טראַכט יעדערער באַ זיך. בעסער פון אַלץ וואָלט פאַר מיר געווען, ווען איך קאָן זיך שוין צושלאָגן צו עפּעס אַן אַרבעט, זײַן מיט עפּעס פאַרנומען און ווייניקער טראַכטן וועגן דעם, וואָס עס וועט זײַן... און וואָס עס קומט פאָר... דאַרף זיך אָבער טרעפן, אז דער שעף זאָל ניט זײַן הי. טראָג איך מיט זיך דאָס בריוול פונעם כאַשוון שריפטשטעלער שוין העכער צוויי וואָכן און קאָן זיך ניט דערוואַרטן אַף זײַן קומען פון א לאַנגדויערנדיקער קאָמאַנדירונג. גיי איך אַלע טאָג צו דעם דאָזיקן אַנשטאַלט זיך דערוויסן, ווען וועט קומען דער שעף.

אין איינעם א טאָג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער שעף איז געקומען און ער איז איצט בײַ זיך אין קאַבינעט. האָב איך זיך גלײַך אוועקגעלאָזט אהין. עטלעכע מאָל מיט פאַרזיכטיקײַט ארײַנגעגאַנגען, זיך אומגעדרייט אין קאָרידאָר און ווידער ארויסגעגאַנגען. כ'האָב זיך אַלץ ניט געקאָנט דערוואַרטן, ביז אַלע באַזוכער וועט ער אופנעמען, און דעמלט וועל איך ארײַנגיין. איך האָב געוואָלט, אַז קיינער זאָל ניט בײַזײַן אין קאַבינעט פונעם שעף, ווײַל דאָס קאָן שטערן מיר אָפנהאַרציק זיך דורכריידן מיטן אומבאַקאַנטן מענטשן, אויג אויף אויג. דאָס דאָזיקע געפיל האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט און אונטערגעגעבן מוט, ווען כ'האָב ווידעראַמאָל איבערגעליינט דאָס בריוול, כאָטש מיך האָט די גאַנצע צײַט געקימערט די צוויי ווערטער — „יידישער שרײַבער". נאָך וואָס האָט ער דאָס באַדאַרפט אונטערשטרײַכן? עפשער וואָלט איך אַליין אין אַן אינטימען געשפּרעך מיטן שעף, וואָס דאַרף מיך אײַנאָרדענען אויף אַרבעט, דערציילט אים אַגעוו־אורכע, אינקורצן וועגן מײַן אומבאַשטימטער לאַגע. נאָר עפשער האָט דער אוקראַיִנישער שריפטשטעלער דאָס געטאָן דאַפקע בעקיוון, אַז יענער זאָל זיך ניט קווענקלען, ניט פאַרגעבן קיין איבעריקע פראַגעס, נאָר ער זאָל דערפילן, אַז דאַפקע אין דער איצטיקער סיטואַציע דאַרף ער מיך אײַנאָרדענען אויף אַרבעט. די געציילטע שורעס אינעם בריוול האָב איך נאָכאַמאָל איבערגעלייענט און געקוקט דעם שעף אין די אויגן, וויאַזוי וועט ער רעאַגירן. „איך בעט אײַך זייער אײַנאָרדענען אויף אַרבעט דעם דאָזיקן מענטשן אין אײַער סיסטעם. ער אַליין איז א טאַלאַנטפולער יידישער שרײַבער. פאַר זײַן ערלעכער און איבערגעגעבענער טעטיקײַט גאַראַנטיר איך. מיט אכטונג — דעפּוטאַט פון אויבער־סאָוועט, אַקאַדעמיקער מאַקסים רילסקי".

ווען דער שעף האָט זיך אופגעהויבן פונעם ווייכן פאָטעל און מיט זײַן הויכן שלאַנקן קערפּער קימאַט ווי אונטערגעשפּאַרט די אויסגעווײַסטע סטעליע, האָב איך אַנטקעגן אים אויסגעזען ווי דאָוויד האַמעלעך קעגן גאָליאַס האַפּלישטי. מיט האַרצפּלאַטער האָב איך אים געקוקט אין די אויגן, אַנגעשטעלט די אויערן און בין גרייט געווען אײַנצושלינגען יעדעס וואָרט זײַנס, אָט־אָט וועל איך דערהערן זײַנע א טרייסט... נאָר מיטאַמאָל איז מיר געוואָרן עפּעס אומעטיק און שווער אופן האַרצן, ווען נאָך א קליינער פּאַוזע האָט דער שעף געזאָגט:

— קלינגט מיר אָן אין א פּאָר טעג אַרום.

א גרויל איז דורכגעגאַנגען איבער מײַן לײַב, מוראַשקעס האָבן גענומען לויפן פונעם קאָפּ ביז די פיס, כ'האָב ניט געקאָנט געפינען די טיר צום ארויסגאַנג. געבליבן שטיין אופן ראָג, ניט ווײַט פונעם הויז, ווו עס געפינט זיך דער אַנשטאַלט, האָב איך געטראַכט, אַז איצט איז שוין ניטאָ קיין שום האָפענונג, ניט ווײַל דער שעף וויל מיר ניט העלפן, פאַרקערט, אין זײַנע אויגן, דוכט מיר, האָב איך דערזען א גוטמוטיקן פײַנעם מענטשן, מיט אַזאַ ליבעקן שמייכל און מיט אַזאַ העלפעכקײַט צו מיר, אַז וועגן אים קיין שלעכטס האָב איך ניט געטראַכט, נאָר עפּעס האָט אים, אפּאָנעם, געקימערט, האָט ער אָפּגעלייגט דעם ענטפער. ווײַזט אויס, אַז ער דאַרף זיך ערגעץ אָנפרעגן וועגן דעם, אַליין קאָן ער ניט באַשליסן, כאָטש אַזאַ אָנגעזעענער בעקאַוועדיקער מענטש גאַראַנטירט פאַר מיר. נאָר עפשער בין איך אַליין גאָר שולדיק, טראַכט איך, כ'האָב זיך אַליין געמאַכט ערגער דערמיט, וואָס איך האָב אַזוי אָפנהאַרציק דערציילט דעם שעף וועגן מײַן לעבנסוועג? עפשער האָב איך ניט געדאַרפט געווען אויסגיסן פאַר אים דאָס האַרץ, אַז כ'בין געווען אַמאָל א יידישער לערער, א יידישער זשורנאַליסט און אַז איצט האָב איך ניט ווו אָנצווענדן מײַן דערפאַרונג, מײַנע קענטעניסן? עפּעס קומט פאַר אַזוינס אינעם לאַנד, וואָס ניט בלויז איך, נאָר א סאַך אַנדערע פאַרשטייען ניט, וואָס עס קומט דאָ פאָר... מעגלעך, אַז כ'האָב דעם שעף פאַרטרויט צופיל פּראָטים פון מײַן לעבן, ווײַל איך בין געווען זיכער, אַז אויב דער אַקאַדעמיקער, דער מעלוכע־מענטש שרײַבט אין זײַן באַקאָשע וועגן מיר אַלס יידישן שרײַבער, האָב איך בײַ זיך געטראַכט, קאָן איך זײַן אָפנהאַרציק מיט אים און בעטן, ער זאָל מיר געבן וועלכע־ניט־איז אַרבעט לויט מײַן פאַך, צי עפשער אַלס לערער אין איינעם פון זײַנע לערן־קאָמבינאַטן.

גיי ווייס, וואָס א מענטש קאָן זיך אַליין אָפּטאָן. עפשער צוגיין צום אַקאַדעמיקער און ערלעך אים דערציילן וועגן דער באַגעגעניש מיטן שעף, האָב איך א טראַכט געטאָן, נאָר ניין, וויאַזוי קאָן מען דערקוטשען אַזאַ מענטשן, אויסניצן זײַן גוטמוטיקײַט צוליב אייגענע צוועקן. איך וועל עס קיינמאָל ניט טאָן און טאַקע בלויז צוליב דעם, ווײַל איך וויל ניט, אַז דער דאָזיקער נאָבעלער מענטש זאָל ניט איבערלעבן דערפון. דאָס דאָזיקע האָב איך דערזען נאָך אין דער ערשטער באַגעגעניש. איך האָב עס דערקענט אין זײַנע אויגן, פון וועלכע עס האָט ארויסגעקוקט מיטלײַד און פאַרצאַרנטקײַט, און כאָטש ער האָט ווייניק גערעדט, דאָך האָב איך גלײַך דערהערט זײַן קאָל פון גערעכטיקײַט און ניט־צופרידנקײַט מיטן קידער־ווידער, וואָס קומט פאָר אינעם אַרום. ער איז זיכער, אַז עפּעס א נידערטרעכטיקײַט האָט זיך פאַרגאַנוועט ערגעץ פון אויבן און בויטעט דאָס לעבן, מאַכט מוטנע די זויבערקײַט. איך דערמאָן זיך, ווען דער אוקראַיִנישער דיכטער־אַקאַדעמיקער האָט אויף איינעם אָן אָוונט בײַם דער מילכאָמע געלייענט אין א ניט־געהייצטן קאַלטן זאַל, א לייענזאַל אין דער שטאָט אופא, איבערזעצונגען פון באַוווּסטע יידישער דיכטער וועגן דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, מיט

װעלכע ער האָט זיך יאָרנלאַנג געפֿרײַנדעט סײַ אין קיִעװ, סײַ אין מאָסקװע, און אױך די געװיסע ליד, געװענדעט צום ייִדישן פֿאָלק, און איצט איז צו אים צו דערגאַנגען די ידיעה, אַז זײ זײַנען מער ניטאָ אױף דער פֿרײַ...

צװישן די הױכע אינטעלעקטועלע קרײַזן פֿון דער שטאָט, װי אױך צװישן געװײנלעכע פֿאַשעטע באַסאַרװעדאַמס, איז װעגן דעם דיכטער־אַקאַדעמיקער אומגעגאַנגען אַ שעם, אַז ער איז אַן עכטער הומאַניסט, אַ מענטש מיט אַ ברײט האַרץ, װאָס איז גרײט טאָן טױװעס אַלעמען און יעדן. די קיִעװער ייִדן האָבן אים געהאַלטן פֿאַר זײערן אַ גאָט. האָט עפּעס־װאָס געטראָפֿן מיט אַ מענטשן, איז מען גלײַך געלאָפֿן צו אים. צװישן ייִדן האָט ער געהאַט אַ שעם — „דער ייִדישער גאָט". לאָזט זיך אױס, אַז מיטן דאָזיקן טיטל האָט אים געקרױנט אַ ייִד, אַ צײן־דאָקטער, װאָס האָט נאָך דער מילכאָמע פּאַרװאַלטעט מיטן מעדיצינישן אָפּטײל פֿון דער אוקראַיִנישער ליטפֿאָנד־אָרגאַניזאַציע, װעלכע פֿאַרנעמט זיך מיט אינײַאַנים, װאָס האָבן אַ שײַכעס צום שרײַבערס לעבנשטײגער. דער צײן־דאָקטער פֿאַטלאַך, װאָס איז שטענדיק געװען פֿאַרשװיצט, פֿאַרטאָן אינעם אױסזוכן דעפֿיציטנע פּרעפּאַראַטן פֿאַר שרײַבער, פֿאַר זײערע מישפּאָכעס, װאָס האָבן זיך גענײטיקט אין הײלונג, האָט ער ליב געהאַט צו פֿאַרפֿירן אַ שמועס מיט מיר, קעדײ דערמונטערן מײַן פֿײַנלעכן געמיט, װײַל צװישן אַ גרױסן טײל פּאַציִענטן ביך איך געװען קימאַט דער אײנציקער, פֿון װעלכן דער דאָקטער האָט אָפּט געטראַכט, װײַל כ'האָב געהאַט אַן אַ שיר קראַנקהײַטן. די סאַמע שװערסטע, אײַנגעגעסענע קרענק, װאָס איז ניט אָפּגעטראָטן פֿון מיר אױף קײן רעגע, ניט געלאָזט לעבן סײַ באַטאָג, סײַ באַנאַכט, איז געװען דער מאָגן־געשװיר. מיט דער דאָזיקער קרענק האָב איך אַ היפּשע צײַט זיך געמאַטערט. באַ װעלכע דאָקטױרים, ספּעציאַליסטן, קאָנסולטאַנטן בין איך ניט אױסגעװען מיט דער הילף פֿון דעם דאָקטער פֿאַטלאַך, נאָר ס'האָט גאָרנישט ניט געהאָלפֿן. אָט דער נידעריטשקער, זײער מאָגערער צײן־דאָקטער, אױף װעלכן ס'האָט זיך קוים די הױט געהאַלטן, האָט אַלץ געטאָן פֿלינק, אײַליק און מיט אימפּעט. װען איר זאָלט אים ניט באַגעגענען, מורמלט ער עפּעס אַ ניגון, האַלט אין די הענט אַ בײַטשל קאַרעלן און װאַרפֿט זײ איבערן אױפֿגעסליעטן פֿאַדעם אַהין און צוריק. איך האָב אים אַנומלט געפֿרעגט: „דאָקטער פֿאַטלאַך, צוליב װאָס טראָגט איר מיט זיך דאָס בײַטשעלע קאַרעלן?"

האָט ער געענטפֿערט: „פּרוּװט טראָגן קאַרעלן צו באַכײנען זײער אױסזען, און איך אױף צו באַרויִקן מײַן געמיט. דאָס איבערװאַרפֿן קאַרעלן אַהין און צוריק, דאָס צײלינקן און דאָס פֿאַרײניקן זײ צוזאַמען העלפֿט מיר מיט אין מײַן דאָקטעראַי".

כאָטש איך האָב ניט אינגאַנצן פֿאַרשטאַנען זײַן דערקלערונג, האָב איך אים מער ניט איבער־געפֿרעגט.

דאָקטער פֿאַטלאַך איז געװען אַן אונטשײדענער מענטש. דערלײזן אַ מעדיצינישן אינינען, באַר װונדערס אַ כירורגישן, האָט ער געהאַלטן, דאַרף מען טײקעף, אָפּן אָרט, ניט פֿאַרציִען אין דער לאַנגער באַנק. „מיר אַלײן, זאָגט ער, מאַכן אָפּט פֿון אַ פֿליג אַ העלפֿאַנד און סאַמען אַלײן זיך אױף דאָס לעבן. דעריקער קאָן איך ניט פֿאַרלײַדן, װען אײנער װיל אַרײַנקריכן אין דעם צװײטנס נעשאָמע, װען אײנער הײבט אָן צו עסן דעם צװײטן".

— איך קאָן עס אױך ניט אַריבערטראָגן, — האָב איך געזאָגט און דערבײַ צוגעגעבן: — איך געדענק ניט פֿינקטלעך, נאָר אין אײנער אַ װוּנדערלעכער נאָװעלע, דוכט זיך, באַ טשעכאָװן, קומט פֿאָר אַן אינטערעסאַנטער דיאַלאָג צװישן אײַזנבאַן־אַרבעטער, װעלכע לײגן דורך אַ װעג ערגעץ אין װײַטן סיביר. אָפּט הונגעריקע, צו דער צײַט ניט באַזאָרגט מיט פֿלײש־פּראָדוקטן, רופֿט זיך אײנער אָן צום צװײטן, װען יענער האָט זיך געקלאָגט, אַז ער האָט זיך פֿאַרבענקט, אַז ער װאָלט זײער געװאָלט אַ שטיקל רינדערן אָדער כאַזער־פֿלײש, האָט דער צװײטער אים געענטפֿערט פֿאַרביטערט: „רוסלאַנד דאַרף קײן פֿלײש ניט, אײנער עסט דעם צװײטן, איז ער מיט פֿלײש שױן זאַט".

— אױך איצט, אין אונדזער לעבנשטײגער, איז דאָס גילטיק, — האָט דער דאָקטער עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט, קעדײ צו פֿאַרגעדענקען די בעעמעס נעװיִיִשע װערטער.

איך האָב זײער געהאַלטן פֿונעם דאָקטער פֿאַטלאַך. ניט איך בלױז אַלײן, נאָר אױך אַלע די, װאָס פֿלעגן זיך װענדן צו אים. מ'האָט אים אָפּגעגעבן גרױס קאָװעד. און װיאַזױ טאַקע קאָן מען ניט ליב האָבן אַזאַ מענטשן? יעדע קראַנקהײַט פֿון שרײַבער האָט ער געהאַלטן אין זיקאָרן און פֿינקטלעך פֿאַרגעדענקט, אין װאָס פֿאַר אַ מין הײלונג יעדערער נײטיקט זיך.

די אָפּטע בױך־קראַמפּן פֿון דער געשװיר־קראַנקהײט, װאָס האָבן זיך אַרופֿגעװאַלגערט אױף מײַן אױסגעדאַרטן קערפּער, האָבן װאָס װײַטער, אַלץ מער אָפּגעשװאַכט דאָס האַרץ און די נערװן מײַנע. די לעצטע צײַט בין איך שױן מאַסקים געװען מיטן דאָקטערס דעװױ: „אױב דער צאַן־װאָרצל איז פֿױל, איז האַלט ניט דעם סױנע אין דײַן מױל. אױב איר װעט באַצײַטנס זיך ניט אָפּטירן, קאָן דער געשװיר, כאַלילע, דורכלעכערן דעם מאָגן, דעמלט איז די אָפּעראַציע אומפֿאַרמײַדלעך און דער סאָף קאָן זײַן אַ געפֿערלעכער". נאָר איך האָב אַלץ אָפּגעלײגט אױף שפּעטער, איך האָב ניט געװאָלט זיך

אוועקלייגן אפן אָפּעראַציע־טיש, ווײַל ווער ווייסט, מיט וואָס עס קאָן זיך ענדיקן. עפּשער וועט גרינגער ווערן פון די קאָלערליי פּרעפּאַראַטן, וואָס איך נעם אײַן? און טאָמער איז טאַקע יאָ מיר געוואָרן עטוואָס לײַכטער, האָב איך פאַרגעסן אין די פריערדיקע ווייטיקן, געכאַפּט א שטיקל הערינג און אַמאָל א ביסעלע בראָנפן, כאָטש אייניקע באַקאַנטע מײַנע, און אַפילע דאָקטוירים, האָבן מיר געייצעט טרינקען ספּירט, האַלטנדיק, אַז ספּירט קאָן פאַרציִען דעם געשוויר. נאָר מיר איז אַלץ גע־גאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ. דער געשוויר האָט אָפּגעטאָן זײַנס. דאָס האָט געטראָפן מיט מיר באַנאַכט. די גיכע הילף האָט מיך צוגענומען אין איינעם פון די קיִעווער שפּיטאָלן, און העכער דרײַ שעה בין איך געלעגן אויפן אָפּעראַציע־טיש. די אָפּעראַציע איז געווען זייער א שווערע. צוויי מעסלעס בין איך געלעגן אָן באַוואוסטזײַן. עס האָט זיך אָנגעהויבן פּעריטאָניט. דער שעף פון דער כירורגישער אָפּטיילונג האָט געוואָרנט מײַן פרוי, אַז דער צושטאַנד איז א שווערער. דער געשוויר איז א פאַר־לאָזטער, און כאָטש די אָפּעראַציע איז דורכגעגאַנגען בעשאָלעמדיק, דאָך קאָן מען אַלץ דערוואַרטן. פינף וועכט נאָכאַנאַנד איז די פרוי מײַנע ניט אָפּגעטראָטן פון בעט. און אין איינעם א טאָג, בײַסן אָבכאָד פון די דאָקטוירים, האָט דער פּראָפעסאָר מיט צופרידנקײַט געזאָגט צו דער פרוי מײַנער: „איצט מעגט איר זײַן רויִק, אַז אײַער מאַן וועט לעבן בלײַבן, אַז ער האָט זיך בעעמעס אומגעקערט פון יענער־וועלט”.

ווען די פרוי האָט זיך פאַר פרייד צעוויינט, האָט דער פּראָפעסאָר זי גענומען טרייסטן:

— מיר, דאָקטוירים, זײַנען געווען זייער אומרויִק. א פּראָפּאָדנאָיע יאַזווע ענדיקט זיך באַם קראַנקן זייער אָפט טראַגיש, נאָר אײַך האָט צוגעשפּילט דאָס מאַזל. בלויז א נעס האָט אים געראַ־טעוועט. עס זײַנען אַרויס די גאַזן, און דער בויך, וואָס איז געווען בא אים אַזוי אויפגעבלאָזן און האַרט, ווי א פּויק, האָט אָנגעהויבן ביסלעכוויַיז ווערן ווייכער, פּלאַסטישער, און עס איז געפאַלן די היץ. דאָס, וואָס עס קאָן אויפטאָן א נעס, וועט קיין פּראָפעסאָר ניט אויפטאָן.

די פרוי מײַנע האָט זיך עטוואָס פאַרשעמט און שטילערהייט זיך צעשמייכלט.

ווען איך בין געקומען צו־זיך, איז דאָס ערשטע, וואָס כ'האָב געבעטן בא דער פרוי מײַנער, זי זאָל דעם דאָקטער פּאַטלאַך איבערגעבן די בעסטע ווונטשן און אַז איך, ווי נאָר איך וועל זיך שטעלן אויף די פיס, וועל אומבאַדינגט זיך טרעפן מיט אים און שיין אים באַדאַנקען.

אַפּגעווען אין שטוב א טאָג צען נאָכן אויסשרײַבן זיך פון שפּיטאָל, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צום דאָקטער מיט א פלאַש שאַמפּאַניער און מיט א האָניק־לעקעך, וואָס די פרוי מײַנע האָט אַליין אָפּגעבאַקן אַלס א מאַטאָנע פאַרן דאָקטער, וועלכער האָט פון ערשטן טאָג זינט כ'בין געווען אין שפּיטאָל עטלעכע מאָל באַזוכט מײַן פּאַלאַטע, גערעדט מיט די דאָקטוירים, מיט דער מעדשוועסטער, זיי זאָלן אויפמערקזאַם אַכטונג געבן אויף מיר.

אינעם ליטפאָנד־צימערל, ווו דער דאָקטער פּאַטלאַך פלעג אויפנעמען שרײַבער, וואָס האָבן זיך געווענדט צו אים אין פאַרשיידענע איניאַנים, האָב איך קיינעם ניט געטראָפן. אומדרייענדיק זיך אין קאָרידאָר, האָט א פרוי פון מיטעלן עלטער, מיט וועלכער איך האָב זיך אַנומלט געטראָפן אויף אַן אויפנאַם צום דאָקטער פּאַטלאַך, מיר געזאָגט, אַז הײַנט וועט דער דאָקטער ניט אויפנעמען. ער איז פאַרנומען מיטן אַריבערקלײַבן זיך אין א נײַער דירע.

— צי ווייסט איר ניט עפּשער זײַן אַדרעס?

— פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן. ס'ווייסן אַלע.

איך בין נישטוימעס געוואָרן און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. מיט א פלאַש שאַמפּאַניער קומען צום דאָקטער איז צו אָרעם. מ'דאַרף נעמען א פלאַש קאָניאַק און א שיין פאַרבײַסעכץ.

כ'האָב זיך דערמאָנט זײַן געשיכטע.

ווען פּאַטלאַך האָט נאָכן אומקערן זיך פונעם פראָנט געטראָפן זײַן הויז, ווו ער האָט געוווינט ביז דער מילכאָמע, אינגאַנצן רויִנירט און ניט געהאַט, ווו זיך אַהינטאָן מיט דער מישפּאָכע, האָט ער די פרוי מיט דער טאָכטער זײַנער אײַנגעאָרדנט איבערצוזײַן א שטיקל צײַט בא זײַנע באַקאַנטע, און ער אַליין האָט זייער אָפט, קעדיי ניט שטאַרק דערקוטשען די מענטשן, בא וועלכע ס'האָט זיך אויפ־געהאַלטן זײַן פאַמיליע, אויף צוזויפגעשטעלטע בענקלעך בא זיך אינעם ליטפאָנד־צימערל, נאָך א שווערן אַרבעטסטאָג, אויסגעשפּרייט זײַן שינעל, די רעכטע האַנט אונטערגעשפּאַרט פאַר א צוקאָפּנס און איבערגעשלאָפן ניט איין נאַכט אַזוי. אייניקע שרײַבער האָבן איבערגערעדט וועגן דעם מיט מאַק־סים רילסקין, וועלכער איז צו יענער צײַט געווען אויך דער פאָרזיצער פונעם אוקראַיִנישן שרײַבער־פאַרבאַנד, האָט יענער גלײַך איבערגעגעבן דורכן סעקרעטאַר, אַז דער צייך־דאָקטער זאָל פאַרנעמען זײַנע בעבעכעס און מיט זײַן מישפּאָכע זיך טייקעף אַרײַנקלײַבן צו אים אין דער דירע און אַז פאַר אים איז שוין אויסגעטיילט א באַזונדערער צימער, און ווען ער וועט דאַרפן, קאָן ער אויפנעמען פּאַציִענטן. די דאָזיקע ידיִע האָט דעם דאָקטער שטאַרק צעטרודערט. ער האָט ניט געוווּסט, וויִאַזוי זאָל ער זיך באַגיין? ווי וואַרפט מען זיך עס אַרײַן מיט א גאַנצער מישפּאָכע צו אַזא אָנגעזעענעם מענטשן אין שטוב? אַנדערע וועלן אַפילע אים באַריידן. ס'איז דאָך א כאָזערשאַפט פון זײַן זײַט.

מאַלע וואָס, ער מעג אים פארבעטן צו זיך, נאָר ער טאָר דאָס ניט טאָן. שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם, אַז אים וועט יעדער רעגע, דאָס זײַן באַם אַקאַדעמיקער אין שטוב, אַלעמאָל אים קימערן, און ער וועט זיך פילן ניט מיט אַלעמען. אים וועט דוכטן, אַז עפשער דעם אַקאַדעמיקערס פרוי צי זײַן זון וועלן אין האַרצן ניט זײַן צופרידן, נאָר זיי וועלן דאָס ניט אַרויסווײַזן...

נאָר קיין שום כקירעס האָבן ניט געהאָלפן. אין איינעם א שיינעם פרימאָרגן איז דער פּערזענלעכער סעקרעטאַר פונעם דיכטער־אַקאַדעמיקער געקומען מיט זײַן אויטאָ, אַרײַנגעוואָרפן דעם דאָקטערס בעבעכעס אין באַגאַזשניק און זיי פאַרפירט גלײַך צו יענעם אין שטוב. דער פרוי זײַנער מיט דער טאָכטער האָט דער דאָקטער געוואָרנט, אַז דערווײַל זאָלן זיי איבערנעכטיקן בא זײַנע באַקאַנטע, ווי פריִער. פאַר זיך אַליין וועט ער ווי־ניט־איז זיך אָפּזוכן א ווינקעלע אין שטוב, ווו איבערצוזײַן, ער זאָל קיינעם ניט שטערן, זיך ניט וואַרפן אַזוי אין די אויגן, ביז ער וועט באַקומען א דירע. אָבער אַלץ, וואָס דער דאָקטער האָט צוגעטראַכט, האָט דער דיכטער־אַקאַדעמיקער אָפּגעוואָרפן. די צוויי יאָר צײַט, וואָס ער האָט זיך געפונען בא אים אין שטוב, איז ער געווען ווי אַן אייגענער ברודער. מער פון אַלץ איז דעם דאָקטער געווען ניט אָנגענעם, ער האָט זיך מאַמעש געשעמט, ווען יענער פלעג ניט אָפּטרעטן פון אים, ביז ער האָט זיך ניט געזעצט צום טיש און באַגלײַך מיט זײַן געזינדל ניט אָפּגעגעסן וואַרמעס אָדער וועטשערע.

זייער אָפט האָט דער דאָקטער זיך אומיסטן פאַרהאַלטן אױף זײַן אַרבעט, קעדיי ניט קומען צו די מיטיק־שאָען, האָט אָבער דעם שרײַבערס פרוי יעקאַטערינאַ אים איבערגעלאָזט דעם מיטיק, צוגעדעקט מיט א ווײַס טישטעכל, און ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן, האָט זי אים מאַמעש אַרײַנגעשלעפּט אין צימער און מיט גוואַלד אים אוועקגעזעצט צום טיש... נאָך מער. אין איינעם א טאָג האָט דער אַקאַדעמיקער רילסקי געגעבן דעם דאָקטער די נייטיקע סומע געלט, ער זאָל פאַר זיך קויפן א באַרמאַשין, קעדיי אין דער צווייטער העלפט טאָג קאָנען אויפנעמען פריוואַט עטלעכע פאַציִענטן, אַבי צו פאַרלײַכטערן זײַן מאַטעריעלע לאַגע. האָבן זיך ווי אָפּצולאָכעס געטראָפן טעג, ווען דער אויפנאַם באַם צײן־דאָקטער האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעטן אָוונט, האָט דער דיכטער־אַקאַדעמיקער זיך געסטאַרעט ניט אַרײַנגיין צו זיך אין קאַבינעט, קעדיי דער דאָקטער זאָל ניט איבערטראַכטן, אַז ער שטערט אים זיך פאַרנעמען מיט זײַן שפּעפּרישער אַרבעט, ווײַל אויב ער וועט עס דערפילן, וועט ער טײקעף איבערײַסן דעם אויפנאַם און דעם כוילע הייסן קומען א צווייט מאָל, און דער דיכטער האָט אין אַזא פאַל געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז מע רופט אים אַרויס צוליב א וויכטיקן איניען, און זיך אוועקגעלאָזט הינטער דער שטאָט אױף א שפּאַציר...

אין לערן־קאָמבינאַט פאַר אינוואַלידן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, אין וועלכן איך האָב זיך אײַנגעאָרדנט לויט דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו פונעם דיכטער־אַקאַדעמיקער אַלס א לערער פון מאַטעמאַטיק, איז די אַרבעט מיט די קורסאַנטן מיר אָנגעקומען זייער שווער, כאָטש אַלס לערער האָב איך געדאַרפט די אינוואַלידן פּאָשעט אויסלערנען רעכענען, זיי געבן עלעמענטאַרע יעדיִעס פון אַריפמעטיק, לייזן מיט זיי געוויינלעכע אויפגאַבעס און זיי באַקאַנען מיט די פיר אַקטן פון געוויינלעכע און דעצימאַלע ברוכצאָלן.

נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז אַפילע אָט די זייער לײַכטע פּראָגראַם פון אַריפמעטיק קומט מיר אָן זייער שווער צו באַהערשן. דער דאָזיקער קעגנשטאַנד איז מיר ניט געווען צום האַרצן נאָך דאַן, ווען איך בין געווען א שילער פונעם 5־טן קלאַס. דער לימעד פון מאַטעמאַטיק איז געווען בא מיר ניט מער ווי אַן אָפּקומעניש. מיר האָט זיך קיינמאָל ניט אײַנגעגעבן צו לייזן די סאַמע לײַכטסטע אויפגאַבע. די גרעסטע אָטמעטקע, וואָס איך האָב באַקומען אױף מאַטעמאַטיק, איז געווען א דרײַ. אַמערסטן האָב איך בייס די קאָנטראָל־אַרבעטן אױף מאַטעמאַטיק איבערגעשריבן בא א שילער לויט א שפּאַרגאַלקע, וואָס יענער האָט מיר געהיים איבערגעגעבן, נאָר אַפילע באַם איבערשרײַבן האָב איך אויך דערלאָזט גרײַזן און פלעג אַרײַנכאַפּן א צוויי.

איצט דאַרף איך זיצן ביז שפּעטער נאַכט און גרייטן אויפגאַבעס פאַר מײַנע דערוואַקסענע שילער. אױף די לימודים כטאַרע איך זיך ניט דערלאָזן קיין איבעריקע פראַגעס מיצאַד די קורסאַנטן, וואָס קאָנען מיך פאַרשלעפּן אין א טעמפּן ווינקל. טאָר אױף איינעם א לימעד, בייסן לייזן אַן אַריפמעטישע אויפגאַבע, בין איך אַלס לערער קימאַט ווי דורכגעפאַלן. גראַטעוועס האָט מיך דאַפקע א קורסאַנט פון דער גרופּע, וואָס האָט ליב געהאַט אַרויסווײַזן זײַנע קענטעגישן אין הילכעס מאַטעמאַטיק. איך האָב אים אַרויסגערופן צום טאָוול און יענער האָט איבערצײַגעוודיק דערקלערט און באַוויזן, וויאַזוי מע דאַרף קייפלען דעצימאַלע ברוכצאָלן. איך אַלס לערער האָב מיט א פײַנעם אָנשטעל פון א גרויכן ווייסער שטאַרק געלויבט דעם קורסאַנט פאַר זײַן באַהאַווקטקײַט, פאַר דער אינטערעסאַנטער לייזונג פון דער אויפגאַבע און געהייסן אַלעמען פאַרשרײַבן אין די העפטן. אָבער איייניקע פון די קורסאַנטן האָבן, ווײַזט אויס, באַמערקט, אַז איך האָב זיך פאַרפּלאָנטערט. דער דויערנדיקער

קלוגג פֿונעם גליק, וואָס האָט מוידיע געווען, אַז דער לימעד האָט זיך געענדיקט, האָט מיך דער־מונטערט. איך האָב פֿאַרמאַכט דעם קלאַסן־זשורנאַל, געמאָלדן די קורסאַנטן, אַז אויפֿן קומענדיקן לימעד וועלן מיר זיך אומקערן צו דער זעלבער אויפֿגאַבע...

אָבער וואָס זשע טוט מען ווײַטער? בעטן דעם שעף, ער זאָל מיר געבן אַן אַנדער אַרבעט, איז ניט באַקוועם. פֿאַרזעצן מײַן לערערײַ — האָב איך מוירע פֿאַר אַ דורכפֿאַל. איך מאַטער זיך אין צווייפֿלעניש און קאָן ניט קומען צו קיין ענטפֿער. מיט וועמען זשע האַלט מען זיך אָן אײַצע? אַ גוטע אײַצע איז ניט אָפּצושאַצן מיט גאָלד, אַ גוטע אײַצע פֿאַרשפּעטיקט ניט קיינמאָל, נאָר האַלטן אָן אײַצע קאָנסטו זיך בלויז מיט יענעם, וואָס דו ביסט זיכער אין זײַן פֿרײַנטשאַפֿט, אין זײַן חכמע. עפּשער זיך אויסייצענען מיט אוווראָמען, מיט וועלכן איך באַגעגן זיך קימאַט יעדן טאָג, אומקערנדיק זיך אַהיים פֿון דער אַרבעט. ניט ווײַט פֿונעם דעניסאָווער געסל, אַנטקעגן דעם געוועזענעם פּרויען־מאָנאַסטיר, ווו עס געפֿינט זיך דער לערן־קאָמבינאַט, וווינט אוווראָם וועלעדניצקי, אַן אַלטער זאַמלער פֿון פֿאָלקלאָר־מאַטעריאַלן, אַ מיטאַרבעטער פֿונעם קאַבינעט פֿאַר ייִדישער קולטור און גלײַכצײַטיק אַ דיכטער. מיטן דאָזיקן מענטשן בין איך געווען באַקאַנט נאָך אין אָנהייב פֿון די דרײַסיקער יאָרן. איך פֿלעג אָפֿט איבערשרײַבן בײַ אים נײַע ייִדישע פֿאָלקסלידער, ווי אויך פֿאַרשיידענע אַפֿאָריזמען, שפּריכווערטלעך פֿון די מיזרעך־פֿעלקער. כאָטש אוווראָם איז געווען אַף אַ סאַך עלטער פֿון מיר, איז אונדז ביידע געווען אינטערעסאַנט זיך באַגעגענען און פֿירן אָפֿטע געשפּרעכן אַף פֿאַרשיידענע טעמעס. די לעצטע צײַט זײַנען מיר געווען באַזונדערס צופֿרידן, וואָס מ׳זעט זיך יעדן טאָג, מע רעדט זיך אויס דאָס האַרץ אַ ביסל און דעריקער, וואָס מיר ביידע פֿאַרשטייען ניט און קאָנען ניט דערקלערן פֿאַר זיך, ווער איז דער שולדיקער פֿון אָט דער שוידערלעכער בעהאָלע, וואָס קומט פֿאָר אין לאַנד? כאָטש די געשפּרעכן פֿירן מיר פֿאָרזיכטיק, דאָך קוקט זיך אוווראָם אום יעדער ווײַלע צי קיינער שפּירט ניט נאָך אונדז, צי הערט מען זיך ניט אונטער. אוווראָמס פֿאַכדאָנעס קימערט מיך אָפֿט, כאָטש איך אַליין בין אויך ניט אַזאַ גרויסער העלד.

„מע טאָר ניט זײַן אַזוי צעקראָכן, קליינמוטיק", — טראַכט איך בײַ זיך, נאָר איך זאָג אים ניט. איך געפֿין גלײַך אַ טערעץ. אים, אוווראָמען, וועט דאָך זייער שווער זײַן זיך צעשיידן מיט זײַן איינ־ציקן זון, וואָס פֿאַרנעמט נאָך ביז איצט אַ וויכטיקע מעלוכע־שטעלע. אויב, כאָלילע, מע זעצט אים אײַן, איז דער זון אַ פֿאַרפֿאַלענער, כאָטש וואָרף זיך אין דניעפּער... די לעצטע צײַט זעט אוווראָם אויס ווי אַ מעס. די ליפּן זײַנען בײַ אים שטענדיק פֿאַרטריקנט, בלאָ, דאָס עטוואָס גראָווע בערדל האַלט זיך קוים אַף זײַנע פּיבערדיקע קינבאַקן. די אויגן זײַנען בײַ אים אָנגעגאָסן מיט מאָרעשכוירע. לאָזט זיך אויס, אַז דעם זון האָט מען פֿון דער שטעלע שוין אויך באַפֿרײַט...

אין פֿאַרלויף פֿון אַ סאַך יאָרן האָט אוווראָם זיך געפֿרײַנדעט מיט אייניקע ייִדישע און ניט־ייִדישע געלערנטע פֿון דער אוקראַיִנישער אַקאַדעמיע. אַלס פֿאָלקלאָריסט און ליטעראַטור־קענער האָט ער געהאַט פֿאַרבינדונגען מיט מיטאַרבעטער פֿונעם אינסטיטוט פֿאַר עטנאָגראַפֿיע און פֿאָלקלאָר. אין אַ צײַט אַרום איז ער געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין קאַבינעט אַלס קאַנדידאַט פֿון פֿילאָלאָ־גישע וויסנשאַפֿטן. אוווראָם, דער געוועזענער אָנטיילנעמער פֿון בירגערקריג, האָט בײַס דער מילכאָמע געהאַט פֿאַרבינדונגען מיטן ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, אויך נאָך דער מילכאָמע געווען גאַנץ טעטיק. וויסנדיק אייניקע פּראָטים, וויאַזוי דער קאָמיטעט איז געשאַפֿן געוואָרן, האָט אוווראָם ניט געגלייבט, זיך ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז אַזוינס קאָן אומגעריכט פּאַסירן...

אוווראָם האָט געוווּסט, פּונקט ווי איך, אַז לויט סטאַלינס פּערזענלעכער איניציִאַטיוו איז גע־שאַפֿן געוואָרן דער דאָזיקער קאָמיטעט, וועלכער האָט געהאַט דעם ציל צו פֿירן אַ ברייטע פּראָפּאַ־גאַנדע אין דער פּרעסע, דורך ראַדיאָ וועגן דעם אָנטייל פֿון ייִדן, באַנאַנד מיט אַנדערע נאַציִאָנאַ־ליטעטן, אין דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע, דערציילן פֿאַר די ייִדישע מאַסן פֿון אויס־לאַנד וועגן דעם און רופֿן אַלעמען אַקטיוו זיך אײַנשליסן סײַ מאָראַליש, סײַ מיט מאַטעריעלער הילף דער רויטער אַרמיי אין איר הייליקן קאַמף קעגן דעם גרעסטן סוינע פֿון דער מענטשהײַט, באַזונ־דערס פֿונעם ייִדישן פֿאָלק — קעגן דעם דײַטשישן פֿאַשיזם.

אוווראָם ווייסט, אַז דער קאָמיטעט האָט אָפּגעטאָן אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט מיטן אָנטייל פֿון ייִדישע שרײַבער און ייִדישע אינטעלעקטואַלן, ווי אויך פֿון רוסישע אינטעליגענטן, שרײַבער, קינסטלער...

מיר גייען מיט אוווראָמען אין וואַלד, און אוווראָם טוט מיך פּלוצעם אַ כאַפּ אָן פֿאַר דער האַנט און שלעפּט מיך אָפּ פֿון אַ קאַשטאַן־בוים, צו וועלכן איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט. ער שלעפּט מיך און רוקט זיך אָפּ אַלץ ווײַטער און ווײַטער, גלײַך דער בוים האָט אויערן און הערט זיך אײַן אין אונדזער געשפּרעך...

— וואָס מיינסטו, טײַערינקער, ווער ווייסט, צי אונטער דער קאָרע פֿון די שטאַמען איז ניט אַרײַנגעשטעלט געוואָרן אַ קליין מיקראָפֿאָנטשיקל און אונדזער געשפּרעך וועט גלײַך פֿאַרשריבן...

— אױ, אַװראַם, אַװראַם, — זאָג איך אים, — איר האָט שױן מורא, װי איך, פֿאַר אײַער אײגענעם שאָטן. כאָטש װאָס דאַרפֿן מיר זיך שרעקן? אַלץ, װאָס מיר רײדן, איז דאָך סאָװעטיש, מענטשלעך, פֿאַרקערט, מיר באַדױערן, פֿאַרװאָס קומט עס אַזױ פֿאָר!

נאָר ער איז אומרויִק:

— לאָמיר זיך בעסער אָפּרוקן װײַטער א ביסל פֿון די קאַשטאַנען־בײמער. מיר געפֿעלט ניט זײער בלעטער־שושקעניש, ס׳קאָן זײַן, אַז זײ האָבן שױן עפּעס־װאָס אױפֿגעכאַפּט פֿון אונדזער געשפּרעך...

דערבײַ קוקט ער זיך אום עטלעכע מאָל, צי ס׳איז קײנער דאָ ניטאָ... װער װײסט, עפּשער שפּירט מען נאָך אונדז בײדן?

אין א װאָך אַרום האָב איך זיך דערװוּסט, אַז אַװראַמען האָט מען אַרעסטירט...

אין אײנעם א פֿאַרנאַכט, דעם 26־טן אַפּריל 1951, װען איך האָב זיך אומגעקערט פֿונעם לערן־קאָמבינאַט אַהײם, האָב איך געטראָפֿן אױפֿן טיש, איבערגעדעקט מיט א װײַס סאַלפֿעטקעלע, דעם שױן לאַנג פֿאַרכאָלאָנעטן װאַרעמעס, װאָס די פֿרױ מײַנע האָט שױן, װי ס׳װײַזט אױס, עטלעכע מאָל אָנגעװאַרעמט און, ניט דערװאַרטנדיק זיך אױף מיר, זיך געלײגט שלאָפֿן. כאָטש געװען בין איך הונגעריק, נאָר דאָס עסן איז מיר ניט געגאַנגען. עפּעס א שװערער נאָענדיקער אומרו האָט פֿאַרפֿולט דאָס האַרץ מײַנס, באַזונדערס נאָכן פּלוצלינגדיקן אַרײַנקומען פֿון מײַן פּלימעניצע אַרום האַלב צװעלף באַנאַכט און איר אײַליקן אװעקגאַנג אָן א שום זײַ־געזונט. דאָס האָט נאָך מער צערודערט און פֿאַרשװערט מײַן געמיט. עס קלינגט מיר אַלץ אין די אױערן איר טרױעריקע ראַכמאַנעס־שטים:

— איך בין געקומען צו דיר אַזױ שפּעט, װײַל כ׳האָב זיך לאַנג געײַשעװעט מיט דער דײע, צי זאָל איך עס טאָן, צי ניט? נאָר כאַפּט אים דער רוח. זאָל ער אַלץ צונעמען, אַבי כ׳זאָל פּטור װערן פֿון אים. מער קאָן איך פֿון אים ניט לײַדן. כ׳בין געקומען צו דיר אָפּנעמען די פֿאָטאָגראַפֿיעס, װוּ מיר האָבן זיך אַלע צוזאַמען פֿאָריקן זומער פֿאָטאָגראַפֿירט, קעדײ זײ זאָלן ניט אַרײַנפֿאַלן אין זײַנע מערדערישע הענט. ער האָט זיך געקליבן קומען צו דיר, קעדײ אױסמאַנטאַטשען די פֿאָטאָ... צוליב װאָס דאַרף ער זײ? איך װיל, אַז קײן שום שפּור פֿון אונדזער צוזאַמענלעבן זאָל ניט בלײַבן...

— טײַערינקע מײַנע, — האָב איך איר געזאָגט, — זעץ זיך צו, באַרויִק זיך. אין לעבן טרעפֿט אַלץ, שױן ניט דאָס ערשטע מאָל צעאַמפּערט איר זיך, נאָר דער קריג גײט אַדורך און װידער בעט איר זיך איבער.

— נײן, קײנמאָל ניט, אַזױנס װעט זיך מער ניט איבערכאַזערן. איך בעט דיך, זוך אױף די פֿאָטאָ, װײַל אָט־אָט קאָן ער אַרײַנקומען. אין צװײ שאָ אַרום גײט אױף זײַן צוג... און כ׳װיל װאָס גיכער אװעקגײן, ער זאָל מיך דאָ ניט טרעפֿן... כ׳װיל ניט זען זײַן מיִעסן פּאַרצוף.

קײנער זאָל זיך ניט אױפֿכאַפּן, האָב איך אױף די שפּיץ פֿינגער זיך דערקליבן צום ביכער־שראַנק, אַרױסגענומען פֿון שופֿלאָד דעם פֿאָטאָ־אַלבאָם, װוּ עס האָבן זיך געפֿונען אַלע פֿאָטאָס פֿאַר א סאַך יאָרן, און דערלאַנגט דער פּלימעניצע, זי זאָל אַלײן אױפֿזוכן אירע פֿאָטאָגראַפֿיעס. געפֿינענדיק זײ, האָט זי מיט ציטערנדיקע הענט זײ אײַנגעװיקלט אין א שװאַרץ שאַלכל און מיט דערשראָקענע אױגן א קוק געטאָן אױף מיר. כ׳האָב ניט באַװיזן אױסצורײדן מיט איר עטלעכע װערטער, װי זי איז אײַליק פֿאַרשװוּנדן.

איך בין געבליבן שטײן אױף דער שװעל פֿון דער אָפֿענער פּאַדערטיר און ניט פֿאַרשטאַנען ניט איר קומען און ניט איר אַװעקגײן. כ׳האָב באַ זיך באַשלאָסן, אַז מאָרגן אינדערפֿרי װעל איך זיך אַראָפּכאַפּן צו דער פּלימעניצע, איבערײדן מיט איר און זיך דערװיסן, װאָס עס איז צװישן איר און דעם מאַן פֿאָרגעקומען. זי האָט דאָך מיט אים צװײ קינדער, און געלעבט האָט מען צוזאַמען העכער פֿופֿצן יאָר... פּלוצעם... מיר דוכט, אַז איר קומען צו מיר נאָך די פֿאָטאָס אַזױ שפּעט באַנאַכט איז מיט עפּעס־װאָס פֿאַרבונדן. עפּשער האָט זי זיך דערװוּסט, אַז מיט מיר קאָן פֿאָרקומען אַזױנס, װאָס עס קאָן דעם מאַן אירן שאַטן, אױף װיפֿל ער אַרבעט דאָך אין יענעם מאָקעם, האָט זי מורא, אַז טאָמער װעט מען טאַקע קומען מיך אײַנזעצן, זאָל מען בײַס אָן אונטערזוך ניט געפֿינען די פֿאָטאָס, אױף װעלכע איך בין מיט איר מאַן און מיט די קינדערלעך פֿאָטאָגראַפֿירט. עס קאָן זיך דאָך אָנהײבן א גאַנצע מײַסע, און מע קאָן, כאָלילע, אים פֿון דער אַרבעט אַראָפּנעמען און אַפֿילע זי אױך... נאָר עפּשער װײַזט זיך עס מיר אױס?

איך האָב זיך שטילערהײט אַרומגעדרײט, דערנאָך צוגעגאַנגען צום סערװאַנט, װוּ עס ליגט שטענדיק דאָס אױסגעװאַשענע גרעט, און צופֿעליק באַמערקט, װי אין א װײַס ציכעלע ליגן, אײַנגעװיקלט אין א ראָזעװע האַנטעכל, צװײ פּופּציקער... װײַזט אױס, אַז דאָס האָט די פֿרױ צוגעגרײט פֿאַר מיר, װען איך האָב איר דערצײלט, װאָס עס האָט פּאַסירט מיט מיר אין אײנעם א טאָג, װען איך בין אַרײַנגעקומען אין שרײַבער־הױז.

געמײנט האָב איך דעמלט זיך באַגעגענען מיטן דיכטער־אַקאַדעמיקער, קעדײ באַדאַנקען אים פאַר זײַן וואַרעם בריוול, נאָר פּלוצעם האָב איך אָנגעטראָפן אױף אַן אָפענעם פּרעזידיום, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דער דיכטער־אַקאַדעמיקער. פאַרלאָזן דעם צימער, ווו עס איז געגאַנגען די זיצונג, איז מיר געווען ניט באַקוועם, מע זאָל ניט אויסטײַטשן מײַן אוועקגײן ווי עפּעס א פּראָטעסט אָדער א מין ביטל־באַציִונג צו דער אָנפירונג פונעם פאַרײן. האָב איך זיך אוועקגעזעצט צוזאַמען מיט אײניקע אוקראַיִנישע שרײַבער, מײַנע גוטע באַקאַנטע, וועלכע זײַנען אויך צופעליק אַהער אַרײַנגעקומען, זיך שטילערהייט דערקליבן צו דער סאַמע לעצטער באַנק און געזעסן ביזן סאָף פון דער זיצונג. מיטאַמאָל דערהער איך ווי עמעצער פון די פּרעזידיום־מיטגלידער האָט אָנגערופן מײַן פאַמיליע. צוערשט האָב איך ניט געגלייבט, אַז דאָס מײנט מען מיך, מעגלעך, אַז עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, ווײַל ווי קאָן אַנדערש זײַן. מע וואָלט דאָך צו וויסן געגעבן, אַז מע וועט באַהאַנדלען מײַן שאַפונג צי מײַן פראַגע וועגן באַקומען א דירע. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז דאָס מײנט מען טאַקע מיך, און דער פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פונעם פאַרײן האָט געמאָלדן, אַז דער פאָרשלאָג וועגן מיך אויסשליסן פונעם שרײַבער־פאַרײן „פאַר שפּעקולאַנטישער אומטעטיקײַט" איז אָנגענומען אײנשטימיק.

דאָס גאַנצע בלוט האָט אין מיר א זעץ געטאָן אין פּאָנעם, א קאַלטער שווייס האָט דורכגענומען מײַן לײַב, נאַס איז געוואָרן מײַן שטערן, און מיט טיפער קלעמעניש אין האַרצן האָב איך זיך שטילערהייט אַרויסגערוקט פונעם זיצונג־זאַל און געבליבן שטײן ווי געפּלעפּט, צוגעשמידט צו דער פּאַדערטיר פונעם שרײַבער־הויז, ביז ווײַסנדיק, וווהין זיך לאָזן גײן. כ'האָב קײנעם ניט געזען פאַר זיך. ס'האָט מיר געשווינדלט אין די אויגן. „יאָ, — האָב איך א טראַכט געטאָן, — איצט וועט נעמען א סאָף צו מײַנע פּײַניקונגען, צו דעם ריכטן זיך יעדן טאָג, אַז אָט קומט מען מיך נעמען... זאָל עס שוין וואָס גיכער געשען..."

ביז פאַרנאַכט האָב איך אַרומגעבלאָנקעט איבער די הינטערגאַסן, קעדײ זיך מיט קײנעם ניט באַגעגענען, און מיט א פאַרביטערט האַרץ אַרײַן אין א ווינקעלער, אויסגעטרונקען צוויי הונדערט גראַם קאָניאַק, פאַרביסן מיט א שטיקל בייגל, וואָס איז געלעגן פון אײנדערפּרי אין אין קעשענע. אַרויסגעגאַנגען פונעם קעלער, בין איך געבליבן שטײן א ווײַלע אויפן טראָטואַר און דערנאָך זיך פּאַמעלעך געלאָזט גײן אין אַן אומבאַשטימטער ריכטונג. דערפּילנדיק, ווי עפּעס א דורכזיכטיקער דינער נעפּל פאַרציט מיר די אויגן און אַז די פיס ווערן ווי צוויי שווערע קלעצער, קוים צו דערשלעפּן זיי, האָב איך אָנגעשטרענגט אַלע מײַנע קויכעס בײַצוקומען די שיקרעס און זיך דערקליבן צו א סקווער, אָפּגעזוכט א פּאַרטריבענע באַנק צווישן עטלעכע קליאָנען־ביימער און זיצנדיקערהייט אײַנגעשלאָפן.

אַהײם בין איך געקומען גאַנץ שפּעטלעך, ווען אַלע זײַנען שוין געשלאָפן. שטילערהייט אויסגעלאָשן דאָס נאַכט־לעמפּל, וואָס איז געשטאַנען אויף מײַן שרײַבטיש, און זיך אַוועקגעלייגט אויפן דיוואַן.

אײַנשלאָפן האָב איך ניט געקאָנט. פאַר די אויגן איז געשטאַנען די דערשראָקענע פּנימער מײַנע מיטן שוואַרצן שאַלכל אויפן קאָפּ. פאַרשיידענע מאַכשאָוועס זײַנען אויפגעקומען און פאַרפירט אין א ווײַטן טיפן אָפּגרונט, וואָס אָט־אָט וועל איך אין אים אַרײַנפאַלן.

מיט שווערע מאַכשאָוועס האָב איך גענומען אײַנדרעמלען. ניט באַוויזן צומאַכן די אויגן, ווי דורכן שלאָף דערהער איך א דזיערנדיקן קלונג. כ'האָב זיך אײַליק אויפגעהויבן און זיך געלאָזט צו דער פּאַדערטיר:

— ווער איז דאָרט? — האָב איך געפרעגט.

— עפנט, זײַט אַזוי גוט. דאָס איז די דוואָרניטשקע.

דערקענט איר קאָל, האָב איך געעפנט די טיר. צוזאַמען מיט דער דוואָרניטשקע זײַנען אַרײַן דרײַ מאַנצבילען, אײנעם פון זיי האָב איך גלײַך דערקענט, — דאָס איז געווען פונעם דרײַלינג, וואָס האָט אין מעשעך פון די לעצטע צוויי כאַדאָשים נאָכגעשפּירט נאָך מיר.

דאָס ערשטע, וואָס זיי האָבן געמאָלדן באַם אַרײַנקומען, איז געווען, אַז זיי דאַרפן קאָנטראָלירן די פּאַספּאָרטן. ווען כ'האָב פונעם שופלאָד אַרויסגענומען מײַן פּאַס און דערלאַנגט אײנעם פון די עמגעביסטן, האָט יענער קלוימערשט א קוק געטאָן, צי איך בין צוגעשריבן, און טײקעף פאַרגעלייגט זיך באַקאַנען מיטן אָרדער אויפן אַרעסט.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אונטערזוכונג, וועלכע האָט געדויערט זעקס שאָ נאָכאַנאַנד. אַלע מײַנע מאַנוסקריפּטן, ווי אויך א היפּשע צאָל יִדישע ביכער, האָט מען אַרײַנגעוואָרפן אין זאַק. פון דעם אַלמער, פונעם סערוואַנט און פונעם דיוואַן האָט מען אַרויסגעשלעפּט פאַרשיידענע זאַכן — קליידער, לײַלעכער, גרעט, האַנטעכער, אַלץ איבערגעטרייסלט און צעוואָרפן אויפן דיל... פּלוצעם האָט די דוואָרניטשקע, וועלכע האָט מיך מיט מײַן מישפּאָכע געקענט נאָך פון פאַר דער מילכאָמע, זיך צעוויינט. אײנער פון די עמגעביסטן, דער סאַמע יִינגסטער צווישן זיי, מיט ברענענדיקע אייגעלעך, האָט גענומען זי שטראָפן, אויסמוסערן, פאַרוואָס זי וויינט:

— ווי איז אײַך ניט קיין ביזאַיען, אַף וועמען האָט איר ראַכמאָנעס? מיר איזאָלירן א סוינע פון אונדזער סאָוועטישער געזעלשאַפט, דאָס דאַרף אײַך פרייען און איר וויינט גאָר!

מע האָט איר פאַרגעלייגט, זי זאָל ווײַזן, ווו געפינט זיך אונדזער שטאָל, ווו מיר האַלטן קוילן, האָלץ אַף צו באַהייצן די קאָפּעלנע הרובעס.

די דוואָרניטשקע האָט זיך קוים אופגעהויבן פונעם בענקל און, שטייענדיק שוין אַף דער שוועל, מיט א כריפּענדיקער שטים אַרויסגעשטאַמלט:

— זײַט געזונט... זאָרגט ניט... מע וועט זיך דאָרט פאַנאַנדערקלײַבן...

און צוזאַמען מיטן עמגעביסט אַרויס אין הויף. אומגעקערט האָט ער זיך שוין אײנער אַליין. ער איז אַרײַן אין שטוב א צערייצטער און מיט רעציכע זיך געווענדט צו מיר:

— ווו האָסטו באַהאַלטן דאָס געווער? די שטאָל האָסטו אומיסטן אַזוי פאַרוואָרפן מיט שמאָכ־טעס, מיט האָלץ, מיט קוילן, אַז עס איז אומעגלעך זיך דערקלײַבן צו דעם גריבל... דו מיינסט אוואדע דערמיט אָפּקומען? זאָג גלײַך, ווײַל נאָכדעם וועט זײַן שפּעט...

איך האָב גאָרנישט ניט געענטפערט. כ'בין געזעסן א פאַרגליווערטער און בלויז באַטראַכט דעם פּאָגראָם, וואָס זיי האָבן געמאַכט פאַר דער דאָזיקער נאַכט. ווען דער אונטערזוך האָט זיך פאַרענדיקט, האָט דער עלטסטער פאַראָרדנט דער פרוי, זי זאָל מיר געבן א זעקל אַף אַרײַנצולייגן א קישעלע, א בײַקאָווע קאָלדרע, א לײַלעך און א האַנטעך. אַרופגעוואָרפן אַף דער פּלייצע דאָס זעקל, האָב איך באַם געזעגענען געזאָגט:

— כ'וועל זיך אײַגיכן אומקערן...

פון ביידע זײַטן א באַוואַכטער, האָט מען מיך אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ און אַרײַנגעזעצט אין א פאַרמאַכטער שוואַרצער מאַשין.

דער ערשטער מעסלעס אין דער איינצל־קאַמער איז פאַר מיר געווען דער סאַמע שווערסטער און שרעקלעכסטער אין מײַן לעבן. די טראַגישע נאַכט פונעם אונטערזוך, וועלכער האָט געדויערט ביז פאַרטאָג, איז געשטאַנען פאַר די אויגן און אַף קיין איין רעגע ניט אָפּגעטראָטן פון מיר. אָט זע איך דעם ליידיקן ביכער־שראַנק אָן די טײַערע ביכער, וואָס איך האָב געקליבן און אָפּגעהיט, ווי א מוטער אירע קינדער. איצט ליגן זיי, די ביכער, ווי געשאָכטענע אַפן דיל. אָט בינדט מען צונויף מײַנע מאַנוסקריפּטן, און איך דאַרף זיצן און שווײַגן, אָנגעטאָן נאָך אין דער באַנאַכטיקער העמד, ווײַל אַרופוואַרפן אַף זיך דאָס פּידזשאַקל האָבן די דרײַ עמגעביסטן שוין ניט דערלויבט. ביז איצט זע איך פאַר זיך דאָס טעכטערל מײַנס מיט איר כאָווערטע אָליעטשקען — דערשראָקענע, מיט טרערנדיקע אויגן. איך זע, ווי דער יינגסטער פונעם עמגעביסטישן דרײַלינג נעמט דורך מיט זײַנע טײַוול־אײגעלעך די אונטבלויזטקײַט פון ביידע זעכצניאָריקע שילערנס בײַם די כאַלאַטלעך זייערע האָבן זיך עטוואָס אַראָפּגערוקט פון זייערע נאַקעטע אַקסלען. איך זע זיי שטיין מיט ציטער־ניש, צוגעטוליעט איינע צו דער צווייטער, אין די קורצינקע נאַכטהעמדעלעך. ווי שווער וועט זיי ביידן זײַן איצט קומען אין שול נאָך אָט דער טראַגישער נאַכט און זיך נעמען שרײַבן די קאָנטראָל־אַרבעט וועגן מאַיאַקאָווסקיס שאַפונג, צו וועלכער זיי האָבן זיך ביידע געגרייט ביז שפּעט אָוונט בא מיר אין שטוב. אַן אײַנדרוק ביז טרערן האָט געמאַכט אַף מיר די דוואָרניטשקע מאַריִע פּיאָדאָ־ראָווונא, וועלכע איז לעפאָנעם געווען בא זיי אַלס „פּאָניאַטאָי". מיך זעלבסט, ווי אויך מײַן מישפּאָכע, האָט די דוואָרניטשקע געקענט אַלס ערלעכע און פײַנע מענטשן. באַזונדערס מיך, דעם זשורנאַליסט, וועלכער האָט ניט איין מאָל געהאָלפן איר אין דער אַרבעט, פאַדערנדיק בא די שכיינים פונעם הויז, זיי זאָלן אונטערהאַלטן די ריינקײַט ניט בלויז בא זיך אין שטוב, נאָר אויך אין הויף. ביז איצט קלינגט מיר אין די אויערן אָליענקעס הילכיקער געלעכטער, ווען דער עלטסטער עמגעביסט האָט מיך גע־וואָרנט, איך זאָל זיך מוידע זײַן וועגן דעם געווער, וואָס איך האָב באַהאַלטן... אָליענקע האָט ניט אויסגעהאַלטן און קינדעריש נאַיִוו געפרעגט:

— ווי קומט צום דיאַדיע יאָסיפן געווער? ער איז דאָך א שרײַבער, א זשורנאַליסט. אָט בא מײַן פאָטער דעם פּאָלקאָווניק האָב איך געזען א רעוואָלווער מיט א ניקלנע הענטל...

ווען דער נאַדזיראַטעל האָט געעפנט די „קאָרמושקע" (דאָס הילצערן טירל, אויסגעשניטן ווי א כאַלעל אין דער קאַמער־טיר), אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ און מיט א שטילער שעפּטשערײַ אַרויס־געשטאַמלט: „אָטבאָיו", האָב איך מיט פאַרגעניגן זיך אויסגעטאָן, אויסגעשפּרייט מײַן אַלטן מאַנטל אַף דעם אײַזערנעם בעטל, וואָס איז געווען צוגעקאָוועט צום פּאַרקעטן־דיל, צוקאָפּנס אַוועקגעלייגט דאָס קליינע קישעלע, וואָס האָט זייער אָפט געדינט אין מײַנע רײַזעס איבערן לאַנד אַלס זשורנאַליסט, און, ליגנדיק אַזוי, מיט ביידע הענט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ, האָב איך באַטראַכט דאָס „ציי־מערל" — די קאַמער, וואָס מ'האָט מיר געגעבן לויטן אָרדער פון דער פּראָקוראַטור...

די נאָיענדיקע טפּיסע־שטילקײַט, וואָס דערמאָנט אין א באַנאַכטיקן צווינטער, האָט שרעקלעך געקלונגען אין די אויערן. דאָס ברעקל־לעמפּעלע מיטן אײַך־אוןד־איינציקן דראָטיקל, אַף וועלכן ס'האָט זיך געהאַלטן דאָס קוים מערקבאַרע פּאַרטונקלטע שײַן־פינטעלע, האָט מיר שטאַרק דערקוטשעט און

ניט געלאָזט אײַנדרעמלען. די גאַנצע צײַט האָב איך ניט געוווּסט, ווען ס'איז טאָג און ווען ס'איז נאַכט. דאָס ברעקל־לעמפּעלע האָט געברענט קײַלעכדיקע מעסלעסן, ווײַל אויסער די אײַנגעקאָוועטע גראַטעס אינעם פענצטערל, איז פון דער דרויסנדיקער זײַט געהאַנגען אַן אײַזערנער פאָרהאַנג, וואָס האָט אָפּגעטײלט דעם אַרעסטאַנט פון דער פרילינגדיקער וועלט. איצט פראַווען אַוודאי מענטשן זײערע פרילינג־יאָמטויווים, מע פאָרט אַרויס מיט די מישפּאָכעס צו דעם יאַם, צו די דניעפּער־ברעגן, מע פרייט זיך, מע האָט האַנאָע, נאָר ניט איך און ניט מײַן מישפּאָכע.

שוין העכער א וואָך צײַט, אז איך געפין זיך אין דער איינצל־קאַמער און מע רופט מיך אין ערגעץ ניט אַרויס, ווי מע וואָלט אין מיר פאַרגעסן. די דאָזיקע אומבאַשטימטקײַט ערגערט מיך און נעמט אָפּ א סאַך געזונט. ס'קומען מיר אויף פאַרשײדענע געדאַנקען וועגן מײַן גורל: וואָס גרייטן זיי פאַר מיר? נאָר וואָס קאָן איך טאָן? מ'דאַרף זיך צוגעוווינען צו אָט דעם שוידער, וואָס וויניקער זיך נעמען צום האַרצן, קעדיי פאַרהיטן די קויכעס פאַר דער פּינצטערער צוקונפט, וואָס וואַרט אויף מיר. א מענטש נעכטיקט איבער מיט צאָרעס און ווערט צוגעוווינט צו זיי. דאַרף מען צוביסלעך זיך אײַנלעבן מיטן טפּיסע־רעזשים. יעדן אינדערפרי לאָז איך זיך פּאַמעלעך גיין מיט דעם הילצערנעם לעפל צו דער קאַרמושקע, כאַפּ אַרום מיט ביידע הענט דאָס צינקענע שיסעלע מיטן מוטנעם ביסל באַרשטש, וואָס די טורמע־קעכערן דערלאַנגט מיר. ניט באַוויזן זיך אַוועקצוזעצן אויפן בעטל, זופּ איך אויס דאָס שיסעלע מיט דער פּאַכליאַבקע. דערנאָך נעם איך דאָס זשמענקעלע האָבער־קאַשע מיטן כיילעוו־רייעך און שלינג עס אײַן פאַר איין מאָל. דאָס טשאַשקעלע אָקרעפּ, וואָס איז מערסטנטייל געווען אָן א קאַפּעלע סענץ, טרינק איך אויס מיט א קליין ציגעלע צוקער. שטענדיק מוטשעט מיך א דאָרשט, באַזונדערס אין די טעג, ווען מע פלעג מיך האָדעווען מיט פאַרשטונקענער טאַראַנקע, אָנגעפּילט מיט זאַלץ.

— סאָדע! סאָדע! — האָב איך געבעטן בא דעם טפּיסע־דאָקטער.

עס באַקט מיך שרעקלעך אינעם פאַרבליבענעם שטיקל מאָגן נאָך דער געשוויר־אָפּעראַציע. נאָר ניט בלויז די געזאַלצענע וואָבלעס האָבן אַרויסגערופן וויטיקן אין מײַן צעשניטענעם בויך, ניט בעסער איז געווען מיט דער פירהונדערטגראַמאָווע פּײַקע ברויט, וועלכע איז געווען אי שווער, אי קלעפּיק און שוואַרץ, ווי די האַרבכטיקע בלאָטע אויף דאָרפישע וועגן. בא יעדן אַרעסטאַנט איז אָט די פּײַקע ברויט, וואָס מע קאָן פאַרקלעפּן א קאָץ די אויגן, געווען דאָס סאַמע הייליקסטע. אָנרירן די פּײַקע איז א פאַרברעכן. פאַר צוגאַנווענען א שטיקל פּײַקע האָט מען דעם שולדיקן געשלאָגן איימעס מאָוועס, ביז יענער האָט זיך ניט מוידע געווען און געשוווירן, אז מער וועט ער אַזוינס ניט טאָן. אָט די איינציקע שפּײַזערן אויפן גאַנצן טאָג, די דאָזיקע פּײַקע, האָב איך צעטיילט אויף דרײַ כאַ־לאָקים, זי זאָל קלעקן ביז מאָרגן אינדערפרי. דאָס צעטיילן זי אויף כאַלאָקים איז מיר ניט גרינג אָנגעקומען, ווײַל קיין שום שאַרפס האָסטו ניט געטאָרט בא זיך האַלטן. אַפילע קנעפּלעך פון די בגאָדים האָט מען אָפּגעשניטן, קעדיי דו זאָלסט ניט וועלן זיי אַראָפּשלינגען און אַרײַנפאַלן אין לאַזאַרעט. דעריבער פלעג איך אַרויסקנײַפּן דאָס ווייכע, וואָס האָט זיך געקלעפּט צו די פינגער, ווי פאַרקאַכטער שוסטער־קליי, און דאָס האַרטע צעברעכן אויף דרײַ כאַלאָקים. בלויז איין זאַך האָב איך ניט געקאָנט דערקלערן זיך אַליין: ווו נעמען זיי אַזאַ בלאָטיקע מעל? צי זײַנען פאַראַן אַזעלכע מילשטיינער, וואָס צעמאָלן אַזעלכע שוואַרצע קערנדלעך? און ווו נעמען זיי אַזאַ בעקערײַ? ניט אַנ־דערש, אז דאָס ברויט ווערט געמאַכט פאַר אַרעסטאַנטן פון טרוקענער צעדרויבלטער בלאָטע. דאָס ווייכע, וואָס איך האָב אַרויסגעקאָלופּעט פון דער פּײַקע, פלעג איך לאַנג קנעטן, ווי א גלעזער קנעט אויס קיט צו פאַרקיטעווען פענצטער, און דערנאָך אויסגעקלעפּט פאַרשיידענע מענטשעלעך, שאַכ־מאַט־פיגורן, כאַנעקע־דריידלעך, קעדיי ניט פילן אַזוי די איינזאַמקײַט, קעדיי די צײַט זאָל זיך אַזוי לאַנג ניט ציִען און דער אומעט אויפן האַרצן זאָל וויניקער דוויען. ביז אין איינעם א טאָג האָב איך זיך אַרײַנגעפּאַקט. דער טפּיסע־אויפזעער האָט זיך שטילערהייט אונטערגעגאַנוועט הינטער דער קאַ־מער־טיר און מיט פאַרטײַטן אָטעם אַרײַנגעקוקט אינעם גלעזערנעם אייגל (גלאַזאָק) און מיך גלײַך צוגערופן צו דער קאַרמושקע, גוט אויסגעזידלט, געמאַכט מיט דער בלאָטע גלײַך און שטרענג געוואָרנט:

— וועסט גיין אין קאַרצער פאַר די אויסגעקלעפּטע שפּילכלעך...

איך בין געוואָרן בלייך, ווי די וואַנט. עטלעכע מאָל אים געבעטן, ער זאָל קיינעם וועגן דעם ניט זאָגן, איך וועל שוין מער ניט טאָן אַזוי, דער נאַדזיראַטעל האָט פאַרמאַכט די קאַרמושקע, און איך האָב זיך ווידער איינינק אַליין אומרויִק אומגעדרייט אין דער קאַמער...

פאַרנאַכט, פאַרן שלאָפן גיין, ווען דער טפּיסע־אויפזעער האָט מיך באַגלייט אין קלאָזעט, פון וועלכן ס'האָט שטענדיק געפּעשט מיט א שטיקנדיקן רייעך פון נאַפט, סמאָלע און כלאָרקע, האָב איך אַלע אויסגעקלעפּטע פיגורן אַרײַנגעוואָרפן אין טואַלעט און, צוריקגייענדיק אין קאַמער, גע־פרעגט דעם נאַדזיראַטעל:

— וואָס איז אַזוינס קאַרצער?

— ווּעסט זײַן דאָרטן, וועסטו וויסן, וואָס דאָס הייסט, פּרידוראַק.

באַנאַכט האָט מען מיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין קאַרצער. גאָט מײַנער, ווּ בין איך עס? איך שטרעק אויס ביידע הענט, מיט די פֿינגער טאַפּ איך די פֿינצטערניש און וויל זיך אין עפּעס אָנשפּאַרן, נאָר איך געפֿין גאָרנישט ניט. מיטאַמאָל שטויס איך זיך אָן אין א הילצערנעם טאָפּטשאַן. די פֿיס זײַנען ווי אין וואַסער, לאָז איך זיך ווײַטער גיין, נאָר דאָס וואַסער גייט מיר נאָך. פֿון דעם קאַלטן צע־מענט־דיל ווערן די פֿיס בא מיר שווער, ווי די קלעצער. עסן גיט מען איין מאָל אין טאָג. א בלע־כענע טשאַשקע רויע וואַסער און א האַלבע פּײַקע — צוויי הונדערט גראַם ברויט, אױף אונטערצוהאַלטן די נעשאָמע. האַלט זיך טאַקע די נעשאָמע אױף א האָר און מעגלעך, אַז אָט־אָט וועט זיך אָט די האָר אויך איבעררײַסן און די נעשאָמע וועט אַראָפּפֿאַלן אױף דר׳ערד, נאָר ווער וועט זי אופֿהייבן? ווער דאַרף זי דאָ? ווי איך האָב זיך ניט באַמיט צעווייען, אוועקטרײַבן פֿון זיך אָט די פֿינצטערע מאַכשאָ־ווּעס, גיט זיך עס מיר ניט אײַן. דאָס דויערהאַפֿטע וואַרטן פּײַניקט מײַן געמיט. וואָלט מען מיר כאָטש אַרויסגערופֿן, געפֿרעגט, וואָלט עפּשער גרינגער געווען דאָס זײַן די קנאָפּע צוויי וואָכן איינער אַליין אין אָט דער וויסטעניש און זיך אומדרייען, ווי א פֿויגל אין א פֿאַרמאַכטער שטײַג. נאָכן אַרויסגיין פֿונעם קאַרצער, פֿון אָט דעם פֿאַרשאָלטענעם קעלער־שטיבל, איז דאָס אומקערן זיך צוריק אין קאַמער געווען פֿאַר מיר בעעמעס א פֿרייד, גלײַך איך וואָלט זיך באַפֿרײַט פֿון געפֿענקעניש. באָר אָט איז געקומען ניט דער טאָג, נאָר אָט יענער באַנאַכט, ווען אַלץ איז פֿאַרזונקען אין א טיפֿן געשמאַקן שלאָף, ווען סע גיט זיך מיטאַמאָל אָן עפֿן די קאָרמושקע און דער וואַכנדיקער טפּיסע־אופֿזעער שעפּטשעט שטיל אַרײַן:

— טו זיך אָן!

א צעטומלטער, בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם בעטל, געבליבן שטיין ווי פֿאַרשלאָפֿן, ווײַל כ׳האָב באַוויזן בלויז צו כאַפּן דעם ערשטן דרעמל, ווי באַלד האָט א כאָלעם מיך פֿאַרפֿירט ערגעץ זייער ווײַט. איך האָב ניט געוווּסט, ווּ געפֿין איך זיך אין דער וועלט, און אָנשטאָט אַרײַנרוקן די פֿיס אין די הויזן, בין איך אַרײַן מיט זיי אין די אַרבל פֿון מײַן אייבערשט העמדל. נאָר כ׳האָב זיך געכאַפּט, אײַליק אַראָפּגעשלעפּט דאָס העמדל און די הויזן אױף זיך, אָנגעטאָן די אָנבענדלדיקע שיך, פֿאַרשפּיליעט דאָס איין־און־איינציק פֿאַרבליבענע קנעפּל פֿונעם העמדל און געוואַרט, מע זאָל מיך אַרויספֿירן. די קלימפּערײַ פֿון די שליסלען, דאָס לאַנגזאַמע עפֿענען די קאַמער־טיר האָבן צערודערט און אָנגעווייעט א פֿאַרבאָרגענע שרעק. ווּהין וועט מען מיך פֿירן?

דער טפּיסע־אופֿזעער האָט פֿאַרן אַרויספֿירן מיך פֿון דער קאַמער געוואָרנט, אַז די הענט דאַרף מען האַלטן פֿאַרלייגט פֿון הינטן, באַהעפֿטיקט אין די דלאָניעס. פֿאָלגן זײַנע פֿאָראָרדענונגען און אַפֿן וועג זיך ניט אומקוקן אין ערגעץ. שפּאַן איך פּאַמעלעך איבער די אומבאַקאַנטע טרעפּ פֿונעם טפּיסע־הויז און הער זיך אײַן אין פֿינגער־קלאַצערײַ פֿון דעם נאַדזיראַטעל, וואָס באַגלייט מיך. דאָס קלאַצען מיט די פֿינגער זײַנען ספּעציעלע סיגנאַלן, וואָס די טפּיסע־נאַדזיראַטעלס געבן צו וויסן איינער דעם צווייטן, אַז זיי באַגלייטן אַרעסטאַנטן, וואָס ווערן אַרויסגערופֿן צום אויספֿאָרשער, צום פּראָקו־ראָר אָדער צום טפּיסע־שעף. די באַזונדערע סיגנאַלן ווערן מערסטנס אָנגעווענדט, ווען אַרעסטאַנטן ווערן געפֿירט צו די אויספֿאָרשער. קעדיי איין אַרעסטאַנט זאָל זיך ניט באַגעגענען מיטן צווייטן, ניט דערקענען איינער דעם אַנדערן, קלאַצן די אופֿזעער מיט די פֿינגער, וואָס דאָס באַטײַט: אָפּ־שטעלן אין קאָרידאָר דעם אַרעסטאַנט, טײַקעף אים אויסקערעווען מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט און איבערוואַרטן, ביז יענער וועט דורכגיין, און לויטן באַפֿעל פֿונעם נאַדזיראַטעל: „פּאָשלי" — זיך לאָזן ווײַטער גיין...

זינט מע האָט מיך אַרעסטירט, איז הײַנט די ערשטע נאַכט פֿון אויספֿאָרשונג. פֿאַר די צוויי וואָכן, וואָס מע האָט מיך אין ערגעץ ניט גערופֿן, האָט זיך מײַן געזונט־צושטאַנד פֿאַרערגערט. כ׳בין געוואָרן עפּעס מאָגערער, עטוואָס אײַנגעהויקערט און זע אויס ווי צוגעשלאָגן. ווען כ׳בין אַרײַנגע־קומען אין דער באַגלייטונג פֿונעם נאַדזיראַטעל אין קאַבינעט פֿונעם אויספֿאָרשער, האָט זיך מיר געדוכט, אַז דאָס איז א קאַבינעט ניט קיין ערגערער, און עפּשער טאַקע א בעסערער פֿונעם קאַבינעט פֿון דעם דיכטער־אַקאַדעמיקער. א גרויסער, געראַמער ליכטיקער צימער, אויסגעשטאַט מיט שיין מעבל, מיט א פֿײַנעם דעמבענעם שרײַבטיש, א סאַך א שענערן, איידער באַם דיכטער. אין קאַבינעט אין א ווינקל, ניט ווײַט פֿונעם פּאָטעל, אין וועלכן ס׳איז געזעסן דער אויספֿאָרשער אין ציווילע קליידער, איז געשטאַנען א פּײַערקאַסע. נאָך א דויערנדיקן שווײַגן האָט דער אויספֿאָרשער זיך אופֿ־געהויבן און מיט א באַפֿעלערישער שטים געזאָגט:

— זעץ זיך... אָט איז פֿאַר דיר א בענקל.

כ׳האָב זיך אוועקגעזעצט. מיט אומגעדולד וואַרט איך, אַז יענער זאָל עפּעס פֿרעגן צי עפּעס זאָגן. נאָר ער שווײַגט... זיץ איך דערווײַל אין געהאַקטע ווּנדן און שווײַג אויך. עס זײַנען דורכגע־גאַנגען עטלעכע רעגעס, און דער אויספֿאָרשער שטאַמלט אויס מיט ביטל: די הענט ניט האַלטן אין די קעשענעס, נאָר אױף די קני. ניט באַוועגן זיך און ענטפֿערן אױף אַלע פֿראַגן, וואָס ער וועט פֿאַר־

געבן. פארשטאנען? ניט דערוואַרטנדיק זיך אױף אַן ענטפער, האָט דער אויספּאַרשער גענומען דאָס טעלעפאָן־טרײַבל און אומיסטן פּאַרפּירט אַ געשפּרעך:

— נאַדיושאַ, האָסט גענומען בילעטן אױף מאָרגן? נו, גוט? טאַקע אױף דער פאָרשטעלונג. אויס־געצייכנט. וולאַדימיר האָט ניט געקלונגען. באַ אים איז דאָך הײַנט דער לעצטער עקזאַמען... פּעטיע האָט צוגעזאָגט זײַן באַ אונדז מאָרגן. מיר האָבן זיך צונויפגערעדט מיט אים אױף זונטיק פּינף אַזייגער... ער האָט געבראַכט פון דער דעסנאַ היפּשע קאַרפּן... איצט איז דאָך די סאַמע בעסטע צײַט פאַר פישפאַנג. נאַדיושקאַ, ביטע, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. מיר האָבן דאָך צוויי גומענע שטיוול און צוויי וועטקעס... מיט גראַדוסן וועט פּעטיענקע באַזאָרגן. הײַנט וועל איך קומען שפּעט... וואַרט ניט אױף מיר, טײַערינקע... אַ גוטע נאַכט...

געענדיקט דעם טעלעפאָן־געשפּרעך, האָט ער ווידער גענומען קלינגען, און אַזוי זײַנען אַדורך לאַנגע שעהן נאָכאַנאַנד. זיך איך ווי פאַרגליווערט אַפּן בענקל מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט אױף די קני, קוק און שווײַג. יענער האָט עטלעכע מאָל שוין געעפנט דעם סײף זײַנעם, אַרויסגענומען פון דאָרטן עטלעכע פּאַפּקעס, זיי איבערגעבלעטערט און פאַרמאַכט צוריק דעם סײף. דערנאָך האָט ער געעפנט דעם שופלאָד פון עם שרײַבטיש, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ קליין שפּיגעלע, עטלעכע מאָל זיך געשפּיגלט, צוגעקעמט די עטלעכע לאַנגע האָר, וואָס זײַנען געוואַקסן בלויז פון הינטן און מיט זיי אײַנגעדעקט די ליסינע, וואָס איז געווען ענלעך אױף אַ פּאַרך. באַם אַרײַנלייגן דאָס שפּיגעלע אינעם שופלאָד האָט ער ווי אומיסטן פּאַראַזיכטיק אַרויסגענומען דעם בראַונינג און אים גלײַך אַרײַנגעלייגט צוריק. ער האָט ווידער גענומען קלינגען, שטילערהייט עפּעס אַ בורטשע געטאָן און גלײַך אוועקגע־לייגט דאָס טרײַבל...

דאָס אַלץ טוט דער אויספאָרשער, קעדיי צעטרודערן מײַן געמיט, דערוועקן אין האַרצן בענקשאַפט נאָך דער היים, נאָך דער מישפּאָכע, צו וועלכער איך קאָן ניט דערגרייכן. די נערוון זײַנען ווי אָנגע־צויגענע סטרונעס. דו גיב זיי נאָר אַ ריר, וועלן זיך דערהערן טרערן־קלאַנגען, פול מיט בענקשאַפט און פאַרדראָס: פאַרוואָס, פאַרוועון?

מיטאַמאָל עפנט זיך די טיר פון עם קאַבינעט באַם אויספּאַרשער און ס׳באַווײַזט זיך דער זעלבער טפּיסע־נאַדזיראַטעל, וואָס האָט מיך געפירט אַהער צום אויספּאַרשער.

— פּאַשלי... — ווענדט ער זיך צו מיר.

און ווידער אין דער באַגלייטונג מיטן פינגער־קלאַצערײַ פירט מען מיך איבער די טפּיסע־קאָרי־דאָרן און מע ברענגט מיך צוריק ניט אין מײַן קאַמער, נאָר אין אַ שמאָל פאַרשלאָסן קעמערל, וואָס אױף דעם טפּיסע־לאָשן ווערט עס אָנגערופן „באָקס״. דאָס דאָזיקע קעמערל האָט ניט קיין שײַן. ס׳איז הויך און שמאָל, אַוועקזעצן זיך קאָנסטו ניט, בלויז שטיין אױף די פיס. אַהערצו וואַרפט מען דיך אַרײַן, זאָלסט ווערן נאָך מער מידער, איידער דו ביסט, און אַז די נערוון זאָלן ווערן אַזוי אָפּגע־שוואַכט, אָפּגעטעמפּט, אַז וואָס מע וועט דיר ניט הייסן טאָן, זאָלסטו טאָן אָן שום ווידערשטאַנד, זאָלסט אונטערשרײַבן אַלץ, וואָס דער אויספּאַרשער וועט פאָדערן...

שטיי איך אין „באָקס״, אין אָט דעם פינצטערן פאַרשלאָסענעם קעמערל, און ווייס ניט וואָס איבערצוטראַכטן. פאַרשיידענע מאַכשאָוועס קומען אויף, נאָר איך טרײַב זיי אַוועק פון זיך, גלײַך ווי בינען גיפטיקע זאָלן מיך באַפאַלן. איך האָב זיך געגעבן דאָס וואָרט זיך ניט אונטערגעבן, ניט נאָכגיין אָט יענע שווערע געדאַנקען, וואָס פירן דיך אַוועק צום אָפּגרונט פון פאַרצווייפלונג. אַלציינס וועט עס גאַרניט געבן. „האַלט זיך, שטאַרק זיך״, — זאָג איך צו זיך אַליין, שטייענדיק ווי אַ סטויפ אינעם פאַריגלטן „באָקס״. פון מאָל צו מאָל דערטראָגט זיך אַ הילכיקע קלימפּערײַ פון שליסלען, אַ קלינגערײַ פון שלעסער־פאַרשליסונגען, זייער ענלעך אױף דער קלינגערײַ פון די שליסלען, מיט וועלכע דער נאַדזיראַטעל האָט געעפנט דאָס טירל פון עם „באָקס״ און דערנאָך דאָס פאַרשלאָסן, ווען ער האָט מיך אַהערצו אַרײַנגעשפּאַרט. קיין מענטשלעך, געוויינלעך קאָל הערט מען דאָ ניט. ריידן הויך איז ביכלאַל פאַרבאָטן. בלויז שעפּטשערײַען, מאָדנע זיפצן, אויעניען, דויערהאַפטע הייזע־ריק־כריפּענדיקע הוסטעניען קאָנסטו דאָ דערהערן פון צײַט צו צײַט. עס דערטראָגט זיך צו דיר אַ היסטעריש וויינענדיק קאָל, און מיטאַמאָל ווערט עס איבערגעריסן, גלײַך ס׳וואָלט עמעצער דאָס דערשטיקט צי דערוואָרגן. און ווידער קלינגט דיר אין די אויערן אָט די נאָיענדיקע טפּיסע־שטילקײַט און וואַרפט אָן אױף דיר אַזאַ מוירעדיקן פּאַכעד, אַז מע קאָן זיך רירן פון עם זינען.

וויפל שאָען בין איך דאָ אָפּגעשטאַנען, ווייס איך ניט. קיין זייגער איז דאָך ניטאָ, ווייסט מען ניט קיין צײַט, נאָר די מידקײַט, די צעבראָכנקײַט פון עם קערפּער, דאָס אָנגעגאָסענע געשווילעכץ אין די פיס, וואָס ווערן שווער ווי די שטיינער, דערפילסטו. אַזאַ אָפּגעשוואַכטקײַט, אַז אָטאָט וועסטו אַ פאַל טאָן, ווי אַ סנאָפּ, אַפּן שטיקל דיל, וואָס איז קאַלט, ווי אײַז. אָט די דאָזיקע דויערהאַפטע מאַטערניש גיט צו וויסן, אַז אינעם „באָקס״ געפין איך זיך שוין עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד. אָט אַזוי האָט מען מיך עטלעכע כאָדאָשים נאָכאַנאַנד, נאַכט נאָך נאַכט, ביז קאַלטן שאַריען, ביז די בלויע

פאַרטאָגן זומערדיקע, געהאַלטן אין די „באָקסן“, אינעם קאַבינעט באַם אויספאָרשער און יעדעס מאָל איבערגעכאַזערט איינס און דאָס זעלבע:

— שרײַב אונטער, אַז דו האָסט זיך פאַרנומען מיט קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט...

אין איינעם אַ באַנאַכט האָט מען מיך געבראַכט צום אויספאָרשער און אַוועקגעלייגט אויפן טיש פּיפּצן פּראָטאָקאָלן, אין וועלכע עס איז געווען אָנגעשריבן, אַז איך האָב אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד זיך פאַרנומען מיט נאַציאָנאַליסטישער טעטיקײַט, געפירט אַן אַנטיסאָוועטישע אַגיטאַציע צווישן פאַרשיידענע קרײַזן און געזאַמלט עקאָנאָמישע אָנגאַבן, ד.ה. שפּיאָנישע, און זיי איבערגעגעבן דורכן ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט פאַר דער אויסלענדישער ראַזוועדקע. אַלע פּראָטאָקאָלן זײַנען געווען אָפּגעדרוקט אויף אַ שרײַבמאַשינקע, און אויפן לעצטן זײַטל פון יעדן פּראָטאָקאָל איז געווען אַ קײַלעכדיקער שטאַמפּ מיט אַן אויפשריפט: „פון אָריגינאַל ריכטיק“. די פּראָטאָקאָלן האָבן בײַ מיר אַרויסגערופן אַ כשאַד, צי אַלץ, וואָס איז אין זיי באַשריבן, אַנטשפּרעכט דער ווירקלעכקײַט. צי טאַקע בעעמעס האָבן אַזעלכע אָנגעזעענע שרײַבער, געלערנטע געגעבן אויף מיר די דאָזיקע כאַווײַזן, אויף זיך אַליין אַזוי אָנגערעדט, אַז צוזאַמען מיט זיי וועל איך שוין קיין טכיאַס־האַמייסים ניט אויפשטיין, אין אַלע באַווײַזן פון פאַרשיידענע שרײַבער כאַזערט זיך איבער איינס און דאָס זעלבע: אַז איך אַלס דיכטער האָב נאָך פאַר דער מילכאָמע אָנגעשריבן ניט איין קינסטלעריש ווערק, וואָס איז געווען נאַציאָנאַליסטיש, און וועגן דעם האָבן מיך אַ ריי אָנגעזעענע שרײַבער פון קיעוו און מאָסקווע שטרענג געוואָרנט, נאָר איך האָב ניט געלייגט דערויף קיין אַכט. נאָר מער פון אַלץ האָט מיך אויפגערודערט, וואָס איינער אַן אָנגעזעענער שרײַבער, אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, אַן אַלטער פאַרטייער האָט „באַוויזן“, אַז נאָך אין יאָר 1947 האָב איך לויט זײַנעם אַן אויפטראָג אָנגעזאַמלט אין אייניקע דאָרעם־שטעט פון אוקראַינע עקאָנאָמישע אָנגאַבן פאַר אַן אויסלענדישער ראַזוועדקע...

— וואָס לייענסטו אַזוי לאַנג? וואָס מאַכסטו זיך טאַמעוואַטע? האָסט געטראַכט אַוואַדע, אַז מיר האָבן ניט געוווּסט פון דײַנע מיִעסע טועכצן? דו פאַרשיווע מאָרדע! דו וועסט נאָך לאַנג מיך מוטשען?

— בירגער אויספאָרשער (אַזוי דאַרף דער אַרעסטירטער זיך ווענדן צו דעם מאַלעכהאַמאָוועס זײַנעם), גיט מיר צו פאַרשטיין, וואָס הייסט עקאָנאָמישע אָנגאַבן? און בײַ וועמען האָב איך זיי גענומען?

— עקאָנאָמישע אָנגאַבן הייסט שפּיאָנאַזש, מיט וועלכן דו האָסט זיך פאַרנומען אין אַ ריי דאָרעמדיקע שטעט... און מאַך זיך ניט געפּייגערט, ווײַל אויב דו וועסט האָבן אַ באַגעגעניש אויג אויף אויג, מירן דיר מאַכן אַן אָטשנע סטאַווקע מיט אָט דעם פּאַראַנאָק, מיט וועלכן דו האָסט זיך אָפּט געטראָפן, דעמלט זײַ זיך אַליין ניט מעקאַנע...

— בירגער אויספאָרשער... איך לייקן דען אָפּ, אַז איך אַלס אַ שרײַבער און מיטאַרבעטער פונעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט בין געווען קאָמאַנדירט אין אַ ריי שטעט פונעם לאַנד און אַז כ'האָב פאַרעפנטלעכט אַ ריי עסייען וועגן בויונגען, באַזונדערס וועגן דעם גרויסן יאַמטעוו, וואָס דאָס גאַנצע לאַנד האָט געפּײַערט, ווען דער זאַוואָד האָט נאָך אַזאַ שווערער מילכאָמע זייער גיך אָנגעהויבן אַרויסלאָזן ביז גאָר וויכטיקע דעטאַלן פאַר אַוטאָמאָבילן, פאַר דער אַוויאַ־אינדוסטריע. אָט וועגן דעם טאַקע האָב איך געשריבן, און עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן. זײַענדיק אויפן זאַוואָד, האָב איך ווירקלעך זיך באַקאַנט מיט כאַשעווע מענטשן, אָנגעזעענע אינזשעניערן, וועלכע האָבן טאָג ווי נאַכט געהאָרעוועט, ניט דערעסן, ניט דערשלאָפן, קעדיי וואָס גיכער אויפשטעלן די מעכטיקע מעטאַלורגישע גיגאַנטן...

— זע נאָר, ווי אָט דער קאָנטריק האָט זיך עס צעלאָזט און האַלט גאָר אַ גאַנצע רעדע. דו דערצייל דאָס סאַמע וויכטיקסטע, וועגן דײַן באַגעגעניש בײַ אים אין שטוב. מיר ווייסן אַלץ, אַפילע וועגן דעם זייער פּײַנעם געדעקטן טיש מיט די קאָלערדיי געקעכטסן, מיט די פאַרשיידענע געטראַנקען... און אויב דו לייקנסט עס אָפּ און זאָגסט ליגנים, וועט די שטראָף פאַר דיר זײַן אַ סאַך האַרבערער. נאָר אויב דו וועסט זיך מוידע זײַן און דערציילן דעם ריינעם עמעס, וועט מען דיר, אַלס ניט־דערפאַרענעם אין עקאָנאָמישע איניאָנים, מויכל זײַן. נאָר זאָג דעם עמעס, קאָלזמאַן עס איז ניט ניט שפּעט...

— אַלאָ! אַלאָ! איך הער, וולאַדימיר ניקאָלײַעוויטש... מע דאַרף דאָס טאָן? אַ דערלויבעניש וועט געבן דער שעף... אַז מע שמײַסט אין הינטן, קריכט אין קאָפּ... עס פאַרגעדענקט זיך אויף אייביק... נו, האָסט זיך באַטראַכט? — פרעגט איבער דער אויספאָרשער, אַוועקלייגנדיק דאָס טעלעפאָן־טרײַבל...

מיטאַמאָל עפנט זיך די טיר און דער טפּיסע־אויפזעער פירט מיך אַרויס פונעם קאַבינעט. מע וואַרפט מיך, ווי שטענדיק, אַרײַן אין „באָקס“, נאָר דאָס מאָל האָב איך זיך געפונען דאָ ניט לאַנג, ווײַל פונדאַנען האָט דער נאַדזיראַטעל, לויט דער אָנווײַזונג פונעם אויספאָרשער, מיך ווידער אַרײַנגעפירט אין אָט דעם געוועמדיקן קעלער־שטיבל — אין קאַרצער. זײַענדיק דאָ, טראַכט איך וועגן דעם, אַז מיט אַלץ האָב איך בײַ זיך שוין געפּויעלט, מאַסקים געווען, מיילע... דער גאַזלען פּאָדערט

פון מיר אונטערשרײַבן, אז נאָך אין דער פריִער יוגנט מײַנער בין איך געווען א נאַציאָנאַליסט, א ציִוניסט, ווי עס זאָגט זיך אין די באַווײַזן פון די שרײַבער און געלערנטע (כאָטש אין זייערע פּראָטאָקאָלן האָב איך ניט געגלייבט), אז אין אַלע מײַנע לידער, מײַנע עסייען, אין וועלכע כ׳האָב באַזונגען און דערהויבן בלויז דאָס ייִדישע פאָלק און אַלע אנדערע פעלקער האָב איך דערנידעריקט, געמאַכט צו נישט, זיך באַצויגן מיט ביטל... „און דו, פאַרשיוועץ, טײַנעסט, אז דו ביסט א מענטש א הומאַניסט, א פרײַנט פון אַלע פעלקער... זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאָ!" און גלײַך א זעץ אין פּאָנעם:

— וועמען ווילסטו אָפּנאַרן?

און ווידער אוועקגעלייגט אױף דר׳ערד און מיט די שאַרפע נעזער פון די כראָמאָווע שטיוול געקלאַפּט אין די זײַטן, אין די פּלייצעס, איבערן רוקן...

איך האָב געשריִען, געררופן הילף, האָט דער אויספאָרשער מיר פאַרשטאָפּט דאָס מויל און געוואָרנט:

— וועסטו שרייען, איז געזעגן זיך מיטן לעבן... הייב זיך אויף, פאַרשיוועץ, און זײַ א מענטש... שרײַב אונטער...

דאָס אַלץ שווימט אויף פאַר די אויגן. עס טוט מיר נאָך אַלץ ווי יעדער איווער, עס זײַנען נאָך פריש די ווייטיקן, די בלאָווע סיניאַקעס אױף ידער פּלייצע, וואָס זײַנען פאַרלאָפן מיט בלוט... זיי לאָזן מיך ניט אײַנליגן, אנשלאָפן ווערן און אײַנזיצן. איז עפשער טאַקע אונטערשרײַבן, טראַכט איך בא זיך, זאָל זײַן אזוי, ווי ער וויל, כאַפּט אים דער וואַטנמאַכער... עס לעבן דאָך מײַנע לידער, די עסייען, די אײדעס פון מײַן ערלעכן געמיט. איך גלייב, אז ס׳וועט דאָך סאָפּקאָלסאָף קומען צו גיין אן ערלעכער מענטש און וועט־ניט־איז זיך באַקאַנען מיט מײַן שאַפונג... אָבער צוריקגערעדט, אױף זיך אליין אויסטראַכטן אזא בילבול?..

דריי איך זיך אום איבערן קאַלטן צעמענט־דיל, א פאַרגאָסענעם מיט וואַסער, דערנאָך לייג איך זיך צו אױף דעם אויסגעדאַרטן הילצערנעם טאַפּטשאַן, אונטערגעלייגט ביידע הענט צוקאָפּנס, און שלאָג זיך אַלץ מיט דער דייע: וואָס טוט מען? מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן? וואָלט איך געהאַט כאָטש מיט וועמען זיך אויסזייצענען, איז רעד צו די קאַלטע ווענט, וואָס קוקן מיט שווײַגנדיקן מיטלײַד אױף מיר. כ׳האָב זיך קוים אופגעהויבן פונעם טאַפּטשאַן, זיך אוועקגעזעצט און געפּויעלט בא זיך: איך וועל אונטערשרײַבן, אבי מע זאָל מיך לאָזן צורו...

נאָר אומגעריכט פאַר מיר אַליין איז פאָרגעקומען אָט וואָס. העכער א כוידעש צײַט איז דורכגעגאַנגען, זינט כ׳בין ארויס פון דעם קאַרצער, און מע רופט מער ניט ארויס צום אויספאָרשער. וואָס זשע קאָן עס באַטײַטן? עמעס, פאַר דעם דאָזיקן כוידעש האָב איך זיך א ביסל אָפּגערוט פון די באַנאַכטיקע אויספאָרשונגען, פון די אַנצאָליקע שלאָפּלאָזע נעכט. נאָר עפּעס קימערט מיך, פאַרוואָס פאַרציט עס זיך אזוי לאַנג דער איבעריַיס: צי דען האָט זיך דערמיט פאַרענדיקט די אויספאָרשונג? מיר דוכט, אז דאָס איז אומעגלעך, כאָטש אַלץ, וואָס ס׳איז מעגלעך, זעט אויס בא זיי אומעגלעך. זיי קאָנען ארויסוואַרפן אזעלכע נומערן, אז דו זאָלסט נישטוימעם ווערן. ס׳איז אן אנשטאַלט פון קישעף און פון ווונדער...

און געשען איז אָט וואָס. ווי שטענדיק, האָט מען מיך אין איינעם א באַנאַכט נאָך א דויערנדיקן איבעריַיס ארויסגעפירט פון דער קאַמער אין דער באַגלייטונג פונעם נאַדזיראַטעל מיט א פינגער־קלאַפּערײַ, געפירט איבער די טפיסע־קאָרידאָרן און געבראַכט צום אויספאָרשער. אפן וועג האָב איך שוין אַליין, אָן א פאַראָרדענונג פונעם נאַדזיראַטעל, ווי נאָר איך האָב דערהערט די דלאָניעפּליעסקערײַ, זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט. דאָס מאָל האָב איך אָפּגענאַרט דעם נאַדזיראַטעל. שטייענדיק מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, האָב איך זיך קלוימערשט צעהוסט, און קעדיי ארויסוואַרפן דאָס לעכערץ, האָב איך געמוזט ארויסנעמען דאָס טיכעלע פון דער קעשענע. איך האָב אײַליק אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דערזען, ווי מע פירט עפּעס איינעם א הויכוווקסיקן פאַרשוין מיט א לאַנגער גראָווער באָרד און מיט גרויסע פּאַטלעס האָר אפן קאָפּ. ווער זשע קאָן עס זײַן? איך, שוין א טפיסעניק מיט א סטאַזש פון אכט כאַדאָשים, ווייס דאָך זייער גוט, אז אין טפיסע שערט מען ניט בלויז די האָר פון קאָפּ, נאָר אפילע די באָרד פונעם פּאָנעם. ווי זשע קומט עס, אז מע זאָל דעם דאָזיקן אַרעסטאַנט דערלויבן טראָגן אַי א באָרד, אַי א געדיכטן קאָפּ האָר, וואָס עס וואַרפט זיך גלײַך אין די אויגן? ווײַזט אויס, טראַכט איך, אז דאָס איז עפּעס א בעקאָוועדיקער פאַרשוין מיט א הויכן טיטל, א מענטש מיט גרויסע פאַרדינסטן. אָך, אָך, האָב איך א טיפן זיפץ געטאָן. ווען ס׳טרעפט מיט מיר אזא נעס, מע וועט דעם דאָזיקן מענטשן ארײַנוואַרפן צו מיר אין קאַמער — וואָס פאַר א גליק וואָלט מיך דאַן געטראָפן...

אינעם קאַבינעט פון דעם אויספאָרשער איז קיינער ניט געווען. זעץ איך זיך אוועק, ווי שטענדיק, אפן בענקל, אױף וועלכן איך בין ניט איין מאָל געזעסן, די הענט אוועקגעלייגט אױף די קני און וואַרט. ניט באַוויזן זיך אויסדרייען, ווי דער אויספאָרשער איז ארײַנגעגאַנגען אין קאַבינעט. איך האָב זיך פאַרכידעשט, ווען כ׳האָב דערזען שוין גאָר אן אנדער אויספאָרשער. ווי דער פריִערדיקער, איז

אויף דער איצטיקער אויספֿאָרשער געווען א הויכוווּקסיקער, מיט א ראָזלדער אויסגעכאַליעט פּנים, אין צווילע קליידער. מיט אן אומפֿאַרשטענדלעכן שמייכל האָט ער א קוק געטאָן אויף מיר און שטייענדיק געפּענט דעם שופֿלאָד פֿונעם שרײַבטיש, ארויסגענומען א ווײַסן בויגן פּאַפּיר און גע־לייענט: „די אַנפֿירונג פֿון עמגעבע האָט באַשלאָסן צו שאַפֿן א קאָמיסיע פֿון דרײַ עקספּערטן, קעדיי אָפּשאַצן אײַער שאַפֿונג. אָט זײַנען די פֿאַמיליעס: פֿאָרזיצער — בערנשטיין, מיטגלידער — ליפֿקין, ווערווערעס, אלע דרײַ זײַנען קאַנדידאַטן פֿון פֿילאָלאָגישע וויסנשאַפֿטן, מיטאַרבעטער פֿון דעם לי־טעראַטור־אינסטיטוט בא דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע פֿון אוססר, פּאַרטיי־מיטגלידער".

— צי האָט איר ניט קעגן די דאָזיקע עקספּערטן? — פֿרעגט דער אויספֿאָרשער.

כ'האָב ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפֿערן. כ'בין געווען אזוי איבעראַשט און פֿאַרלוירן, אז כ'האָב ניט געקאָנט אָפּזוכן קיין ענטפֿער אין די דאָזיקע צעבויטעטע רגעס. צי זאָל איך זיך ארויסזאָגן פֿאַר, צי זאָל איך זײַן קעגן?..

— אײַך זײַנען באַקאַנט די דאָזיקע נעמען?

— דאָס ערשטע מאָל הער איך אזעלכע פֿאַמיליעס. קיינעם פֿון זיי קען איך ניט. נאָר צי ווייסן זיי די יִדישע שפּראַך?

דער אויספֿאָרשער האָט דערויף ניט געענטפֿערט. ער האָט זיך צוגעזעצט צו זײַן שרײַבטיש, געבלעטערט עפּעס א בוך, א ווײַלע געשוויגן און דערנאָך מיט א ביטל־שטים געזאָגט:

— מע דאַרף נאָך פּאַטערן מעלוכע־געלט, צאָלן די געלערנטע פֿאַר אָפּשאַצן די ווערק פֿון א קאָנטריק. ס'איז דאָך אַלץ אזוי אויך קלאָר. ווי דו זעסט, באַגייען מיר זיך מיט דיר זייער מענטש־לעך, איז נעם און שרײַב אונטער, אז דו האָסט ניט קעגן די דאָזיקע עקספּערטן.

צוערשט האָב איך געטראַכט, אז דער נײַער אויספֿאָרשער איז א מער העפֿלעכער מענטש, איידער דער פֿריערדיקער, ער האָט צום אָנהייב זיך געווענדט צו מיר אויף „איר". און מיטאָמאָל איז ער אריבערגעגאַנגען אויף „דו". און מיט שטעכווערטער מיך געפּיקט:

— דו טראַכסט נאָך, צי זאָלסט אונטערשרײַבן... פּאַדלעץ!

ער האָט אָנגעקלונגען, און אין עטלעכע מינוט ארום איז געקומען דער נאַדזיראַטעל און מיך אָפּגעפֿירט צוריק אין קאַמער. ווי ס'האָט זיך אויסגעוויזן, איז שוין געווען גאַנץ שפּעט, ווײַל דער נאַדזיראַטעל האָט מיך געוואָרנט, איך זאָל זיך ניט אויסטאָן, ווײַל אָט־אָט וועט זײַן דער „פּאָדיאָם".

זיצנדיק אויף דעם צוגעקאַוועטן צום דיל בעטל, האָב איך געגומען אײַנדרעמלען, נאָר טייקעף האָב איך זיך אופֿגעכאַפּט, ווײַל ווען דו שפּאַרסט זיך אָן אין דער וואַנט אָדער דו זיצסט דרעמלענ־דיק, באַקומסטו גלײַך א שטראָף. אזא איז דער געזעץ... די גאַנצע צײַט האָט מיך געגעבערט דער געדאַנק: צוליב וואָס האָט מען געשאַפֿן א קאָמיסיע פֿון עקספּערטן? נאָר עפּשער וועלן זיי טאַקע מיטהעלפֿן מײַן באַפֿרײַונג? ווײַל וואָס קאָנען זיי געפֿינען אין מײַן שאַפֿונג עפּעס אזוינס, אז מע זאָל מיך מישפּטן? נו זאָל זײַן, אז אייניקע לידער זײַנען סימבאָליש, אַבסטראַקט... אָבער ס'איז דאָך ניט פֿאַראַן אין מײַן שאַפֿונג קיין אַנטיסאָוועטיזם, קיין נאַציאָנאַליזם... מיטאָמאָל איז מיר געוואָרן עפּעס גרינגער אויפֿן האַרצן. איך בין געווען צופֿרידן, וואָס אן עקספּערט־קאָמיסיע פֿון לינגוויסטן וועט אָפּשאַצן מײַן שאַפֿונג. זיי זײַנען דאָך קאָמפּעטענטע מענטשן. מיט די דאָזיקע מאַכשאָוועס, זיצנדיק אויפֿן בעטל, האָב איך זיך אריבערגעטראָגן ווידער צו מײַן שרײַבטיש, און אָט איז די פֿרוי און דאָס טעכטערל לעבן מיר. עס קומען מענטשן צו מיר צו גיין, ווײַל זיי האָבן זיך דערוווּסט, אז איך האָב זיך אומגעקערט פֿון טפֿיסע, האָט מען אָנגעהויבן גיין, גיין, ווי צו א גוטן־יִידן, ווי צו א מענטשן, וואָס איז ארויס פֿון גענעם, אלע ווילן זיך דערווּיסן, וואָס עס הערט זיך מיט דעם אָדער יענעם רעפּרעסירטן. נאָר גיי דערצייל זיי, אז יעדער טפֿיסעניק איז גוואַלדיק דאָ אָפּגעזונדערט, איזאָלירט פֿון מענטשן, אז מע לעבט דאָ ווי אויף א פֿאַרוואָרפֿענעם אינדזל, אז מע זעט דאָ קיינעם ניט אויסער דעם נאַדזיראַטעל, דעם אויספֿאָרשער, דעם דעספּאָט. יעדע רעגע קוקט אריין דורכן „גלאַזאָק" דער טפֿיסע־וועכטער, שפּירט נאָך דײַן יעדער באַוועגונג, און אויב ניט אזוי, וואַרפֿט מען דיך גלײַך אריין אינעם פֿאַרשאָלטענעם קעמערל...

איך כאַפּ זיך אויף, קוק זיך ארום, וווּ בין איך. מיטאָמאָל צעעפֿנט זיך די טיר פֿון דער קאַמער, און מיט א פֿאַרשטויבטן זאַק, וואָס האָט זיך לאַנג געפֿונען ערגעץ אויפֿן וועג, רוקט זיך ארײַן א הויכער מאַנספּאַרשוין מיט א ברייטער צעקעמטער באָרד, און גלײַך נאָך אים צוויי נאַדזיראַטעלעס טראָגן ארײַן אן אײַזערן בעטל מיט א מאַטראַצל, אן אָנגעשטאָפּטס מיט שטרוי, און פֿאַרשליסן אפֿגיך די קאַמער־טיר.

ווי גליקלעך בין איך געווען! ניטאָ אזא מענטש, וואָס זאָל זײַן צו מיר גלײַך. אָט איצט וועל איך האָבן מיט וועמען א וואָרט אויסצורײדן. דאָס זײַן איינער אליין העכער א האַלב יאָר אין קאַמער האָט מיר געדוכט, אז איך ווער שטום און אז פֿון אָט דער נאַיענדיקער שטילקײַט, וועלכע קלינגט אין די אויערן, וועל איך זיך זיכער רירן פֿונעם זינען. און איצט נאָך א מענטש. איך האָב געוואָלט אים מיט עפּעס מיטהעלפֿן און ווייס ניט, פֿון וואָס אָנצוהייבן. איך זע, אז דער דאָזיקער מענטש איז

זייער ערנסט פאַרזאָרגט, אין די אויגן זײַנע שטייט אַזאַ שווערע מידקײַט, אַז רעדן, דוכט זיך מיר, וויל ער איצט מיט קיינעם ניט. ער וויל זיך בלויז צולייגן, אָפּרוען. נאָר אָט האָט דער בערדיקער מענטש זיך אוועקגעזעצט אויף זײַן קליין בעטל, גענומען שלעפּן פון זײַן פאַרשטויבטן זעקל אַ לאַנגע שמאָלע ציך און זי אויסגעשפּרייט אויפן געלעגער. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך צוויי גרויסע שווערע שיך, זייער ענלעך אויף סאָלדאַטסקע, נאָך בימיי ווילהעלמס צײַטן, אויסגעטאָן דעם קאָרטענעם פּידזשאַק, די הויזן און, ליגנדיק אויפן בעטל, אַרופגעצויגן אויף זיך ביזן האַלדז די לאַנגע לײַוונטענע ציך, אַזוי אַז דער גאַנצער קערפּער זײַנער איז געבליבן אינווייניק, ווי אַ פאַרשלאָסענער.

דאָס ערשטע מאָל זע איך אַזוינס. איבערפרעגן וויל איך ניט, פאַרוואָס טוט ער אַזוי, ווײַל דער מענטש קאָן זיך טראַכטן, אַז איך קריך אים אין די ביינער. זאָל ער זיך אויסרוען, וועל איך זיך עפּשער דערגעגענטערן צו אים. נאָר מיך וווּנדערט זייער, ווי קומט עס, אַז דעם דאָזיקן מענטשן זאָל מען דערלויבן שלאָפן, שוין נאָכן פּאַדיאָם? דאָס דאָזיקע רופט אַרויס בײַ מיר אַ כשאַד. צי איז דער דאָזיקער מענטש ניט קיין נאַסעדקע? עפּשער האָט מען אים אַרײַנגעוואָרפן אין קאַמער, ער זאָל בײַ מיר אויסטאַפּן עפּעס אַזוינס, וואָס איך באַהאַלט אויס פאַרן אויספאָרשער?.. איז מיילע, זאָג איך זיך אַליין, פאַר העכער אַ האַלב יאָר צווישן פיר ווענט איז דאָס לעבן מיר אַזוי שוין נימעס געוואָרן, אַז מיך אַרט ניט, אויב ער איז אַפילע „אַ קלאַפּער". איך האָב אַלץ געזאָגט דעם אויספאָרשער אַזוי, ווי עס איז, נאָר וואָס וועט העלפן מיר מײַנע ערלעכע ריידז? כאָטש איך גלייב, אַז דאָס אַלץ וועט פּלאַצן ווי אַ זייפן־בלאָז. עמעצער פון אויבן אין די גאָר הויכע פענצטער בויטעט און מאַכט מוטנע דאָס לעבן. ס'איז דאָך ניט מעגלעך, אַז אַזעלכע איבערגעגעבענע טײַערע מענטשן, שרײַבער, געלערנטע, וואָס האָבן ערלעך געדינט דעם לאַנד, און איך בעסויכעם, זאָלן זײַן סאָנים... ניין, טויזנט מאָל ניין. דאַרטן, אין די הויכע פענצטער, זיצט אַ סוינע. דערבײַ דערמאָן איך זיך אין דעם געוועזענעם לערער קאַלמענען, וועלכן כ'וועל ניט פאַרגעסן ביזן טויט.

גראַדע איצט האָב איך זיך דערמאָנט אין אַ רירנדיקן עפּיזאָד פון מײַנע קינדער־יאָרן. איך בין אַלט געווען קנאַפּע צוועלף יאָר. אין אונדזער ייִשעוו האָבן זיך אַרײַנגעריסן אויסשפּירער מיט אַ מאַכנע ווײַספּאָליאַקן. אין 1920, ריזיקירנדיק מיטן לעבן, האָט דער לערער קאַלמען מיט דרײַ שילער און איך מיט זיי צוזאַמען אופגעריסן צוויי ברעטער פונעם דיל אין דער שול־געבײַדע און באַגראָבן פאַרשיידענע פּאַפּקעס, ביכער פון אַנגעזעענע רעוואָליוציאָנערן, דעם שול־זשורנאַל „יונגע בלום", אין וועלכן כ'האָב ניט איין נאָטיץ אָנגעשריבן וועגן דעם אָקטיאַבער־יאָמטעוו און לידער וועגן לענינען, — קעדיי דאָס אַלץ זאָל ניט אַרײַנפאַלן אין דעם סוינעס הענט. קאַלמען איז דאַן אוועק אויפן פראָנט מיט דער בודיאָנישער אַרמיי. און איצט בין איך דער „סוינע"! וואָס זשע טוט זיך? נאָר אָפּטמאָל זאָג איך צו זיך אַליין: שטאַרק זיך, פּאַטער ניט די נערווען, פאַרהיט זיי, דו זאָלסט קאָנען אַלץ איבערטראָגן און זיך אומקערן אַהיים אַ געזונטער, כאָטש אין די אויערן קלינגען מיר אַלץ די ווערטער פונעם אויספאָרשער, וועלכער כאַזערט אַלעמאָל איבער: „פונדאַנען קערט זיך קיינער ניט אום. דײַן היים איז דער לאַגער, און וואָס גיכער דו וועסט אָנערקענען דײַן זינד, וועט לײַכטער זײַן די שטראָף".

די ערשטע נאַכט צוזאַמען מיטן בערדיקן מאַנספּאַרשוין איז דורכגעגאַנגען רויִק. מ'האָט קיינעם פון אונדז אין ערגעץ ניט גערופן. נאָכן פּאַדיאָם פירט מען שטענדיק אונדז בײַדע אין בייסהאַקיסע. און דאָ האָב איך דערזען, ווי דער אומבאַקאַנטער הויכוווקסיקער מאַנצבל האָט עטלעכע רעגעס נאָכאַנאַנד מיט די ברייטע דלאָניעס זײַנע מאַסאַזשירט דעם בויך און ערשט דערנאָך זיך אוועקגעזעצט אויף די קאָרטעטשקעס אויף צו האָבן דעם מאָגן. צוערשט האָב איך ניט פאַרשטאַנען, צוליב וואָס טוט ער דאָס. און פרעגן אים האָב איך זיך געשעמט, שווײַג איך און זע, ווי נאָכן אָפּוואַשן דאָס פּאָנעם מיט שמעקנדיקער זייף און מיט אַ נאַסן פינגער, אַן אײַנגעטונקענעם אין פּראָשעק, רייניקט ער די ציין, דערנאָך שלעפּט ער אַרויס פון דער קעשענע אַ קליין האַנטעכל פון גראָבן לײַוונט, נעצט עס אײַן אונטערן קראַן, דרייט עס אויס, ס'זאָל זײַן בלויז פײַכט, רוקט אַראָפּ די הויזן און ביז די קני הייבט ער אַהין און צוריק דעם קימאַט נאַקעטן אויסגעכאָליעטן קערפּער, ביז אויף דער פּלייצע און אויפן ברוסטקאַסטן באַווײַזט זיך ניט אַ ראָזעווע רויטקײַט, ווי דער הימל־ראַנד, ווען די זון האַלט באַם פאַרגאַנג. דאָס אַלץ האָב איך צוגעזען און געגאַפט... גלײַכצײַטיק בין איך געווען צופרידן, וואָס קיינער טרײַבט אונדז ניט אונטער, ווי דאָס קומט פאָר, ווען מע פּלעג מיך אַליין ברענגען אין קלאָזעט. שטענדיק האָט דער נאַדזיראַטעל געשריגן: „ענדיק וואָס גיכער!" — און איך פּלעג זייער אָפט ניט באַווײַזן זיך ספּראַווען מיט די נאַטירלעכע באַדערפענישן, ווי ס'באַדאַרף צו זײַן. אָפט האָב איך געליטן שרעקלעכע בויך־ווייטיקן, נאָר ווע מען גייט עס אָן? ווען אין אַ צײַט אַרום נאָך דער שווערער מאָגן־אָפּעראַציע, ווען אויפן בויך זײַנען נאָך געבליבן צעיאַטערטע ווונדן, האָט מען מיך באַנאַכט אַרעסטירט, און איצט בין איך פּאָשעט אופגעריכט געוואָרן, וואָס אַדאַנק דעם דאָזיקן פאַרשוין מיט דער ברייטער גראָווער באָרד, וואָס האָט מיר דערמאָנט אין זאַלמען־דאָווידן, דעם ראָוו פון אונדזער ייִשעוו, קאָן איך זיך פאַרהאַלטן אינעם טואַלעט, אָפּטאָן אַלץ ניט אײַלנדיק און ווייניקער

לײַדן פֿון מײַנע בױך־שמערצן. װי אומגעריכט קומט צו גײן צו דעם מענטשן דער שלימאזל און װי אומגעריכט קומט צו גײן דאָס ביסעלע מאזל, זאָל זײַן ניט אױף לאנג, זאָל זײַן װיפֿל עס װעט זײַן, נאָר דאָך װערט דיר עפּעס גרינגער. גײ װײס, אז אָט דער מענטש, בא װעלכן איך האָב מיט אײן דערשראָקענעם אויג דערזען בלױז א באָרד און א קאָפּ גראָװע האָר, זאָל טאקע ארײַנפֿאלן צו מיר אין קאמער! די צװײ בעעמעס ליכטיקע װאָכן אין דער פֿארפֿינצטערטער קאמער, אין װעלכער כ׳האָב זיך געפֿונען מיט אָט דעם פֿארשױן צוזאמען, האָבן פֿארלענגערט מײַן לעבן, מײַן האָפֿענונג, מײַן פֿיזישן צושטאנד אױף עטלעכע יאָר נאָכאנאנד. יאָ, בעעמעס פֿארלענגערט, אופֿגעריכט, דערמונטערט דאָס פֿארשטײנערטע הארץ. װער זשע איז דער דאָזיקער מענטש? אָט דער טפּיסעניק? אָט דער זעקאָװעץ? אזױ רופֿט מען דעם ארעסטירטן (דער זעק). דערװײַל װעלן מיר ניט אָנרופֿן זײַן עמעסן נאָמען און פֿאמיליע צוליב פֿארשײדענע טײַמים. זאָל ער הײסן, װי פֿריִער — דער מענטש מיט דער באָרד. א פּאָר טעג נאָכאנאנד האָב איך זיך געהאלטן אָפּגעפֿרעמדט פֿונעם דאָזיקן מענטשן, מוירע האָבנדיק, אז ער איז זײערער א מענטש, א צוגעשטעלטער, אָדער װי די ארעסטאנטן האָבן אזעלכע פֿאר־דעכטיקע מענטשן געקרױנט מיטן נאָמען, — סטוקאטש (א קלאַפּער).

אפֿן צװײטן טאָג נאָך אונדזער צוזאמענזײַן אין קאמער, װען דער בערדיקער מענטש איז געקומען צו־זיך, האָט ער אָנגעהױבן זיך אינטערעסירן, װער איז זײַן שכן אין דער קאמער. ניט געקוקט, װאָס די ערשטע טעג בין איך אים כױשעד געװען אין אומרײנע טועכצן, איז ער שױן פֿון ערשטן אױגנבליק מיר געפֿעלן געװאָרן, כאָטש דאָס דאָזיקע געפֿיל האָב איך אױסבאהאלטן בא זיך אין הארצן. געטראכט און איבערגעטראכט. מײַן שכן איז געװען א הױכער שטאלטנער מאנספּארשױן, ליטן װוקס אן עכטער באסקעטבאָליסט, הײַנט די ברײטע גראָװע באָרד, װאָס דערמאָנט אינעם איטאַליענישן קינסטלער לעאָנארדאָ דא װינטשי, און די אױגן — װי א בלױער הימל־שטיק אין א זומערדיקן באגינען, װאָס זײַנען אָפּט בא אים צוגעמאכט אין אָט יענע פֿרום־פֿארכאָלעמטע רעגעס, װען די ליפּן מורמלען עפּעס מיט א שטילער שעפּטשערײַ, — דאָס האָט ער זיך מיספּאלעל געװען צו גאָט און געבענטשט אין זײַן טפֿילע דעם הײליקן יעזוס קריסטוס, דאָס כאָזערט ער איבער יעדן אינדערפֿרי, באטאָג און יעדן פֿארנאכט. עמעס, כ׳האָב ניט באמערקט, צי צײלעמט ער זיך, האָב איך געמײנט, אז דאָס איז א בוכארער ייִד, נאָר די לאנגע האָר זײַנע און דאָס רײדן בלױז אױף אוקראַיִניש האָבן באָטל געמאכט אלע מײַנע האשאָרעס. שױן אפֿן צװײטן טאָג פֿון זײַן מיט אים אין קאמער האָב איך בױסע כײן געװען באם בערדיקן. ער האָט עס אפֿילע אָפֿן ארױסגעזאָגט, נאָר דאפֿקע זײַן צוגעלאָזטקײַט האָט מיך אין די ערשטע שאָען עטװאָס געקימערט, װײַל כ׳האָב געמײנט, אז עפּשער שלעפּט ער מיך פֿאר דער צונג און װיל מיך דערנענטערן צו זיך צוליב דעם. פֿון שרעק װערן די אױגן גרעסער. א דערשראָקענע קראָ האָט מוירע פֿאר א קוסט, נאָר װאָס איז ער שולדיק אין דעם, װאָס אײן מענטש האָט מוירע פֿארן צװײטן?

— שױן לאנג, אז מע האָט אײַך אײַנגעזוצט? — האָט ער מיך געפֿרעגט.

— צען כאָדאָשים, — האָב איך מיט א שװערן זיפֿץ געענטפֿערט, — נאָר מיר דוכט, אז איך בין שױן דאָ צען יאָר.

— הײַנט װאָס זאָל איך זאָגן, אז העכער אכט יאָר בין איך אין לאגער, און איצט האָט מען מיך געבראַכט צו פֿירן אױף א „דאָבאװוקע‟, אָנשטאָט 10 יאָר װעלן זײ מיר געבן 25?

— פֿארװאָס טראכט איר אזױ?

— איך האָב שױן געהאט א געשפּרעך מיטן עלטסטן אױספֿאָרשער. ער האָט מיר אָפֿן געמאָלדן, אז אױב איך װעל זײַן װי פֿריִער פֿאראקשנט און זײַן פֿארבונדן מיטן װאטיקאן, מעג איך פֿארגעסן פֿון פֿרײַהײַט. איך בין דאָך א קאטאָליקער...

כ׳האָב ניט פֿארשטאנען, אין װאָס באשטײט זײַן פֿארברעכן. און װאָס איז דאָס פֿאר א מײַסע מיטן רױמישן פּױפּסט? עפּשער דערצײלט ער מיר גאָר באָבע־מײַסעס, פֿארעדט מיר די צײן...

נאָר נאָך א דױערנדיקן געשפּרעך האָב איך דערפֿילט, װי דער מענטש װערט מיר אלץ מער פֿרײַנטלעך נאָענט. אינעם גרױסן קידער־װידער, װאָס קומט פֿאָר אין לאנד, װערן מענטשן אָפּגעפֿרעמדט אײנער פֿונעם אנדערן. עס בלײַבן טיפֿע שראמען פֿון אומזיסט פֿארשאפֿטע לײדן, װאָס זײַנען װי זאשפּרעס, װאָס פֿארגײען אין די פֿינגער, נאָר זײ גײען דערנאָך אָפּ, קומסטו װידער צו־זיך און דו פֿארגעסט אין דײַנע צײַטװײַליקע געפֿירן. כאָטש ס׳איז שװער צו פֿארגעסן אין יענע מאָרדעשכױרעדיקע טעג, װאָס זײַנען אדורך און װי געדיכטע נעפּלען אנטרונען, און אױסגעלײַטערט װערט דער װעג דײַנער, איז גײ, װוּהין די ליכטיקײַט דיך פֿירט.

— איר האלט זיך פֿאר א קאָרבן? — האָט דער בערדיקער מאנספּארשױן געפֿרעגט.

— װי דען אנדערש?

— און איך האלט אײַך פֿאר א העלד, כאָטש איך װײס ניט, אין װאָס באשולדיקט מען אײַך.

— איך װײס שױן אלײן ניט. כ׳בין ניט באגאנגען קײן שום פֿארברעכן, אָבער מע האלט מיך פֿאר א פֿארברעכער.

— איז אין וואָס פֿונדעסטוועגן, לויט זייער מיינונג, באַשטייט אײַער זינד?

— איך אַליין בין אַ זשורנאַליסט, אַ ייִדישער שריפֿטשטעלער. ווי יעדער שעפֿער, האָב איך געשריבן וועגן מענטשלעכע איבערלעבונגען, וועגן פֿעלקער־פֿרײַנטשאַפֿט, וועגן ליבע, וועגן דער נאַטור, וועגן מײַן פֿאָלק, וועגן דעם אומקום פֿון מײַנע עלטערן בײַס דער דײַטשישער אָקופּאַציע.

— ווער זײַנען געווען אײַערע עלטערן?

— איך אַליין בין אַ וואָלינער, פֿון אַ קליין שטעטל. דער פֿאָטער מײַנער איז געווען אַ סטעלמאַך, וועגענער, שליטנס, בריטשקעס, אַמאָל אויך פֿאַעטאָנען, פֿלאַשטשאַדקעס פֿלעג ער מאַכן פֿאַר די פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער, ווי אויך פֿאַר די באַלעגאָלעס אין אונדזער ייִשעוו.

— נו, איז דערפֿאַר האָט מען אײַך אײַנגעזעצט? — האָט דער מאַנספּאַרשוין מיט געוויינלעכער רויִקײַט געפֿרעגט.

— איך בין ניט דער איינציקער רעפּרעסירטער. ביז מיר האָט מען שוין אַ היפּשע גרופּע כאַווײרים סײַ אין מאָסקווע און סײַ אויף אוקראַיִנע שוין לאַנג פֿאַרמישפּעט. מיך באַשולדיקט מען אין אַ סאַך פֿאַרברעכנס. אָט איז איינע פֿון זיי. נאָך בײַס דער מילכאָמע האָב איך אָנגעשריבן אַ באַלאַדע „צווישן ביימער“, אַ מין לירישֿ־טראַגיש געזאַנג וועגן דער גרויסער גזירע, וואָס מיר, ייִדן, האָבן איבערגעלעבט.

— נו איז וואָס?

— האַלט דער אויספֿאָרשער, אַז די דאָזיקע באַלאַדע איז אַ נאַציאָנאַליסטישע, אַן אַנטיסאָוועטישע, אַז איך האָב אין מײַן ווערק דערהויבן דאָס ייִדישע פֿאָלק און די אַנדערע פֿעלקער דערנידעריקט...

— צי געדענקט איר כאָטש אַ פּאָר שורעס פֿון אײַער ווערק? איך האָב זייער ליב פּאָעזיע. פֿון שעווטשענקאָ, לעסיאַ אוקראַיִנקאַ, פֿראַנקאָ געדענק איך אייניקע שטעלן קימאַט אויסווייניק. אויך פֿון די הײַנטיקע אוקראַיִנישע פּאָעטן זײַנען מיר אייניקע זייער צום האַרצן. פֿאַרשטייט זיך, אַז אַ סאַך פֿון זיי פֿעלשעווען, נאָר אַזעלכע דיכטער, ווי מאַקסים רילסקי, סאָסיורא, הײַנט ווינישענקאָ, גאַלאַן. אײַער ביאַליק, שאָלעם־אַליכעם, איר האָט זיך מיט וואָס צו גרויסן...

איך האָב געעפֿנט מויל אַן אויערן און ווי פּערל געקליבן יעדעס וואָרט זײַנס.

איך בין געווען דערשטוינט, וואָס דער דאָזיקער מענטש, וועלכער איז ניט קיין ייִדישער שריפֿטשטעלער, ווייסט אַזוי גוט ליטעראַטור, קען גרינטלעך העברעיִש און די ביבל קימאַט אויף אויסווייניק. און איך ווייס אַזוי שוואַך אין פֿאַרגלײַך מיט אים. אין די ווײַטערדיקע געשפּרעכן מיט אים האָב איך זיך דערוווּסט זייער אַ סאַך אינטערעסאַנטס סײַ אין געביט פֿון אידעאַליסטישער פֿילאָסאָפֿיע, סײַ אין געביט פֿון ליטעראַטור, טעאָלאָגיע, מוזיק, מאָלערײַ. דער דאָזיקער אינטעלעקטועלער מענטש האָט אין די יוגנט־יאָרן געלערנט אין איטאַליע, אויסגעווען אַ וועלט, אויסגעפֿאָרן גאַנץ פּאַלעסטינע.

— איך האָב אַ סאַך ביכער אָנגעשריבן וועגן מײַן רײַזע איבערן נאָענטן מיזרעך, — האָט ער דערציילט, — אין גרונט וועגן פּאַלעסטינע. איך בין געווען אין ירושאָלאַיִם, אין נאַצערעט, אין כײַפֿע, אין די הייליקע ערטער פֿון אײַערע אָוועס. איך פֿאַרנייג דעם קאָפּ מײַנעם פֿאַר אײַער געביאַלן פֿאָלק... ערגער זיך ניט, פֿרײַנט מײַנער, עס איז קעדײַ צו לײַדן, זיך פּײַניקן פֿאַר דער ערלעכקײַט פֿון אײַער שטאַם. אין מײַנע אויגן זעסטו אויס ווי אַ מאַרטירער. דו וועסט נאָך זײַן אויף דער פֿרײַ און ווידער שאַפֿן ווערק פֿאַר דײַן פֿאָלק... איז עפּשער קאָנסטו מיר ברענגען כאָטש עפּעס־וואָס פֿון דײַנס אַ ווערק?

— עטוואָס געדענק איך, נאָר איך שרײַב דאָך אויף ייִדיש, צי וועט איר פֿאַרשטיין?

— איך קען דײַטש, העברעיִש און פֿאַרשטיי ניט שלעכט ייִדיש. די דאָזיקע שפּראַך האָט מיר אַ ייִדישער דאָקטער מיט זײַן פֿרוי און טעכטערל, וועלכע איך האָב אויסגעבאַהאַלטן בײַס דער נאַציסטישער אָקופּאַציע אין בונקער בײַ זיך אינעם קלויסטער, האָט פֿון צײַט צו צײַט גערעדט מיט מיר, לויט מײַן באַקאָשע, בלויז אויף זשאַרגאָן, און איך האָב אַלץ פֿאַרשטאַנען...

מיטאַמאָל האָט דער בערדיקער מענטש זיך אויפֿגעהויבן, און צעעפֿנט דאָס פֿאַרשטויבטע זעקל זײַנס, אויסגעשפּרייט אַ ווײַס האַנטעכל אויף דער בײַקעווער קאָלדרע און אַוועקגעלייגט אַ שטיק וווּרשט, קאָלבאַס־גרודינקע, אַ קעפּל קנאָבל, געבעקס און פֿאַרבעטן עסן. צוערשט האָב איך זיך געשעמט, נאָר די אָפֿנהאַרציקײַט פֿונעם דאָזיקן מענטשן האָט מיך געצווּונגען אים ניט אָפּזאָגן אין זײַן העפֿלעכער באַקאָשע, ביפֿראַט, אַז איך האָב זיך אַזוי אויסגעהונגערט נאָך אַזעלכע דעליקאַטעסן.

— ווי קומט עס צו אײַך אַזאַ געשמאַק עסנוואַרג? שוין צען כאָדאָשים, אַז איך ווייס ניט דעם טאַם זייערן, בלויז פּאַכליאָבקע און טוכלע קאַשע.

— עסט, עסט, זשאַלעוועט ניט...

כ׳האָב ניט געוווּסט, צו וואָס זיך פֿריִער כאַפּן, מאַמעש געשלונגען גאַנצערהייט סײַ דעם קאָלבאַס, סײַ די גרודינקע, באַזונדערס דאָס געבעקס מיט ראָזשינקעס.

פון זינט איך בין אין לאגער, באקום איך יעדן כוידעש פון מײַן געזינדל איין פּאַסילקע נאָך דער צווייטער און אפילע מעזומען געלט, וואָס מע טאָר אין לאגער ניט ארויסגעבן, אכוץ א קילאָ צוקער אָדער פּראָסטע קאָנפעטן — מער האָסטו ניט די רעכט צו באקומען.

די פּופּצן געציילטע אויסערגעוויינלעך אָנגענעמע טעג, וואָס זײַנען אזוי גיך איבערגעלאָפן, האָבן אין הארצן בא מיר איבערגעלאָזט ליכטיקע שפּורן. קימאַט יעדן טאָג זײַנען צווישן אונדז פּאַרגעקומען אינטערעסאַנטע געשפּרעכן. מיך האָט פאַרכידעשט, וואָס אָט דער מענטש פון הויכן רעליגיִעזן ראַנג האָט אַף אויסוויייניק גענומען דעקלאַמירן מײַן באלאדע „צווישן ביימער" אַף אוקראַיִ־ניש, אין מאַקסים רילסקיס איבערזעצונג.

ער האָט מיט היספּײַלעס מיך ארומגענומען און א קוש געטאָן:

— דו וועסט זײַן אַף דער פרײַ, איך אָבער וועל שוין די פרײַהײַט ניט זען... סײַדן א נעס וועט געשען. איך גלייב אין דעם אלמעכטיקן... וויִאזוי עס איז מיר אָנגעצייכנט, אזוי וועט זײַן...

אים האָט מען דערלויבט טראָגן די לאנגע האָר, א ברייטע באָרד און אפילע אָפּהאַלטן טפילעס, ווען ער וועט דארפן. ער האָט אויך געהאַט א ספּעציִעלע דערלויבעניש זיך צולייגן באטאָג אָפּרוען. וואָס אנדערע ארעסטירטע איז דאָס קאטעגאָריש פארבאָטן. שווער איז מיר געווען זיך צעשיידן מיטן דאָזיקן ווּנדערלעכן מענטשן. וועגן זײַן ווײַטערדיקן גוירל האָב איך זיך דערוווּסט אין לאגער. אז ער געפינט זיך אין וואַטיקאַן.

נאָך א דויערנדיקן איבעררײַס פירט דער נאַדזיראַטעל מיך ווידער צום אויספאָרשער. דאָס מאָל בין איך געווען זייער רויִק, ווײַל איך האָב פארשטאַנען, אז די עקספּערט־קאָמיסיע האָט, ווײַזט אויס, פאַרענדיקט איר אָפּשאַצונג און מע רופט מיך ארויס זיך באקאַנען מיט די אויספירן פון די עקס־פּערטן.

אין קאַבינעט איז דער אויספאָרשער ניט געווען, דעם דאָזיקן דיפּלאָמאַטישן טריוק האָב איך שוין פון לאַנג צעקײַעט. ער פּרוּווט מיך אויס, צי וועל איך ניט עפּעס דאָ אָפּטאָן אַזוינס, אז ער זאָל מיך קאָנען ארײַנוואַרפן אין קאַרצער אָדער געבן א פּאָר גוטע קאַדילעקעס אין דער פּלייצע צי אין די זײַטן.

און אָט איז ער ארײַנגעקומען. אַף אַן אויסגעפּאַרבטער טאַבורעטקע האָט ער אַוועקגעלייגט א גרינע פּאַפּקע — אכציק געדרוקטע זײַטלעך פון דער עקספּערטיזע:

— נא, לייען...

גאָט מײַנער, ס'איז דאָך גאָלע שעקער! עפּשער האָבן די עקספּערטן אזוי זיך געוואָלט אויס־פּײַנען פאַר דער עמגעבע? צי עפּשער האָבן זיי אליין מוירע געהאַט, אז טאָמער וועלן זיי ניט צו־פרידנשטעלן, ניט באַפרידיקן דאָס, וואָס מע האָט געפאָדערט פון זיי, וועט מען זיי אליין אײַנזעצן? קאָן זײַן, טראַכט איך בא זיך. אָבער שוין צו פרעך זײַנען זיי זיך באַגאַנגען מיט מײַנע שריפטן! מעגלעך, אז דער אויספאָרשער אליין האָט אין זייער אָפּשאַצונג ניט געגלייבט, ווײַל זײַן באַציִונג צו מיר איז הײַנט געווען עפּעס זייער העפלעך, אפילע מיט אַן אָנגעווייעט שמייכעלע. ער האָט גע־קוקט אַף מיר און מיט א ליבלעכער שטים מיך אונטערגעטריבן, איך זאָל וואָס גיכער איבערלייענען די אויספירן, דערבײַ האָט ער עטלעכע מאָל געעפנט דעם שופלאָד, ארויסגענומען, ווי שטענדיק, דאָס שפּיגעלע, א קוק געטאָן, צוגעקעמט די עטלעכע האָר אַף דער ליסענע, דערנאָך געפירט טע־לעפאָן־געשפּרעכן, ארויסגעגאַנגען פונעם קאַבינעט און ארײַנגעגאַנגען, און ווידער געשוויגן.

וואָס ווײַטער כ'האָב געלייענט, אלץ מער האָט זיך אין מײַן הארצן צעפלאַקערט דער פאַרדראָס:

— נו, גיט אליין א קוק, בירגער אויספאָרשער, וואָס זיי טוען: בא מיר איז אין איינער א ליד אָנגעשריבן: „דעם יאַם האָב איך ליב פאַר זײַן גרויזאַמער ברייט און ווינטן, וואָס בויטען זײַן שווײַגן, איך הער, ס'ריידן די כוואַליעס אין יאַם שטילערהייט, דער שוים וועט פאַרגיין, און די קלאָרקײַט וועט בלײַבן". טײַטשן די עקספּערטן אויס: אוועלכן יאַם מיינט דער אווטאָר? פון דער ליד איז צו זען, אז ער האָט אין זינען בעפּיירעש דעם יאַם האַמעלעך, דעם רויטן יאַם, וואָס גרענעצט מיט יִשׂראָעל. און וואָס איז דאָס פאַר א שוים? דאָ מיינט דער אווטאָר זיכער די אראַבישע וועלט. פאַר אים זײַנען די אראַבער בלויז שוים, וואָס דאַרפן פאַרגיין, און די קלאָרקײַט וועט בלײַבן, — דאָס איז יִשׂראָעל. די דאָזיקע קאָנצעפּציע ווערט באַשטעטיקט, ווען מע באַקאַנט זיך אויך מיט די ווײַטערדיקע שריפטן, באַזונדערס מיט די באַלאַדעס און נאַטור־פּייזאַזשן פון זײַן פּראָזע און עסייען, ווו דער אווטאָר שרײַבט וועגן הויכע ביימער, וואָס בלײַען שטענדיק. זײַנען דאָס דען ניט קיין קיפּאַריסן — יִשׂראָעל־ביימער? שוין ניט רעדנדיק וועגן דער באַלאַדע „צווישן ביימער", ווו דער אווטאָר שילדערט בלויז דעם אומ־קום פון יִידן בייס דער נאַציכטישער אָקופּאַציע. און די אנדערע פעלקער? די עקספּערטן קומען צום אויספיר: אלע ווערק פונעם אווטאָר זײַנען אַף דורך און דורך נאַציאָנאַליסטישע, ציִעניסטישע און בעמיילע אַנטיסאָוועטישע.

אַף אזוינס האָב איך זיך ניט געריכט. כ'האָב ניט געוואַרט פון זיי קיין לויב־געזאַנג, קיין פּאָזי־טיווע אָפּשאַצונג, נאָר אַף אזא פּאַסקווּיל, אַף אזא נידערטרעכטיקן אויספיר האָב איך ניט אויסגע־

רעכנט... זאָל מיר אָפּדאַרן מײַן רעכטע האַנט, אויב כ'וועל עפּעס־וואָס אונטערשרײַבן... אַזאַ רעכילעס... אַזאַ בילבול... אַזוי מיך באַשמוציקן! נו, טוט מיר, וואָס איר ווילט, מיר איז שוין אַלצײנס. אומעגלעך איבערצוטראָגן אַזוינס. דרײַ הונדערט פּערציק נעכט ניט שלאָפן און הערן בלויז זידלערײַען, דער־נידעריקונגען... און צום סאָף אַזאַ עקספּערטיזע. אַזעלכע באַשולדיקונגען. עקאָנאָמישע אָנגאָבן... שפּיאָנאַזש...

קאָן זײַן, אַז איצט וועט נעמען אַ סאָף צו אַלע מײַנע מאַטערנישן, מיר דוכט, אַז דאָס איז דער איינציקער אויסוועג. איך בין ניטאָ... ס'איז פאַראַן אַ צווייטער מענטש, וואָס שווײַגט, וואָס רעדט ניט, וואָס טוט אָן אָפּ זיך אַ טויב היטל, און אַלץ, וואָס דער אויספאָרשער זאָל ניט זאָגן, קוקט אָט דער צווייטער מענטש מײַנער מיט אויסגעגלאָצטע אויגן אויף אים, ווי איינער, וואָס איז געריכט פון זינען...

דער אויספאָרשער פרעגט:

— נו, האָסט געענדיקט לייענען?

איך שווײַג.

— וואָס קאָנסטו נאָך זאָגן?

איך שווײַג.

— דרײַ קאַנדידאַטן פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן, גאַנץ אויטאָריטעטע מענטשן האָבן גרינט־לעך דורכגעשטודירט דײַנע ווערק און געקומען צום אויספיר, אַז אַלץ, וואָס דו האָסט געשריבן, איז פײַנטלעך דעם פאָלק, דעם היימלאַנד. און דו טײַנעסט, אַז דו ביסט גאָט די נעשאָמע שולדיק. אַ סאָוועטישער דיכטער, און קיין איין ליד וועגן סטאַלינען ניט אָנגעשריבן!

— דאָס איז עמעס, — זאָג איך. — וויאַזוי האָב איך, אַזאַ ניט באַמערקבאַרער שרײַבער, גע־קענט אופהייבן קינסטלעריש אַזאַ געניאַלן מענטשן? דערויף דאַרף מען האָבן אַ גרויסן טאַלאַנט.

— דו ביטרעוועכס, פאַרשיוועץ! — שרײַט דער אויספאָרשער. — דאָס באַווײַזט, אַז דו ביסט בכלל ניט קיין סאָוועטישער שרײַבער.

און געקומען קלינגען אין טעלעפאָן:

— נאַטאַשענקע, האָסט גענומען בילעטן אין קינאָ? הײַנט אָפּדערנאַכט בין איך פרײַ. נו, גוט, ליובינקע...

דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן, קעדיי דערוועקן בא מיר בענקשאַפט נאָך דער היים, נאָך דער פאַמיליע, קעדיי נאָך מער אָפּשוואַכן די נערוון, און דאַן וועל איך אַלץ אונטערשרײַבן. אויך די דאָקטערשע פון דער טפּיסע, אָט די שלאַנקע פרוי מיט קאַלטע גלײַכגילטיקע אויגן, וואָס קימאַט יעדן טאָג מאַכט זי אַן אָבכאָד איבער די טפּיסע־קאַמערן און דערפרעגט זיך דאַפקע, אין וואָס עס בייסיקט זיך דער אַרעסטירטער. וויפל מאָל האָב איך איר שוין געמאָלדן, אַז איך לײַד פון שרעקלעכע ביײך־שמערצן, העדט זי מיך קלוימערשט אויס און גיט מיר איין מאָל אין אַ שמיטע אַ פּאָר טאַבלעטקעס...

די אַרויסרופן צום אויספאָרשער האָבן זיך איבערגעריסן, מאַכמעס דעם, וואָס ער האָט פון מיר קיין שום ענטפער ניט באַקומען. די דאָזיקע אופירונג מײַנע האָט אַרויסגערופן אַ כשאַד: צי בין איך ניט געריכט פון זינען? די טפּיסע־דאָקטערשע, וועלכע האָט אַ פּאָר מאָל באַזוכט מײַן קאַמער, איז אויך געקומען צום אויספיר, אַז איך בין ניט מיט אַלעמען.

עס עפנט זיך די קאַמער־טיר, און מע פירט מיך אַראָפּ צום טפּיסע־דעזשורנע, וווּ עס איז געלעגן אַפן דיל מײַן זעקל און דער אַלטער מאַנטל — אָט די זעלבע כפייצים, מיט וועלכע מ'האָט מיך אַרויסגעפירט פון שטוב און געבראַכט צו פירן אַהערצו, אין דער זעלבער דעזשורקע. כ'האָב אויף גאָרנישט ניט רעאַגירט, געשטאַנען ווי אַ גוילעם און געוואַרט, וואָס עס וועט ווײַטער זײַן.

כ'האָב גענומען דאָס זעקל מיטן אָפּגעריבענעם מאַנטל אויף דער פּלייצע און מע האָט מיך אַרויס־געפירט אין טפּיסע־הויף, וווּ עס איז געשטאַנען דער „שוואַרצער וואָראָן" (אַזוי האָבן די אַרעסטירטע אָנגערופן דעם אווטאָמאָביל, וועלכער האָט געפירט אַרעסטאַנטן). אויסערלעך זעט די מאַשין אויס ווי אַן אווטאָ, וואָס פירט שפּײַז־פּראָדוקטן, נאָר אינעווייניק איז זי צעטיילט אויף באַזונדערע קעמערלעך, וווּ יעדער איינער האָט זיך זײַן פאַרשלאָסענע קופּע, זײַן באַזונדערע וווינונג. עמעס, דאָס דאָזיקע באַזונדערע דירעלע ווערט ניט באַלויכטן, אַ שטאָק־פינצטערניש. זיצנדיק אינעם „שוואַרצן וואָראָן", הער איך, ווי אין טפּיסע־הויף איז גאַנץ טומלדיק, עפּעס פּאָרעט מען זיך דאָרטן און כ'ווייס ניט, צי בלויז מיך אַליין פירט מען, צי וועט מען נאָך אַרעסטירטע אַהערצו אַרײַנוואָרפן. נאָר פּלוצעם האָב איך דערהערט אַ ביז גאָר קענטלעך קאָל, וואָס צערודערט מיך אינגאַנצן. כ'האָב אָנגעשטרענגט מײַן געהער, קעדיי עפּעס אופכאַפּן פונעם קענטלעכן קאָל, נאָר עס האָט זיך מיר ווייניק־וואָס אײַנ־געגעבן. אין עטלעכע רעגעס אַרום, נאָך איידער די מאַשין האָט זיך געריכט פון אָרט, האָט דאָס קענטלעך קאָל זיך ווידער איבערגעכאַזערט, און דאָ האָב איך דערהערט, אַז דאָס איז דאָס קעלכל פון מײַן טעכטערל. די שול, אין וועלכער די לערנט זיך, געפינט זיך בישכיינעס מיט דער טפּיסע פון

עמגעבע. דער שוואַרצער טויער, דורך וועלכן מ'האָט מיך אַרײַנגעפירט אויף אַ שוואַרצן גאַזיק אין דער ערשטער נאַכט פון מײַן אַרעסט, איז געווען זייער נאָענט צו דער פּאַדערטיר פון דער שול. מעגלעך, אַז דאָס טעכטערל מײַנס האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט זי אומיסטן געשריִען, אַז דער טאַטע איר זאָל דערהערן איר קאָל. איך האָב גענומען קלאַפּן אין דער פאַרשלאָסענער טיר פון דער אויטאָ.

— מערדערס! ס'איז דאָך מײַן טעכטערל... לאָזט מיך כאָטש הערן...

צי האָט מען דערהערט מײַן קאָל און דאָס קלאַפּערײַ אין דער טיר, צי ניט, נאָר די מאַשין האָט זיך גערירט פון אָרט און איז אָפּגעפאָרן.

פאַרשיידענע מאַכשאָוועס עגבערן מיך. צוערשט מאָרעשכוירעדיקע, שרעקלעכע. מיר האָט זיך געדוכט, אַז ווײַבאַלד כ'האָב ניט אונטערגעשריבן קיין איין פּראָטאָקאָל, וואָס דער אויספאָרשער האָט געפאָדערט, און באַזונדערס די לעצטע פאָר וואָכן, ווען כ'האָב אַזוי אַקשאָנעסדיק ניט געענטפערט אויף קיין איין פראַגע זײַנער, האָט מען באַשלאָסן, אַז אויף וויפל די באַווײַזן קעגן מיר זײַנען גאַנץ איבערצײַגעוודיקע און אַז לויט מײַן קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט דאַרף איך באַשטראָפט ווערן לויט דער העכסטער שטראָף — דאָס הייסט צעשיסן — דעריבער האָט מען מיר געהייסן פאַרנעמען אַלע מײַנע שמאָכטעס, ס'זאָל קיין שפּור ניט בלײַבן... מיך אַרויספירן ערגעץ אויף אַ ווײַט פעלד, און ווי אַ הונט מיך אַרײַנוואַרפן אין אַ ניט־באַמערקבאַרער גרוב, אַז קיינער זאָל ניט וויסן, וווּ מײַן געביין איז אַהינגעקומען. איז וואָס זשע דויערט עס אַזוי לאַנג? נאָר פּלוצעם דערהער איך אַ הודאָק פון אַ צוג. איז דאָס עפּשער אַ פאַרבײַלויפנדיקער צוג ערגעץ אויף אַ פּאָלוסטאַנאָק? ווער איך ווידער אַנגעשטרענגט, ווי אַן אָנגעצויגענע סטרונע, כאָטש איך האָב שוין אַלץ בײַ זיך געפּויעלט.

פּאַמעלעך עפנט זיך דאָס טירל פון מײַן פאַרשלאָסן קעמערל. אַראָפּשפּרינגענדיק פון דער מאַשין, דערזע איך אַ בינטל דערשלאָגענע מענטשן, אַרומגערינגלט מיט אָוטשאַרקעס און אוּוטאָמאַטשיקעס. אייניקע פון די אַרעסטאַנטן טראָגן אויף זיך זעקלעך, אַנדערע מיט טאָרבעס אויף די פּלייצעס, און ניט ווײַט פון אונדז איז אַן אײַזנבאַן־טופּיק, וווּ עס וואַרט שוין אויף אַלעמען אַ כטאָליפּין־וואַגאָן. איינציקווײַז וואַרפט מען אונדז אַרײַן אין וואַגאָן. מיר האָט מען אָפּגעגעבן מער קאָוועד — מע האָט מיך פאַרריגלט אין אַ באַזונדערער קופּע פונעם וואַגאָן.

וווּהין זשע פירט מען מיך? — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. — אויב זיי האָבן באַשלאָסן מיך צעשיסן, ווײַל איך האָב גאָרנישט ניט געענטפערט אין משך פון אַ כוידעש אויף דעם אויספאָרשערס פּראָוואָקאַציאָנעלע פראַגן, איז נאָך וואָס האָט מען מיך געבראַכט אַהערצו? זיי האָבן דאָך געקאָנט מיט דעם זעלבן „שוואַרצן וואָראָן" מיך אַרויספירן הינטער דער שטאָט און דאָרטן דורכפירן די עקזעקוציע. בלײַב איך ווידער אין פאַרצווייפלונג. דאָס געפינען זיך העכער צען כאַדאָשים אין דער אויספאָרשונגס־טפיסע האָט מיך שטאַרק אויסגעמאַטערט. מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט, מע זאָל שוין וואָס גיכער מיך אָפּשיקן אין לאַגער: ווי שווער עס וועט דאָרט ניט זײַן, וועל איך כאָטש געפינען זיך צווישן מענטשן, איך וועל האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורײדן, כ'וועל קאָנען באַקומען אַ בריוו פון דער היים, און דאָס וועט פאַרלײַכטערן מײַנע שווערע איבערלעבונגען. נאָר אַ מענטש טראַכט, און גאָט לאַכט. ניט אין לאַגער פירט מען מיך, און ניט אויף קיין אויגיקער באַגעגעניש מיט יענעם וווּנדערלעכן אינזשעניער, מיט וועלכן כ'האָב זיך געטראָפן אין איינער פון די דאָרעם־שטעט אויף אוקראַיִנע, אין זאַפּאָראָזשיע, וועגן וועלכן דער אויספאָרשער האָט געהאַלטן אין איין אײַנטײַנען, אַז יענער האָט מיר איבערגעגעבן עקאָנאָמישע אָנגאַבן...

נאָר געבראַכט האָט מען מיך גאָר אין אַ טפיסע־קאַמער פאַר פּסיכיש־קראַנקע (די אַרעסטאַנטן האָבן די קאַמער אָנגערופן די „פּסיכושקע"). אין דער פּאַלאַטע האָבן זיך געפונען בײַ אַ צען אַרעסטאַנטן. די אויסשטאַטונג איז באַשטאַנען פון אײַזערנע בעטלעך און לעם יעדער בעטל אַ טומבאָטשקע. אין דער מיט פון דער פּאַלאַטע איז געשטאַנען אַ קוואַדראַטער טיש מיט עטלעכע טאַבורעטקעס. פאַר יעדן כוילע שטעלט מען אַוועק אינדערפרי אַ גלאָז מילך אויף דער טומבאָטשקע און אַ ריפטל ווײַס ברויט. די איבעריקע מײַכאָלים זײַנען זייער ענלעך אויף די פּאַכליאָבקעס, מיט וועלכע מע האָט דערוועט אין דער טפיסע. אין אַ ווינקל לעם דער אַרײַנגאַנג־טיר שטייט אַ צינקעווע קעסל פאַר נאַטירלעכע באַדערפענישן, אָדער ווי אויף דעם טפיסע־לאָשן הייסט עס „די פּאַראַשע". נאָך אַזאַ שווערער דויערנדיקער נסיָע האָב איך צום אַלעם ערשטן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פאַרשטויבטע טפיסע־קליידער און מיט אומרײַנע פיס זיך אַוועקגעלייגט אויף מײַן בעטל. אַרונטערגערוקט דעם קאָפּ אונטער דער בײַקעווער קאָלדרע, בין איך ווי אַ דערהאַרגעטער אַנשלאָפן געוואָרן. זייער גיך האָב איך זיך אופגעכאַפּט פון שלאָף. עפּעס אַ מאָדנער היסטערישער געשריי מיט אַ מעשונעדיקער ווילדער קווי־טשערײַ האָבן אַזוי צעטרייסלט די רו פון דער פּאַלאַטע, אַז אַפילע אַ טויטן קאָן עס אופוועקן.

דערזען האָב איך אַ שוידערלעך בילד. לעם דער אַרײַנגאַנג־טיר פון דער פּאַלאַטע איז אָפּן דיל געלעגן אַ צעבלוטיקטער אַרעסטאַנט און לעם אים אַ שטיקל אָפּגעבראָכענער טשערעפּ. דאָס האָט איינער אַ פּסיכיש־קראַנקער זיך געריסן אַרויסצוגיין פון דער פּאַלאַטע. צוערשט האָט ער מיט

די פויסטן געקלאפט אין דער אײַזערנער פאריגלטער טיר און דערנאָך מיטן קאָפּ אזוי לאנג געקלאפט, ביז פונעם צעשפּאָלטענעם טשערעפּ איז ארויס א שטיקל פארבלוטיקטער מארך פונעם קאָפּ. עס זײַנען דורכגעגאנגען עטלעכע שאָ, ביז עס האָט זיך באוויזן א סאניטאר־נאדזיראטעל און אף א טראָגבעטל צוגענומען דעם זעלבסטדערמאָרדעטן. איך האָב זיך געמאכט קלוימערשט ניט וויסנדיק, ניט הערנדיק, דעם קאָפּ ווידער ארונטערגערוקט אונטער דער קאָלדרע, ווי א מוילוואָרף זיך באהאלטן אין דער נאָרע און אפילע ניט קיין פּיפּס געטאָן, כ׳האָב דאָס געמוזט טאָן, ווײַל מע האָט דאָך מיך דערקלערט פאר א מעשוגענעם, דארף איך זיך האלטן ווי א מעשוגענער.

„ריבוינעשעלוילעם, — האָב איך געטראכט, — וואָס האָט מען זיך צוגעטשעפּעט צו מיר, פאר וועלכע זינד דארף איך עס אָפּקומען?" גאָט מײַנער, וויפל איז מיר אויסגעקומען איבערצולעבן בלויז פאר די לעצטע טעג! די קנאפּע צוויימעסלעסיקע נעסיִע פון דער טפּיסע ביזקל דער „פסיכושקע", געפינענדיק זיך אין דעם סטאָליפּין־וואגאָן, איינער אליין אין דער „קופּע" און זײַן באוואכט מיט אווטאָמאטשיקעס און וועלף־הינט, הײַנט די צוויי טשאשקעלעך רויע וואסער, וואָס דער שעף פונעם קאראול דערלאנגט דיר דורך א שמאָל טירעלע, איבערגעפלאָכטן מיט שווארצע דראָטן. באלד נאָך דעם, ווי דו האָסט אָפּגעגעסן די צוויי געזאלצענע וואָבלעס, וואָס האָבן שוין געהאט עטוואָס א פארשטונקענעם רייעך, און דער דאָרשט פּײַניקט דיך, עס טריקנט דיר אין מויל, די צונג איז צעגעשמידט צום גומען, און מאמעש מיט טרערן בעטסטו כאָטש נאָך איין טשאשקעלע וואסער, ענטפערט דיר דער קאראול־נאטשאלניק: „דו האָסט אויסגעטרונקען די נאָרמע וואסער, און מער קומט דיר ניט!", איז נאָך אזא אָפּקומעניש האָט מען מיך ארײַנגעוואָרפן אין א פאלאטע צווישן מעשוגאָיִם. קאָן איך דאָך טאקע מעשוגע ווערן, צוזעענדיק אָט דעם שוידער. דערמאָן איך זיך אין א פּאָר שורעס פון א ליד, וואָס עס האָט אָנגעשריבן א בארימטער יִדישער דיכטער, וועלכער איז נעבעך אומגעקומען אין 1937 יאָר: „מאמע, מאמע, ס׳איז דײַן זון מעשוגע און שווימט ארום א בלויער אפן ווינט..." יאָ, זאָג איך צו זיך אליין, ליגנדיק איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע, עפשער בין איך טאקע מעשוגע? עפשער וועט מיר מײַן קלאָרער מעשוגאס ראטעווען און כ׳וועל באפרײַט ווערן? און ווי לאנג קאָן איך ליגן אָט דאָ צווישן פסיכיש־קראנקע? ווי טראגיש זעט דאָס אלץ אויס. און צוליב וואָס? און פאר וואָס האָט מען אונדז אזוי פײַנט? מיט חאָס האָבן מיר זיך אזוי פארזינדיקט? ווער ווייסט נאָך אזויפיל דעם עמעס (אזוי טראכט איך בא זיך אונטער דער קאָלדרע), ווי דער אויספּאָרשער אליין, אז איך בין אין גאָרנישט ניט שולדיק, אז כ׳האָב זיך מיט גאָרנישט ניט פארזינדיקט. און פארוואָס, ווען עס טרעפט זיך עפּעס א קלייניקער אומגליק מיט מענטשן אינעם לאנד, עפּעס ווערט מיטאמאָל שווערער דאָס לעבן, טײַטלט מען שטענדיק אף אונדז מיט די פינגער, אז מיר, יִדן, זײַנען שולדיק אין דעם און די כינע צעוואקסט זיך אלץ שטארקער און שטארקער... דאָס האָט דאָך געקאָנט טרעפן מיט אונדז אין צארישן רוסלאנד, נאָר ניט איצט אינעם לאנד, ווען טאָג־אײַן, טאָג־אויס רעדט די פּרעסע, די ראדיִאָ וועגן פעלקער־פרײַנטשאפט, וועגן ברודערשאפט, וועגן אינטערנאציִאָנאליזם. פארוואָס קומען אָפּ איך און א סאך אזעלכע, ווי איך, אין די טפּיסעס, אָן שום שולד?.. נאָר עפשער האָב איך געזינדיקט מיט דעם, וואָס פון קינדווײַז אָן האָב איך טרײַ געדינט די ערלעכע געבאָטן פון מענטשלעכקײַט — עפשער איז דעם באשטייט מײַן זינד? ס׳האָט נאָך דער זיידע מײַנער, דער פּאָשעטער פרומער יִד, וועלכער האָט געלייגט יעדן טאָג צוויי פּאָר טפילן, ניט אראָפּגענומען פון זיך דעם טאלעסקאָטן, געשלאָפן אין א יארמעלקע, האָט געפּויעלט בא זיך, אז די טאָכטער זײַנע, באסיע, וועלכע האָט כאסענע געהאט אין צוואנציקסטן יאָר נאָך זײַענדיק אפן פראָנט פונעם בירגערקריג, מיט וולאדימירן דעם סיביריאק, אז ער, וולאדימיר, איז דער בעסטער און פײַנסטער איידעם זײַנער. פון אים, פון וולאדימירן, האָט ער געהאט מער קאָוועד, איידער פון איסאקן, וועלכער האָט כאסענע געהאט פאר ביילקען, דער מיזינקע זײַנער. ווען דער זיידע איז געקומען צו פאָרן קיין לענינגראד צוגאסט, האָט וולאדימיר דער קאָמיסאר אים אליין אוועקגעפירט אין סינאגאָגע און איז געגאנגען אים באגלייטן אף צוריק אהיים, ער זאָל, כאָלילע, ניט פארבלאָנדזשען...

מיטאמאָל האָב איך זיך א הייב געטאָן פון בעטל, אראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאָלדרע און גענומען שפּאנען איבער דער פאלאטע אהין און צוריק, ווי א צעדולטער, א דערשראָקענער. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז אין דער טפּיסע־קאמער האָט דער נאדזיראטעל דערהערט מײַנע מאכשאָוועס, ווײַל איך האָב צו הויך גערעדט מיט זיך אליין, און דאן — איז ווידער אין קארצער, אף דעם הײלצערנעם טאָפּטשאָן, מיט דער רויער גלאָז וואסער... נו, מיילע... ס׳איז מיר נימעס אומאָוועס געוואָרן שוין אלץ...

ענדיקנדיק דאָס ארומגיין איבער דער פאלאטע, האָב איך געוואָלט זיך צולייגן אף מײַן געלעגער, ווי מיטאמאָל האָט איינער פון די פסיכיש־קראנקע זיך אוועקגעשטעלט אפן בעטל, גענומען סווישטשען, נאָכדעם זיך א וואָרף געטאָן אפן בעטל מיט א מאָדנער זיפצערײַ און גענומען שרײַען:

— ווּ ביסטו וואסיליסע?

(סאָף קומט)

שאָלעם-אַלייכעם



# דער בלוטיקער שפּאַס

און אויסערגעוויינלעכער ראָמאַן



## סאַרע רײַסט קוואָרים

סאָרע שאַפּיראָ האָט טאַקע געהאַט זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז ווײַל זי וועט לעבן, זאָל איר פוס נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון איר שוועגערן, די צאַדייקעס, דערפאַר, וואָס יענע האָט זיך אײַנמיטן כאַלעמויעד פּייסעך אופגעהויבן און אַנטלאָפן מיט אירע קינדער פונעם פּאַגראָם און נישט געגעבן צו וויסן אָן אייגענעם ברודער, אַז זי אַנטלויפט, פונדעסטוועגן, אַז די האָט זיך אופגעכאַפּט פונעם כאַלעשן און דערזען דעם כורבן, אַז מע האָט פאַרנומען בא איר די גאַנצע שטוב און איבערגעלאָזט זי איינע אַליין מיט די פיר ווענט, האָט זי ניט געמאַכט קיין לאַנגע שיִעס און, ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג, איז זי אַוועק גלײַך צו איר רײַכן שוואָגער, וואָס איז שוין געהאַט געקומען פונעם רעבן. עס איז אָבער געווען נאָך צו פרי, און שלוימע פּאַמי־ליאַנט מיט זײַן גאַנץ הויזגעזינד זײַנען נאָך געשלאָפן און מע האָט נישט געקאָנט צוטרעטן צו אים אַזוי גלײַך, ווי סאָרען האָט זיך געוואָלט. אופגעשטאַנען זײַנען דערווײַל נאָר די דינסטן, וואָס האָבן גערייניקט און געפּוצט, געבערשטלט און געוועקסלט, געפּרעכט און געשטעלט סאַ־מאָוואַרן. סאָרע האָט זיך קוים דערבעטן בא זיי, מע זאָל זי אַרײַנלאָזן, און אַז מע האָט זי אַרײַנגעלאָזט, האָט די אָרעמע מוטער פאַר די פאַרוווּנדערטע דינסטן אופגעעפנט איר ביטער האַרץ, געוויינט מיט ביטערע טרערן און געבראָכן די הענט, איבערגעגעבן זיי דעם גרויסן אומ־גליק, וואָס איר האָט געטראָפן. האָבן דערהערט פּאַמיליאַנטס טעכטער, אַז עמעצער וויינט, זײַנען זיי אופגעשטאַנען, געכאַפּט אָף זיך עפּעס פון אויבן און אַרויסגעגאַנגען א קוק טאָן, ווער וויינט דאָרטן.

---

פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 7 — 12, 1988, נום. 1, 1989.

— אוי! זע נאָר — די מומע סאַרע?! וואָס שטייט איר אין קיך? קומט אַרײַן אין שטוב אַרײַן. וואָס איז מיט אײַך? וואָס איז געשען?

— אוי, ס'איז געשען! — האָט סאַרע אויסגעבראָכן נאָך אין א גרעסער געוויין, — מע האָט אונדז געקוילעט, ווי איז מיר, אַלעמען, דעם פעטער און בעטין און סיאָמקען און דעם קוואַרטיראַנט, וויסט איז מיר!..

דערהערט דאָס וואָרט געקוילעט, האָבן בײדע מאַמזעלן פּאַמיליאַנט זיך געגעבן א וואָרף איינע איבער דער אַנדערער, אויפגעוועקט די פּאַטער־און־מוטער מיט א גוואַלד:

— גיכערט! שטייט אויף! אַן אומגליק האָט געטראָפן — מע האָט געקוילעט דעם פעטער דאַווידן מיט זײַער בעטין מיט סיאָמקען מיטן קוואַרטיראַנט...

— ווו? ווען? ווער? שמאַ־ייִסראָעל!..

מע מעג זאָגן, אַז זינט די צנוע טויבע פּאַמיליאַנט האָט כאַסענע געהאַט (שוין א שיין ביסל יאָרן), האָט זי נאָך קיין מענטש נישט געזען אָן א פּאַריק. איצט איז זי אַרויסגעשפּרונגען פון בעט מעכילע אין אירע אייגענע האָר, פאַרגעסן אַנצוטאָן, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, די אַריינגעשטעלטע ציין. געכאַפּט אויף זיך א שאַל און אַרויסגעלאָפן צו דער שוועגערן מיט א שרעק און מיט א ניגן פון טכינע־לאָשן, האָט זי אויסגעבראָכן א געוויין:

— ווי איז מיר! מײַן ברודער! מײַן דאַווידן האָט מען געקוילעט? אַזא ברודער! אַזא ברודער! האָט מען מיר געקוילעט?!..

— ווער זאָגט אײַך דען געקוילעט? — איז סאַרע צוגעפאַלן צו איר, — נעשאַמעניו, גאָט איז מיט אײַך! נישט אים האָט מען געקוילעט! מיך האָט מען געקוילעט! מע האָט אים צוגענומען, אײַער ברודער, אין פּאָליציע האָט מען אים צוגענומען! אים און די קינדער בײדע און דעם קוואַרטיראַנט — פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן!..

שלוימע פּאַמיליאַנט, וואָס איז ניט אַזא כאַפּנדיקער פאַרשוין, האָט גאַנץ פײַן אָרופּגעצויגן אויף זיך דעם כאַלאַט, אָנגעטאָן די שטעקשיך און מיט ברייטקײַט אַרויסגעקומען צו סאַרען, פאַרשטעלט מיט דער האַנט די קורצזיכטיקע אויגן.

— וואָס־וואָס־וואָס? וואָס טוט זיך דאָ? — איז ער אַרויסגעטראָטן ברייט, ווי זײַן שטייגער איז, אַרויסגעשטעלט דעם בויך און נישט געקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן. און אַז ער איז געוויר געוואָרן פון דער גאַנצער מײַסע, איז ער קוידעם אָנגעפאַלן אויף זײַן אָרעמער שוועגערן, איר אויסגעגעבן א גאַב, ווי געווייִנלעך א ייִד א גוויר, אַז ער רעדט מיט אַן אָרעמען קאָרעוו.

— אײַערע אייסאָקים! — האָט שלוימע פּאַמיליאַנט געשפּריצט מיט פײַער און אַרומגעגאַנגען הין און צוריק, די הענט אַהינטער, און זיך צוגעהערט צו זײַן אייגענער שטים, וואָס האָט אים געקלונגען אַפן ניכטערן האַרצן זייער אָנגענעם, — אײַערע געשעפטן! גימנאַזיעס! פּאָליציעס! שראַצים! כאַוויירים! טאָוואַרישטשעס! ג־ב־נע!

קיינמאָל האָט נאָך סאַרע נישט געפילט אויף זיך אַזוי דעם גאַלעס פון געלט ביכלאַל און פון רײַכע קרויווים ביפראַט, ווי אין דעם דאָזיקן פּרימאָרגן. איר איז אויסגעקומען אויסצוהערן פון איר שוואָגער, צווישן א סאַך אומגערעכטקײַטן, אויך א שטיק ביטערן עמעס, ווי איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז „א ייִד באַדאַרף געדענקען, אַז ער איז אין גאָלעס, און באַדאַרף זיך נישט שטופּן צווישן גאָיִם, ניט זײַן מיט זיי כאַוווער־לאַפּ, נישט ראַכמאָנעס האָבן אויף אָרעמע שקאָצימלעך, נישט לערנען מיט זיי קיין „ריפּעטיטיקעס" מיט „גאַגראַפיעס" (דאָס האָט ער געמיינט איר קוואַרטיראַנט, וואָס האָט געלערנט מיט קיריליכעס זונדל פאַר ראַכמאָנעס אָן געצאָלטס). סאַרע האָט אים צוגעגעבן, אַז ער איז אַוואַדע גערעכט, גערעכט ווי גאָט אַליין, נאָר וואָס קומט אַרויס, וואָס טוט מען? וואָס זאָל זי איצטער טאָן? מע דאַרף ראַטעווען איר מאַן מיט אירע קינדער פון אַן אומגליק, פון א בילבל! און ראַטעווען זיי קאָן נאָר ער!

— פּרײַער גאָט, דערנאָך איר!

— איך? — זאָגט פּאַמיליאַנט מיט גרויס אַניוועס און פאַרקנייטשט מיט די פּלייצעס און ווײַזט מיר די פינגער אַפן האַרצן, — מיט וואָס קאָן איך העלפן?

— סטײַטש? וואָס רעדט איר? — זאָגט סאַרע מיט טרערן, — איר האָט אַזא נאָמען! איר פירט אַזעלכע געשעפטן! איר טוט אַזויפיל טויזנט ווילד־פרעמדע מענטשן! איר זײַט א ייִד א באַכעם! איר זײַט א כאָשעוו בא נאַטשאַלסטווע! איר קענט זיך „ליטשנע" מיטן גובערנאַטאָר!..

שלוימע פּאַמיליאַנט האָט אַזש א הוסט געגעבן זיך אין באָרד אַרײַן פון אַזויפיל קאָמפּלימענטן אַפּאַמאָל. נאָר קיין זאַך איז אים נישט געווען אַזוי אָנגענעם און זיס צו הערן, ווי אָט דער לעצטער קאָמפּלימענט, אַז ער איז „ליטשנע" באַקאַנט מיטן גובערנאַטאָר. כאָטש אַז מע וויל שמועסן אין טאָך אַרײַן, איז עס געווען נישט אינגאַנצן עמעס: באַקאַנט איז ער טאַקע געווען, אָבער נישט מיטן גובערנאַטאָר, נאָר מיטן וויצע־גובערנאַטאָר, און נישט „ליטשנע", נאָר דורכן סעקרעטאַר, וואָס האָט בא אים עטלעכע מאָל גענומען גאַנץ פײַנע נעדאָווּעס אויף קאַנצערטן, ספּעק־

טאקלען, טאנץ־אָוונטן און נאָך אַזעלכע זאכן... רעב שלוימע האָט געבעטן די שוועגערן זיצן, גע־הייסן, ס׳זאָל זײַן טיי. נאָר סאָרע האָט ניט געוואָלט הערן נישט פון קיין טיי, נישט פון קיין זיצן. איר נעשאָמע איז געווען דאָרטן, בא אירע נאָענטע און טײַערע, בא אירע ליבע און געטרײַע. און כאָטש זי האָט נאָך נישט געוווּסט אקוראט, אין וואָס מע באשולדיקט זיי און וואָס פאר א שטראָף זיי שטייט פאָר, נאָר זי האָט געפילט, דאָס הארץ האָט איר געזאָגט, אז עס האָט זיך אָנגערוקט אף איר שטוב א גרויסער געדיכטער פינצטערער וואָלקן, און זי איז ניט אָפּגעטראָטן און אוועקגעפאָרן, „ראטעווען“ איר מאן און קינדער.

מיט דעם אליין האָט זיך אָבער סאָרע ניט באגנוגנט, פון דאָרט איז זי אוועק צו איר מאנס באלעבאָס און געטראָפן דעם שעף מיט די „באָנים“ אין געשעפט פארנומען, ווער מיט קונדן, ווער מיט כעזשבוינעס און ווער בא דער קאסע ציילן געלט, און דעריבער האָט מען זי געלאָזט א ביסל וואַרטן, ביז מע האָט זיך ארומגעקוקט אף איר.

טיף באלײדיקט האָט זי זיך געפילט, זעענדיק, ווי מענטשן זײַנען אזוי טרוקן און גלײַכ־גילטיק און פארנומען יעדער מיט זיך און מיט זײַנע אייגענע אינטערעסן אין דער צײַט, ווען איר מאן און אירע קינדער געפינען זיך איצט גאָט ווייסט וווּ!.. ארומגעקוקט אף איר פריִער פון אלע־מען האָבן זיך די פּריקאַזטשיקעס. „וואָס ט׳איר זאָגן?“ זי דאַרף האָבן צום באלעבאָס. „אָט זיצט דאָך דער באלעבאָס“. דער קאָפּ איז איר אזוי דערשלאָגן מישטיינס־געזאָגט, אז זי זעט נישט פאר זיך די ליכטיקע וועלט.

אריבגאָן בא דער קאסע איז געזעסן א ייִד פון א יאָר זעכציק מיט זילבערנע קײַלעכיקע ברילן און מיט א באָרד, וואָס האָט אויסגעזען ווי צוגעקלעפּט. דאָס איז געווען דער באלעבאָס, דער שעף. ער האָט געשפּיגן אף די שפּיץ פינגער און געציילט געלט.

קוים־קוים א קוק געגעבן אף איר דורך די ברילן: „וואָס ט׳איר זאָגן?“, האָט זי גענומען וויינען און קלאָגן און דערציילן דעם אומגליק, וואָס איר האָט געטראָפן.

נישט איבערײַסנדיק די ארבעט, האָט דער שעף א זאָג געגעבן:

— א? ווידער אָבלאַווע? הם... פּראַוואָקאַשיטעלסטווע? א קאָמעדיע מיט זיי!..

— א ריינע קאָמעדיע! — האָט אים אונטערגעהאלטן איינער א פּראַנט מיט ווײַסע שיך, מיט באנקעוואַטע אויגן און מיט גראָבע ליפּן, וואָס איז געשטאַנען הערבײַ און געהאָלפן ציילן דאָס געלט נאָר מיט די אויגן און בייסמײַסע זיך באלעקט ווי א מענטש, וואָס זעט יענעם עסן און באקומט אליין אויך אפּעטיט...

— א ריינע קאָמעדיע!..

דאָס האָט סאָרען פארדראָסן, דערלאַנגט אין דער זיבעטער ריפּ: אף איר האָט זיך אויסגעגאָסן דער גאנצער צאָרן פון גאָט, איר האָט געטראָפן אזא אומגליק — און בא זיי איז דאָס א קאָמעדיע!.. פונדעסטוועגן האָט זי מוירע געהאַט אוועקגעבן זיי ווי זיי קומט, פאַרט באלעבאַטים, מישטיינס־געזאָגט, מע עסט פון זיי ברויט, כאָטש איר דאָוויד לייגט אוועק בא זיי פאַרן שטיקל ברויט דאָס גאנצע געזונט, וואָרעם ווו איז דאָ אף דער וועלט נאָך אזא מעשוגענער, ווי איר דאָוויד, וואָס זאָל זיך אזוי פארקויפן מיט לײַב און לעבן, גלײַך ווי ער לעבט נאָר צוליב זיי?.. און זי האָט זיך ווי ווײַט מעגלעך אײַנגעהאלטן און ווייך האָט זי אויפגעקלערט, אז ס׳קאָן זײַן ס׳איז טאקע א קאָמעדיע, א ריינע קאָמעדיע אף צו לאכן, נאָר דערווײַל צאַפּט זיך איר בלוט, אז זי דערמאָנט זיך, אז מע האָט צוגענומען איר מאן מיט אירע צוויי קינדער. צוויי אויגן אין קאָפּ (פונעם קוואַרטיראַנט האָט זי אין דער מינוט פארגעסן), ניט פון אן אָבלאַווע און ניט צוליב פּראַוואָקאַשיטעלסטווע, ווער? וואָס? נעכײַבי וואָלט עס געווען פּראַוואָקאַשיטעלסטווע, וואָלט זי זיך עפּשער אויך אויסגעלאַכט, ווי זיי, און וואָלט עפּשער אויך געזאָגט, אז ס׳איז א קאָמעדיע... איז אָבער איצטיקס מאָל ניט פּראַוואָקאַשיטעלסטווע, ניין. איצט איז אן אנדער אומגליק, א צאָרע, א בילבל, זייער שאָבנס זונדל, דער שערעץ וואָלאָדקע, וואָס מע האָט אים געפונען פאר פייסעך א געהאַרגעטן...

— נו?..

און ביידע, סײַ דער שעף, וואָס האָט געציילט געלט, סײַ דער פּראַנט מיט די ווײַסע שיך און מיט די גראָבע ליפּן, וואָס האָט געהאָלפן ציילן דאָס געלט נאָר מיט די אויגן, האָבן איבערגעריסן זייער ארבעט און גענומען אויספרעגן בא זייער בוכהאלטערס ווײַב אקוראט וואָס און ווען און וויִאזוי און ווי איז דאָס מעגלעך און נאָכאמאָל אלצדינג פונעם אָנהייב. און אז זייער בוכהאלטערס ווײַב האָט זיי איבערגעגעבן אקוראט, וואָס און ווען און וויִאזוי נאָכאמאָל פונעם אָנהייב, האָט דער שעף אויסגעטאָן די ברילן, און דאָס געלט, וואָס ער האָט נאָך נישט געענדיקט ציילן, איז ווי פון זיך אליין פארשווּנדן געוואָרן, און ער האָט זיך אָנגערופן פריִער צום פּראַנט און דערנאָך שוין צו זײַן בוכהאלטערס ווײַב:

— פע! ס׳איז א מיעסע מיַסע, הערט איר! א פאסקודנער אייסעק! ווייער־ווייער א פאסקודנער אייסעק!

דער פראנט מיט די וויַסע שיך און מיט די גראבע ליפּן האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן טיש, פאַרלייגט א פוס איבער א פוס און, שפּילנדיק זיך מיטן דינעם גאָלדענעם קייטל, וואָס איז געהאנגען אפן זשילעט (אויך א וויַס, ווי די שיך), האָט ער צוגעבאָמקעט, אז ס׳איז טאקע א מיעסע מיַסע און א פאַסקודנער אייסעק!..

סאַרען איז אָבער דערפון נישט גרינגער אף א האָר אפילע, אז ס׳איז א מיעסע מיַסע און א פאסקודנער אייסעק — דאָס ווייסט זי אליין אויך גוט, און דערפאר בעט זי זיי טאקע, מע זאָל ניט שלאָפן, מע זאָל עפּעס זען טאָן, מע זאָל זי ראטעווען פונעם אומגליק! עס האָט זיך גענומען אף איר אן אומגליק, א בילבל! און א קוואַל פון פרישע טרערן עפנט זיך אף בא איר גאָר איבעראַניַס.

— נישט אף איַך, אף אונדז אלעמען, אף קאָל־ייִסראָעל האָט זיך גענומען אן אומגליק... — אזוי מאכט צו איר דער שעף און רופט צונויף אלע „באַנים״, די זין מיט די איידעמס, און גיט זיי איבער א ניַס, אז מע האָט פארנומען זייער בזכהאלטער שאפּיראָ מיט די קינדער און אז מע איז אים כוישעד, אז דאָס האָט ער געהארגעט אָט דעם וואלאָדיע טשיגירינסקי!.. וואָס זאָגט איר דערוף?

סאַרע שאפּיראָ איז איבעראשט, זעענדיק, ווי דער שעף און די באָנים און די פּריקאַזטשיקעס אלע און אפילע די קונדן, ווילד־פרעמדע מענטשן, האָבן זיך צונויפגעקליבן אלע אין איין הושטשע און מע רעדט און מע רעדט אלע וועגן איין זאך, אלע וועגן איר אומגליק. נאָר עמעצער פון זיי זאָל זיך עס אפילע רירן פונעם אָרט, לויפן, זוכן, שריַען, ראטעווען איר מאן מיט אירע קינדער, ניין! אדערבע, זי זעט, פארקערט, אז זיי מאכן דאָס גאָר אוועק מיט דער האנט... אנדערע פון זיי לאכן זיך גאָר אויס אף דעם גאנצן אייסעק: „כאַ־כאַ־כא — אידיאָטן!״ זאָגט איינער, און דער אנדערער שפּארט אים איבער: „רעשאָים, ניט קיין אידיאָטן!״. „איך זאָג איַך אידיאָטן!״ — שריַט ווידער דער ערשטער מיט א געלעכטער, און דער אנדערער וויל ניט נאָכגעבן: „רעשאָים, ניט קיין אידיאָטן!״... דער שריַט: „אידיאָטן!״ דער שריַט: „רעשאָים!״ — אָבער איר וואָס קומט ארויס דערפון?.. און סאַרע פאלט צו זיי ווידער מיט א געוויין: „גוואלד, יידישע קינדער, האָט ראכמאָנעס! ראטעוועט!״ לאָזט מען זי ניט וויינען און מע רעדט איר אויס דאָס הארץ, אז זי איז א יידענע און זי פארשטייט ניט, אז ס׳איז גאָר אינגאנצן א נארישקיַט, ס׳איז נישט ווערט, איר זאָלט זאָגן אָט דאָס־אָ! (מע באַוויַזט איר מיט די שפּיץ פינגער דעם ווערט). נישט מער דער ביזאָיען, וואָס מע קאָן אונדז, יידן, כוישעד זיַן אין אזא זאך הײַנטיקע ציַטן, אז מיר האָבן שוין באנען און טעלעפאָנען און פאָנאָגראפן און סינעמאטאָגראפן! כאַ־כאַ־כא.

— פאָלגט זשע מיך, מאדאם, גייט אהיים און זיַט רויק, — זאָגט צו איר אליין דער שעף און קוקט אף איר דורך זיַנע קיַלעכיקע ברילן, וואָס ער האָט טאקע צוליב דעם נאָכאמאָל אָנגעטאָן, — מאדאם! איר זאָלט, הערט איר, גאָר קיין יעסורים ניט האָבן, ס׳איז בלאָטע, ס׳איז כויזעק, ס׳איז א שטוס, ס׳וועט דערפון גאָרניט זיַן. ס׳איז א געלעכטער צו הערן! מע קען איַער מאן, מע קען איַערע קינדער, איך ווייס? מיר דאכט, אז ניט נאָר א מענטשן, א פליג האָבן זיי ניט זאָר טשעפּעט! ס׳איז נאָר א שפּיל, א מאכינאַציע פון די טשאָרנעסאָטניקעס... ס׳איז זיי ניט געראָטן, פארשטייט איר מיך, היַנטיקן פּייסעך מיטן פּאָגראָם, מיינען זיי, טאָמער וועט זיי אָפּגעראָטן איצט... נאָר בלאָטע! שעקער גילט נישט! ס׳וועט גאָרניט זיַן. גאָרניט! מע וועט זיי אויספרעגן און מע וועט זיי אָפּלאָזן. איך זאָג איַך. איך! איך בין איַך אָרעוו, אז ס׳וועט גאָרניט זיַן... נישט מער דער ביזאָיען! דער ביזאָיען פאר זיך און דער ביזאָיען פאר דער וועלט... דער ביזאָיען איז ערגער פון אלצדינג!..

כאָטש נעמט איר אראָפּ דעם קאָפּ, פארשטייט ניט סאַרע, פארוואָס איז דער ביזאָיען ערגער פון איר אומגליק? זי איז זיי מויכל דעם ביזאָיען, זי נעמט דעם ביזאָיען אף זיך... אבי לאָז מען איר אומקערן איר מאן מיט אירע קינדער!.. און זי הערט ניט אוף צו וויינען און צו קלאָגן און צו יאָמערן און צו ברעכן די הענט און צו לויפן פון איינעם צום אנדערן און זוכן זכוס־אָווס, בעטן ראכמים, ריַסן קוואָרים, איַנלייגן די וועלט. זי זאָל גיין אהיים? ווי קאָן זי גיין אהיים? זי וועט איַך גיכער גיין קאפּעקאָל! אין דער שעויל טאכטיע אריַן וועט זי איַך גיין!

— גאָט, גאָט, גאָט! וואָס שוויַגסטו, גאָט?

און גאָט איז דאָך טאקע א דערבארעמדיקער. ער וועט דאָך ניט לאָזן יידישע טרערן זאָלן, כאָלילע, פארלוירן גיין, האָט ער אראָפּגעקוקט פון דער הייך פון זיַן געצעלט און האָט פארנומען איינעם קאָל פון דער דאָזיקער אָרעמער דערשלאָגענער פרוי און האָט זי אופגעריכט גאָר אינגיכן, ווי מיר וועלן דאָס באלד ארויסזען באשיַמפערלעך אין די נאָענטע קאפּיטלען פון אונדזער ראָמאַן.

# סיאַמקע און אײדעס

דעם ערשטן האָט מען אומגעקערט סיאַמקען. מיט קאָוועד, אױף אַן איזװאָשטשיק האָט מען אים געבראַכט צו פירן, און נישט אַליין, נאָר מיט אַ גאָראָדאָװאָי. סאָרע, אַז זי האָט דערזען איר קינד מיט אַ גאָראָדאָװאָי און די איבעריקע זײַנען ניטאָ, איז זי שוין שיר נישט געשטאָרבן.

— סיאַמעניו! סיאַמעטשקע! סיאַמעניונטשיקל! מיר פאַר דײַנע ביינער! װוּ זשע איז דער טאַטע? װוּ איז בעטי? װוּ איז דער קוואַרטיראַנט?

נאָך יעדן װאָרט איז געגאַנגען אַ קוש אָדער אין בעקל, אָדער אין מויל, אָדער אין די אויגן אַרײַן. דאָס קינד האָט זיך געריסן פֿון דער מוטערס הענט:

— נו, גענוג שוין, מאַמע, לאָז מיך אָפּ, אוי, דו װעסט מיך דערשטיקן!

און סיאַמקע האָט דערציילט פאַר דער מאַמע, װיאַזוי מע האָט אים געפירט און װיאַזוי מע האָט אים געבראַכט און װאָס מע האָט אים געפרעגט און װאָס ער האָט געזאָגט. אַלצדינג האָט איר סיאַמקע איבערגעגעבן און געמאַכט מיט די הענט בײַסמײַסע װי אַן אַלטער.

אַז מע האָט זיי אופגעזעצט, — דערציילט סיאַמקע ניסים װעניפלאָעס, — האָט מען זיי אופגעזעצט אױף דרײַ פורן: דעם טאַטן באַזונדער, דעם קוואַרטיראַנט באַזונדער און אים מיט בעטין באַזונדער אױף אַ פור. יענער, װאָס מיט די בלויע בריקן, און בעטי זײַנען געזעסן איבנאָן. און ער מיט צװיי אַקאָלאָדאַטשניקעס האָט מען באַזעצט אַקעגן, און אָט אַזוי זײַנען זיי געפאָרן און געפאָרן, געפאָרן און געפאָרן. דערנאָך האָט מען זיך אָפּגעשטעלט און מע האָט גענומען אַן איזװאָזטשיק, און ער מיט איין אַקאָלאָדאַטשניק האָבן זיך אופגעזעצט אױפן איזװאָזטשיק, און דער אַנדערער אַקאָלאָדאַטשניק און יענער, װאָס מיט די בלויע בריקן, און די שװעסטער זײַנען אװעק־געפאָרן אין איין זײַט, און ער מיטן ערשטן אַקאָלאָדאַטשניק זײַנען אװעקגעפאָרן אין דער אַנדערער זײַט, און מע איז װידער געפאָרן און געפאָרן, געפאָרן און געפאָרן. דערנאָך האָט מען אים געבראַכט צו פירן צו אַ גרויסן מויער, באַלײַכט מיט אַ סאַך לאַמטערנס, און מע האָט אים אַרײַנגעפירט אין אַ באַזונדער כיידערל, און מע האָט אים אַװעקגעזעצט אױף אַ לאַנגער באַנק, אַ גלאַטע, נאָר אַ האַרטע, און מע האָט אים איבערגעלאָזט אײנעם אַליין און אָנגעזאָגט אים, ער זאָל זיך לייגן אױף דער באַנק, און געהייסן שלאָפן. נאָר װי קאָן מען שלאָפן אָן קישנס? פונדעסטװעגן האָט ער זיך אַװעקגעלייגט אױף דער באַנק און געלעגן און געלעגן, געלעגן און געלעגן, אַזוי לאַנג, ביז ער איז אַפּאַנעם אַנשלאָפן געװאָרן, װאָרעם אַז ער האָט זיך אופגעכאַפּט, איז שוין געװען גרויסער טאָג, און לעבן אים איז געשטאַנען אַן אַקאָלאָדאַטשניק, שוין נישט יענער, נאָר אַן אַנדערער, און האָט אים גענומען און האָט אים אַרײַנגעפירט אין אַ גרויסן כיידער מיטן קייסערס פּאָרטרעט. דאָרט איז געזעסן אײנער מיט גרויסע װאָנצעס און מיט עפּאָלעטן און אײנער גאָר אָן װאָנצעס, נאָר מיט אַ גרויסן טשוב אױפן קאָפּ, װאָס הענגט אים אַראָפּ און שאָקלט זיך, בעשאַס ער שרײַבט. דער, װאָס מיט די עפּאָלעטן, האָט אים אויסגעפרעגט, און דער, װאָס מיטן טשוב, האָט פאַרשריבן איטלעכס װאָרט, און בא איטלעכס װאָרט, װאָס ער פאַרשרײַבט, שאָקלט זיך אים דער טשוב. און אויסגעפרעגט האָט אים יענער פֿון אַלצדינג, װיאַזוי ער הייסט, און װיפל ער איז אַלט, און װוּ ער לערנט, און װי דער טאַטע הייסט, און װי די מאַמע הייסט, און די שװעסטער און דער קוואַר־טיראַנט, אַלצדינג, אַלצדינג. און נאָכדעם האָט ער אים גענומען אויספרעגן, צי קען ער קירילי־כע, און איר מאַן, און זייער װאָלאָדקען צי האָט ער געקענט, און װיאַזוי האָט ער זיך געשפּילט מיט װאָלאָדקען, און װען האָט ער זיך געשפּילט מיט אים דאָס לעצטע מאָל און צי פלעגט װאָלאָד־קע קומען אַמאָל צו זיי אין שטוב אַרײַן, און װאָס האָט אים דער טאַטע אָדער די מאַמע געגעבן עסן אָדער טרינקען אָדער אַ שפּילכל, און נאָך און נאָך אַזעלכע זאַכן.

— נו, און װאָס האָסטו געזאָגט? — פרעגט אים די מוטער, ברעכט די הענט און װינטשט זיך בעשאַסמײַסע אַזאַ יאָר, װאָס פאַר אַ קינד דאָס איז, רעדט װי אַן אַלטער, דער טאַטע מיט די ביינער!..

— װאָס זאָל איך זאָגן? — ענטפערט איר סיאַמקע און מאַכט מיט די הענט, — איך האָב זיי געזאָגט דעם גאַנצן עמעס: װיאַזוי איך הייס, און װיפל יאָר איך בין אַלט, און װוּ איך לערן. און אַז קירילי־כע מיט איר מאַן קען איך גאַנץ גוט, און װאָלאָדקען האָב איך גאָר גוט געקענט, געװען כאַװיירים, נאָר אין שטוב בא זיי בין איך קיינמאָל נישט געװען, און שפּילן פלעגן מיר אין פערדלעך און אין מיאַטש. און דאָס לעצטע מאָל האָבן מיר זיך געשפּילט מיט אים אַרום פאַר

פורים־צײַט, און בא אונדז אין שטוב איז וואָלאָדקע אויך קיינמאָל ניט געווען, און דער טאטע האָט אים קיינמאָל נישט געזען, נאָר דער קוואַרטיראַנט האָט אים געקענט מער פון אלע, ווײַל ער האָט מיט אים געלערנט... נו, האָבן זיי מיך גענומען אויספרעגן, שוין אפן קוואַרטיראַנט, ווי און וואָס און ווען.

— נו־נו?

— נו, גאָרנישט. האָב איך זיי דערציילט דעם גאַנצן עמעס, אז דער קוואַרטיראַנט האָט אים אויך נישט געקענט, און ער וואָלט מיט אים קיינמאָל נישט געלערנט, ווען ניט איך וואָלט געווען דערציילט מײַן שוועסטער, אז בא קיריליכען איז פאַראַן א שייגעצל, וואָס מע רופט אים וואָלאָדקע, האָט ער א שטיפּטאַטן, וואָס אז ער שיקערט זיך אָן, האַרגעט ער אים און שלאָגט אים. און אז דער וואָלאָדקע לערנט אין שקאָלע, נאָר ער האָט נישט, ווער ס'זאָל אים מאַכן די אוראָקן — אלצדינג, אלצדינג. און נאָכדעם וויאַזוי איך און די שוועסטער האָבן דערציילט דעם קוואַרטיראַנט פון דעם וואָלאָדקען, וואָס וויל לערנען און האָט ניט, ווער עס זאָל מיט אים מאַכן די אוראָקן, און זײַן שטיפּטאַטע שלאָגט אים, האָט דער קוואַרטיראַנט אָנגעהויבן אַרײַנצוגיין אַהין מאַכן מיט אים די אוראָקן...

— דאָס איז גאָר?

— וואָס נאָך האָסטו געוואָלט? דערנאָך האָט מען גענומען מיך אויספרעגן שוין וועגן קוואַרטיראַנט נאָכאמאָל, וואָס ער האָט געזאָגט און וואָס ער האָט גערעדט וועגן וואָלאָדקען?

— נו, נו?

— נו, האָב איך זיי געזאָגט אקוראַט, דעם גאַנצן עמעס, אז דער קוואַרטיראַנט האָט זייער געליובט וואָלאָדקען, אז ער איז א וויל שייגעצל און אז ער האָט א יידיש קעפּל אױף זיך...

סאָרע, ווי זי איז נישט געווען פאַרזאָרגט און פאַרוויסט, האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן, זי זאָל נישט א שמייכל טאָן:

— אט אזוי טאַקע מיט די ווערטער האָסטו זיי געזאָגט: „א יידיש קעפּל"?

— וואָס זשע? איך וועל אויסטראַכטן פונעם קאָפּ? — זאָגט סיאָמקע מיט גאַדלעס, ווי דער טאַטע זײַנער. — דערנאָך האָט מען מיך גענומען אויספרעגן, וועגן וואָס האָט זיך דער קוואַרטיראַנט געסוידעט מיטן טאַטן ערעוו־פּייסעך, און וואָס האָט ער געטאָן אין פּאַדריאַד, דאָרט, וווּ מע באַקט מאַצע? און בײַם סיידער וואָס האָט מען געגעסן?

— וואָס מע האָט געגעסן? — כאַפּט זיך אויף סאָרע פאַרוווּנדערט.

— אלצדינג האָט מען מיך אויסגעפרעגט, און איך האָב געזאָגט אלצדינג, וואָס איך ווייס, דעם גאַנצן עמעס: אז דער קוואַרטיראַנט זאָל זיך סוידען מיטן טאַטן, זאָג איך, דאָס ווייס איך נישט, און אז דער קוואַרטיראַנט איז געווען, זאָג איך, אין פּאַדריאַד, געהאָלפן באַקן מאַצע, דאָס ווייס איך, און פּייסעך צום סיידער, זאָג איך, האָבן מיר געגעסן א סאך גוטע זאכן. מיר האָבן געגעסן, זאָג איך, מאַצע, מאָרויר און כאַרויסעס, און קאַרטאָפליעס, און אייער, און פיש, און פליייש, און לאַטקעס, און קניידלעך, און כרעמזלעך...

ניין, סאָרע קאָן זיך נישט אײַנהאַלטן מער און כאַפּט אַרום דאָס קינד קושן און האַלדזן: „מיר זאָל זײַן פאַר זײַן פּיסקו!"

סיאָמקע, ווײַזט אויס, איז אליין אויך צופרידן מיט זיך, ווי שיין ער האָט גערעדט. ער דערמאָנט זיך אלעמאָל אן אנדער זאך און שלאָגט זיך אליין איבער און גיט עס איבער דער מאַמע, זי זאָל וויסן:

— שאַ! הײַנט האָב איך דיר פאַרגעסן דערציילן, מאַמע, פון בלוט, וואָס זיי האָבן בא מיר געפרעגט.

— פון בלוט, וויי איז מיר? — פרעגט סאָרע מיט שרעק.

— יאָ, פון בלוט, וואָס מיר האָבן געטאָן פּייסעך אָדער ערעוו־פּייסעך מיטן בלוט?

— מיט וואָסער בלוט? — פרעגט סאָרע און ברעכט די הענט.

— איך ווייס וואָסער בלוט? איך פרעג דיך וואָסער בלוט, — מאַכט סיאָמקע אין צענעמט די הענט ווי אן אלטער.

— נו, וואָס זשע האָסטו זיי געזאָגט?

— וואָס זאָל איך זיי זאָגן? איך האָב זיי געזאָגט, אז איך ווייס ניט פון קיין בלוט.

— נו, און זיי וואָס האָבן געזאָגט?

— וואָס זאָלן זיי זאָגן? האָב קיין מוירע נישט, זאָגן זיי צו מיר, דערצייל, מיר וועלן קיינעם נישט אויסזאָגן.

— נו, וואָס זשע האָסטו זיי געזאָגט?

— וואָס זאָל איך זיי זאָגן? איך ווייס נישט, זאָג איך, פון וואָס צו זאָגן.

— נו, וואָס זשע האָבן זיי געזאָגט?

סיאַמקע ווערט שוין אין קאַס, ווי דער טאַטע זײַנער, און אַגעוו איז ער נעבעך הונגעריק. ער האָט פֿון נעכטן אָפּדערנאָכט אָן אין זײַן מויל נישט געהאַט. צעשרײַט ער זיך, ווי זײַן טאַטע שרײַט, אַז ער ווערט אין קאַס אױף דער מאַמע:

— האָבן זיי געזאָגט! האָסטו געזאָגט! אַ מײַסע אָן אַן עק! און איך וויל גאָר עסן.

— אַ דונער האָט מיך דערשלאָגן! — טוט זיך סאָרע אַ כאַפּ און לויפֿט צו דער שאַפֿע זוכן עפּעס עסן דעם קינד. קומט אָן אין דער מינוט דאָוויד, ווייסט שוין סאָרע גאָרנישט, וואָס זי זאָל טאָן: צי זי זאָל געבן פֿריִער דעם קינד עסן? צי זי זאָל זיך פֿרייען און דאַנקען גאָט, וואָס איר מאַן איז שוין אויך באַפֿרײַט? צי זי זאָל זיך זאָרגן, וואָס די טאַטער איז נאָך נישטאָ? און קוים וואָס זי רעדט אַרויס:

— און ווו איז בעטי? און ווו איז דער קוואַרטיראַנט?

— וואָס הייסט? זיי זײַנען דען ניטאָ נאָך? — פֿרעגט דאָוויד און זוכט מיט די אויגן. — און איך האָב געמיינט, אַז זיי זײַנען שוין לאַנג אינדערהיים...

• • •

אַן אַווירע! דאָוויד איז געקומען צו לויפֿן אַהיים אַזאַ פֿריילעכער, אַזאַ לעבעדיקער, גלײַך ווי ער וואָלט געטראָגן מיט זיך מי יודייע וואָס פֿאַר אַ גוטע בסורע, און נישט איין גוטע בסורע, נאָר אַ סאַך גוטע בסורעס... נאָר דאָס, וואָס די קינדער זײַנען נאָך נישטאָ, — דאָס האָט אים דעם קאָפּ אַראָפּגענומען!

און סאָרע קוקט אױף אים און דאַנקט גאָט אין האַרצן, וואָס איר מאַן איז כאָטש צוריקגעקו־מען אַזוי פֿריילעך... זאָל זי אים דערציילן, וואָס פֿאַר אַ נאַכט און וואָס פֿאַר אַ פּרימאַרגן זי האָט געהאַט? צי זי זאָל אים אויספֿרעגן פֿריִער, וואָס ער האָט געהאַט?..

נאָר ער לאָזט איר צופֿיל נישט טראַכטן. ער וואַשט זיך אי די הענט, אי דאָס פּאָנעם, גלײַך ווי ער וואָלט געקומען פֿון אַ סרייפֿע, אָדער פֿונעם הייליקן אָרט, פֿון אַ לעווײַע...

— נו, אַ נאַכט! נו, אַ פּרימאָרגן! נאַ דיר אַזאַ מין שלאַק! אַ וואָלאַדקע! אַ טשיגירינסקי! אַפֿילו נישט געכאַלעמט!

און דאָוויד הייבט אָן צו דערציילן, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין דער דאָזיקער נאַכט... „נו, אַ נאַכט! נו, אַ פּרימאָרגן!”... ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס בעטי איז נאָך נישטאָ און וואָס דער קוואַרטיראַנט איז נאָך נישטאָ. זיי זאָלן זײַן, וואָלט ער עס אַלצדינג געקאָנט דערציילן אין פֿריידן און בעאַריכעס. און אַז אַזוי, מאַכט ער עס בעקיצער. ער דערציילט, נאָר ער כאַפּט זיך אויף אַלע מינוט, רײַסט איבער, טוט אַ קוק אין פֿענצטער — און דערציילט ווײַטער.

דאָס אַכט־און־פֿופֿציקסטע קאַפּיטל

## דאָוויד שאַפּיראָ — אַ העלד

פֿון דער ערשטער מינוט, וואָס מע האָט אים גענומען, — אַזוי דערציילט שאַפּיראָ אַליין און מע מעג אים גלייבן (פֿאַר וועמען דאַרף ער זיך דאָ באַרימען? פֿאַר זײַן ווײַב?), — האָט עס אים אַזוי געאַרט, ווי דער פֿאַראַאַריקער שניי, אַפֿילו אױף אָט אַזויפֿיל אויך נישט! וואָרעם ער האָט געוווּסט, זאָגט ער, אַז ס'איז גאָרניט, ס'איז כויזעק, ס'איז בלאָטע שעבעבלאָטע, ניט ווערט אַ שאָס פּול־ווער, „זאָלסט זאָגן, אַפֿילו אַ שמעק טאַבעקן!”

מיר געדענקען נאָך פֿונעם ערשטן „אַביסק”, וואָס איז געווען אום ערעוו־פּייסעך, און די גאַנצע צײַט נאָך דעם, אַז שאַפּיראָ האָט זיך געהאַלטן ווי אַ העלד, ווי אַן עמעסער העלד. וואָרעם דאָוויד שאַפּיראָ גייט, פֿאַרשטייט איר מיך, מיט זײַן גאַנג, אַז הײַנט איז נישט דאָס, וואָס אַמאָל: אַמאָל איז געווען אַ ייִד העפֿקער און הײַנט איז דאָ „אַ זאַקאָן, מיט אַ מישפּעט, מיט גערעכטיקײַט, מיט אַ דומע, מיט צײַטונגען — זאָגט אײַך, וואָס איר ווילט, ס'איז פֿאָרט נישט דאָס, וואָס אַמאָל, וואָס פֿאַרצײַטן...” און אַגעוו, ווען ער זאָל אַפֿילו זײַן אַ „טרוס ובעכאַראַקטער”, באַדאַרף ער אויך ניט מוירע האָבן, וואָרעם וואָס האָט ער מוירע צו האָבן, אַז ער ווייסט באַ זיך, אַז ער איז ריין ווי קרישטאָל?.. לאָז מען באַ אים מאַכן זיבעצן „אַביסקן”, לאָז מען אים „אַרעשטעווען” אַכצן מאָל,

לאָז די גאָזעטן שרייַבן צעזעצטערהייט, לאָז היינט בילן „ריטואַל" און „ריטואַל", — וועמען הערט ער? „נישט געגעסן קיין קנאָבל, וועט ניט שמעקן פונעם מויל"... וואָס? עפּשער ניט אַזוי?

דאָס אייגענע האָט ער געזאָגט זיי אויך. אַזוי טאַקע, מיט די ווערטער, האָט זיי שאַפּיראָ געזאָגט, בייס מע האָט אים אַ נעם געגעבן אַפּן „דאַפּראָס". נישט נאָר ער האָט ניט אַרויסבאַוויזן קיין רעמעז, אַז ער האָט פֿאַר עפּעס אָדער פֿאַר עמעצן מוירע צו האָבן, — אַדעראַבע, ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַזאַ שטאַרקייט, און ער האָט אַזוי גערעדט, און ער האָט אַזוי געמאַכט מיט די הענט, און ער האָט אַזוי געבייזערט זיך, גלייַך ווי ער באַשולדיקט, ניט ווי מע באַשולדיקט אים...

— וואָס ווילט איר? — האָט ער זיך צעשריִען, נאָך דעם ווי מע האָט אים געגעבן צו וויסן, אין וואָס אייגנטלעך מע איז אים כוישעד, — אייַך ווילט זיך דאַפּקע אַ „ריטואַל"? בלאָטע, עס וועט אייַך ניט געראָטן! ערשטנס, איז ניטאָ קיין ריטואַלן בא אונדז. דאָס האָט איר אַליין אויסגעטראַכט! וועהאַשייניס, איז אַן אַזוינע אייַער טירכע: ס'איז ניט אַמאָליקע צייַטן, הייַנט וועט איר מיך ניט בייטן, אַז איך זאָל אייַך זאָגן דאָס, וואָס איר ווילט, און אַז איך זאָל אייַך באַסמענען דאָס, וואָס איר וועט אָנשרייַבן... דאָס אַלץ איז געווען מעגלעך מיט הונדערט יאָר צוריק, ניט אַצינד. איצט איז דאָ אַ זאַקאָן מיט אַ מישפּעס מיט אַ פּראָקוראָר...

— לאָז איבער דעם זאַקאָן מיטן פּראָקוראָר אַף שפּעטער, — האַקט מען אים איבער איבערמיטן, — דו זאָג אונדז בעסער, ווען און ווו און וויאַזוי איז געהאַרגעט געוואָרן דייַן שאָכנס שטיף־ייִנגל — וואָלאָדיע טשיגירינסקי?

— וואָסערע שכיינים? וואָסערע שטיף־ייִנגלעך? — האָט זיך שאַפּיראָ אַף זיי נאָך שטאַרקער צעשריגן. — איך קען ניט קיין שום וואָלאָדקעס! איך ווייס ניט פֿון קיין שום טשיגירינסקיס און לאָזט מיך צורו? איר ווילט מיך אייַנזעצן אין טורמע? — זעצט מיך אייַן! איר ווילט מיר מאַכן אַ „דיעלאָ"? מאַכט! איך האָב קיין מוירע ניט, וואָרעם איך בין ריין! ריין ווי גאָלד! איך זאָג אייַך נאָכאַמאָל און וועל אייַך איבערכאַזערן נאָך צען טויזנט מאָל, אַז וואָלאָדקע טשיגירינסקין האָב איך קיינמאָל אין מייַנע אויגן ניט אָנגעקוקט! איך ווייס נאָר, אַז בא מיר איז דאָ אַ שאָכן, וואָס הייסט קירילע, און אַז דער קירילע האָט געהאַט אַ שטיף־זון וואָלאָדקע.

— אַהאַ! ווייסטו שוין יאָ, אַז ס'איז געווען אַ וואָלאָדקע אַף דער וועלט? — שלאָגט מען אים איבער און זיי מיינען, אַז דאָ האָבן זיי געכאַפּט אַ העכט.

— אַוואַדע ווייס איך, פֿאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן? — ענטפֿערט זיי שאַפּיראָ מיט אַ געלעכטער, — אַ גרויסער ייִכעס? איך ווייס, — זאָגט שאַפּיראָ, — איך ווייס, אַז דער קירילע האָט געהאַט אַ שטיף־זון וואָלאָדקע, וואָס ער פֿלעגט אים האַרגענען־שלאָגן; נישט אַלעמאָל, נאָר דעמלט, ווען ער פֿלעגט זיך גוט אָנשיקערן. און ווייַטער ווייס איך גאָרנישט, אָבער גאָר־ניש־ט!

דאָוויד שאַפּיראָ האָט דערבייַ אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט, ווי אָפּגעשניטן מיט אַ מעסער, און איז געווען זיכער, אַז נאָר ווייַל ער, שאַפּיראָ, האָט זיך מיט זיי באַגאַנגען אַזוי שטרענג, האָט מען אים דעריבער געלאָזט צורו... ער האָט נישט געוווּסט, אַז אַ ביסל האָט ער צו פֿאַרדאַנקען דעם „קליינעם וועחוריק", דאָס הייסט זייַן סיאָמקען, וואָס האָט אים אַזוי נאַיִוו אַרויסגעפּלאַנטעט, געזאָגט עטלעכע מאָל, אַז דער טאַטע זייַנער האָט זיך מיט קירילעכעס זונדל ניט אָנגעקערט גאָרניט און אַז דער טאַטע האָט וואָלאָדקען אַפילע נישט געקענט. געקענט האָט אים נאָר ער, סיאָמקע, און דער לערער, דאָס הייסט זייער קוואַרטיראַנט, גריגאָרי מאָיסייעוויטש ראַבינאָוויטש...

און אַ ביסל האָט ער געהאַט צו פֿאַרדאַנקען טאַקע דער קירילעכען אַליין און אויך איר מאַן, וואָס האָבן ביידע זיך מוידע געווען, אַז דער ייִד שאַפּיראָ האָט זיך מיט זייער וואָלאָדקען טאַקע נישט אָנגעקערט גאָרניט ניט, און ס'איז מעגלעך, אַז שאַפּיראָ האָט אים אַפילע נישט געקענט. דערפֿאַר האָט אים געקענט זייער גוט די שאַפּירעכע. און ניט אַזוי נאָך די שאַפּירעכע — לעמייַ זאָלן זיי זאָגן? — ווי שאַפּיראָס קינדער. און ניט אַזוי נאָך שאַפּיראָס קינדער, ווי זייער לערער, „אָט טאָט מאַלאַדיִי, טשאַרנײַ זשידעק" (אָט איענער יונגער, שוואַרצער ייִדל...), וואָס האָט געלערנט מיט זייער וואָלאָדקען אומזיסט...

אָט אַזוי האָבן קירילעכע מיט איר מאַן באַגראָבן שאַפּיראָס קוואַרטיראַנט, זייער וואָלאָדקעס אומזיסטיקן לערער, נייַן איילן, און דערמיט אַרויסגעראַטעוועט די שאַפּיראָס מיט זייערע קינדער פֿון אַן אומגליק.

נאָך מער אָבער האָט שאַפּיראָ געהאַט צו פֿאַרדאַנקען טאַקע דעם קוואַרטיראַנט אַליין. אונדזער ראַבינאָוויטש, וויבאַלד ער האָט זיך נאָר דערלעבט, אַז מע האָט אים שוין אַרייַנגעפֿירט און אַ נעם געגעבן צום אויספֿרעגן, אַף וועלכן ער האָט שוין לאַנג אַרויסגעקוקט, האָט ער בא די ערשטע צוויי־דרייַ פֿראַגן באַלד אַרויסגעזען, אין וואָס דאָ האַנדלט זיך, און האָט גערעכנט, אַז איבערהויפּט באַשולדיקט מען דאָ מיסטאָמע זייַן באַלעבאָס שאַפּיראָן, האָט ער נישט געוואָלט וואַרטן, ביז מע וועט אים שטעלן נאָך פֿראַגן, און האָט אָפּגעגעבן זייער אַ וויכטיקע דערקלערונג. ער האָט

געלאָזט וויסן דעם סודעבני סליעדאַוואַטעל, אַז אויב מע באַשולדיקט שאַפּיראָן אָדער זײַנע בנײ באַיִס אין טשיגירינסקיס טויט, גייט מען אױף אַ פּאַלשן וועג... ווער דער עמעסער מערדער איז — ווייסט ער, ראַבינאַוויטש, און ווײַטער קיינער ניט... ער ווייסט עס שוין פֿון לאַנג... ער האָט אַפֿילע געוואָלט אַליין פֿון זיך אײַנגעבן אַ מעלדונג און קלאָר מאַכן די זאַך אַקוראַט, האָט ער אָפּגעוואַרט, טאָמער וועט די אויספֿאָרשונג אַליין אַרויף אױפֿן עמעסן וועג. איצט, אַז ער זעט, אַז עס האַלט גאָרניט דערבײַ, רעכנט ער, אַז ער איז מעכוייעז צו זאָגן אַלעס, וואָס ער ווייסט... נאָר וואָס דען? אַזוי־ווי ער איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿן און פֿילט זיך אױפֿגערעגט, בעט ער, מע זאָל אים געבן די מעגלעכקײַט, ער זאָל זיך אייסשלאָפֿן, אויסרוען די נערוון, וועט ער נאָכדעם מיט אַ לויטערן קאָפּ און מיט אַ רויִקן געמיט אױפֿדעקן אַזעלכס, וואָס אַלע וועלן שטוינען...

דער סליעדאַוואַטעל, וואָס האָט אופֿגענומען און פֿאַרשריבן די דאָזיקע ווערטער, האָט זיך געריבן אַ האַנט אָן אַ האַנט פֿאַר טײַנעג. דאָס פּאָנעם האָט אים געשײַנט און די אויגן האָבן אים אַ גלאַנץ געגעבן מיט אַ באַוונדער דאַנקבאַרקײַט צו דעם יונגן מענטשן, וואָס האַלט זיך אַזוי פֿײַן און קלוג, און האָט באַלד געגעבן אַ באַפֿעל, מע זאָל ראַבינאַוויטשן אָפּפֿירן אין אַ באַזונ־דער ריין קיידערל און לאָזן דעם גאַנצן טאָג זיך אויסרוען, וויפֿל זײַן האַרץ גלוסט. אויך עסן און טרינקען זאָל מען אים געבן אױפֿן בעסטן אַרט, — מיט איין וואָרט, מע זאָל זיך באַגיין מיט דעם יונגמאַן ניט ווי מיט אַ געוויינלעכן אַרעסטאַנט... און בא שאַפּיראָן האָט מען נאָר גענומען אַן אונטערשריפֿט, אַז ער וועט ניט אַרויספֿאָרן פֿון שטאָט.

— איך וועל אײַך געבן טויזנט אונטערשריפֿטן, — האָט שאַפּיראָ געזאָגט מיט אַ סימכע, וואָס ער איז פֿרײַ, און מיט אַ גאַדלעס, וואָס נאָר אַזאַ מענטש, ווי ער, דאַוויד שאַפּיראָ, מיט אַזאַ מויל, ווי בא אים, קאָן זיך אַזוי גיך אַרויסרײַסן פֿון זייערע הענט...

— אָן אַנדערער אױף מײַן אָרט, — האָט ער זיך באַרימט פֿאַר זײַן ווײַב, — וואָלט זיך אַ ביסל אָנגעזעסן פֿריִער, ביז ער וואָלט דערלעבט הערן דאָס גוטע וואָרט „סטופֿײַטיע!"... און דאָס איז נאָר דערפֿאַר, וואָס בא אים איז נישטאָ קיין שרעקן זיך מיט קיין ציטערן מיט קיין מוירע האָבן פֿאַר פּאָליציע.

— וואָרעם מימאַנעפֿשעך, ווײַבאַלד אַז איך ווייס, אַז איך בין ריין, הײַנט וואָס האָב איך מוירע צו האָבן? וואָס? עפּשער ניט אַזוי?

— אַזוי, אַזוי, — ענטפֿערט אים סאָרע און הערט נישט אױף גלײַך מיט אים צו קוקן אין פֿענצטער און קנאַקן זיך די פֿינגער, ווי איר שטייגער איז, — ביסט אַוודע גערעכט, וואָס איז צו זאָגן? ביסט אַוודע גערעכט... נאָר וואָס איז די מײַסע, וואָס בעטי איז נאָך נישטאָ? און דעם קוואַרטיראַנט וואָס האַלט מען אַזוי לאַנג?

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז מע האַלט אים? — זאָגט דאַוויד ווי אַ העלד און דאָס האַרץ קלאַפּט אים ניט אַזוי אױפֿן קוואַרטיראַנט, ווי אױף דער טאָכטער, — איך וועל דיר זאָגן אַקוראַט, וועסטו זען, אַז איך גיי, דאַנק גאָט, מיט אַ גלײַכן וועג. דאָס, וואָס איז שײַך צום קוואַרטיראַנט, איז גלאַט נישטאָ וואָס איבערצוטראַכטן. ראַבינאַוויטש איז אַ יונגערמאַן מיט גלאַטע לונג־און־לעבער. ער האָט געקאָנט, גלייב זשע מיר, פֿון דאַרטן אַוועקגיין צו זיך אין דער „זובאַוראַטשעבנע", אָדער באַגעגענען זיך מיט אַכצן כאַווײרים און פֿאַרעדן זיך וועגן נעכטיקע טעג, אױפֿן הימל אַ יאַריד...

— יאָ, אָבער בעטי, ווי איז מיר און ווינד!

— שוין! הײַב שוין אָן עפּשער אויסלייגן? — האַלט איר דאַוויד פֿיר, און אַליין קוים וואָס ער האַלט זיך אײַן אין שטוב.

— ווי מיינסטו? — זאָגט ער צו סאָרען שפּעטער אַ ביסל שוין גאָר מיט אָן אַנדער קאָל, — עפּשער וואָלט איך אַ לויף געגעבן צו דער שוועסטער? טאָמער איז זי דאָרטן?

— מעשוגע איז זי מײַנע סאָנים? — ענטפֿערט אים סאָרע, נישט אױף צו דערגאַוועגען, כאָ־לילע, דעם מאַן, נאָר פּאַשעט, ווײַל איר מענטשלעכער פֿאַרשטאַנד זאָגט איר אונטער, אַז נאָך אַזאַ נאַכט, ווען די טאָכטער קומט ניט אַהיים, נאָר צו דער מומע טויבע, „באַדאַרף מען אַ מעשוגענעם אויסמעקן און זי אַרײַנשטעלן"... דאַוויד קאָן אָבער נישט לײַדן, לעמײַ זאָל אַ ווײַב האָבן אַ טעווע זאָגן אַלצדינג קאַפּויער, מיטן קאָפּ אַראָפּ? אָט אַפּצולאָכעס איר גייט ער זיך דורך צו דער שוועסטער און אָט וועט זי זען, ווי ער קומט צוריק מיט דער טאָכטער.

— וואָס וועסטו דעמלט זאָגן?

— וואָס זאָל איך זאָגן? האַלעווײַ, ריבוינעשעלוילעם, פֿון דײַן מויל אין גאָטס אויערן!.. — זאָגט אים סאָרע, און דאַוויד לויפֿט אַוועק ער ווייסט אַליין ניט וווהין. און נאָך אים לויפֿט אויך סאָרע און ווייסט אויך ניט וווהין. און אָט אַזוי לויפֿן אַרום דעם גאַנצן טאָג די אָרעמע פֿאָטער־אוןמוטער נעבעך פֿון איינעם צום אַנדערן, וועגדן אָן זכוס־אָוועס, פּראָטעקציעס, באַקאַנטשאַפֿטן, שלאָגן אָפּ די טירן אין אַזעלכע ערטער, וווּ זייער באָבעס באָבע איז ניט געווען קיינמאָל, און רעדן מיט מענטשן אַזעלכע, וואָס זיי האָבן ניט געזען אַפֿילע אין כאָלעם. זיי זײַנען שוין געבליבן אָן

קויכעס. סאָרע איז אַזש הייזעריק געוואָרן אַזוינע די וואַנט, מע הערט נישט פֿון איר קיין קאָל. עס איז בײַ זיי אַוועקגעגאַנגען אַ טאָג אין זוכעניש און אין לויפֿעניש פֿון איין אויטאָבוס־סטאַנציע אינעם אַנדערן, פֿון איין קאַנצעלאַריע אין דער אַנדערער. אָט־אָט אָקאָרשט ווי מע וועט ניט הייבט אָן ווערן נאַכט — און וואָס זײַנען זיי זײַנען זיי דערגאַנגען? זיי זײַנען דערגאַנגען, אַז זייער קוואַרטיראַנט האָט מען נאַרוואָס אַריבערגעפֿירט אונטער אַ שטאַרקן קאַנוואָי אין טורמע אַרײַן... און פֿון זייער טאָכטער — ווייסט קיינער ניט וואָס צו זאָגן. האָט איר געהערט אַזעלכס? — קיינער קאָן זיי נישט זאָגן אַקוראַט, וואָס איז מיט זייער טאָכטער און וווּ זי איז...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווּ זשע איז געווען בעטי?

דאָס נײַן־און־פֿופֿציקסטע קאַפּיטל

# באָם וואָלף אין די ציין

—אָט זײַנען מיר גע־קו־מען...

אַזוי האָט זיך אָנגערופֿן מיט אַ ניגן, אויסגעצויגן דאָס וואָרט „גע־קו־מען”, דער נעפּעש, וואָס מיט די טונקל־בלויע ברילן און מיט די גראָבע טיזעדיקע ליפּן, צו בעטי שאַפּיראָ, נאָך דעם ווי ער האָט זי נאָך אַ לאַנגער געפּלאָנטערטער נעסיע איבער אַ סאַך גאַסן און געסלעך געבראַכט אַרײַנצופֿירן אין אַ האַלב־באַלויכטענעם קאָרידאָר, פֿאַרשלאָסן די טיר פֿון אינעווייניק און באַהאַלטן דעם שליסל אין קעשענע.

מאָדנע אָפּגעפֿרעגט און פֿאַרדעכטיק איז איר געווען אָט דער קאָרידאָר... זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זיי זײַנען געקומען ניט אַהין, וווּהין ער האָט איר געזאָגט, — און עס איז איר פֿאַרשטאַרבן גע־וואָרן יעדער אייזוער...

אָפּגעפֿרעגט איז איר געווען פֿון דער ערשטער מינוט, וואָס זי האָט דערזען, אַז זי זיצט אָט מיט דעם נעפּעש אין קאַרעטע. נאָך מער אָפּגעפֿרעגט און פֿאַרדעכטיק איז איר געוואָרן, אַז מע האָט אַרויסגעטראָגן אײַנמיטן וועג סיאַמקען און איבערגעזעצט אין אַן אַנדער קאַרעטע.

„וווּהין איז?” האָט זי אויסגעצויגן די הענט אין דער פֿינצטער. נאָר דער נעפּעש מיט די טונקעלע ברילן האָט זי באַרויקט, אַז אָט באַלד קומען זיי זיך צונויף אַלע אינײנעם... און דער־נאָך, אַז ביידע נאַדיראַטעלעס, וואָס זײַנען געזאַט געזעסן אַקעגן אין קאַרעטע, זײַנען איינס נאָך ס'אַנדערע נעלעם געוואָרן, זי ווייסט ניט ווי־אַזוי, האָט זי געוואָלט מאַכן אַ גוואַלד, האָט ער די ווידעראַמאָל באַרויקט, געבעטן, זי זאָל אַרויס פֿון דער קאַרעטע, וואָרעם זיי זײַנען שוין געקומען אָפּן אָרט, און האָט איר אַרײַנגעפֿירט אָט אַהער און איז געבליבן מיט איר אײַנצווייען אויג אויף אויג אינעם דאָזיקן קאָרידאָר, — אָ! זי איז פֿאַרלוירן! פֿאַרלוירן!..

מאָדנע מורעדיקע שאָטנס, האָט זיך איר אויסגעוויזן, דראַפּען זיך און קלעטערן אויף די ווענט פֿון אונטן אַרויף, ציטערן און טאַנצן אויף דער סטעליע... וווּהין האָט מען זי געבראַכט? לעמײַ האָט זי זיך געלאָזט פֿירן? פֿאַרוואָס האָט זי נישט געשריגן?.. איצט איז פֿאַרפֿאַלן. זי איז פֿאַרלוירן, פֿאַרלוירן!..

פּלוצעם, ווי דורך אַ קישעף, ווערט באַלויכטן דער גאַנצער קאָרידאָר פֿון אויבן ביז אַראָפּ און עס באַקומט אַן אַנדער פּאָנעם. די שאָטנס, וואָס האָבן געקלעטערט אויף די ווענט און געטאַנצט אויף דער סטעליע, זײַנען אַנטלאָפֿן, און די ליכטיקײַט, וואָס איז אַרײַנגעטראָטן, איז געווען אַ שטאַרק־שרײַענדיקע ליכטיקײַט.

„מיידל, דו ביסט פֿאַרלוירן!..” האָט זיך איר אויסגעוויזן שרײַט איטלעכס ווינקעלע פֿונעם דאָזיקן ליכטיקן ברייטן קאָרידאָר.

מיט איין קוק האָט זי אַרומגענומען דעם גאַנצן קאָרידאָר, דאָס מעבל, די טירן, די פֿענצטער, דעם טעלעפֿאָן, וואָס אויף דער וואַנט... „שרײַען? אָדער נישט שרײַען?” — דאָס איז געווען איר ערש־טער געדאַנק.

דער צווייטער געדאַנק אירער איז געווען: „נישט שרײַען — עס וועט נישט העלפֿן...” זי האָט געזען, אַז עס וועט נישט העלפֿן, נאָר ווערן וועט זי זיך. ווי־אַזוי — ווייסט זי נאָך אַליין נישט. נאָר זי וועט זיך ווערן...

איר בליק פאלט אפן טיש. נאר אפן טיש איז נישטאָ גאָרנישט, מיט וואָס צו ווערן זיך. סײַדן אָט דער שרײַב־קרעדענץ מיט די צוויי שווערע קרישטאָלענע טינטערס? „מיט אײנעם פון די דאָזיקע צוויי טינטערס, אז מע גיט איבערן קאָפּ, קאָן מען אויך פלעטן דעם מוידך...״

— זיצט, — מאכט ער צו איר, טראָגט איר אונטער א שטול צום טיש און אליין זעצט ער זיך אויך אוועק אקעגן איר, טוט אויס די טונקעלע בלויע ברילן, און זי דערקענט דעם קוק פון זײַנע רויטלעכע, האלב־פארשלאָפענע אויגן אין יענער נאכט פון דער „אַבלאַווע״ — און א קעלט נעמט דורך איר לײַב...

נאר זי נעמט זיך אָן מיט הארץ, זי וויל אים ווײַזן, אז זי האָט קיין מורא נישט פאר אים. אָבער גאָר קיין מורא נישט, קיין קאָפּ אפילע... און זי קוקט אים גלײַך אין די אויגן און פרעגט בא אים: ווו געפינט זי זיך? ווו איז איר פאָטער? וווהין האָט מען אוועקגעפירט איר ברודער? און ווו איז זייער קווארטיראַנט?.. פארוואָס זײַנען זיי ניט אלע אינײנעם?..

ער קוקט נישט גלײַך אין די אויגן און ענטפערט איר דערויף, אז „זי זאָל זײַן גאנץ רויִק — עס וועט זיי גאָרנישט געשען. מע וועט זיי נאָר אויספרעגן אײנציקווײַז יעדן באזונדער דאָס, וואָס מע דארף, און דערנאָך וועט מען זען, ווער עס איז שולדיק, וועט מען אים אָפּשיקן אהין, ווו ער פארדינט, און ווער ס׳איז נישט שולדיק, וועט מען אים לאָזן פרײַ. נאר דערווײַל, איבער נאכט, וועלן זיי אלע מוזן האָבן געדולד, וועלן זיי אלע איבערזיצן, יעדער באזונדער, ביכדיי זיי זאָלן זיך נישט אופרעדן...״

זיי זאָלן זיך נישט אופרעדן? — נישט שוין זשע איז דאָס נישט קיין כאָלעם? נישט שוין זשע איז דאָס ערנסט? ווען באשולדיקט מען אין אזא שרעקלעכן פארברעכן? — נישט שוין זשע איר פאָטער, וואָס האָט קײנמאָל וואָלאָדקען אפילע אין די אויגן נישט געזען? צי זיי אלע ווערן באַשולדיקט אין וואָלאָדקעס טויט? אָט דאָס איז דער „ריטואַל־מאָרד״, וואָס די גאזעטן האָבן דערמיט אזוי צו טאָן?.. און זיי זײַנען דאָס די ריטואַל־מערדער?!.. עס וואָלט געווען פון וואָס צו לאכן, ווען ניט אָט דער סוביעקט, וואָס איז געבליבן מיט איר אינצווייען אָט דאָ בא געשלאָסענע טירן...



און דער „סוביעקט" נעמט ארויס א זילבערנעם פּאַרטסיגאַר, פאַרייכערט א פּאַפּיראָס, כאַפּט א קוק אױף בעטין, זעט, ווי זי ציטערט, באַרויִקט ער זי מיט ווערטער: ער וויל זײַן מיט איר עלעגאַנט, נאָר עס קליידט אים נישט צו זײַן מעגושעמדיק באַוואַקסן פּאָנעם; ער וויל זיך צעשמייכלען, נאָר א שמייכל קלעפּט זיך נישט מיט זײַנע גראָבע טיִיוועדיקע ליפּן; ער וויל רעדן ווייך, נאָר זײַן גראָב קאָל, וואָס גייט ווי פון א פאַס, האָט נישט אין זיך קיין איינציקן ווייכן טאָן. ער זאָגט צו איר, אַז קאָלזמאַן ער איז אין דער מיט, האָט זי נישט וואָס מוירע צו האָבן... זי באַדאַרף וויסן, אַז נישט אָט דאָ וואָלט זי איצט געזעסן, ווען נישט ער... דאָס האָט זי אים צו פאַרדאַנקען...

„איר איז אַלציינס, — זאָגט אים בעטי קלוימערשט גאַנץ רויִק, נאָר דאָס ציטערנדיקע קאָל גיט זי ארויס מיט הענט און פיס, — איר איז אַלציינס, ווו זי זאָל נישט זײַן..." און מיט די אויגן גיט זי אכטונג אױף יעדן ריר, וואָס ער טוט. ער שטייט אוף, גלײַכט זיך אויס און זעצט זיך באַלד אוועק צוריק, פאַרציט זיך מיטן פּאַפּיראָס און, נישט קוקנדיק אין די אויגן, ווי זײַן שטייגער איז, זאָגט ער צו איר: „אָ, ניין! ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אַזאַ, ווי זי, זאָל זיצן מיט אַלע ארעסטאַנטן גלײַך? ווי קאָן ער דאָס דערלאָזן, אַז אַזאַ... אַזאַ..." — עס פעלן אים אויס ווערטער... מין האַצאַד כאַפּט ער א קוק אױף איר, טרייסלט אָפּ מיטן מינדסטן פינגער דאָס אש פונעם פּאַפּיראָס און מאַדנע קאָסע זעט אויס דאָס מעגושעמדיקע פּאָנעם זײַנס און א מאָדנער קאָסאָקער שמייכל שוועבט אױף זײַנע גראָבע טיִיוועדיקע ליפּן... ער טוט א הוסט, רוקט זיך צו צו איר א ביסל נעענטער און רעדט ווײַטער:

„לאָז זי נישט מיינען, אַז נאָר דאָס קאָן ער פאַר איר טאָן: דאָס איז א קלייניקײַט. פאַר איר איז ער גרייט צו טאָן א סאַך, א סאַך מער... דאָס, וואָס פאַר אַן אַנדערן וואָלט ער נישט טאָן פאַר קיין געלט אין דער וועלט!.. ער באַרימט זיך נישט פאַר איר, נאָר ער זאָגט איר דעם עמעס, דעם ריינעם עמעס... זי באַדאַרף וויסן, אַז אַלע פעדעם פונעם דאָזיקן פאַרפּלאָנטערטן אייסעק זײַנען בא אים אין האַנט, און אַז ער קאָן צוליב איר צו יעדער צײַט פאַרבינדן און אופבינדן, פאַרקניפּן און אופקניפּן, אַזוי אַז די גאַנצע „דיעלאָ" זאָל נעמען גאָר אַן אַנדער ווענדונג..."

און ער באַווײַזט מיט דער האַנט, וויִאַזוי, אַז ער וויל, קאָן ער „פאַרבינדן און אופבינדן, פאַרקניפּן און אופקניפּן", און רוקט זיך צו צו איר נאָך נעענטער...

שטאַרקער פון אײַזן איז בעטי. זי פילט, אַז אָט־אָט שפּרינגט איר ארויס דאָס האַרץ און עס ווילט זיך איר אָנרופן אים מיטן עמעסן נאָמען, וואָס ער פאַרדינט, נאָר זי האַלט אײַן אין זיך דעם קאַס און ווי ווײַט מעגלעך ווייך און געלאַסן, נאָר מיט גיפט זאָגט זי צו אים, אַז זי ווייסט נישט, מיט וועלכן אייגנטלעך האָט זי בא אים פאַרדינט, אַז ער זאָל צוליב איר לייגן אַזויפיל מי, ווי ער זאָגט, צו פאַרבינדן און אופבינדן, צו פאַרקניפּן און אופקניפּן?..

„פּאָשעט, ווײַל ער איז פון איר פאַרקישעפט! פּאָשעט, ווײַל פון זינט ער האָט זי דערזען אין יענער נאַכט פון דער „אָבלאַווע" — זי דאַרף עס געדענקען — לעבט ער נישט! ער זעט זי אין כאָלעם און אױף דער וואָר... ער ווייסט, אַז זי האָט פאַר אים מוירע... אַלע האָבן פאַר אים מוירע. מע האַסט אים. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז אַלע האַסן אים, ווײַל ער איז א „שפּיק", א סישטשיק"... גלײַך ווי א „שפּיק" האָט קיין נעשאָמע נישט, גלײַך ווי א „סישטשיק" קאָן נישט ליב האָבן ווי פּערציק טויזנט ברידער..."

מיטן פינגער קוועטשט ער צו דעם אויסגערייכערטן פּאַפּיראָס צום טיש און טוט זיך א ריר, ווי ער וואָלט וועלן אויסקומען נעענטער צום מיידל, וואָס לאָזט פון אים קיין אויג נישט אראָפּ אױף קיין מינוט... מין האַצאַד וואַרפט ער אױף איר א קוק — און זייערע אויגן באַגעגענען זיך... דער גאַנצער צאָרן, מיטן גאַנצן האַס, מיטן גאַנצן עקל, וויפל איר האַרץ האָט פאַרמאָגט, האָט זיך אויסגעגאָסן בא איר אינעם דאָזיקן קוק... מיט פאַרביסנקײַט פון א קאַץ, וואָס לויערט און מעסט אויס איר שפּרונג, האָט בעטי אָפּגעוואָרט און אויסגערעכנט, וואָס וועט זײַן, טאָמער וואַרפט ער זיך אױף איר? וואָס וועט זי טאָן? נאָר עפּשער וועט נישט קומען דערצו? עפּשער וועט זי קאָנען אָפּציִען די צײַט מיט זײַטיקע שמועסן און דערווײַל וועט אוועק די נאַכט און עס וועט ווערן טאָג?.. און זי פאַרוואַרפט אים מיט ווערטער, איינס נאָך ס'אַנדערע: ער זאָל איר זאָגן, ערשטנס, וואָס פאַר א „דיעלאָ" איז דאָס, וואָס ער זאָגט, אַז אַלע פעדעם זײַנען בא אים אין האַנט?.. און, צווייטנס, וויבאַלד אַז ער איז איר יאָ אַזוי געטרײַ און איבערגעגעבן, ווי ער זאָגט, וואָלט ער עפּשער זײַן אַזוי פרײַנטלעך און אופקלערן איר, וויִאַזוי קאָן ער דאָס מאַכן, אַז די גאַנצע „דיעלאָ" זאָל נעמען אַן אַנדער ווענדונג?..

„אָ! לאָז זי אים גאָר נישט פרעגן בעסער — די „דיעלאָ" איז זייער א מיִעסע „דיעלאָ"... שמעקט מיט סיביר און עפּשער נאָך ווײַטער פון סיביר... פאַר איר און פאַר איר פאָטער און פאַר זיי אַלעמען... נאָר זאָל זי זיך פאַרלאָזן אױף אים... ער וועט שוין זען געבן דאָס רעדל א דריי ווי מע באַדאַרף... אבי זי זאָל אים נאָר הייסן..."

ער שטייט אויף פון אָרט, בעטי שטייט אויך אויף פון איר אָרט. ער גייט צו איר נאָענט, פאַרלייגט די הענט אַהינטער, פאַרקוקט איר אין די אויגן אַרײַן פון אונטן אַרויף מיט זײַן קאָסאָקע שמייכל. בעטי לאָזט ניט אַראָפּ קיין אויג פון אים: „וואָס הייסט, זי זאָל אים הייסן? וואָס איז זי אים פאַר אַ הייסערן?..״ אַזוי זאָגט צו אים בעטי און וויל אָפּטרעטן איין שריט פון אים ווײַטער. נאָר איידער זי טוט זיך אַ ריר — איז זי שוין בײַ אים אין די הענט...

• • •

ווו נעמט מען ווערטער און פאַרב אויף איבערצוגעבן דאָס, וואָס אונדזער העלדין האָט איבערגעלעבט אין דער מינוט, אַז זי האָט דערפילט, אַז זי איז אין די הענט פונעם דאָזיקן מענטשן? נישט קיין הענט, האָט זי דערפילט, האַלטן זי, נאָר אײַזנס, און נישט אין איר קערפער איז אַרויסצורײַסן זיך פון די דאָזיקע אײַזנס. נישט קיין פּנים פון אַ מענטשן האָט זי איצט געזען פאַר זיך, נאָר אַ פּאַרצעף פון אַ כײַע... זי האָט פאַרשטאַנען, אַז נישט פון דעם איז צו דערוואַרטן יושער, ראַכמאָנעס אָדער אַנדערע מענטשלעכע געפילן. נישט אים וועט זיך העלפן בעטן. נישט איצט וועט זיך העלפן רעדן. נישט דאָ וועט זיך העלפן שרײַען... דאָס האָט זי אַרויסגעזען באַשײַמפּערלעך פון דער ערשטער מינוט אָן. דאָס האָט זי פאַרשטאַנען מיטן קאָפּ און געפילט מיט אַלע אירע איבורים... זי האָט אָבער געוווּסט נאָך אַ זאַך. זי האָט געוווּסט, אַז אַ מענטש קעגן אַ מענטשן, איינס אויף איינס, קאָן זיך ווערן... פּלוצעם — וואָס איז געשען? די ערד האָט זיך געעפנט בײַ זיי אונטער די פיס און וויל זיי אײַנשלינגען? די סטעליע האָט זיך צעשפּאָלטן און אָט באַלד נעמט זי זיך פאַנאַנדער אויף צווייען און צעפאַלט איניינעם מיט די ווענט? אָדער אַ נעס איז געשען: מענטשן האָבן זיך דערוווּסט, אַז דאָ, צווישן די פיר ווענט, ראַנגלט זיך אַ יונגע נעשאָמע אין די אומרייניע הענט פון אַן אומריינעם מענטשן מיט אומריינע געדאַנקען, זײַנען זיי געקומען צו לויפן איר צו היילף, קאָלוממאַן עס איז נאָך צײַט און מע קאָן זי נאָך אַרויסרײַסן פון די דאָזיקע אומריינע הענט?..

ניין. נישט די ערד האָט זיך געעפנט, נישט די סטעליע האָט זיך געשפּאָלטן, נישט מענטשן זײַנען זיך צונויפגעלאָפן — קיין ניסים געשעען נישט, קיין העלדן זײַנען נישט פאַראַן... פונוואַנען זשע איז דער ראַש מיטן קלינגען, וואָס איר האָט זיך דערהערט? — דאָס האָט מען אָנגעקלונגען איינעם טעלעפאָן וואָס אויף דער וואַנט. לאַנג און שטאַרק האָט מען געקלונגען, און דער קלאַנג, וואָס האָט דורכגעריסן די שטילקייט פון דער נאַכט, האָט ווי גערופן צו היילף, און דאָס רעדל, וואָס האָט זיך געדרייט אין טעלעפאָן, האָט געשריגן אויף אַ מענטשלעך קאָל, זי מעג שווערן, אַז זי האָט געהערט קלאָרע ווערטער: „גיכער-גיכער! גיכער-גיכער!״ און עפּשער האָט זיך עס איר נאָר אויסגעוויזן אַזוי? עפּשער האָבן עס איר געזאָגט אירע שוין צו שטאַרק אָנגעצויגענע נערוון? יעדנפאַלס האָט זי דערפילט, ווי די אײַזערנע הענט, וואָס האָבן זי אַזוי שטאַרק געהאַלטן, האָבן ווי פון זיך אַליין צעגומען זיך און אָפּגעלאָזט זי. איין שפּרונג — און ער איז בײַ דער וואַנט, האַלט דאָס טרײַבל פונעם טעלעפאָן בײַם אויער:

— ווער איז בײַם טעלעפאָן?.. האַ? יאָ!.. דאָס בין איך... איך... איך פאָר! די מינוט! די רעגע!..

דער מענטש האָט זיך אין איין מינוט אויסגעניכטערט, איבערגעביטן און באַקומען מיטאַמאָל אַן אַנדער פּנים, זי געלאָזט צורו און געײַלט זיך וואָס גיכער: „אין אוטשאַסטאָק! אין אוטשאַסטאָק!״...

נישט שוין זשע איז געשען אַ נעס און זי איז געראַטעוועט? ווער איז דאָס געווען בײַם טעלעפאָן? וואָס איז געשען? — דאָס האָט בעטי נישט געוווּסט און נישט געוואָלט וויסן. זי האָט געוווּסט נאָר איינס: אַז זי איז געראַטעוועט.

(פאָרזעצונג קומט)

# ראַכוועסדיק רײַך

## צו גרויס ביסטו, וואַסער

צו גרויס ביסטו, וואַסער,
און ראַכוועסדיק רײַך
אױף טראָגן דעם נאָמען
געוויינלעכן: טײַך.
צו קליין ביסטו, וואַסער,
אין שטיינערנער צאַם
אױף טראָגן דעם נאָמען
דעם ריזיקן: יאַם.
איך שטיי בײַ דײַן ברעג.
דאָס האַרץ ווערט מיר גרויס,
דער ליכטיקער דאַמפּער
ער טראָגט זיך פֿאַרויס.
די וועלדער און פֿעלדער
אין אייביקן צוויט,
די ברעגן פֿון וואָלגע
מיט אים גייען מיט.
צו גרויס ביסטו, וואַסער,
און ראַכוועסדיק רײַך
אױף טראָגן דעם נאָמען
געוויינלעכן: טײַך.
ביסט מער פֿון א טײַך,
ביסט מער ווי א יאַם,
פֿאַר אונדז ביסטו לעבן,
וואָס ווייסט ניט קיין צאַם.
דו ביסט אָט דער וועג,
וואָס דערפֿרישט און באַהעלט
דאָס האַרץ פֿונעם לאַנד
און דאָס אויג פֿון דער וועלט.

## א קוישל לידער

זומער־אָוונט, שפּעט,
יונג און אַלט
און קינד־און־קייט
פֿון פֿעלד מע גייט
מיט אויבסטן,
מיט בוקעטן קווייטן.
פֿון וואַלד מע גייט
מיט קוישן שוואָמען.
אין פֿעלד, אין וואַלד
איך האָב געזוכט
די ווערטער עכטע,
זיי זאָלן אין די הערצער
בליִען, שטראָמען.

ווי אַלעמאָל,
אָפּסנײַ און ווידער
איך טראָג אַהיים
א קוישל לידער.

## ווײַן

אין די קעלערס אין די טיפֿע,
אין די קעלערס אין די קילע,
אין די פֿעסער אין די שטילע,
אין די פֿעסער אין די ברייטע
ברויזט דער אַלטער גוטער ווײַן.
איז א סימען —
ווידער כאַסענעס און סימכעס,
פֿול מיט קישעף־פֿרײַער שײַן,
וועלן זײַן נאָך,
וועלן זײַן.



די רעדאקציע און די רעדקאלעגיע פון „סאוועטיש היימ־לאנד“ באגריסן הארציק דעם דיכטער מאטל שטורמאן מיט זײַן 80־טן געבורטסטאג און ווינטשן אים געזונט, אריכאס־יאמים און נײַע שעפערישע דערפאלגן.

---

## אין ווינטער־נאכט

געשטאנען זײַנען מיר
אין ווינטערדיקער שטאט,
אין רוגג פון ריזן־טויערן.
געשאטן האט א שניי.
בא די פארגליווערטע טויערן
מײַן אטעם האט געשפירט,
געהערט
דײַן ווארעם הארץ
אף קרירעדיקער ערד.
מײַן קאפ דער יונגער,
מײַן קאפ דער בלאנדער
געיאמטעווט האט,
געפרייט זיך
מיט דיר
אין שטאט פארשנייטער.
אונטערן שניי דעם קלארן
האבן הויכע גארטנס
דערגרייכט די צעשטערנטע וועלט,
און ס׳האט אונדזער יונגקײַט,
און ס׳האט אונדזער ליבשאפט
געקוועלט...

## מוט

אף דער בייגזאמער רוט
פון מײַן מוט
זארגזאם גוט
מײַן טאג הענגט,
ווי אן אומרו זיך הוידעט,
און זארגן מיר ברענגט.
מוט מײַנער, מוט!
ווען ניט דו
וואלסט לעבן
אין מיר,
אין מײַן ווארט,
אף דער ערד,
וואלט איך זיך ניט געפונען
קיין ארט.
ווען דו וואלסט ניט שטאלן
מײַן גאנג, מײַן געמיט,
וואלט איך שוין לאנג
פאר מײַן שוואכקײַט
געקניט.

אף דער בייגזאמער רוט
פון מײַן מוט
מײַן טאג הענגט
אויסגעצייכנט גוט.

● ● ●

### גענאַדי עסטרײַך

# דרײַ דערציילונגען

## בראַסלאָוו

אין בראַסילאָוו איז באָריס אָפּגעווען בלויז א האַלבע שאָ — אַזויפֿיל איז דאָרט געשטאַנען דער אויטאָבוס „זשיטאָמיר—כמעלניצקי“.

א באַגנוגעוודיקע קאָמאַנדירונג־באַשעפֿעניש, פֿאַרהאַרטעוועטע אין אומצאָליקע יאַזדעס איז באָריס באַלד נאָכן אַרויספֿאָרן פֿון זשיטאָמיר אַנשלאָפֿן געוואָרן. ער האָט אינסטינקטיוו געשפּאָרט קויכעס, ווײַל פֿון כמעלניצקי האָט ער נאָך געדאַרפֿט פֿליִען קיין קריוואָי ראָג אויף א רעפּובליקאַנישער באַראַטונג פֿון מעטאַלורגן, און שוין פֿונדאַנען זיך אומקערן אַהיים.

באַם אַרײַנפֿאָרן אין בראַסילאָוו איז ווייער „איקאַרוס“ גאַנץ לעפּיש אונטערגעשפּרונגען איבער עפּעס א מעניע, אַרויסטרייסלענדיק דערבײַ אַלע פּאַסאַזשירן פֿונעם שלאָף. קאַלזמאַן דער אויטאָבוס האָט שווימיק מאַנעווורירט אינעם לאַבירינט פֿון שמאָלע איינשטאָקיקע געסלעך, האָט באָריס באַוויזן זיך אינגאַנצן אויפֿכאַפּן ביז א צושטאַנד, אין וועלכן ער איז שוין בעיעכוילעס געווען אי צו באַנעמען די רויטע אויסיִעס אויף דער שילד איבער דער בראַסילאָווער אויטאָסטאַנציע, אי זיך טײַקעף דערמאָנען אין זײַן פֿאָטערס „כראָניק“.

„...מײַן טײַערער, מײַן איינציקער בראַסילאָוו. מײַן כאָלעם, וועלכער איז אַוועק אויף אײביק. איינגיכן וועט שוין קיינער ניט וויסן, אַז אין בראַסילאָוו איז אַמאָל געווען די פּראָסקוראָוו־גאַס, אַז



אַמאָל האָט דאָ געלעבט מויני מאַלקעס, דאָס הייסט איך...״

מע דאַרף דאָך צוטראַכטן אַזוינס! אָפּזיצן גאַנצענע טעג בײַ דער מאַשינקע און קלאַפּן מעמוארן. באָריס׳ ווײַב איז זיכער, אַז דער שווער האָט עס בעקיוון צוגעטראַכט, קעדיי ניט ניאַנטשען זיך מיט די אייניקלעך. ער גופע פילט, אַז די סיבע איז אַן אַנדערע, כאָטש פאַר אים און, באַזונדערס, פאַרן ווײַב איז די לעגאַמרע אומבאַגרײַפלעך. דער פאָטער איז דאָך טאָמיד געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ פּראַגמאַטיקער. נאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט ער אַליין ליב געהאַט אויסצולאַכן זייער שאָכן מאַקס שײַעוויטשן, אַ געוועזענעם אַפּטייקער, וועלכער מוטשעט אַקשאָנעסדיק אויס נײַע רוסישע איבערזעצונגען פון שאָלעם־אַלייכעמס דערציילונגען. זײַן אידיי־פיקס איז צו דערווײַזן, אַז העברעיִזמען קאָן מען איבערגעבן בלויז מיט אַלטסלאַווישע צי אַרכאַיִש־רוסישע עקוויוואַלענטן.

פריִער פלעג דער פאָטער שיִר ניט כאַלעשן פון מאַקס שײַעוויטשן. יענער האָט געהאַלטן פאַר זײַן כויוו איבערצולייענען אים יעדן פרישן טאַרגעם. „איר פילט, מויני, ווי „דאַלגיִיע לעטאַ״ איז נאָענט צו „מאַזלטאָוו״, האַגאַם די סעמאַנטיק איז דאָך בײַ זיי גאָר אַ פאַרשיידענע?״ דער פאָטער פלעג האַסקאָמעדיק שאָקלען מיטן קאָפּ. אָבער אַזאַ שאָקל פלעגט קלעקן, קעדיי אונטערהאַלטן אויף לאַנג דעם שאָכנס אַלכעמישע באַגײַסטערונג.

איצט איז בײַ זיי געוואָרן אַ לעבן, ווי אַ לעקעך: מאַקס שײַעוויטש טיילט זיך מיט זײַנע נײַע ייִדיש־רוסישע אויספאָרשונגען, דער פאָטער לייענט אים נײַע קאַפּיטלען פון זײַנע זיכרוינעס. ביידע שטראַלן פאַר פרייד און באַמערקן אַפילע ניט (צי זיי ווילן ניט באַמערקן), אַז באָריס׳ ווײַב גייט אַרום בעשאַס די דאָזיקע ליטעראַרישע אָוונטן שוואַרץ, ווי די ערד...

באָריס איז אַרײַן אין אַווטאָוואָקזאַל. אַ בילעטקאַסע, עטלעכע לאַנגע בענקלעך און אַן אָפּגעטיילט פאַרן סטאַנציע־בופעט ווינקל, פונוואַנען עס האָט זיך געפילט אַ פריקרער פישדייעך, וואָס האָט גלײַך אָפּגעשטעלט באָריסן פון פאַרווירקלעכן זײַן פאַרלאַנג — אויסטרינקען אַ גלאָז טיי צי קאַווע.

— פאַריאַ![1]

ער האָט אַפילע ניט באַמערקט, ווי אַ צעקנייטשטער פאַרשוין פון אַ יאָר פופציק, וועלכער האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט אויף איינעם פון די בענקלעך, איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו אים.

— פאַררייכערן וועט זיך בײַ דיר ניט געפינען? — דאָס פּנים פונעם צעקנייטשטן האָט אויסגעדריקט געבעט.

[1] גראַב: באַכער (רוס.).

— ביטע, — באָריס האָט האַלב אַרויסגעטרייסלט פונעם פּעקל עטלעכע סיגאַרעטן.

דער צעקנייטשטער פאַרשוין האָט פאָרזיכטיק גענומען איינע, אַ קוק געטאָן פרעגנדיק און פאַרטשעפּעט נאָך איינע.

— אויף אַ נויטפאַל, — האָט ער דערקלערט באָריסן.

באָריס האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז די ציג, וועלכע ס׳האַלטן זייערע דאַטשע־שכיינים, נעמט אַ שטיקל ברויט בײַ אומבאַקאַנטע מענטשן מיט פּונקט אַזאַ בענימעסדיקער פאָרזיכט.

זיי זײַנען ביידע אַרויס אין דרויסן.

— ניט לאַנג צוריק, אָפן נײַנטן מײַ, זײַנען דײַניקע אָנגעפאָרן אַהער פונעם גאַנצן לאַנד. — דער אומבאַקאַנטער האָט פאַררייכערט.

— וועלכע מײַניקע? — האָט ניט פאַרשטאַנען באָריס.

— ייִדן. דאָ, הינטער דעם צוקער־זאַוואָד, איז אַ ברידער־קייווער. זיי קלײַבן זיך דאָרט צונויף אַלע יאָר, — און צוגעגעבן אין אַ ווײַלע אַרום, — כ׳בין אויך דאָרט געווען. כ׳לאָז ניט דורך קיין איין צונויפקומעניש.

— וואָס זשע, איר באַקומט פון דעם פאַרגעניגן?

דאָס וואָרט „דײַניקע״ האָט גלײַך קאַליע געמאַכט באָריסן די שטימונג. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אין יון זיבן־און־זעכציקסטן האָט זייער שאָכן אַלעקסיי אַרטיאָמאָוויטש אים איבעראַשט מיט אַ פראַגע: „נו, וואָס האָבן דײַנע דאַיאַנאָווצעס זיך פּלוצעם צעבושעוועט?״

— כ׳בין דאָך דאָרט דעמאָלט געווען, — האָט דער פאַרשוין גלײַך ווי ניט באַמערקט באָריס׳ שטאָך. — מיר האָבן ניט ווײַט געלעבט פונעם צוקער־זאַוואָד. האָב איך זיך פאַרבאַהאַלטן אויפן בוידעם און אַלצדינג געזען. — ער האָט עטלעכע ווײַלעס געשוויגן. — די פּסיכיִאַטערן האַלטן, אַז גראָד נאָך דעם בין איך מעשוגע געוואָרן. אַ, וואָס פאַרשטייען זיי, די דאָקטוירים? וויפל מאָל האָב איך בײַ זיי געבעטן מיר געבן אַזאַ רעפוע, אַז איך זאָל קאָנען פאַרגעסן דאָס אַלצדינג. אַ, — ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איז אַרײַן אין אַווטאָוואָקזאַל.

באָריס האָט פאַרנומען זײַן אָרט אינעם אַווטאָבוס. אַנשטאָט אַ לייטענאַנט, וועלכער איז געזעסן לעבן אים פון זשיטאָמיר, האָט איצט דעם פּאַטעל פאַרנומען אַ מיידל מיט פריילעכע כיינגריבעלעך און אויסגעשמירטע מיט רויטער ליפּנפאַרב גאָלדענע צאָן־קריינדעלעך. זי האָט לעבעדאַפּטיק וועגן עפּעס געמאַכט מיט די הענט צו אַ געזונטן יאַט, וועלכער איז געשטאַנען פון יענער זײַט פענצטער און געקוקט אויף איר מיט שיִר ניט וויינענדיקע אויגן.

פון ערגעץ־ווּ האָבן זיך באַוויזן דרײַ קוואַלע שמוציקע הינט, האָבן זיך א דריי געטאָן לעבן דער אַרײַנגאַנג־טיר, דערנאָך זײַנען זיי אויף א ווײַלע פאַרשווּנדן געוואָרן און ווידעראַמאָל געקומען צו לויפן, קעדיי זיך לעסאָף אויסזעצן אַרום דעם געזונטן יאָט.

דער פאַרליאַפּעטער מיט בלאָטע, אַמאָל געקאַלכטער אויטאָוואָקזאַל, עטלעכע, זעט אויס, טאָך מיד פאַרמאַכטע קיאָסקן, דער יאָט מיט די הינט — אַלץ האָט זיך א ריס געטאָן פונעם אָרט און איז אַוועקגעשווּמען איבער די שמאָלע אײַנשטאָקיקע געסלעך.

שוין דורכן דרעמלעניש האָט זיך באַריס דערמאָנט אינעם פאָטערס היספּײַלעס פון זײַן פאַראַיאָריקער רײַזע קיין בראַסילאַוו:

— זאָלסטו, באָריקאַ, א קוק געטאָן אויף מײַן בראַסילאַוו! ס'איז געוואָרן מאַמעש א קלײנער פּאַריזשו!

# א סודע

הײַנט ווייס שוין קיינער ניט זאָגן, אַז דאָס גרינע פינפשטאָקיקע הויז נומער אַכט און נאָך עטלעכע זײַנע גרויספּאַנעליקע צווילינגען אויף דער קאָסמאָנאַוטן־גאַס זײַנען אַמאָל געשטאַנען אויף דער סאַמע גרענעץ צווישן דער שטאָט און דער ניט־שטאָט. פאַר די קאָרעוו צוואַנציק יאָר איז די ניט־שטאָט אָפּגעטראָטן אויף א צענדליק טראָלייבוס־אָפּשטעלן, נעענטער צום מאָסקווער שאָסיי. די עצעם הײַזער האָבן זיך אויך געענדערט: די שמאַראַגד־פאַרב איז טיילווײַז אָפּגעפאַלן, טיילווײַז אָפּגעבליאַקעוועט, און אויף איינינקע פאַנעלן איז זי אַפילו געלדרויט געוואָרן, גלײַך ווי עפּעס א זשאַווער האָט אויפגעגעסן די אומגעלומפּערטע פיגמענטאַציע.

ניט ווייניקער האָבן געליטן די צעטלען פון די באַוווינער, וועלכע האָבן זיך צופעליק פאַרהיט אויף עטלעכע אַרײַנגאַנג־טירן. אײַב זיך גוט אָנשטרענגען, קאָן מען פונדעסטוועגן אויף איין צעטל באַנאַנד מיט דער ציפער „7" פאַנאַנדערקלײַבן: „בערזשיגאַל ד. מ.".

די דאָזיקע אַלטע שריפטצייכנס האָבן נאָך ניט אינגאַנצן פאַרלאָרן זייער נוציקייט. אַשטייגער, בערזשיגאַל ד. מ. וווינט טאַקע אין דער דירע נומער זיבן, נאָך מער, באַם דאָזיקן ד. מ. איז הײַנט א געבורטסטאָג. לעכאָלדהאַפּאַכעס, אַזוי איז פאַרשריבן אין אַלע זײַנע דאָקומענטן, סײַ אין די, וואָס ליגן פאַרבאַהאַלטן צווישן דעם ריינעם בעטוועש, אין א קאָנפעטן־פודעלע, סײַ אין די „אָפּהיטן אײַביק"־פּאַפּירלעך, וועלכע זײַנען פאַר צענדליקער יאָרן צעוואָרפן געוואָרן איבער פאַרשיידענע אַנשטאַלטן.

אינדערעמעסן איז דער הײַנטיקער אימעניניק געבוירן געוואָרן, לויטן לועך, אין פיר וואָכן אַרום נאָך ערעוו פּייסעך. אָבער אין זעכצן יאָר אַרום, ווען ער האָט באַקומען זײַן ערשטן דאָקומענט, האָט עמעצער אויסגעכעשבנט, אַז לויטן קאַלענדאַר דאַרף עס זײַן אַן ערעך פינפטער מײַ. און אַזוי איז שוין געבליבן...

ס'איז געווען הייס, ניט קיין זעלטענע זאַך אַפילו אין מײַ פאַר די דאָזיקע סטעפּ־מעקוימעס. דורך דער אָפענער באַלקאָן־טיר האָבן זיך אינעם צימער דערטראָגן די הויף־רייכעס — א געמיש פון אַספאַלט־אויסדאַמף, בלינג־אַראָמאַט און סמאַלענע פונעם ערגעץ בישכיינעס צוגעברענטן עסנוואַרג.

דאָווויד מאַטווייעוויטשעס געבורטסטאָג איז דורכגעגאַן לויטן קאַנאָנישן סיידער. נאָכן ערשטן טיש מיט פאַרשיידנאַרטיקע פיש, מיט ווישעניגע און סאַלאַטן, מיט „ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר" און „נאַכעס פון קינדער" האָט עלווירע מאַרקאָווּנע אַרײַנגעטראָגן צוויי פּאַלומיסקעס מיט סאַציווי און א גרויסן טעלער מיט פאַרבאַקטע אין מאַיאָנעז הינער.

צוויי פלעשער בראָנפן און א גראַפין מיט אַן אַליין־געמאַכטער נאַליווקע האָבן געטאָן זייערס: באַם טיש איז געוואָרן רוישיק. די „פאַרסײַטן" — דאָווויד מאַטווייעוויטשעס דעפיניציע פאַר דער מעסיבע פון זייערע קרויווים און פרײַנט — האָבן זיך צוגעכאַפּט צום ריידן אַזוי זשעדנע, פונקט ווי מיט א שאָ צוריק האָבן זיי אַלע זיך אַרופגעוואָרפן אויף די מײַכאָלים.

בלויז עלווירע מאַרקאָווּנעס שוועסטער דאָרע, א פרוי א צענטנער די וואָג, האָט נאָך ניט פאַרלוירן אַן אופריכטיקן אינטערעס צום סאַציווי, צעסמאַקטשקענדיק יעדעס שטיקל ביין און ניט שטערנדיק איר מאַן זוניען צעדינגען זיך מיט „אַט רעטשאָמסיא אַט סטאַראָוואָ מיראַ". א בריגאַדיר פון די טרעגער אויף א ציגל־זאַוואָד, פלעג ער געווינלעך אָדער שמייכלען, אָדער זינגען, אָדער פלוד צעם אַרויסברענגען זײַן רעטעניש־פולע פראַזע: „איך אינטערעסיר זיך, וועראָטשקע, — האָט געזאָגט קאָסטיע", צו וועלכער די פאַרסײַטן זײַנען שוין פון לאַנג צוגעוווינט געוואָרן, אָבער א נײַעם מענטשן פלעגן זײַנע ווערטער טאָמיד ברענגען אין פאַרלעגנהייט.

לעבן זוניען איז געזעסן סאָניע, דאָווויד מאַטווייעוויטשעס און עלווירע מאַרקאָווּנעס טאָכטער.

סאַניעס נאָז, וואָס איר גרייס האָט אומופהערלעך זי געענדגערט, איז געווען אָנגעריכטעט אויף איר מאַן, צוליב וואָס זי האָט געהאַלטן דעם קאָפּ עפּעס אומנאַטירלעך, אַרײַנגעצויגן דעם האַלדז אין די אַקסלען און איסניצנדיק דעם לינקן שלייסלביין אַלס אונטערשטעל פאַרן קין. אויף אַזאַ מין אויפן האָט זי שטרענג קאָנטראָלירט איר מאַנס רעאַקציע. שפּעטער, אינדערהיים, וועט זי דורכפירן אַן אַרדנט־לעכע „באַהאַנדלונג פון די פלוגן": פאַרוואָס האָט ער דערמלט אפילו ניט א שמייכל געטאָן, כאָטש אַלע — און אפילו דער פעטער זוניע — האָבן זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

דאָס פאַרקערעווען דעם קאָפּ האָט געדאַרפט גלײַכצײַטיק ווײַזן, אַז איר, א לערערן פון גע־שיכטע, איז פריקרע צו זיצן דאָ, אין אַזאַ געזעל־שאַפט.

אַבראַם סאַמסאָנאָוויטש, דער בעסטער אין דער שטאָט פּרויעד־פאַבריקמאַכער, וועלכן דער הי־גער „באָמאָנד" האָט געוווּסט אַלס בומע, איז גע־זעסן אַנטקעגן פּענצטער און געשפּילט די ראָליע פון א באַדכן.

— שטעלט זיך פאָר, סע קומט מײַן אייניקל און דערציילט, אַז בא זיי אין דער שול איז די גאַרקיך איבערגעטאָן אויף אַן אייגענעם אויסהאַלט, דעריבער דאַרפן זיי אויף ווײַטער טראָגן מיט זיך די טשאַשקעס.

אַבראַם סאַמסאָנאָוויטש האַלט אויס א פּאַוזע, צוזיצנדיק אַלעמענס אויפמערקזאַמקײַט, און ווען אפילו דאָרע מאַרקאָוונע הערט אויף אויף א ווײַלע סמאַטשקען די היִנער־ביינער, זעצט ער פאָר ווײַטער:

— דערנאָך פרעגט בא מיר דער קליינער: „זיידעניו, און וואָס איז דאָס אוזינס, אָט דער דאָ־זיקער אייגענער איסהאַלט?" ענטפער איך אים, אַז ס'איז ווען מע דאַרף אַרומשלעפּן מיט זיך די טשאַשקעס. כאַ־כאַ־כאַ!

ער לאַכט ביז טרערן, נעמט אַרויס א גע־קעסטלט נאָזטיכל און רײַבט לאַנג די אויגן.

— כ'אַרבעט אַלע יאָרן אויף מײַן אייגענעם אויסהאַלט, — באַרויקט ער זיך סאַפּקאַלסאַף, — א רובל דער קאַסירשע, א צענערל דעם דירעקטאָר, און דו קאָנסט האַלטן, אַז דער פּאַטעל, דער שפּיגל און דער פּען זײַנען שוין דײַנע. אַזוי אַז לאָמיר אויסטערינקען פאַר אַזאַ אויסהאַלט, וועלכן מע קאָן א טאָפּ טאָן גלײַך אין דער קעשענע.

אַלע האָבן אויסגעטרונקען.

— בומע, און פאַרוואָס זײַנען אַריק מיט ליאַ־ליען ניט געקומען?

— פרעג בעסער ניט, דאַדיק, וועגן די שנע־קעס. — אַבראַם סאַמסאָנאָוויטש פאַרקרימט דאָס פּאָנעם ווי פון ווייטיק. — די שנור מײַנע געטרײַע האָט געמאַכט אַריקן א סקאַנדאַל, אויף דעם איז זי א בעריע. הערט נאָר! ער פּאַטערט צופיל געלט!

ס'ווילט זיך ניט פּאַשעט קריכן צו זיי, אָבער ווי געפעלט עס דיר: זי האָט איר אייגן געלט, און ער — זײַן אייגן געלט. ענגלישע לאָרדן, ניט ווײַ־ניקער! מע טיילט, מע רעכנט אויס, מע קריגט זיך, כאָטש אינדערעמעסן האָבן זיי בלויז איין קוואַל — דעם טאַטן בומע מיט זײַן אייגענעם אויס־האַלט! — ער האָט א קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש. זײַן פּוּשער מיט טאַמאַטן־זאַפט האָט זיך איבערגעקערט, און אַרום דעם פּאַלומיסעק מיט רעשטלעך פונעם סאַציווי האָט זיך צעגאָסן א רויט־לעכע לוזשע.

— „סקאַטערט בעלאַיאַ זאַליטאַ ווינאָם", — האָט א רעווע געטאָן זוניע.

— אַריק שלאָפט און זעט א „זשיגולי", — אַבראַם סאַמסאָנאָוויטש האָט זיך אָפּגערוקט פונעם טיש, דורכלאָזנדיק עלווירע מאַרקאָוונען צו דער לוזשע. — און ליאַליע טײַנעט וועגן עפּעס אַן אָפּ־גאַנישן הונט, וואָס קאָסט ביז א טויזנטער. טפו! מע איז אַליין צעבאַלעוועט געוואָרן, ווי די הינט.

די ברעזשיגאַלן האָבן געהאַט זיך באַקאַנט מיט בומען פאַבריקאַנטס געזינד אין אָדעס, ניט ווײַט פון אַרקאַדיע. דעמלט, אין צוויי־און־זעכציקסטן, האָבן די ביידע מישפּאָכעס געדונגען שכיינעסדיקע צימערן באַם פעטער וואַסילי, א שווײַגנדיקן פאַר־שוין, וועלכער האָט זיך גאַנצענע טעג געפּאָרעט לעבן די אַלטע פּאַמפּעס פונעם סאַנאַטאָרישן וואַ־סער־הייל־אַנשטאַלט. האַרט צום וואַסער־הויז האָט זיך אויפן אַפּריס צוגעטוליעט א גראַמע שטוב, וווּ יעדעס ווינקל איז זומערצײַט געווען פאַרנומען מיט די אָנגעקומענע „ווילדע".

אָפּדערנאַכט, ווען דער „פּליאַזש" — א קליין פעלדזיק שטעקל, צו וועלכעס עס האָבן גע־פירט שטאָקיקע, אויסגעקלאַפּטע אינעם ציצעם אַפּריס טרעפּ — פּלעגט ווערן א גרענעץ־זאַנע, זײַנען די אַפּרוענדיקע געזעסן ביז שפּעט אויף א וועראַנדע, אָדער ווי עס האָט זי גערופן דער פּע־טער וואַסילי — אויפן שיפדעק.

די מאַנצבלען האָבן גלײַך ניט ליב באַקומען איינער דעם אַנדערן, הגאַם יעדן פון זיי האָט שאַענוויִז געהאַלטן אויפן „שיפדעק" דאָס ווײַב פונעם פריקרע שאָכן.

אַבראַם סאַמסאָנאָוויטש האָט ביגנייוויש געהאַט האַנאָע, קוקנדיק אויף עלווירע מאַרקאָוונען, וועלכע האָט אים אויסגעזען צו זײַן א פּאַרקערפּערונג פון אינטעליגענטישקײַט, שוצלאָזיקײַט. עפּעס רירנ־דיקס איז געווען אין איר שרעקעוודיקײַט, אָבער־גלויבערישקײַט, אין איר אויסגעצערטקײַט און אפילו אין אירע אַלטמאָדישע ברילן. דאַוויד מאַט־ווייעוויטש איז באַצויבערט געוואָרן פון סעראַ־פימע מיכײַלאָוונעס שיינקײַט, א בלענדיקער, גיכער א ציגײַנערישער, איידער א יידישער. מיט עפּעס איז זי געווען ענלעך אויף זײַן ערשטן ווײַב, א פּוילישער ייִדישקע, וועלכע איז אומגעקומען פון אים

מיט א קינד פון א יאָר, קעדיי איַנגיכן אַרויס־
פאָרן פריִער קיין פּוילן, און שוין פון דאָרטן
קיין יִיסראָעל.

די צײַט האָט ניט איַנגעשטילט די ערשטע
אַנציקונג, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין יענע
אָוונטן, אַנגעפּילטע מיט דער יאָם־פּאָליפאָניע. אַדער־
ראַבע, די דאָזיקע אַנציקונג איז געוואָרן א יעסאָד,
אַף וועלכן עס האָט זיך געהאַלטן די לאַנגיאָריקע
באַציִונגען צווישן זייערע מישפּאָכעס...

— מומע סימע, וואָס האָט איר געקראָגן אין
מאָסקווע?

סאָניע האָט פון לאַנג געוואָלט פרעגן וועגן
דעם. פונדערווײַטנס האָט זי שוין געזען ליאַליעס
נײַעם קאָסטיום און גלײַך דערפילט, אַז זי איז
געבליבן א נאַקעטע אַף וועסנע־צײַט. עלווירע מאַר־
קאָוונע האָט זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן
געבראַכט נאָך קימאַט אַזאַ קאָסטיום, קלוימערשט
פאַר סעראַפימע מיכײַלאָוונען. ס׳איז געווען קלאָר,
אַז קיינעם פון די בערדישיגאַלן וועט די מומע
סימע בעשום־אופן ניט אָפּגעבן קיין איין בעגעד:
ערשטנס, דאַרפן אַלע רעדן בלויז וועגן אירע,
צווייטנס, באַ סאָניען וועט זי דאָך ניט נעמען „פאַר
דער טירכע״. אָבער — און ס׳איז שטענדיק
אַזוי — סאָניע קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן. דערנאָך
וועט זי לאַנג ניט שלאָפן, עפּשער אַפילע ווייגען
פון פאַרדראָס, ניט בעיעכוילעס צו פאַרגעבן זיך
אָט די שוואַכקײַט.

— סאָפאָטשקע, ליבינקע, דו ווייסט דאָך, אַז
מיר פאָרן קיין מאָסקווע ניט צוליב קליידן!

ס׳איז געווען א שטאַרקער ענטפער, וועלכער
האָט סאָניען אין א געוויסער מאָס אַפילע באַרויִקט:
זי האָט זיך גלײַך פאַרהאַקט אין א טעמפּן ווינקל.

— און וואָס נאָך זײַנען מיר געפאָרן? —
האָט מיט א בייזן שמייכל א קוק געטאָן אַפן ווײַב
אַבראַם סאַמסאָנאָוויטש. באַ אים איז נאָך ניט דורכ־
געגאַנגען די דענערווירונג פון זייער נעכטיקן
זיכסעך מיט סעראַפימע מיכײַלאָוונעס געווייִנלעכן
„גיי צו דײַן עלוויראָטשקען״ קעגן זײַנע „א שטיקל
גאַרנישט״ און א „פאַרשטאָפּטער קאָפּ״.

— הייבסט שוין אָן דײַנע שטיק? — סעראַ־
פימע מיכײַלאָוונע האָט פאַרליגט די הענט אַפן
האַרצן, פאַרשנורעוועט די ליפּן און עטלעכע מאָל
א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: זאָל ער רעדן, זי איז
העכער פון דער דאָזיקער פּלוידערײַ.

— „נאַטשנאָם סנאַטשאַלאַ...״ — האָט גענו־
מען אויסצי̇ען אַף די הויכע נאָטעס זוניע, אָבער
איז גלײַך פאַרקאָרקעוועט געוואָרן מיט דער דלאָ־
ניע פון זײַן ווײַב, וואָס האָט אָקאָרשט פאַרענדיקט
די האַנט־שלאַכט מיטן סאַציִווי.

— כ׳האָב נאָך אַליין אַמאָל אויסגעלאַכט מײַן
סמענשטשיק, ווען יענער האָט מיר דערציילט, ווי
זײַן ווײַב איז געשטאַנען אין גום אין עפּעס א
ריי, און ער פלעג איר רעגולער אונטערטראָגן
פּירוזשקעס, קעדיי זי זאָל דאַרט ניט אויסצי̇ען
די פאָדקעוועס.

כאָטש די מײַסע איז געווען מיט א היפּ־
שער באָרד און עס איז געווען פאַרדריסלעך צו
זען, ווי בומע, דער גרוזיאַן, באַליידיקט סעראַפימע
מיכײַלאָוונען, האָט דאַוויד מאַטווייעוויטש זיך צע־
לאַכט ביז טרערן אין די אויגן. ס׳איז אים שטאַרק
געפעלן געוואָרן די דאָזיקע „קעדיי זי זאָל דאַרט
ניט אויסצי̇ען די פאָדקעוועס״.

— איר דערציילט וועגן קאָוואַלן? — האָט
צוליב עפּעס פאַרפּינקטלעכט יאָן, סאָניעס מאַן.

— יאָ קאָוואַל, דער שוטעף מײַנער. — אַב־
ראַם סאַמסאָנאָוויטש האָט מיט ביידע ווײַזפינגער
אויסגערייניקט די ווינקלען פון די אויגן. —
אָבער מײַנע ווײַבלעך זײַנען, מיינט איר, בעסער?
וואָדזשע! טאָמער פלעגן זיי זיך פאַרטשעפּען ער־
געץ אין א ריי, איז שוין פאַרפאַלן. איין זאַך
האָב איך זיי געזאָגט, — ער האָט א קלאַפּ געטאָן
זײַן ווײַב איבער דער פּלייצע, — איצט קלאָג זיך
ניט, אַז סע טוט דיר דאָ ווי און דאָרט ווי. איך
דו ביסט אויסגעשטאַנען ביזן סאָף אין אַלע מע־
שוגענע קלייטן, דאַרפסטו דאָך זײַן פון אײַזן, —
ער האָט נאָכאַמאָל א קלאַפּ געטאָן איבער סע־
ראַפימע מיכײַלאָוונעס פּלייצע, גלײַך ווי דעמאָנ־
סטרירנדיק די פעסטקײַט פונעם דאָזיקן שטאָף.

— און באַריסן לאָזט מען נאָך אַלץ ניט
אַרויס?

סאָניע האָט א קוק געטאָן אַפן פאָטער מיט
שטוינונג. ער האָט קלאָר מוירע געהאַט ניט
בלויז פאַרפירן, נאָר אַפילע אויסהערן וועלכע־ניט־
איז געשפּרעכן וועגן „פאָרן״. דאָס האָט ער אין
פינף־און־זיבעציקסטן אַנגעשריבן פאַר דער
אָרטיקער צײַטונג אַן אַרטיקל „די פּאָסקודניאַקעס
מיטן מאַגנדאָווויד״, נאָך וועלכן זייער שאָכן ראַ־
שיד כאַמיטאָוויטש, א טאַטער, האָט אים געזאָגט:
„ווייסט, דאַוויד, דער ציִוניזם איז געוויס שלעכט,
אַפילע זייער שלעכט, אָבער דײַן אַרטיקל איז נאָך
ערגער״.

עלווירע מאַרקאָוונע האָט אויך אָפּגעשאַצט
איר מאַנס העלדנטאַט. זי האָט גלײַך פאַרשטאַנען,
אַז ער וויל ראַטעווען סימאָטשקען פון בומעס
גראַבע כאַכמעס. אָט זיצט ער און קוקט אַף איר
מיט פונקט אַזעלכע גליקלעכע הינטישע אויגן,
מיט וועלכע ער קוקט געוויינלעך אַף זײַן ליבלינג
סאָפּיע ראָטאַרו.

— ניין, נאָך אַלץ קיין וויזעס ניט באַקומען.
זיי האָבן שוין אַפילע קימאַט אופגעהערט צו רעדן
וועגן דעם, אַלע האָבן זיך ווידער אײַנגעאָרדנט
אַף אַרבעט. ניט אַזוי גרויסאַרטיק, ווי פריִער,
כאָטש דער ברודער פאַלט באַ זיך ניט אַראָפּ, ער
זאָגט, אַז אַזוי איז אַפילע בעסער, איידער זיך
דרייען, ווי פריִער, דעם קאָפּ מיט הונדערטער
אונטערגעאָרדנטע. לייג מיר ניט קיין לימענע! —
אַבראַם סאַמסאָנאָוויטש האָט אַזש א שרײַ געטאָן

אַף עלווירע מאַרקאָוונע. ס׳איז טאָמיד אַזוי: אַלע סטאַרען זיך אונטערשטופּן אים טיי מיט אַ לימענע, כאָטש מע ווייסט דאָך, אַז בײַ אים איז אַן אַלערגיע אַף אַלע ציטרוסן.

— איך שטעל זיך ניט פֿאָר! — סאָניע האָט גלײַכצײַטיק אַ פֿיר געטאָן מיט די אַקסלען, אי איבערגעגעבן אַבראַם סאַמסאָנאָוויטשן זײַן טיי אָן אַ לימענע. — אָט פֿאָרן זיי, אָט פֿאָרן זיי ניט, הייבן אָן אַרבעטן, און פֿונעם פֿאָרן איז שוין אויס!

— ניט מיר האָבן דאָס רעכט זיי צו מישפּטן, — האָט פֿרידנסליבנדיק אַרײַנגעשטעלט עלווירע מאַרקאָוונע. זי האָט שוין באַוויזן צעגיסן טיי און איז געווען צופֿרידן, וואָס די געסט האָבן גוט אויסגערייניקט די טעלער, הייסט עס, אַז איר געקעכטס איז זיי געפֿעלן געוואָרן.

— וואָס הייסט, מיר האָבן ניט דאָס רעכט! — איז פּלוצעם אויפֿגעבראַכט געוואָרן דאָרע מאַרקאָוונע. אַ דיאַבעטיק, האָט זי געמוזט דורכלאָזן דעם זיסן טיש, וואָס עס האָט געבראַכט זי אין אַ צושטאַנד, אַ נאָענטן צו אַ היסטעריק. — ווי געפֿעלט עס אײַך! מיר טאָרן ניט זיי מישפּטן. זיי גייען אַראָפּ פֿון זינען, און אונדזערע קינדער האָבן דערנאָך קיין מעגלעכקייט צו געפֿינען פֿאַר זיך עפּעס אַ לײַטיש שטיקל אַרט. — פֿון קאָס האָט זי געכאַפּט אַ היפּשע ביזע־פּיראָזשנע און גאַנצערהייט אַרײַנגעוואָרפֿן אין מויל אַרײַן.

דאָרע מאַרקאָוונע איז ביכלאַל אין דער לעצטער צײַט באַרויגעז אַף דער גאַנצער וועלט, באַזונדערס אַף די ייִדן. אירע ביידע זין זײַנען געווען קלעזמאָרים־אויטאָדידאַקטן, פֿלעגן פֿרײַער גוט פֿאַרדינען אַף כאַסענעס, באַזונדערס ייִדישע, ווו ווייערע „זשיל אַדנאַזשדי כאַיִם, ווסעמי אַוואַזשאַיעם...״ און דעסגלײַכן פֿלעגט מען באַגעגענען מיט „הורא״. אַלץ איז געווען גוט, ביז עפּעס אַ ליאַשקע מאַסטאַוואָי האָט ניט צונױפֿגעקליבן נאָך דרײַ רוסישע באַכערים און ניט אויסגעלערנט עטלעכע ייִדישע פֿלאָטן, הערצו נאָך קאָן דער דאָזיקער ליאַשקע צוגעבן קאָלאָריט מיט עטלעכע ייִדישע צי קימאַט ייִדישע ווערטער, און עס באַקומט זיך, אַז אין דער שפּראַך איז ער אַף איין ניוואָ מיט דער הײַנטיקער ייִדישער יוגנט. פֿאַרשטייט זיך, האָט די ייִדישע כאַסענע־פּאַרנאָסע איבערגעוואַנדערט צו ליאַשקען, ווײַל, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, „זשיל אַדנאַזשדי כאַיִם״ איז גוט בלויז, אַז ס׳איז ניטאָ קיין אַנדערע פֿיש...

— אויב איר זײַט אַזוי פּרינציפּיעל, פֿאַרוואָס זשע זאָגט איר זיך ניט אָפּ פֿון די פּעקלעך? — האָט בײַסיק אַ זאָג געטאָן יאַן. מיט אַ בערדל, אין אַ נײַעם זשילעטקאָסטיום, איז ער געווען ענלעך אַף אַ קינעמאַטאָגראַפֿישן מענשעוויק, וועלכן ס׳איז באַשערט צו זײַן אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון עפּעס אַן אימפּראָוויזירטער טריבונע.

— גיט נאָר אַ קוק אַף דעם פּאַרעך! ער וועט נאָך מיר אָנווײַזן, פֿון וואָס מיר דאַרפֿן זיך אָפּזאָגן! — די פּעקלעך, וועלכע זיי האָט געשיקט פֿון בראַזיליע זוניעס עלטערמומע, זײַנען געווען דאָרע מאַרקאָוונעס טײַנע.

יאַן איז אויפֿגעשטאַנען און אַרויס אָפֿן באַלקאָן. ער האָט געהערט, ווי דאָרע מאַרקאָוונע האָט נאָך לאַנג געבושעוועט, ווי זי האָט זיך צעוויינט, ווי זוניע האָט זיך אַ ריס געטאָן צום באַלקאָן, ווי אַלע האָבן געשריגן: „באַרויִק



זיך", און סאָניע האָט זיך געשטעלט לעבן דער טיר, פאַרמאַכנדיק דעם צוטריט צו איר מאַן.

דערנאָך איז זי געשטאַנען לעבן אים און האָט קימאַט צערטלעך געבורטשעט:

— מיט וועמען פאַרפּידסטו זיך, מיט בײַנדיוזשניקעס? זיי קאָנען דאָך ניט אָן א סקאַנדאַל. דאַנקען גאָט, וואָס איך האָב דיך ניט געהערט און ניט געשלעפּט אהער די קינדער.

יאַן האָט געשוויגן. ער האָט זיך פּלוצעם דערמאָנט אין גליקמאַנען, זײַן באַטשאַלניק. עקו! מער וועט יענער ניט פאָרן אף אים. מאָרגן וועט ער אים זאָגן, אז דער אַרטיקל דאַרף גיין בלויז מיט איין פאַמיליע־נאָמען, ווײַל קיינער, און אפילע גליקמאַן גופע, האָט צו דעם קיין שום שײַכעס.

ער איז אַרײַן אין צימער.

די געסט זײַנען אַוועק. עלווירע מאַרקאָוונע האָט שוין באַוויזן צונויפקלײַבן דאָס געשיר, און דער טיש — מיט רעשטלעך פונעם שפּײַז און די טאָמאַטן־פלעקן — איז ענלעך געוואָרן אף א שלאַכטפעלד.

דאַוויד מאַטווייעוויטש איז געזעסן אנטקעגן דעם טעלעוויזאָר — ער האָט קיינמאָל ניט דורכגעלאָזט די פּראָגראַם „ווּרעמיאַ", ס'איז געווען זײַן הייליקע צײַט.

— נו, דער פּאָגראָם גייט, דאַכט זיך, צום סאָף. — האָט צי געפרעגט, צי קאָנסטאַטירט עלווירע מאַרקאָוונע. — און מע דאַרף זיך שוין גרייטן צו דער זילבערנער כאַסענע. ווידער האָדעווען אַלעמען. אפילע מער. כ'האָב אויסגערעכנט, אז א מענטשן פופצן וועלן געווים קומען.

— באַלד וועל איך דיר העלפן. — סאָניע האָט אָנגעהויבן פאַרקאַטשען די אַרבל.

— גיי שוין מיט דײַן העלפן, — האָט די מוטער א מאַך געטאָן מיט די הענט. — לאָמיר בעסער זיצן א ווײַלע צוזאַמען. איר קלײַבט זיך אַרויס אַזוי זעלטן צו אונדז, גלײַך ווי מיר לעבן אין פאַרשיידענע שטעט.

אינעם הויף איז געוואָרן שטיל. בלויז עטלעכע זקיינעס זײַנען נאָך געזעסן אפן בענקל בא דער אַרײַנגאַנג־טיר.

— בא מאַרקאָווגען איז הײַנט עפּעס א סימכע? — האָט זיך לעבן דעם בענקל אָפּגעשטעלט וואַריע, די הויף־אופּזעערן. זי איז געווען א פריילעכע — בלויז א שאָ אָפּגעשטאַנען אין א ריי און אַרויסגעכאַפּט דאָס לעצטע שטיקל ברוסטפלייש.

— יאָ, בא דאַווידן איז הײַנט א געבורטסטאָג, — האָט זיך אָפּגערופן אַן אַלטיטשקע אין א פוטער־בעזרוקאַווקע.

— און איך הער, אז בא זיי איז א געטומל. כ'האָב נאָך א טראַכט געטאָן, מאַשמאָעס שלאָגט מען זיך דאָרט. מע זאָגט דאָך, אז בא ייִדן איז אַזוינס ניט פאַרפירט. — אף וואַריעס פּאָנעם איז געווען אָנגעשריבן א שטוינונג.

— וואָס הייסט, ניט פאַרפירט? צי זיי זײַנען ניט קיין מענטשן? — האָט אויסגעשאָסן אף אוקראַיִניש אַן אַלטע פרוי אין א ווײַס טיכל.

— מענטשן, מענטשן, — האָט איבערגעכאַזערט די אַלטיטשקע אין דער פוטער־בעזרוקאַווקע. — נאָך א גלאָז ווײַן ווערן אַלע האַלבע מענטשן.

— דאָ ביסטו, אַלטע, גערעכט, — האָט זיך גלײַך ווי דערפרייט וואַריע. — מע דאַרף גיין אַהיים, און עס ווילט זיך ניט. מײַנער האָט הײַנט באַקומען געהאַלט... האַלעווײַ וואָלט ער שוין אָנשלאָפן געוואָרן. א, מיילע. — זי האָט א טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַוועק צו דער שכייניש אַרײַנגאַנג־טיר.

## א שטײַגער־מײַסע

### 1

גרישע איז געבוירן געוואָרן אין סאָף נאָיאַבער צוויי־און־דרײַסיקסטן. זײַן מוטער, אַן אָפּגעשוואַכטע פון הונגער, האָט געהאַלטן קעסיידער אין איין כאַלעשן. שכייניִם פון די בײדע דאָרפישע גאַסן, דער לאַנגער — ייִדישער, און דער קורצער — דײַטשישער, האָבן אפילע ניט געגלייבט, אז מינע, ייִסראָעל שקאָרבערס טאָכטער, און איר ערשטלינג וועלן זיך אויסקאַטשען. וועגן דעם עצעם טויט האָט קיינער, עמעס, ניט גערעדט, קעדיי ניט געבן קיין אײַנהאָרע, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אז די צײַט איז געקומען אַזאַ, ווען דער מאַלעכהאַמאָוועס נייטיקט זיך ניט, מע זאָל אים אָנטײַטלען אף נײַע קאָרבאָנעס.

געראַטעוועט האָט זיי מינעס עלטערע שוועסטער ראָכל, וועלכע האָט צו דער צײַט שוין אָנ־

דערהאַלבן יאָר געלעבט אין סטאַלינאָ. ראָכל, פריִער א רינג־אָנפירערן אין זייער קאָלווירט אַף ראָזע ליוקסעמבורגס נאָמען, א בראַנד־פיַיער, איז אַף א פאַרזאַמלונג, געווידמעט דעם אכטן מאַרט, ארויסגעטראָטן גלײַך נאָך דער אָפטימיסטישער רעדע פונעם כערסאָנער צוואַנציקטויזנטלער כאַצקל ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט אופגעהײַטערט דעם אוילעם מיט זײַן „מיר, סאָוועטישע פרויען!..". ראָכל האָט אויך, אוואדע מער באַגרינדעט, אָנגעהויבן פון „מיר, סאָוועטישע פרויען!", אָבער ווײַטער האָט זי פאַרזיכערט, אַז טאָמער וועט די ארבעט בא זיי גיין אזוי, וועלן זיי שוין קיינמאָל ניט לעבן, ווי פאַר דער קאָלעקטיוויזאַציע.

נאָך דער פאַרזאַמלונג, אַפּדערנאַכט, איז צו די שקאַרבערס ארײַן מענדל מאַהילעוויטש, דער אײנציקער אין זייער דאָרף, ווער עס האָט נאָך פאַר דער רעוואָליוציע געלייענט רוסישע צײַטונגען. עפּעס א שאָ האָט ער געטרונקען א גלעזל טיי מיט א קיכל, אָנהויפּנדיק דערבײַ זײַנע אַנצאָליקע געשיכטעס וועגן פאַרשיידענע באַלעכאַים, באַזונדערס וועגן פערד, און צום סאָף האָט ער, קלוימערשט דערעכאַגעזו, געזאָגט, אַז ראָכל, ווי ער מיינט, מוז באַלד אויעקפאָרן. מאַלע וואָס — דער דאָזיקער כאַצקל ראַבינאָוויטש איז בא זיי א מענטש א נײַער, קיין כאָכמע שטראַלט פון אים ניט, און, אַכוץ אים, זײַנען פאַראַן דאָ אויך אַנדערע, אייגענע שלעק...

זיך ניט צוהערן צו מענדל מאַהילעוויטשעס אייצעס איז אינעם דאָרף ניט פאַרפירט געוואָרן. ראָכל, וועלכע איז געווען א בעריע אַף צו נייען, האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין דער שטאָט אַף א טאָג־לוין ארבעט בא די לײַט („די העכערע געזעלשאַפט — גאַלע קאַצאָווים", — האָט זי ציטירט מינען אײנער פון אירע קליִענטקעס).

דערהערט, אַז איר שוועסטער און דאָס פּיצינקע קינד שטייען שוין מיט איין פוס אַף דער בעסערער וועלט, איז זי געקומען מיט צוויי קוישלעך ברויט, וואָס די מוטער. האָט צעשניטן אַף שטיקלעך און פאַרטריקנט אַף סוכאַרעס.

ווען אין א כוידעש ארום איז קלאָר געוואָרן, אַז מינע און גרישע זײַנען שוין מער קיין געסט ניט, האָט גרישעס פאָטער מייער ראָדני זיך דערמאָנט, אַז מע דאַרף דעם זון פאַרשרײַבן. ער האָט, עמעס, געפּרוווט רעדן דערפון קימאַט גלײַך נאָך גרישעס געבוירן ווערן, אָבער יִסראָעל, דער שווער, האָט דעמלט בײַז א קוק געטאָן אַפן אײדעם און נאָר א בורטשע געטאָן: „די שטוב ברענט, און דער זייגער גייט".

מענדל מאַהילעוויטש, אַלס סעקרעטאַר פונעם דאָרפראַט, האָט זיך באַקלערט און פאַרשריבן, אַז גרישע איז געבוירן געוואָרן דעם 1־טן יאַנוואַר 1933. מאַלע וואָס — עפּשער וועלן דער כוידעש מיט עטלעכע טעג אים אַמאָל צונוץ קומען.

אַדאַנק מענדל מאַהילעוויטשעס „מאַלע וואָס" איז גרישעס געבורטסטאָג געוואָרן ביז גאָר פאָפולער. פריִער, ווען ער האָט נאָך געלעבט מיט די עלטערן, פלעגן בא זיי אינעם ערשטן טאָג פון יאָר זיך צונויפקלײַבן אַלע היגע קרויווים און פרײַנט, כאָטש עס האָט זיך געפילט — באַזונדערס נאָך דער מילכאָמע, ווען זיי האָבן זיך איבערגעקליבן אין שטאָט, — אַז דער געבורטסטאָג איז סתם א טערעץ, און דער איקער איז — זיך צונויפקלײַבן אינאײנעם, קעדיי דאָס הונדערטסטע מאָל זיך דערמאָנען אין כאַצקל ראַבינאָוויטשעס „מיר, סאָוועטישע פרויען" („איך האָב אים פאָראַיאָרן באַגעגנט אין כאַרקאָוו, ער איז געוואָרן א לערער פון געשיכטע"), אָדער ווי יאַנקל בערזשיק האָט זיך געכאָכמעט: „א קאָלווירטניק איז געגליכן צו א מאַלעך: ביידע דאַרפן ציִען די כאַיונע אָן שום שפּײַז" („ס'האָט אים געפּידלט — יעושאָון האָט מען פונקט געביטן אַף בעריאָן, און יאַנקל איז ארויס. יאָ, אָן צײַנער, אָבער סײַ־ווי... ער איז אומגעקומען אַף דער מילכאָמע, דאַכט זיך, אין פיר־און־פערציקסטן").

צוגרייטן א טיש פאַר אזא אוילעם איז געווען אי שווער, אי גרינג. שווער, ווײַל געלעבט האָבן זיי גאָר ניט רײַך, און די געסט זאָלן עפּעס ברענגען מיט זיך — אזוינס איז דעמלט ניט געווען פאַרפירט, מע האָט עס געהאַלטן, אַז עס איז ניט קיין יִדישע זאַך, בלויז די מומע ראָכל, וועלכע איז געבליבן אָן א מישפּאָכע און האָט דעריבער געקאָנט זיך פירן אַף איר אייגענעם אויפן, פלעג טאָמיד קומען מיט א שטרודל. „ראָכלס שטרודל" איז בא זיי אין דער מישפּאָכע געוואָרן א מין ריטועלע אכילע, דער טאַמציס פון וועלכער האָט זיך שוין פון לאַנג אָפּגעריסן פון אזעלכע באַגריפן, ווי „געשמאַק" אָדער „ניט געשמאַק", „געפעלט" אָדער „געפעלט ניט".

צונויפקלײַבן א טיש איז אין דער זעלבער צײַט געווען גרינג, ווײַל קיינער פון די געסט איז ניט געווען צו איבערקלײַבעריש, וועגן דאָסראָוו גרויסאַרטיקע געריכטן האָבן זיי נאָר געלייענט — צומאָל מיט געלעכטער, צומאָל מיט שטוינונג — אין א דיקן „קולינאַר־בוך", וואָס האָט זיך געעפנט מיט כאַווער סטאַלינס ווערטער. צו אזעלכע מײַכאָלים, ווי לעמאָשל, מאַיאָנעז, האָט מען נאָר געמוזן צוגעוווינט ווערן, כאָטש די ערשטע באַנקעס מיטן „סאָם" פלעגן געווײנלעך פליִען אין די מיסטעמער, וואָס מיט פאַרפולן זיי איז מען, אגעוו, געווען ביז גאָר שפּאָרעוודיק.

2

קיין באזונדערע פעיִקייטן האט גרישע ניט געהאט, זיך אויסגעטיילט בלויז מיט אן אומגעוויינלעכער האסמאדע. ס'איז געווען דאס איינציקע, וואס ער האט געקאנט קעגנשטעלן דער ניט־סיסטעמאטישער בילדונג. טכילעס — אין דארף ווו די שול, פריִער א יידישע, איז צו דער צייט, ווען גרישע איז אוועק אין ערשטן קלאס, געווארן א רוסישע, און סיי די לערער, סיי די טאלמידים האבן אנגעהויבן באהערשן די קימאט נייע פאר זיי שפראך. דערנאך איז געווען די עוואקואציע; אף עטלעכע כאדאשים — אין דער סטאלינגראדער געגנט, ווייטער — אין אן איבערגעפאקטן מיטל־אזיאטישן יישעוו, מיט צוויי און צוואנציק מענטשן אין א צימער פון צוואנציק קוואדראט־מעטער, ווען די היים־פארגעבונגען האט מען געשריבן אף די ראנדן פון אלטע צייטונגען און אן אופגאבע נומער איינס איז געווען צו כאפן א טשערעפאכע, פון וועלכע גרישע און נאך עטלעכע ניט קיין מעפונאקים פון זייער קלאס האבן זיך אויסגעלערנט צו קאכן א זופ, פארבאהאלטנדיק זיך אין א באלקע הינטער דעם יישעוו. פאזע דער באלקע איז דורכגעגאנגען א וועג קיין טאשקענט, און איינמאל האבן זיי דארט באם וועג געפונען א קארטאן־קאסטן מיט כאלווא, וואס איז, אפנים, ארויסגעפאלן פון א לאסטמאשין. זיי האבן זיך אזוי דעמלט אנגעזעטיקט מיט דער קלעפיקער גרויער קאשע, אז עס האט גרישען געסטייעט אפן גאנצן לעבן — אפילע טיי האט ער פון יענער צייט אן געטרונקען נאר אן צוקער.

אין סאף דריי־און־פערציקסטן האבן זיי זיך אומגעקערט צו זיך אין דארף. דאס ארט האט זיך אויסגעוויזן פרעמד. דאכט זיך, די זעלבע צוויי גאסן: די לאנגע — יידישע און, ווי א קליין אפצווייַגל, — דאס דייטשישע געסל. אבער ניט קיין יידן און ניט קיין דייטשן זיינען שוין דארט נישט געווען. דאס דארף האבן באפעלקערט נייע מענטשן — די מילכאמע האט זיי פון ערגעץ ארויסגעריסן און פארווארפן אהער, אין די אמאליקע נאווראסישע קאלאניעס. בלויז דער קאטער, א באלכיי פון א זעלטענער, הינטישער קלוגשאפט, האט זיי גלייך דערקענט, פלעג ניט אפגיין פון זיי און זיך לייגן באנאכט בא דער שוועל, גלייך ווי באוואכנדיק זיי פון אומגעבעטענע געסט.

דעם פאטער האט מען דעמאביליזירט אין א יאר ארום נאכן ניצאכן, און זיי האבן זיך איבערגעקליבן אין שטאט, ווו גרישע האט שוין פארענדיקט די שול פאר יינגלעך, וועלכע איז געשטאנען הינטער די טריבונעס פונעם סטאדיאן „גארניאק“.

— אף וויפל גרישע ווייסט ניט, וואס אי'דאס אזוינס — שפילקעס אין הינטן, און פון קיין פאסקודסטווע ברעזגעוועט ער ניט, דארף ער גיין נאר אין מעדינסטיטוט, — האט מיט פעסטער איבערצייַגונג געזאגט די מומע ראכל, שאנקעווענדיק קרויט פאר דעם באוווסטן אוקראיִנישן בארשטש מיט כאזער־שמאלץ. אפדערנאכט האבן געדארפט קומען געסט — באגריסן גרישען מיטן פארענדיקן די שול. — איך האב זיך געייעצט מיט דארען, און זי האלט אויך, אז ס'איז דאס בעסטע. — דארע, דאס ווייב פון דעם באטשאלניק פון א מעכטיקן ארס[1], איז געווען בא דער מומען דער גרעסטער אווטאריטעט אין אלע שטייגער־פראגן. — און ס'איז דאך געוויס א יידישע מעלאכע, — האט זי צוגעגעבן, און ס'איז ניט קלאר געווען, צי איז דאס איר אייגענע אפשאצונג, צי אזוי האלט די באשענקטע מיט לעבנס־דערפארונג דארע.

וועגן דעם, אז גרישע דארף ווערן א דאקטער, האט מען שוין גערעדט א פאר יאר. פאר אים גופע איז באשטימענדיק געווען דאס, וואס מילע קאוואלענקא קלייַבט זיך אויך גיין אין מעדינסטיטוט. עמעס, מיט מילען האט זיך אלץ פארענדיקט מיט גארנישט. אירע עלטערן זיינען געווען קעגן א יידישן איידעם, באזונדערס נאך דעם, ווי עס האט זיך אנגעהויבן די מייסע מיט די „דאקטוירים־מערדער“. טכילעס האט דער פארבאט אופגעוועקט בא די יונגע א קאפויר־גייסט, אבער ביסלעכווייַז זיינען זייערע באציִונגען פארפולט געווארן מיט שטענדיקע כשאדים. סאפקאלסאף האט עס געבראכט צו א שארפן אייַנרייַס, נאך וועלכן מילע האט טייקעף כאסענע געהאט מיט עפעס א קאמיוגישן טוער, און גרישע האט אויך אינגיכן געבראכט אהיים א בסורע, אז ער האט א קאלע.

זייַן אויסדערוויילטע איז געווען אדע פונעם פעדינסטיטוט, א פוכקע, לעבנסלוסטיקע, מיט שיינע אש־בלאנדע האר. געוווינט האט זי אף א דירע, ווייַל איר פאטער איז געווען א קאדראווער אפיצער און האט געדינט ערגעץ אפן ווייַטן מיזרעך.

אין א האלב יאר ארום נאך דער כאסענע האט גרישע מיטגעטיילט די עלטערן, אז ער וויל זיך געטן.

— בא אונדז אין דער מישפאכע איז דאס ניט פארפירט. מיר האבן כאסענע איין מאל אין לעבן, — האט מיט ווידידע געענטפערט מייער ראדבי. פונעם פאטער, א שטילן, טאמיד אויסגעמאטערטן לערער פון מאטעמאטיק, האט קיינער, אייַנגעשלאסן גרישען, ניט געהארט אזא קעגנ־

[1] אטדעל ראבאטשעווא סנאבזשעניִא (רוס.) — באזארגונג־אפטייל בא אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

שטעלן זיך. דערבײַ נאך האט די עצעם סיבע אויסגעזען צו זײַן א פוסטע: אדע האט ניט אזוי, ווי עס דארף צו זײַן, אויסגעפרעסט גרישעס הויזן (די פאלדן האבן זיך באקומען אף די זײַטן). האקיצער, דער שאלעם איז ווידער אופגעשטעלט געווארן.

לויט דער פארטיילונג זײַנען זיי שוין אוועקגעפארן זאלבעדריט: גרישע, אדע און זייער קינד ושעניע.

אין דער נײַער שטאט האט גרישע, אדער גריגארי מארקאוויטש, געגוג גיך פארנומען דאס בעקאוועדיקסטע ארט צווישן די ארטיקע גינעקאלאגן.

זײַנע עלטערן האבן פונדערווײַטנס געקליבן נאכעס פון אים. די מוטער פלעג ניט דורכלאזן קיין געלעגנהײַט, קעדיי ניט דערמאנען, אז איר זון איז געווארן א זעלטענער באקי אין אקושארעריי; אפילע די הויפט־שטאטישע דאקטוירים קומען ספעציעל צו פארן אין אזא אויסערײַסעניש צוליב זיך אויסייצענען מיט איר גרישען. די מישפאכע — די אלע מומעס, שוועסטערקינדער און מעכוטענעסטעס — האט זיך קריטיש באצויגן צו די מײַסעס. זיי האבן גוט געוווסט, וואס עס קאן דערציילן א יידישע מאמע וועגן איר זון. דערצו נאך האבן זיך קימאט אלע קרויווים צעקריגט אין מעשער פון עטלעכע יאר נאכן טויט פונעם ייידן און פון דער באבען: דער האט ניט גערופן (אדער ניט אזוי גערופן) אף א כאסענע, יענער איז ניט געקומען אף א לעווײַע. סאפקאלסאף איז די אמאל גרויסע מישפאכע, צוזאמענגעהעפטע דורך, האט זיך געקאנט דוכטן, אייביקע בינדפעדעם פון געמיינזאמע צארעס און פרייד, צעפאלן געווארן אף רעשטלעך. גרישעס רעשטל איז באשטאנען פון די עלטערן, דער מומע ראכל און דעם ברודער עדיק.

דער ברודער — אף פערצן יאר ייִנגער פון עם בסאך — האט דאפקע אויסגעטרונקען בא גרישען געגוג בלוט. פלוצעם האט ער באשלאסן ארויסצופארן. גרישע איז דעמלט ספעציעל געקומען צו פארן, קעדיי צו זאגן אלעמען אפן, אז דער מיזיניק פירט זיך אלס עגאיסט, אז מע טאר ניט טראכטן בלויז וועגן זיך אליין. ער וועט אוועקפארן, און בא זײַן עלטערן ברודער וועט איבער אים כאריטע ווערן די גאנצע קאריערע. גיי דערוויי, אז דו גופע ביסט פון גאר אן אנדערטיג... דער ייִנגערער זאגט גרישען: „שפײַ אן אף דײַן גרויסארטיקער קאריערע, לאמיר בעסער פארן אלע צוזאמען". „ניין, — ענטפערט אים גרישע, — לאזן זיי פריער אויסבויען דארט סאציאליזם, דעמלט וועל איך עפשער פארן". בעקיצער, ס'איז געווען פריילעך. לעסאף האט זיך עדיק אײַנגעליבט אין זײַן קורס־כאווערטע, דער פאטער איז בא איר געווען א פאלקאווניק פון מעלוכעזיכערהײַט, און די פראגע וועגן ארויספארן איז אן און פאר זיך פארמאכט געווארן, אבער דער פארדראס אפן ברודער איז בא גרישען געבליבן.

3

עפעס איינצײַטיק האבן אדע און גרישע דערפילט, אז זיי קאנען ניט מער שלאפן אין איין צימער. יעדער פון זיי האט צוגעטראכט א רײַע: זי האט זיך געקלאגט, אז ער לאזט זי ניט שלאפן מיט זײַן כראפען, באזונדערס ווען ער קומט א שיקערער; ער — אז בא מענטשן שלאפט מען מיט א פרוי, נאר ניט מיט קופעס שול־העפטן (אדע פלעג אפט דורכקוקן די העפטן, ליגנדיק אין בעט). דעם שלאפצימער האט אקופירט אדע, און גרישע האט זיך באזעצט אין דער זאלע, אפן דיוואן, וועלכער האט זיך באפרײַט נאך דעם, ווי ושעניע איז אוועקגעפארן זיך לערנען קיין לענינגראד.

— דו באמערקסט כאטש, וואס עס ווערט פון דיר? — האט גרישען געטאטשעט דאס ווײַב נאך יעדער זײַן „פרײַנטלעכער סודע".

— און דו ווילסט, איך זאל ברענגען דאס געלט, פראדוקטן, שמאטעס סטאם אזוי פאר מײַנע אדער דײַנע שיינע אויגן? בא זיי איז פארפירט געווארן, אז אלץ דרייט זיך ארום טרינקען.

— בא זיי, — פלעג אים איבערקרימען אדע. — מע קאן מיינען, אז דו ביסט בעסער.

א מין שאלעם פלעג זיך אײַנשטעלן עטלעכע מאל אין א יאר, געוויינלעך, ווען עס פלעגן צו זיי קומען געסט. וועמען רופן — דאס פלעג באשטימען אדע. ס'איז געווען איר אינטעליגענטנע קאמפאניע, און ווען גרישע האט געפרווט אײַנלאדן זײַנע פרײַנט, האט ער באגעגנט א שארפן ווידערשטאנד:

— מיט דײַנע שיקארניקעס קאנסטו גיין טרינקען אין גאראזש אדער צו אײַערע נעקייווע[s]. קיין קאבאק וועל איך בא זיך אין שטוב ניט דערלאזן.

איינמאל, ווען ער האט באשפריצט מיטן נאטשאלניק פון גאַי[1] זײַן נײַע „זשיגולי", האט אדע אים ניט ארײַנגעלאזט אהיים, און גרישע, טאקע א שיקערער, איז אוועק צו זיך אין גאראזש, ווו ער איז גלײַך אנשלאפן געווארן. אים האט זיך געכאלעמט דער ריזיקער פאדפאלקאווניק אבראמאוו, וועלכער האט קעסיידער אונטערגעגאסן מאשקע אין די קעלישקעס, איבערכאזערנדיק דערבײַ: „נאך

[1] אווטא־אינספעקציע.



א קליינינקע, פאר דיינע, גריגאָרי מאַרקאָוויטש, גרינגע ווענן״.

דעם פּאָדפּאָלקאָווניקס פּאָטער איז מיט א יאָר צוריק אויזוערבאַטל געוואָרן. די שלאָפקייט האָט זיך אָנטפּלעקט דעריקער אין דעם, וואָס דער אַלטער — אן אוקראַינער נאָך פון די דרייסיקער יאָרן — האָט פּלוצעם אינגאַנצן פאַרגעסן סיי רוסיש, סיי אוקראַיניש און האָט אָנגעהויבן רעדן און פאַרשטיין בלויז יידיש. ראָדני, וועלכער האָט שוין פון לאַנג געהיילט אבראַמאָווס ווייב, א פינף־און־דרייסיקיאָריקע אקאָרע, איז געוואָרן דער איינציקער פאַרבינד־רינג צווישן די צוויי דורדעס. ביסלעכווייז האָבן דער זון און די שנור אויסגעלערנט, מיט דעם דאָקטערס הילף, די נייטיקע אומגאַנג־פראַזעס, אָבער קימאַט יעדן טאָג פלעג דער פּאָטער אונטערטראָגן נייע שפּראַכלעכע סיורפּריזן, און די אבראַמאָווס האָבן געקלונגען גרישען:

— גריגאָרי מאַרקאָוויטש, ראַטעוועט אונדז! וואָס איז דאָס אַזוינס... באַלד וועל איך אייך זאָגן, כ׳האָב ערגעץ פאַרשריבן. אָ! „דריי ניט קיין ספּאָדעק״...

שפּעט באַנאַכט האָט גרישע פּלוצעם דערהערט, ווי עמעצער קלאַפּט אין די מעטאַל־טירן פונעם גאַראַזש.

— גריגאָרי מאַרקאָוויטש! עפנט מיר, — האָט ער דערהערט די באַקאַנטע שטים פון דעם טעראַפּעווט קאַרפּענקאָ.

באַם גאַראַזש איז געשטאַנען א „נעאָטלאָזשקע״.

— גריגאָרי מאַרקאָוויטש, איר פילט זיך שלעכט? — האָט אומרויִק געפרעגט קאַרפּענקאָ.

— פונוואַנען האָט איר דאָס גענומען? איך פיל זיך גלענצנדיק. — ער האָט זיך ניט געקליבן מודע זיין זיך דעם קאָלעגע, אַז ער וואָלט זיך איצט ניט אָפּגעזאָגט פון א טאַבלעטקע נאָשפּאַ.

— אייער ווייב האָט אונדז אָנגעקלונגען, אַז איר ליגט אין גאַראַזש מיט א האַרץ־אַטאַקע.

אין דער שטאָט איז די „אַטאַקע״ נאָך לאַנג געווען באַ אַלעמען אין מויל...

ערעוו ניי־יאָר איז גרישע געקומען אַהיים, ווי טאָמיד א פאַרמאַטערטער. דאָס קימפּעט־הויז איז געווען איבערגעפּולט, גלייך ווי די געווינערנס האָבן זיך געאיילט איבערצושטייגן דעם פּלאַן פונעם פינפיאָר.

אַדע, אין א פאַרטעך, מיט פאַרדרייטע אויף לאָקן־ווּיקלערס האָר, איז אַרויס פון דער קיך, האָט דערזען דעם מאַן און שווייגנדיק זיך אומגעקערט צו דער קאַטשקע, וועלכע איז געלעגן אויפן טיש, וואַרטנדיק, מע זאָל זי אָנפילן מיט רייז, ראָזשינקעס און אַנטאָנאָווקע־עפּל.

— וואָס, די גאַנצע כאַליאַסטרע דיינע איז גרייט צו באַגליקן אונדז? — ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער שוועל פון דער קיך, פילנדיק ווי עס ציִען זיך אין אים אָן די נערוון.

— פאַרשטייט זיך, וועד קאָן זיך גלייכן צו אַזאַ גייסטיקן ניווע, ווי באַ דיינע שיקורים. אויף וועמען האָסטו, אגעוו, געוואָרפן אין דער ניי־יאָר־נאַכט דיין אַנטאָנינען?

אַנטאָנינע איז געווען א פּאַטראָנאַזש־שוועסטער, א קלייבדיקע כאַכאָטושקע־גרושע, וואָס איז שוין פון לאַנג געפעלן געוואָרן גרישען, אָבער דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך אַנטשלאָסן צו איר קומען נאָר אין דער נאַכט, ווען דער דעזשורנער טעראַפּעווט קאַרפּענקאָ האָט זיך אַריינגעשטעלט צו אים אין גאַראַזש.

— טאָמער ווילסטו, איך זאָל אוועקגיין, קאָן איך דיר אונטערטראָגן אַזאַ מאַטאָנע, — און ער האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר.

— ניין, כ׳לעבן, דו וועסט בלײַבן. — אדע איז ארויסגעלאָפן נאָך אים אין קאָרידאָר, דאָס פּאָנעם איז בײַ איר רויט געוואָרן, די הענט האָבן זיך געטרייסלט. — דו וועסט, טײַערער מײַנער, בלײַבן, — האָט זי איבערגעכאַזערט. — גיב א קוק אף מיר! ווער וועט מיר געבן פופציק יאָר! כ׳בין דאָך געוואָרן לעבן דיר א זקיינע, כ׳בין דאָך אינגאַנצן גראָוו, — זי האָט א טרייסל געטאָן מיט די לאָקן־וויקלערס. — דיר איז גרינג — אַריב ניט אַנטאָנינע, איז עפּעס א מאַרפע צי א קלושע וועט דיך אונטערכאַפּן. און ווער וועט מיך נעמען? ניין, אָט נאַ דיר! — זי האָט צעטריפּנעדרייט אים צוויי ווײַסע פֿון מעל פֿײַגן. — איך וועל דיך ניט אָפּלאָזן. און דעם רעצעפּט ווייס איך גוט. דו מיינסט, אַז איך בין שוין גאָר א טיפּעש, אַז איך האָב ניט אף דיר קיין דאָסיע? פֿון וועמען, וויפֿל, וואָס. עפּשער ניט אַלע דײַנע געשעפֿטן ווייס איך, אָבער, גלייב מיר, טײַערער, אַז אף צו פֿאַרלירן לעקאַלדהאַבּאַכעס דעם פּאַרטיי־בילעט וועט עס געוויס סטײַען. — זי איז אַרײַנגעלאָפן אין דער קיך, צוקלאַפּנדיק נאָך זיך מיט דער טיר.

גרישע האָט זיך אף כידושים גיך דערקלוגן צו די עלטערן.

— מאַמע! איך באַגריס אײַך אַלעמען מיטן נײַ־יאָר! — ער האָט געשריגן, כאָטש דאָ, אין קאָרידאָר, איז געווען קימאַט שטיל. דאָס גערויש — סײַ פֿון די געסט, סײַ פֿונעם טעלעוויזאָר — איז געבליבן אין דער זאַלע, הינטער דער פֿעסט פֿאַרמאַכטער טיר.

— א דאַנק! וואָס הערט זיך בײַ אײַך? — די מאַמע האָט אויך געשריגן. זי האָט, פֿאַרשטייט זיך, געוויינט. זי וויינט שטענדיק ווען ער קלינגט אָן.

— בײַ מיר איז אַלץ גוט! — ער האָט פֿלוצעם אויך דערפֿילט א קנײַלכל אין האַלדז און גיך אַוועקגעלייגט דאָס טרײַבל. די מאַמע וועט מיינען, אַז מע האָט זיי איבערגעריסן. אין אַזאַ נאַכט איז דאָס זייער מעגלעך: די טעלעפֿאָן־ליניעס ווערן פּאַשעט צעריסן פֿון די נײַ־יאָר־באַגריסונגען.

●

## כראָניק

## די ערשטע ארויסטרעטונג פון א נײַעם אנסאמבל

אין קולטור־פּאלאץ באם מאָסקווער עלעקטראָלאמפּן־זאוואָד איז פאָרגעקומען א קינסטלערישער פעסטיוואל, וועלכער האָט צוגעצויגן צו זיך פיל ליבהאָבער פון זעלבסטטעטיקער קונסט. צווישן אנדערע, האָט אין פעסטיוואל זיך באטייליקט דער אנסאמבל פון ייִדישער מוזיק „געזאנג“ באם ייִדישן יוגנטלעכן קלוב.

אף דער בינע — פינף יונגעלײַט: צוויי וואָקאליסטן, די פידלערן סאָפיע איטקינע, דער קלארנעטיסט אלעקסאנדער פײַנשטיין און דער פּיאניסט ארקאדי קאָליוצקין. זיי פילן אויס א מוזיקאליש־דיכטערישע קאָמפּאָזיציע „לידער פונעם אָוואר“, וואָס האָט אײַנגעשלאָסן אין זיך זינגלידער פון מ. געבירטיק און מ. ווארשאווסקי, ווי אויך ייִדישע פאָלקסלידער. דער סאָליסט פונעם אנסאמבל רעפאָעל זײַצעוו האָט געלייענט מוישע טייפס לידער אין דער רוסישער איבערזעצונג פון י. מאָריץ און א. גורעוויטש.

די צושויער האָבן מיט דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן אופגענומען די ארויסטרעטונג.

יויסעף ראַבין

# מאַמע, ער דאַרף דיר געפֿעלן

## 1

אַלץ, וואָס איז אירס, איז גוט און שיין. און אַלץ, וואָס איז אירס, האָט זי ליב. פֿון קינדווײַז אָן רופֿט מען זי פֿאַרצויגן — צירעלע. די מאַמע האָט זי געריִמט און געלויבט פֿאַר די שכינים, די שכיינים — פֿאַר באַקאַנטע, און אַ סאַך אין וויטעבסק האָבן שוין געוווּסט, אַז צירעלע טווערסקער וואַקסט אַ קלוגע, אַ בעריע, אַ קענערקע. די מאַמע האָט עס פֿאַרייניקט אין איין וואָרט — טאַלאַנט. און דאָס קינד צירעלע, און דערנאָך דאָס מיידל צירעלע, האָט עס גוט באַנומען: טאַלאַנט! און זיך טאַקע שטאַרק ליב באַקומען. מיט דער צײַט האָט זי זיך שוין גאָרניט געקענט פֿאַרשטעלן, אַז מע זאָל זי ניט ליבן און ניט רימען. אַ הויכינקע מיט אַ פֿריילעך פּענעמל, וואָס רופֿט אַרויס סימפּאַטיע, האָט זי ניט פֿאַרגעסן צו טראַכטן, אַז זי איז אַן אויסנאַם און איז בעסער פֿון אַנדערע.

געלעבט האָט צירעלע מער מיטן געדאַנק, איידער ווי מיטן געפֿיל. פֿאַרשטאַנען, וואָס מע מעג און וואָס מע טאָר ניט. אויסער די אייגענע, איז איר שווער געווען אַרויסצווײַזן צו עמעצן פֿילבאַרקײַט און מיטגעפֿיל, עפּשער נאָר צו באַוווּסטע און באַאַרטע מענטשן. דער ניכטערער געדאַנק האָט געשטערט. זי האָט אַפֿילע אַ לענגערע צײַט ניט געקאָנט באַנעמען, אַז פֿאַרליבט מען זיך אין אַ פֿרעמדן, וואָס ווערט מיט דער צײַט אַן אייגענער. שפּעטער האָט זי זיך איבערצײַגט.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן צירעלעס לעבן אין וויטעבסק און דערנאָך אין מאָסקווע.

## 2

מער פֿאַר אַלעמען האָט צירעלע ליב איר ייִנגסטע טאָכטער זשעניע. וועגן זיך זאָגט צירעלע מיט באַדויערונג, אַז זי איז ניט מער, ווי אַ לערערקע. „ניט מער", ווײַל זי האָט געקאָנט דערגרייכן אַ סאַך מער — זאָגט זי פֿאַר זיך און פֿאַר לײַטן. די טאָכטער אָבער, דאָס הייסט, זשעניע, די ייִנגערע, וועט געוויס אַוועקגיין ווײַט, זי וועט באַשײַנען דעם ייִכעס פֿון זייער מישפּאָכע. צירעלען האָט די מאַמע דערקלערט פֿאַר אַ טאַלאַנט, זשעניען אָבער דערקלערט די מאַמע פֿאַר אַ גרויסן טאַלאַנט. זאָגן „געני" קאָן זי נאָך ניט, ס'איז אָבער אומגעפּער אין יענע קאַנטן...

צירעלע טווערסקער האָט אַ גאַנץ לעבן געשטרעבט צו אויסזען פֿאַר דער וועלט אָן אַ פּגאָם, פֿון אַלע זײַטן ריין און שיין. דאָס זעלבע פֿאַרלאַנגט זי פֿאַר דער טאָכטער.

די לעצטע צײַט איז דער מאַמען צוגעקומען אַ זאָרג. די טאָכטער ענדיקט די מיטלשול, און וואָס דאַרף זיך אויסדריקן דער טאָכטערס טאַלאַנט? צירעלע זוכט, זי קלײַבט: דאָקטער, דיכטער,

---

פֿון דער שפּעטערישער יערושע.

מאַלער, מוזיקער? באַ דער טאַכטער פרעגט מען ניט, וואָס איז איר צום האַרצן, וואָס געפעלט איר. וויכטיק איז, וואָס צום האַרצן איז דער מאַמען, וואָס זי קלײַבט אויס.

## 3

די מאַמע איז זיכער, אַז זי מיט זשעניען פֿאַרשטייען זיך, ווי מע זאָגט עס, אויפֿן וווּנק. אַלץ איז פּאַר זיי קלאָר. אינדערעמעסן האָט עס דער מאַמען ניט מער ווי אויסגעדוכט, דער מאַמען, וועלכע קאָן זיך אײַנריידן, אַז אַלץ, וואָס זי פֿאַרלאַנגט, איז ווירקלעכקײַט. און אַלץ, וואָס סע איז גוט, קומט איר. די מאַמע האָט געהאַט אַ טאָעס. די טאַכטער צווייפֿלט דאָפּקע אין דעם, אין וואָס די מאַמע איז איבערצײַגט. די טאַכטער וויל ניט אָנעמען דער מאַמעס פּאַרטיקע מיינונג, זי וויל אַליין דענקען, זי וויל אייגנס. זי וויל אויך ניט זײַן נאָר צירעלעס אַ טאַכטער, זי וויל זײַן זשעניע, זשעניע טווערסקער.

פֿאַר דער מאַמען איז עס אַן איבעראַשונג. ווי קומט צו איר מיזינקע אַזעלכע קינדערשע געגנג?

— זאָג מיר, קינד מײַנס, מיט וואָס ביסטו אומצופֿרידן?

— מיט דעם, מאַמע, וואָס דו האַלטסט מיך אַלץ פֿאַר אַ קינד. ניט דו פֿרעגסט, וואָס איך וויל, ניט דו פֿאַרשטייסט, וואָס איך מיין, דו ווילסט ניט וויסן, וואָס איך טראַכט. פֿאַרשטיי, מאַמע, איך האָב מײַנע געדאַנקען, מײַן גוסט, איך וויל האָבן אַ דייע איבער זיך אַליין.

— וואַרט אויס אַ רעגע, וואַרט. מע טוט דיר אַן אוולע? איך וויל דאָך דײַן טויווע. איך שלאָף ניט באַנאַכט, איך בין פֿאַרנומען מיט זוכן פֿאַר דיר אַ צוקונפֿט.

— מײַן צוקונפֿט? און ווו בין איך?

— קינד מײַנס, איך האָב אויך אַמאָל אַזוי געטראַכט. נו, איז מיט וואָס קאָן איך זיך באַרימען?

— מע לעבט דען צוליב באַרימען זיך?

— אָט זע, איך האָב אָפּגעלעבט אַ לעבן. דאָס לעבן איז אָבער אַריבער איבער מיר, אַריבער און אַוועק. מיט וואָס בין איך געבליבן? מיט גאָרניט. קיינער וועט קיין דאַנק ניט זאָגן. איך וויל, אַז דו זאָלסט מער דערגרייכן. פֿאַרוואָס, אײַגנטלעך, זאָלסטו ניט וועלן זײַן אַ דאָקטער, אַ גרויסער דאָקטער, אַ באַרימטער.

— דו לאַכסט פֿון מיר, מאַמע, — און די נידעריקע טאַכטער מיטן קאָפּ געדיכטע שוואַרצע האָר קוקט אַרײַן מיט ביטל דער הויכער מאַמען אין די אויגן אַרײַן. — דו ווייסט דאָך, אַז פֿאַר אַ טראָפּן בלוט דערשרעק איך זיך, דערזע איך אַ מענטשן מיט פּרישטשעס, קוק איך אין אַן אַנדער זײַט. איך ווינטש מענטשן גוטס, נאָר היילן זיי איז מיר ניט באַשערט.

— איך זע, ביסט אַ ביסל אויפֿגערעגט. לאָמיר הײַנט וועגן דעם מער ניט ריידן.

## 4

מיט דער טאַכטער האָט זי מער ניט גערעדט, אָבער מיט זיך אַליין האָט זי לאַנג געטײַנעט.

ביכלאַל וויל צירעלע טווערסקער זײַן גערעכט ניט בלויז פֿאַר לײַטן, נאָר אויך פֿאַר זיך אַליין. איר גיט זיך עס אײַן. עס טרעפֿט אָבער, אַז די זיכערקײַט און גערעכטיקײַט פּלאַצן, און דעמלט קומט אָן אַ שאָ פֿון דערזען דעם עמעס, די ווירקלעכקײַט. אין אַזאַ פֿאַל „שמײַסט" מען זיך מער, ווי מע דאַרף, מע זאָגט זיך גוט אַרײַן. און אַזאַ מינוט איז אָנגעקומען נאָכן שמועס מיט דער טאַכטער. „זשעניע איז גערעכט, זי איז מיט אַ כאַראַקטער, זי וועט אירס דערגרייכן, זי האָט איר וועג. און פֿאַרוואָס גיי איך ניט מיטן וועג, נאָר מיט אומטערוועגן און בײַוועגן. איך קליג איבער זיך אַליין. איך פֿאַרשטיי עס, און דאָך... דער קרומער וועג פֿאַרלויפֿט דעם גלײַכן. און אַלץ ווײַל איך וויל זײַן קליגער פֿאַר אַלעמען, טאַלאַנטפֿולער, מע זאָל מיך זען, לויבן און רימען... גוט. איך בין ניט גערעכט, זאָל די טאַכטער גיין איר וועג, צי וועט זי אָבער אָנקומען אַהין, וווּהין איך וויל, צי פֿאַרשטייט זי, ווי מע דאַרף לעבן אויף דער וועלט".

און כאָטש צירל האָט געזאָגט „כאַטאַסי", קאָן זי ניט אַוועקגיין פֿון זיך אַליין. זי וועט מאָרגן ווידער ריידן מיט דער טאַכטער. צי וועט זי, די טאַכטער, שטענדיק קאָנען דערווײַזן, אַז זי איז

גערעכט, צי וועט זי קאָנען עפּעס זאָגן, ווען מע טאָר ניט שווײַגן. זאָגן! ניט וויכטיק וואָס, נאָר ניט שווײַגן. אַפּילע אויסשרײַען.

און ווידער:

— איך געדענק דאָך זייער גוט, מיידעלע מײַנס, ווי דו האָסט געשריבן לידער אין דער וואַנטצײַטונג פון דער שול. אַלע האָבן געלויבט. באַקאַנטע האָבן מיך אַפּילע באַגריסט: אײַער טאָכטער איז אַן עמעסע דיכטערין. פאַרוואָס?

— מאַמע, דער פאַרוואָס איז איבעריק. איך פאַרשטיי דאָך: פאַרוואָס שרײַב איך ניט קיין לידער, פאַרוואָס בין איך ניט קיין דיכטערין, פאַרוואָס? ווילסט אַף מיר אַרופציִען אַ שווערן פעלץ ניט לויט מײַן מאָס.

— האָסט דאָך געשריבן!

— קינדווײַז האָבן מיר געשפּילט אין קייסאָרים, איז וואָס? דאַרף איך ווערן אַ קייסאָרינע. קינדווײַז האָב איך געשפּילט אין גראַמען, מוז איך ווערן אַ דיכטערין? איך פאַרמאָג ניט קיין פּאָעטישן טאַלאַנט...

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז דו פאַרמאָגסט ניט?

— איך זאָג.

— אין דעם פאַל ביסטו בײַ מיר קיין איידעס ניט. און ביכלאַל... קיין דאָקטער קאָנסטו ניט זײַן, קיין דיכטערין ווילסטו ניט זײַן, מוזיק — אויך ניט, מאָלערײַ — אויך ניט. ווער און וואָס ווילסטו זײַן?

— אַ לערערין.

— אוי, גוואַלד! מײַנע אויערן זאָלן אַזוינס מער ניט הערן.

— פאַרוואָס?

## 5

— פאַרוואָס, פרעגסטו? איך וועל דיר ענטפערן. פון דער קינדהײט אָן וויל איך זײַן אַן איסנאַם, מע זאָל מיך קענען און וויסן. מע זאָל אַף מיר אָנווײַזן: אָט גייט זי, צירעלע. אָדער פרעגן: אָט דאָס איז זי, צירעלע? איך האָב זיך ליב, טאָכטער מײַנע, איך האָב זיך שטאַרק ליב. איך קאָן זיך ניט פאַרשטעלן, אַז איך זאָל פאַרגעסן ווערן, פון מיר זאָל גאָרניט בלײַבן. פון מיר און פון מײַנע קינדער. ניט אומזיסט כאָטש איך פאַר זיך פּושקינען «Нет, весь я не умру...». אַנדערע נאָמען דאַרף בלײַבן — טוּוערסקער! און דו? אַ לערערקע. ווינציק לערערקעס זײַנען פאַראַן? וועט צוקומען נאָך איינע. ניין, ניט דאָס וויל איך און ניט דאָס פאַרלאַנג איך. טאָכטער מײַנע, ווער באַרימט! פיר אונדז אַרויס פון פאַרגעסנקײַט. איך זאָג דיר, איך ציטער אויף, ווען אין געדאַנק קומט אויף, אַז איך קאָן בלײַבן אומבאַוווּסט און פאַרגעסן, ווי די פאַרגעסענע קוואָרים אַפן אַלטן בעסאָלמען. ווי איז מיר, וויי... — בײַ דער מאַמען האָבן זיך טרערן באַוויזן.

זשעניע האָט זיך דערשראָקן. די מאַמע וויינט! די מאַמע בעט, די מאַמע פאָדערט... צי קאָן זי גיין קעגן דער מאַמען?

...און זשעניע איז שוין צוגעווױנט צום געדאַנק, אַז זי איז אַ פּעדאַגאָג. מיט די כּאַווערטעס פון דער שול גרייט זי זיך צו די עקזאַמענעס אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. אין אַ פרײַער שאָ קומט אַ גרופּע יונגע פרײַלעכע מיידלעך אין וועסטיביול פונעם אינסטיטוט, וווּ זיי ווילן זײַן סטודענטן. די ברייטקײַט און הויכקײַט פון דער געבײַדע, די גרויסע פענצטער, די פּאָלירטקײַט פון די קאָלאָנעס רופן אַרויס אַ ליבע ערנסטקײַט, אַ געפיל פון ליכט און וויסן, פון מאַיעסטעטישקײַט. די מיידלעך געוווינען זיך צו ניט נאָר צום וועסטיביול, נאָר צו באַזונדערע אאָודיטאָריעס, צו די נעמען פון פּראָפעסאָרן, צו דער ביבליאָטעק, צו אַלץ, וואָס עס וועט זײַן זייערס, זייער אייגנס אַלס סטודענטן. צווישן דער גרופּע יונגע פרײַלעכע מיידלעך געפינט זיך אויך זשעניע.

## 6

זשעניע איז ניט קיין הויכע, זי טיילט זיך אויס מיט איר זגראַבנער פיגור, שיינע פיסלעך און מיט אַ קאָפּ געדיכטע שוואַרצע האָר. די מאַמע, אַגעוו, האָט זיך געמעגט אָנשטויסן, אַז דער

שילער זאלמען ראטנער, וועלכער קומט צו זשעניען פרעגן, וויאזוי דארף מען ריכטיק לייזן א מאטעמאטישע אופגאבע, האט מער אין זינען זשעניען, איידער די אופגאבע. זאלמען גרייט זיך אויך צו ווערן א סטודענט פונעם פעדאגאגישן אינסטיטוט. די מאמע צירעלע זעט זאכן נאר אין אלגעמיין, דאס זעלבע איז אויך מיט מענטשן. די קאנקרעטקייט דערגייט צו איר ניט לייכט. דערפאר טאקע איז צו איר ניט דערגאנגען, אז אנהייבנדיק פון זיבעטן קלאס, פירן זשעניע מיט זאלמענען א שטילע ליבע. זייער צוקונפט איז צוזאמען פארבונדן, ביידע פעדאגאגן.

און די מאמע...

און די מאמע האלט זיך בא אירס. בא אירע באקאנטע זייַנען קינדער, ווי קינדער. ווער עס לערנט אין מעדיצינישן, ווער אין טעכנאלאגישן, מוזיקאלן... די עלטערן קלייַבן נאכעס. און נאר זשעניע פארשאפט אגמעסנעפעש. בא דער מאמען רופט עס ארויס דעם געדאנק: זשעניע איז דאך א גאלדן קינד. ניט אנדערש, ווי עמעצער ווירקט אף איר, פארדרייט דעם קאפ. און איר פאלט איַין: זע נאר, צי איז עס ניט אט יענץ באכערל, וואס קומט פרעגן בא זשעניען קאשעס אף מאטעמאטיק? און ערשט איצט נעמט דוכטן דער מאמען, ווי זי זעט זשעניען מיטן באכערל ריידן צווישן זיך אזוי ליבלעך, שמייכלענדיק. אוי, צירל, ביסט דאך א נאך, אין דייַן שטוב האט מען זיך געשושקעט, געוועדט האלבע ווערטער, וואס האבן א סאך באטייַט, זיך איבערגעווונקען. בעהיימישע איינע, ביסט קיינמאל יונג ניט געווען, ניט פארשטאנען, ניט אנגעשטויסן זיך? זי ווארט אף זשעניען, ווארט מיט אומגעדולד.

— זאג מיר, קינד מייַנס, איך בין הייַנט אומרויִק... ווער איז דאס ייִנגל, וואס קומט צו דיר פרעגן וועגן מאטעמאטיק? עפעס געפעלט ער מיר ניט. ווער איז ער? פונוואנען שטאמט ער? ווער זייַנען זייַנע עלטערן?

— א שילער פון מייַן קלאס.

— א שילער, ווייסט ער ניט, ווי מע לייזט אן אופגאבע אין מאטעמאטיק?

— עס מאכט זיך אזוינס, מאמע, ער פרעגט בא מיר, איך פרעג בא אים.

— איך פארשטיי ניט, זשעניע. נו, ער פרעגט בא דיר, ווען ער קומט צו אונדז. און דו?

— ווען איך קום צו זיי.

— צו זיי? צו וועמען צו זיי? ווער זייַנען זיי און ווער איז דאס ייִנגל?

— מאמע, ער איז ניט קיין ייִנגל, ער האט געענדיקט צוזאמען מיט מיר די שול.

— ער געפעלט מיר ניט, זשעניע, ער געפעלט ניט...

— מאמע, ער דארף דיר געפעלן, ער איז מייַן כאסן.





## מאַקס ריִאַנט

### לעניִנס העמשער

יעדער טאָג, ווי אַ שטיק גליק,
און מיט ווייניק פֿרייד אַפֿילע,
נאָר מיט נײַער שײַן אין בליק
און מיט ברויז אין די געפֿילן.

יעדער טאָג, ווי אַ שטיק גאָלד,
ניט דערוף, מע זאָל זיך פּוצן
און ניט שרײַען אויף אַ קאָל —
ריין זאָל ווערן, ווו ס'איז שמוציק.

יעדער טאָג איז, ווי אַ נעס,
פֿון דער צײַט אַ העלער שפּליטער,
אַלץ איז אָפֿן, ניט פֿאַר פֿרעסט —
ס'גייט אַ הייליקער געוויטער.

יעדער טאָג האָט זײַן געקלאַנג,
די סימאָנים מע דערקענט שוין.
אינעם נײַעם דראַנג און גאַנג
זעט מען לעניִנס קלאָרן העמשער.

## באָריס מאָגילנער

### אין בלויען פּלאַם

קעדיי איך זאָל דערזען דעם שניי,
דעם זילבער־ווײַסן
באַם שפּיץ פֿון האַרבסטיקן,
דאָך אייביק גרינעם באַרג,
דעם וואָלקן האָט די זון
קאַיאָר געדאַרפֿט צערײַסן
און שײַבן אויסטערליש,
די שטראַלן ניט געקאַרגט.

אַזוי, אַז ביז גאַנצפֿרי
די הייך זאָל לויטער ווערן,
און אַלץ זאָל פֿלאַטערן
אין ריינעם, בלויען פּלאַם,
אַפֿילע די באַטאַניקע
פֿאַרהילטע שטערן,
עס זאָלן אָפּשפּיגלען זיך קלאָר
אין שטילן יאַם.

## פּיניע פּלאָטקין

### אויף קאָסמישע וועגן

איך קוק אויף די שטערן ניט זעלטן,
איך וויל זיי אין כּאָלעם געפֿינען.
גאַלאַקטיקעס נײַע און וועלטן —
אָפּט קומען זיי מיר אָפֿן זינען.

מײַן פּוס — אויף די קאָסמישע וועגן.
דער הימל דער ריינער — מײַן שוטעף.
אין מידבער — אַ וואַרעמער רעגן.
עס אַרבעטן גוט די קאָמפּיוטערס.

## מאָטל גרוּוומאַן

# אַ געשפּרעך מיטן העלד יאַקאָוו פּאַוולאָוו

אָט אַזוי געשען איז טאַקע דעמאָלט:
אַ יעדי'ע איז געקומען אומגעריכט —
פון ביכער־ליבהאָבער וועט זײַן אַ פּלענום
אין וואָלגאָגראַד.
און מ'האָט פאַרבעטן מיך...
אָ, סטאַלינגראַד!
דאָרט בײַ די וואָלגע־ברעגן.
די שטיין, די שטאָט,
וואָס האָט באַראַשט די וועלט!
און פּלוצלינג, אויף דער גאַס האָב איך באַגעגנט
אים — יאַקאָוו פּאַוולאָוו, אונדזער באַוווּסטן העלד.
יענעם סערזשאַנט... אַ ביסל שוין אַ גרײַזער,
און בלויז דער בליק באַהאַלט דעם יונגן ברויז.
כ'האָב אים דערציילט וועגן מײַן נײַער רײַזע,
קיין סטאַלינגראַד, וווּ ער פאַרמאָגט אַ הויז...
און איך האָב טאַקע אים געזאָגט אַצינדער,
ווײַל דאָרטן אַ באַזונדער הויז ער האָט,
אין זאָל ער טאַקע אויסשטעלן אַ צימער,
פאַר מיר, בײַזוואַנען איך וועל זײַן אין שטאָט...
נאָר ער האָט מיר געענטפערט מיט אַ שמייכל:
כאָטש דו ביסט מײַן זעמליאַק און אַ פּאָעט,
נאָר סײַוויסײַ דײַן ציל וועסט ניט דערגרייכן.
דו האָסט צו מיר געווענדעט זיך שוין שפּעט...
ווען דעמאָלט, גוטער־פרײַנט, דו וואָלסט געקומען
אין יענעם גרויסן סטאַלינגראַדער קריג,
ווען ס'האָט דער פײַנט אין קלעמען אונדז גענומען,
ווען אונדזער הויז עס האָט אין פײַער זיך געוויגט.
אין יענע טעג, אין בלוטיקע און כמורע
איבערן הויז איך האָב די מאַכט פאַרמאָגט...
כ'וואָלט ניט געקאַרגט פאַר דיר די בעסטע אַמבראַזורע,
כ'וואָלט אויסגעטיילט פאַר דיר אַ גאַנצן שטאָק...
נאָר איצטער... וווּ מיר האָבן זיך געראַנגלט,
עס שטייט אַ מויער אַזוי שיין און גרויס!
און מענטשן דאָרטן וווינען אומבאַקאַנטע,
כאָטש ער ווי פריער הייסט „פּאַוולאָווס הויז".
נאָר ווערסט אַ וווינונג האָבן...
דאַרפסט בלויז מעלדן,
פון דער מילכאָמע ביסט אַ וועטעראַן.
דאָרט אויף דער גאַס — אַלייע פון די העלדן,
אין אַ גרויסאַרטיקער האָטעל פאַראַן...
ס'איז איצטער סטאַלינגראַד אַ שטאָט אַ נײַע,
און וווּ די ערד געווען פאַרמישט מיט בלײַ אײַז,
עס וואַקסן בלומען אין די סקווערן דאָרט אַרום.
אין גאַסן קרעפּטיקע די הײַזער פול מיט זון!
באַזוך דעם באַרג פון אונדזער רום און ווייטיק...
קום אויפן לענין־פּלאַץ, וואָס יעדן איז באַוווּסט...
צום הויז פון יאַקאָוו פּאַוולאָוון, פאַרשטייט זיך,
גיב אָפּ פון יאַקאָוו פּאַוולאָוון אַ גרוס.

## פעליקס כאַימאָוויטש

* * *

וווּהין, אין וועלכע קאַנטן און פּונקטאַנען
עס שווימען דאָ פאַרבײַ די ווײַסע שוואַנען?
וואָס שפּיגלען זיי זיך אָפּ אין מײַן נעשאָמע,
אין אַלע אירע אײַנגוסן און שטראָמען?

ווי אײַדלמוטיק, מאַלכעסדיק זיי זײַנען,
ווי שטאָלץ זיי שווימען פאַר די אויגן מײַנע!
עס שווימען דורך די שוואַנען — און פאַרשווינדן
אינעם געדיכטן נעפּל אין דעם בלינדן.

עס געלבט זיך בײַ דעם ברעג דאָס זאַמד דאָס נאַסע,
עס מורמלט שטיל דאָס ריינע קאַלטע וואַסער,
וואָס עס דערציילט, דאָס איז אַ סאָד פון סעדער.
דער שוואַן פאַרלירט אין גרינגן שטראָם אַ פעדער...

כ'האָב זיך פאַרגלײַכט מיט אָט דעם שוואַן דעם
ווײַסן,
נאָר ביסט אויף לאַנג פאַרשוווּנדן אינדערווײַטן,
און איצט איז פון מײַן ערשטער יוגנט־ליבע
אַ פעדערל אַפילע ניט געבליבן.

## ליפּע העלער

### אין מײַן זינען

מײַן שטעטל דוקאָר איז א ווײַלע באַווײַזט זיך.
ווי א סטאַדע מיט ציגן, עס שטייען די הײַזלעך.
כ'זע סוויסלאָטש דעם טײַך מיט די זומפּיקע ברעגן,
און כ'לויף אים אנטקעגן.

צי קאָן מען פאַרגעסן די קינדערישע יאָרן,
מײַן מאַמען, וואָס האָט אין דוקאָר מיך געבאָרן,
מײַן טאַטן, וואָס איז מיר געווען אזוי טײַער?
ווער קאָן זײַן פון מאַמעס און טאַטעס געטרײַער?

מײַן מאַמע מאַלקע,
מײַן טאַטע ניסן —
נאָך הײַנט צעשטראַלטע
אין מײַן געוויסן.
נאָך הײַנט זיי לעבן
אין מײַן זינען.
צו מײַנע ברעגן
נאָך הײַנט זיי שווימען.
אין בלינדאַוושן, אין טראַגשייען
זײַנען זיי מיט מיר געוועסן
סײַ אין רעגנס, סײַ אין שנייען —
זאָגט, צי קאָן מען עס פאַרגעסן?

אומעטום
מיט מיר זיי זײַנען.
ווי די זון,
זיי שטענדיק שײַנען —
מײַן מאַמע מאַלקע,
מײַן טאַטע ניסן —
מײַן געוויסן.

## הירש רעלעס

### האַרבסט

דער קלען האָט באַצײַטנס דעם האַרבסט
דערשפּירט,
מיט גילדענע רענדלעך די ערד ער באַשיט.

שיט אָן אָן אויפהער, אָן מאָס און צאָל,
פאַר ווינטער, פאַר וועסנע, פאַר זומער
באַצאָלט.

פאַר זאַפטיקער שפּײַז פון ערדישע קוואַלן,
פאַר דעם, וואָס זי האַלט אים און לאָזט אים ניט
פאַלן.

דערזען אזא זאַך, האָבן אַנדערעביימער
א שאָט געטאָן רענדלעך סײַ גרויסע, סײַ קליינע.

נאָר קאַרג זײַנען יאָדלעס אין גרינע קליידער,
בלויז איינציקע שישקעס פאַרלירן זיי יאָר.



# די היטלעראָווצעס האָבן אויסגערעכנט אַפֿן אַנטיסעמיטיזם

**דער פּובליציסט דאַוויד גאַי האָט ניט לאַנג צוריק פֿאַרעפֿנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" דאָס אַרטיקל „וואָס איז געשען מיטן איניען פֿון די דאָקטוירים". איצט ווערט מיטגעטיילט, אַז אין זשורנאַל „זנאַמיאַ" וועט דערשײַנען זײַן גרעסערע דאָקומענטאַלע דערציילונג „דער צענטער קרײַז" — וועגן מינסקער געטאָ. די דאָזיקע טעמע אין ברייטן אַספּעקט גייט ניט אַראָפּ פֿון די זײַטן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". וואָס איז שײַעך דער מינסקער געטאָ, האָבן די לייענער מיט אינטערעס זיך באַקאַנט אין נום. 10 פֿאַרן פֿאַריקן יאָר מיט די דערינערונגען פֿון אַנע קראַסנאָפּיאָרקאַ „נאָטיצן פֿון מײַן זיקאָרן". אַן אינטערעס פֿאַר אונדזערע לייענער וועט, אָן ספֿק, פֿאָרשטעלן די פּובליקאַציע אין דער וואָכנשריפֿט „מאָסקאָווסקיִע נאָוואָסטי" — דער שמועס צווישן דאַוויד גאַי און דעם ליטעראַטור־קריטיקער איגאָר ווינאָגראַדאָוו. מיר ברענגען דאָ אַ גרעסערן אויסצוג פֿון אָט דעם שמועס.**

דאַוויד גאַי: **אין מינסקער געטאָ זײַנען די מענטשן ניט געווען בײַ זיך געפֿאַלן, עס האָט עקזיסטירט אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע, לויט איר פֿאַרגעבונג האָבן די אסירים געזאַמלט וואַרעמע מלבושים און מעדיקאַמענטן, געפֿונען געווער און איבערגעשיקט עס צו די פּאַרטיזאַנער. שוין אין סאָף 1941 האָט מען אָנגעהויבן אַוועקגיין אין די וועלדער. עטלעכע גרופּעס אַנטלאָפֿענע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן. ס'האָט אויך עקזיסטירט אַ באַזונדערער ייִדישער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד, וועלכער איז באַוווּסט אונטערן נומער 106. דער אָטריאַד האָט געציילט אַרום 700 מענטשן. ער האָט אָנטייל גענומען אין די אָפּעראַציעס אויף צו פֿאַרניכטן די שטראָף־אָטריאַדן און זייערע מיטהעלפֿער. אין באַליבאָקסקער וואַלד שטייט אַ דענקמאָל די ייִדישע קעמפֿער, לעבן אים טרעפֿן זיך יעדעס יאָר די וועטעראַנען.**

איגאָר ווינאָגראַדאָוו: **די באַפֿעלקערונג פֿון מינסק איז צעטיילט געוואָרן לויטן ראַסן־סימן. די ייִדן האָט מען אָפּגעזונדערט, דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג האָט געדראָט טויט־שטראָף פֿאַר העלפֿן זיי. מע האָט אָבער געראַטעוועט ייִדן, בײַ זונדערס קינדער, און די אונטערערדלער פֿון דער געטאָ האָבן אויסבאַהאַלטן בײַ זיך זייערע ווײַסרוסישע און רוסישע קאַמפֿס־כאַווערים.**

ד. ג.: **עס זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, געווען צווישן דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג אויך אַזעלכע, וואָס האָבן מוירע געהאַט קומען צו הילף. אייניקע האָבן אַפֿילע אויסגעגעבן ייִדן. דעריבער איז אַזוי ווערטפֿול דער מאַסן־העראָיִזם פֿון די, וואָס האָבן געראַטעוועט מאַרטירער פֿון דער געטאָ.**

אי. וו.: **הייסט עס, אַז דער אַנטיסעמיטיזם האָט ניט אָפּגעשפּילט יענע ראָל, אויף וועלכער עס האָבן געהאָפֿט און אויסגערעכנט די היטלעראָווצעס?**

ד. ג.: **אומבאַשטרײַטבאַר.**

אי. וו.: **דאָס גיט אַ געלעגנהײַט צו קלערן בכלל וועגן דעם טאָך פֿון אַזאַ עקלהאַפֿטער דערשײַנונג, ווי אַנטיסעמיטיזם. אין מײַן פֿאָרשטעלונג איז עס דער אַמפּלואַ פֿון גײַסטיק אָרעמע פֿאַרשוינען (און זיי זײַנען פֿאַראַן אין אַ באַליביק פֿאָלק), אַ באַווײַז און אַן אויסדרוק פֿון אַ טיפֿן פּגם באַם מענטשן. אָט פֿאַרוואָס אין טאָטאַליטאַרע געזעלשאַפֿטן, ווו די מענטשלעכע פּערזענלעכקײַט איז דערדריקט, אַנטשטייען גינסטיקע באַדינגונגען פֿאַר פֿאַרשיידענע מינים פֿאַרקריפּלטע פֿאָרמען פֿון זעלבסטבאַשטעטיקונג, דערונטער נאַציאָנאַלער. דעמלט טאַקע הייבט זיך אָן דער געיעג אויף „פֿרעמדע", דאָס צעבלאָזן דאָס פֿאַלשע געפֿיל פֿון אייגענער אויסדערווײלטקײַט. ס'איז באַוווּסט היטלערס אַרויסזאָגונג: „איך זע ניט פֿאַר זיך קיין שום קלאַסן און קיין שום שטאַנדן, בלויז אַ געמיינזאַמקײַט פֿון מענטשן, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער איינהײַט פֿון בלוט". ס'איז ניט פֿאַראַן קיין מער נידערטרעכטיקס פֿון אַזאַ „איינהײַט פֿון בלוט", און דעריבער רופֿט אַרויס אומרו, ווען אָפֿהילכן פֿון אַזאַ פֿראַזעאָלאָגיע הערן זיך הײַנט אין די קריגערישע רעדעס פֿון די אַזויגערופֿענע „אולטראַ־פּאַטריאָטן". דאָס זײַנען דאָך ווײַט ניט קיין שפּילכלעך.**

ד. ג.: **מיר דוכט, אַז ס'איז זייער וויכטיק צו פֿאַרשטיין די עצם פּראָבלעם פֿון נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקײַט, פֿון נאַציאָנאַלער קולטור.**

אי. וו.: **מאַסקים. אַ נאַציע אַלס איינהײַט פֿון שפּראַך, קולטור, אַלגעמיינעם היסטאָרישן גורל — דאָס איז לאַכלוטן עפּעס אַנדערש, איידער „איינהײַט פֿון בלוט". יעדע קולטור, אויב זי איז טאַקע אַ קולטור, באַזירט זיך אויף אָפּשײַ צו אַנדערע נאַציאָנאַלע קולטורן און צו זייערע טרעגער. דעריבער פֿאָרט זיך נישט די עכטע נאַציאָנאַלע קולטור ניט מיט נאַציאָנאַליזם, ניט בפֿרט מיט ראַסן־האַס. דער טרויעריק באַרימטער פּרינציפּ פֿון „איינהײַט פֿון בלוט" ברענגט צו גענאָציד. דעריבער דאַרף מען זייער אויפֿמערקזאַם זיך באַציִען צו די דאָזיקע זאַכן, באַזונדערס הײַנט, ווען ס'האָבן זיך באַוויזן ניט ווייניק ליבהאָבער צו ספּעקולירן אַפֿן נאַציאָנאַלן געפֿיל.**

מוישע ליאכאוויצקי

# דער אלטער דאך

איך קאן לעסאטע געוויס פארעכנט ווערן אלס א מאסקווער אלטער טוישעוו, מאכמעס איך וווין שוין דא העכער א האלבן יארהונדערט.

איך בין געקומען אהער פון א ווײַט ווײַס־רוסיש שטעטל, ווען כ'בין אלט געווען ארום זיבעצן יאר. די ערשטע צײַט איז מיר אויסגעקומען צו פרווון מײַנע קויכעס אף קאלערליי פיזישע ארבעטן. אבער אינגיכן האט זיך מיר אײַנגעגעבן אנקומען אין אן ארבפאק און דערנאך אין א טעכנישער שול און קריגן בילדונג.

איצט האב איך שוין צעביטן דעם ווּיפלטן צענדליק פון מײַנע יארן, שוין פון לאנג א פענסיאנער, און לעב רויק צוזאמען מיט מײַן פלוינעסטע — אויך א פענסיאנערקע — אין א באזונדער דירעלע. די קינדער אונדזערע זײַנען אויך, דאנקען גאט, שוין עלטערן, האבן באזונדערע מישפאכעס און דירעס. אונדז האבן זיי נאך מיט א היפשער צאל יארן צוריק געמאכט פאר באבע־זיידע און עס איז א סוארע, אז אינגיכן וועלן מיר אפילע ווערן עלטערע באבע־זיידע: אן אייניקל, נאך גאר א יונגיטשקע, האט פאראיארן געפונען איר זיווע. טא זאל זײַן מיט מאזל!

אט אזוי לעבן מיר זאלבעצווייט רויק, געלאסן, אן טײַנעס צו ווער־עס־איז און אף וואס־עס־איז, ווי מע זאגט — „מע טאר ניט זינדיקן".

אין די ווארעמע טעג גיי איך אוועק כאפן פרישע לופט אף אײנעם פון די נאענטע בולווארן און, געווייגלעך, מאך א פארטיע שאך מיט א צווייטן פענסיאנער. און ווען עס איז לופטיק, צי א שלעכטער וועטער, זיץ איך באם טעלעוויזאר אדער איך כאפ א דרעמל אף דער בײַשטייענדיקער סאפע.

איך בין זיך מודע: אין די צענדליקער פארגאנגענע יארן האב איך ווייניק־וואס געדענקט און געטראכט וועגן מײַן ווײַט געבורט־שטעטעלע. מע איז דאך שטענדיק געווען פארנומען מיט עפעס, פארדאוועט, פארייסעקט. אין די ערשטע יארן נאך מײַן אוועקפארן פונעם שטעטל, קאלומאן עס האבן געלעבט מײַנע עלטערן, פלעג כאך זייער בעניאכיד ארײַנשיקן — גאר ניט מער ווי איין מאל אין א כוידעש — א בריוועלע, ריכטיקער געזאגט, א מיטיילונג: זײַט וויסן, איך לעב און געדענק אײַך.

אבער נאך דעם, ווי איך האב אין סאף מילכאמע דערהאלטן אף מײַן אנפראגע אן ענטפער פונעם שטעטלשן סאוועט, אז די היטלערישע טאליאנים האבן פארניכטעט מײַנע עלטערן צוזאמען מיט אלע יידישע אײַנוווינער פון דעם שטעטל, האב איך זיך גוט אויסגעוויינט. אבער אינגיכן אופגעהערט טראכטן און ווייניק־וועז זיך דערמאנען וועגן מײַן שטעטעלע.

נאר דא ניט לאנג, מיט עטלעכע כאדאשים צוריק, איך פארשטיי ניט ביז אהער די סיבע דערצו, נאר קימאט יעדע נאכט האבן זיך מיר אנגעהויבן כאלעמען דאס שטעטעלע און מײַנע קינדער־יארן: אדער די מאמע באדט מיך, קעמט מײַנע פארפלאנטערטע אין קאסמעס האר, אדער זי רײַסט מיך ארויס פון מײַן טאטנס הענט, וועלכער קלײַבט זיך, א צערויגעזטער, באשטראפן מיך פאר מײַנע שטיפערישע זינד; אדער, א פארמאטערטער, אבער א גליקלעכער, טשיאפע איך צוזאמען מיט דעם שאכנס זונדל פעדקען בארוועס איבער די גאסיקע נאכרעגנדיקע קאליושעס און נאך קעדוימע אזעלכס. און יעדעס מאל כאפ איך זיך אוף מיט א הארצקלאפעניש, א צעטראגענער און קאן לאנג זיך ניט באַרויִקן און ווידער אײַנשלאפן, ווײַל דאס הארץ נאיעט, בענקט און באר דויערט עפעס.

דאס איז געווארן פאשעט אן אנשיקעניש אף מיר.

איז אט, אין אײנעם פון אזעלכע טעג — דאס איז געווען אינמיטן זומער, נעם איך און א באשלוס — אומגעריכט פאר זיך, און נאך מער פאר די ארומיקע — מאכן א רײַזע אין מײַן שטעטעלע אף עטלעכע טעג: בלאנקען דארטן און ארומקוקן די ענגע געסלעך, זייערע הײַזלעך, אנעטעמען זיך מיט דער לופט פונעם היימשטעטעלע, זײַן אף קייווער־אוועס און נאך עפעס־וואס, — כ'ווייס?..



די רעדאקציע און די רעדקאלעגיע פון „סאוועטיש היימלאנד" באגריסן הארציק דעם אוטאר פון אונדזער זשורנאל מוישע ליאכאוויצקי מיט זײַן 95־טן געבורטסטאג און ווינטשן אים געזונט, אריכאס־יאמים און נײַע שעפערישע דערפאלגן.

---

בעשאסמײַסע האב איך זיך ניט פארטראכט וועגן דעם, וווהין און צו וועמען וועל איך פארפארן, ווו וועל איך זײַן די דאזיקע טעג, ווו וועל איך נעכטיקן. אבער וועגן דעם האט מיך באלד דערמאנט מײַן פרוי, ווען איך האב איר ארויסגעזאגט מײַן באשלוס. זי איז געווען לאכלוטן קעגן מײַן פארטראכט.

— אלטער, דו אלטער! — זאגט זי צו מיר, דערווײַל ווייך, אן פארדראס, — וווהין קלײַבסטו זיך פארן, ווער ווארט אויף דיר דארטן? דו ווייסט דאך ניט האבן דארט קיין דאך איבערן קאפ, ווו איבערצונעכטיקן?

— וואס הייסט, ווו איבערצונעכטיקן? — מורמל איך עטוואס פארלוירן, אבער דא דערמאן איך זיך וועגן מײַנע עלטערנס שטיבעלע דארט און שרײַ זיגרײַך אויס:

— וואס הייסט, ווו וועל איך איבערנעכטיקן? ס'איז דאך דארט מײַנע עלטערנס שטוב, וועל איך אין איר נעכטיקן!

— כא, — ענטפערט זי מיר מיט איראניע, — דאס שטיבל איז שוין מינאסטאם לאנג צעפוילט, פאנאנדערגעפאלן אדער פארברענט געווארן. און אויב אפילע עס איז נאך יא פארבליבן, וועלן זײַנע אײַנוווינער דיר געבן אין האלדז־אדרבא. מישטיינס־געזאגט, א באלעבאס האט זיך אנטפלעקט!

— נו, — ענטפער איך שוין מיט רוגזע, — איך מיר יארשים! איך וועל דאן זיי באווײַזן, ווער איז דער עמעסער באלעבאס! איך וועל זיי פאר שעט ארויסטרײַבן פון שטוב!

— וואס פאר א וואיאקע דו ביסט, ווייס איך דאך פון לאנג! — ענטפערט זי שוין מיט אן אידיעקע. — גיי שוין, גיי צום טיש, ס'איז שוין צײַט עסן מיטיק!

האקיצער, א ווארט פאר א ווארט, די אלטע איז קעגן מײַן יאזדע.

אזוי האבן מיר זיך געאמפערט עטלעכע טעג. אבער פאר דער צײַט האט דער געדאנק וועגן פארן, באזוכן מײַן היימשטעטעלע אין מיר זיך נאך מער געשטארקט. איז אט, אין איינעם אזא טאג בין איך פלוצעם אוועק און האב געקויפט אן אײַזנבאן־בילעט ביז דער סטאנציע, פון וועלכער עס פירט דער וועג צו מײַן שטעטעלע.

געקומען אהיים, האב איך זיך געפילט עטוואס ווי שולדיק, נאר פעסט באשלאסן אויסהאלטן דעם פארשטייענדיקן געראנגל. איך האב ארויסגעלייגט דעם בילעט אפן טיש לעבן דעם ארט, ווו דאס ווײַב איז געזעסן, און געזאגט מיט הארטקײַט אין קאל:

— צי ווילסטו, צי ניט, מארגן פאר איך!

זי האט א קוק געטאן אפן בילעט, גארנישט געזאגט. איר פאנעם איז געווארן ראכמאנעסדיק צעקרימט, און אומגעריכט פאר מיר האט זי זיך טייקעף צעוויינט.

אך, די ווײַבערשע טרערן! כאטש זיי גיבן זיך זייער גרינג, דאך פארסאמען זיי אונדז דעם וועזן, די נעשאמע. סע ווערט פון זיי מלאסנע אפן הארצן, איך האב שוין קימאט ווי כאראטע געקראגן אף דעם גאנצן פארטראכט. נאר דא איז זי אומדערווארט אופגעשטאנען און, גייענדיק אין קיך, געזאגט נאך ווייבענדיק:

— איך גיי דיר גרייטן עפעס עסן אין וועג ארײַן. און דו פארגעס ניט נעמען מיט זיך דײַנע הארץ־פילן און אויך די הוסט־פראשקעס.

אף מארגן האב איך זיך געזעגנט מיט מײַן אלטיטשקער. זי איז לויט איר אפשטאם א רוסישע, און אף די עלטערע יארן, איבערהויפט, ווען סע קוקט ארויס, נאך איר מיינונג, א סאקאנע, ווערט זי עטוואס א גלויביקע. האט זי עטלעכע מאל מיך איבערגעצײלעמט. איך מיילע, זאל זי פאכען מיט איר האנט פאר מײַן פאנעם. מײַן געזונט וועט דאס ניט שאטן, און איר וועט ווערן גרינגער אפן הארצן.

אבער א ווײַבל בלײַבט א ווײַבל, האט זי זיך נאכאמאל צעוויינט: זי איז ניט געווינט, איך זאל ערגעץ־ווו פארן און פארלאזן זי אייביקע אליין.

האב איך פאר איר זיך באשווירן, אז אין עטלעכע טעג ארום קום איך בעשאלעם צוריק, געצייעט איר, זי זאל אין די עטלעכע טעג זיך

געפֿינען בא אונדזער זון אָדער בא אונדזער טאָכטער, וואָס וווינען ניט ווײַט פֿון אונדז, אַרומגענומען און צעקושט וואַרעם, דערבײַ האָב איך פֿאַר אירע אויגן, זי זאָל זײַן רויִקער, אַרײַנגעלייגט מײַנע רעפֿועס אין טשעמאָדאַנטשיק און אַוועק צום בעלאָרוסקי וואָקזאַל.

דער וועג מיטן צוג, וווּהין איך פֿאָר, דאַרף דויערן עטוואָס ווײניקער פֿון אַ מעסלעס. האָב איך זיך פֿאַרקליבן אַף מײַן געלעגער און געפּרוּווט אײַנשלאָפֿן. אָבער — לוי מיט אַן אַלעף, — עס נעמט מיך ניט דער שלאָף. איך הער זיך צו צום ריטמישן רויש פֿון די אײַזערנע וואַגאָן־רעדער איבער די רעלסן — אפֿשער וועט דאָס העלפֿן אײַנשלאָפֿן, נאָר אַנשטאָט דעם שלאָף פֿאַרכלינען מיר אַלערליי מאַכשאָוועס און זיכרוינעס — אײנע נאָך דער צווייטער.

אָט דערמאָנט זיך מיר מײַן מאַמע — אַ הויכע, עטוואָס אײַנגעבויגענע און דאַרע ייִדענע. זי איז געווען שטענדיק אַ שטילע, פֿאַרדײַגעטע און פֿאַרייסעקטע. אירע עטוואָס קאַרע האַרציקע אויגן קוקן אַרויס פֿונעם שטענדיק פֿאַרזאָרגטן פּאַנעם מיט אַ קוים באַמערקטן וואַרעמען שמייכל צו אַלעמען. און וואָס שײַעך מיך, פֿלעגט זי, ווי מע זאָגט, קוקן מיר אין די אויגן אַרײַן — טאָמער וויל איך עפּעס־וואָס, אפֿשער נייטיק איך זיך אין עפּעס, פֿון מאָל צו מאָל צוטראָגן מיר אַ נאַשעדײַ, עפּעס געשמאַקס. איך בין דאָך בא איר געווען אַן אײנציקער, אַ בענ־יאָכיד. בא דעם צווייטן קימפּעט אירן האָט זי געבוירן אַ טויט קינד און זי איז אַליין שיר ניט אַוועק אַף יענער־וועלט.

און אָט שטייט פֿאַר מיר מײַן טאַטע — פֿון מיטעלן וווּקס, אַ ברייטפּלייציקער מיט אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד און מיט טיפֿע פֿאַרקלערטע אויגן. אַ פֿרומער ייִד געווען, אַ שאַמעס אין דער נאָענטער סינאַגאָגע, וועלכע ער האָט געדאַרפֿט נאָכקוקן. דרײַ מאָל אַ טאָג האָט ער געפֿירט אַלס אַ כאַזן באם אָמעד דאָס דאַווענען פֿון שאַכרים, מינכע און מײַרעוו. און אין די שאַבעסדיקע טעג האָט ער, ווי אַ באַל־קורע, פֿון דער בימע געלייענט מיט אַ ניגן פֿאַר דעם גאָטספֿאַרכטיקן עוילעם די וואָך־סעדרע פֿון דער טוירע.

זײַן פּאַרנאָסע פֿאַר דעם אַלעם איז געווען מער ווי ווייניק, דערהויפּט אין די נאָכרעוואָליוציע־יאָרן, ווען די צאָל דאַווענער האָט זיך פֿון יאָר צו יאָר פֿאַרקלענערט, און דעריבער האָט די מאַמע געמוזט וואָס מער אַנטיילנעמען אין פֿאַרדינען די הוצאָע, ראַמענדיק און וואַשנדיק גרעט בא אַרומיקע באַקאַנטע.

דער פֿאָטער, אַ ווייכער און ריידעוודיקער מיט אַלעמען אין סינאַגאָגע, האָט זיך געפֿירט אין דערהיים, סײַ מיט דער מוטער און סײַ מיט מיר, טרוקן און האַרטלעך, ווי „אַ באַלעבאָס“ אין דער מישפּאָכע. ווען איך בין געווען נאָך אַ קליינער, פֿלעג ער מיר פֿאַר מײַנע כאַטאָים אָפּדרייען די אויערן. און כאַטאָים זײַנען בא מיר געווען גאַנץ היפּש און יעדן טאָג: איך זאָג ניט די געהעריקע בראָכע, ווען איך שטיי צו צום עסן, איך וויל ניט גיין מיט אים אין סינאַגאָגע, און אַפֿילע דאָס, וואָס איך שפּיל זיך מיט דעם שאָכנס זון, מיט פֿעדיען, מיט דעם „יונגאַטש“, מיט דעם „מאַמזער“, האָט זיך גערעכנט בא אים אויך פֿאַר אַ כעט. אַ רעטונג פֿון זײַנע צעפּקע פֿינגער, וואָס פֿלעגן אָפּט זיך ציִען צו מײַנע אויערן, האָב איך, געוויינלעך, געזוכט בא דער מאַמעס שויס, לעבן אירע פֿיס, אונטער אירע הענט.

מאַמינקע, מאַמע! פֿיל, פֿיל מאָל האָסטו געראַטעוועט פֿון שאַנד מײַנע אומשולדיקע אויערן! פֿיל מאָל האָסטו מיך געהאַלדזט און געקושט, געווישט, געטרונקען מײַנע קינדערשע טרערן! און ווען איך בין אונטערגעוואַקסן, ביסטו, דו און נאָר דו, אײַנגעשטאַנען אַף דעם, אַז איך זאָל באַזוכן די לערנשול, וואָס געפֿינט זיך אין אַ דאָרף, ניט ווײַט פֿונעם שטעטל. און וויפֿל מאָל פֿלעגסטו, מאַמע, אין די ווינטערדיקע פֿאַרנאַכטן אַרויסגיין אַף דעם וועג צום דאָרף, קעדיי מיך באַגעגענען? און ווען עס האָט אויסגעבראָכן מײַן קריג מיטן פֿאָטער איבער מײַן אַרײַנטרעטן אין קאָמיוג, וואָס האָט, אויכער אַלץ, פֿאַרגיכערט מײַן אָוועקפֿאָרן פֿון אײַך, — ביסטו אויך געווען אַף מײַן זײַט!

אַך, מאַמעניו, ווי שולדיק בין איך קעגן דיר כאָטש מיט דעם, וואָס ווען איך האָב געוווינט שוין אין מאָסקווע, האָב איך די אַלע יאָרן ביז דער מילכאָמע ניט געטראַכט אַפֿילע וועגן צופֿאָרן אין שטעטל, כאָטש צוליב זיך זען מיט דיר, ניט געהערט אין דײַנע בריוועלעך דײַן פֿאַרבאָרגענע בענקשאַפֿט נאָך מיר און דײַן שטענדיקע מוירע פֿאַר מײַן גוירל, פֿאַר מײַן לעבן אין אַ ווײַטער פֿרעמדער שטאָט!

און איך, קוים איבערגעלייענט דײַנס אַ בריוועלע, פֿלעג גיך פֿאַרגעסן אין אים און האַלטן, אַז מיט דעם, וואָס איך שיק אײַך פֿון מאָל צו מאָל צען־צוואַנציק רובל, בין איך שוין יויצע! און איך ווייס, מאַמעניו, דאָס איז פֿאַר מיר בעלי־סאָפֿעק, אַז אין די לעצטע רעגעס פֿון דײַן לעבן, ווען די פֿאַשיסטישע כײַעס האָבן דיך געפּײַניקט און געפֿירט צום טויט, האָסטו געטראַכט וועגן מיר און נאָר וועגן מיר! ווען ס׳וואָלט טאַקע געווען אַ יענע־וועלט מיט אַ גאַניידן פֿאַר גוטע אָרנטלעכע מענטשן, וואָלסטו, מאַמעניו, מיט דײַן צניִעסדיקער געמיטלעכקײַט, פֿול מיט גוטסקײַט, איבערגעגעבנקײַט, מיט דײַנע לײַדן און ליבע פֿאַר די נאָענטע און אַרומיקע, געדאַרפֿט פֿאַרנעמען אַ געהויבן אָרט אין זײַן אַריבנאָן!

ווי שולדיק בין איך פֿאַר דיר, מאַמעניו, ווי שולדיק! נאָר ווייסנדיק, ווי גרויס און טיף עס איז געווען דײַן ניט־פֿאַרדינטע מיצאַד מיר איבערגעגעבנקײַט און ליבע, טרייסט מיך אַ ביסל, און איך רעכן, אַז ווען דו וואָלסט אויפֿגעלעבט, וואָלסטו געוויס מיר מויכל געווען מײַנע זינד. אַך, ווי שולדיק בין איך קעגן דיר, מאַמעניו!

אָט אַזוי האָב איך געטראַכט, זיך געדרייט פֿון איין זײַט אַף דער צווייטער און ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן.

ווען דער צוג־באַגלייטער האָט מודיִע געווען, אַז מיר דערנעענטערן זיך צו מײַן סטאַנציע, האָט דאָס האַרץ מײַנס אָנגעהויבן גיכער און שטאַרקער צו קלאַפּן, און איך בין שוין מיט אומגעדולד געשטאַנען בא דער וואַגאָן־טיר.

די באַן־סטאַנציע האָב איך ניט דערקענט: אָבשטאָט דעם קליינעם, פֿאַרשטויבטן וואָקזאַל, וואָס די דײַטשן האָבן פֿאַרברענט, האָט זיך געבאַוט אין זונשײַן אַ ברייטע, אין פֿרישע פֿאַרבן געבײַדע.

פֿון די באַלעגאָלעס, וואָס פֿלעגן אין די אַלטע צײַטן באַגעגענען די אָנקומענדיקע פּאַסאַזשירן, איז, פֿאַרשטייט זיך, קיין זכר ניט געבליבן. דאַרף מען אַרבעטן מיט די פֿיס... איך האָב גוט פֿאַרגעדענקט דעם וועג, וואָס פֿירט צום שטעטל, און געלאָזט זיך גיין. נאָר אײַנגיכן האָט מיך אָנגעיאָגט אַ לאַסטמאַשין און דער שאָפֿער האָט געדן אײַנגעשטימט מיך אונטערצופֿירן.

ניט בלויז די אַמאָליקע באַלעגאָלעס, נאָר אויך די בלאָטעס און די זומפּן, וואָס פֿלעגן אויסמאַטערן ביז די לעצטע קויכעס די באַלעגאָלעס און זייערע פֿערד, זײַנען פֿאַרשוווּנדן. אַ גלאַטער אַספֿאַלטירטער ברוק האָט זיך געצויגן צווישן די אַרומיקע פֿעלדער און וועלדער. אין משך פֿון אַ האַלבער שעה האָט די מאַשין אײַנגעשלונגען די צוויי צענדליק קילאָמעטער, וואָס טיילן אָפּ דאָס שטעטל פֿון דער באַן־סטאַנציע.

איך בין אַרײַן אין שטעטל דורך דער „גרויסער גאַס“, ווי מע האָט זי פֿריִער גערופֿן, און אײַנגיכן פֿאַרקערעוועט אין אַן ענג געסל, וווּ עס האָט זיך געדאַרפֿט געפֿינען מײַנע עלטערנס שטוב. איך האָב זיך דערנענטערט, און דאָ בין איך געבליבן שטיין לעבן דעם באַקאַנטן הויפֿל, אַ צעטראָגענער, אַ פֿאַרוווּנדערטער: קיין שטיבל איז ניט געווען אויפֿן הויפֿל, דאָס שטיבל איז נעלעם געוואָרן! נאָר עפּעס אין אַ זײַט, וווּ די שטוב איז געשטאַנען, איז צווישן גראָז און קראָפּעווע געלעגן אויסגעשפּרייט אַ פֿאַרוואַקסענער מיט געלגרינעם מאָך דאַך.

אָ, איך האָב אים דערקענט, דאָס איז בעליסאָפֿעק דער דאַך פֿון דעם פֿאַרשוווּנדענעם שטיבל.

איינציקע רעגעס בין איך געשטאַנען און געקוקט צעטומלט און פֿאַרכידעשט.

דאָס הייסט, טראַכט איך, פּונקט ווי מײַן אַלטיטשקע האָט נעוויִעס געזאָגט. דאָס שטיבל איז צעפֿאַלן! אָבער וווּ איז דאָס געהילך פֿונעם הויז, וווּ איז דאָס אייוועלע מיטן פּריפּעטשעק, וווּ איך האָב אַזוי ליב געהאַט זיך וואַרעמען? וווּ איז דאָס אַלץ?

מיר איז געוואָרן פֿאַרדראָסיק און ביטער אויפֿן האַרצן: סע גייט אַלץ קאַפּויר! הייסט עס, אַז אומזיסט איז מײַן טירכע, אַז צו נאַרעשט האָבן פֿאַרפֿירט מײַנע חלומעס און מײַן באַגער! שטיי איך אַזוי פֿאַרומערט, פֿאַרטרויערט, און עס איז אַ חרפּע צו דערציילן — איך וויל ניט, נאָר עס גיסן זיך טרערן פֿון מײַנע אויגן. פּשוט — איך וויין!

„אַבי דער דאַך איז געבליבן, — טרייסט איך זיך, — אַלס אַ זכר פֿון מײַנע יונגע יאָרן!“

איך גיי צו נעענטער און באַקוק אים מיט אַזויפֿיל ליבע און צאַרטקײַט, כאַטש נעם אים אַרום און קוש!

ער, דער דאַך, האָט דאָך אין מײַנע יונגע יאָרן פֿאַרנומען אַן אויסנעמלעך געהויבן אָרט. דאָס איז געווען אַ ווינקל, וווּהין ניט טאַטע־מאַמע און ניט קיינער האָט געוואַגט צו פֿאַרקלײַבן זיך. דאָ איז געווען נאָר מײַן מעלוכע! אַהער פֿלעג איך זיך אָפֿט פֿאַרקלײַבן: צוערשט מיט די גאַנג־טרעפּלעך צום בוידעם, און פֿון דאָרטן — דורך דעם פֿענצטערל אינעם דאַך, וואָס איז געמאַכט צוליב באַלויכטן דעם בוידעם, פֿלעג איך זיך אַרויסשטופּן אויפֿן דאַך. און דאָ, אויפֿן דאַך, פֿלעג זיך אָנהייבן מײַן מעמשאָלע! איך פֿלעג דאָ ליגן און זיך וואַרעמען אויף דער זון. קיינע אינעם אַרום שאַטנס, נאָר זון און זון!

איך פֿלעג מאַרשירן אויף אים אין דער לענג און אין דער ברייט, אין אַלע זײַנע ווינקעלעך. מיט אַ באַזונדערן טאַם פֿלעג איך זיך דערנענטערן צו זײַנע ראַנדן און אַפֿילע זיך זעצן אויף זײַן סטרעכע. די מאַמע, ווען זי פֿלעג מיך דערזען אין אַזאַ פּאָזע, פֿלעג פֿאַרברעכן די הענט:

— זונעלע, קינד מײַנס אייבציקס! איך בעט דיך, האָב אויף מיר ראַכמאָנעס, גיי אָפּ פֿונעם ראַנד. דו וועסט נאָך אַראָפּפֿאַלן און דיך צעשעדיקן!

און דער פֿאָטער, ווען ער פֿלעג מיך דערזען אין אַזאַ פּאָזע, פֿלעג מאַמעש אַרויס פֿון די קייִלים, פּאַכען אויף מיר מיט בײדע הענט פֿונדערווײַטן און שרײַען:

— גיי אָפּ פֿונעם ראַנד, בײַסטרוק, לײַדאַק דו! גיי אָפּ! אָט וועל איך זיך צו דיר דערקלײַבן און מיימעסן!

נאָר ווען ער זאָגט דאָס, ניט די מאַמע בעט, טראַכט איך ניט אַפֿילע אַוועקגיין פֿונעם ראַנד. איך בין צופֿרידן, זײַנע האַרטע בייִנערדיקע פֿינגער קאָנען בעשום־אויפֿן ניט זיך דערקלײַבן צו מײַנע אויערן. און זאָל ער פֿרווון טאַקע, ווי ער שרעקט מיך, זיך דערקלײַבן אַהער! כאַרכאַ, דאָס וועט זיך ניט באַקומען בא אים!

אַזוי שטיי איך און באַקוק מיט ליבע דעם דאַך. איך דערמאָן זיך אין עפּעס, זוך מיט די אויגן און געפֿין: זיי זײַנען פֿאַרבליבן, ווי געווען, די אָנגעלייגטע טרעפּלעך, וואָס פֿירן צום העכסטן אָרט אויפֿן דאַך — צו דעם געוועזענעם ציגלנעם קוימען. דורך אים פֿלעג שפּאַרן אָפֿט אַ רויך פֿון אונטן, פֿון דעם אייוועלע. סאַראַ געשמאַקע רייכעס פֿלעג טראָגן מיט זיך דער רויך: רייכעס פֿון געבראָטענע קאַרטאָפֿליעס, פֿון געפּרעגלטע ציבעלע און פֿון אַנדערע געשמאַקעכצן, וואָס די מאַמע גרייט דאָרט אונטן. און איך פֿלעג האַלטן פֿאַר אַ מוז, אַז יעדעס מאָל, ווען איך באַזוך דעם דאַך, דאַרף איך זיך דערקלײַבן דורך די טרעפּלעך ביז צום קוימען. ווען איך האָב געקוקט פֿון דאָרטן, פֿלעגט זיך מיר דוכטן, אַז איך בין אויף דעם העכסטן אָרט אין דעם אַרום, ביז די ווײַטע האָריזאָנטן! אין אַזעלכע מאָמענטן פֿלעג איך ווערן אויפֿגערעגט און אָנהייבן שרײַען, הוקען און אויך זינגען (די לידעלעך, וואָס די מאַמע האָט מיך אויסגעלערנט) אויפֿן פֿולן קאָל: זאָלן אַלע וויסן, ווי הויך איך האָב זיך פֿאַרקליבן! און טאַקע דעריבער האָב איך געקראָגן אײַנגיכן צווישן די קינדער פֿון מײַן כעווּרע אַ צונעמעניש „זינגער“ — מישקע דער זינגער.

איך האב געזאגט פריער, אז נאר איך פלעג זיך פארקלייבן אפן דאך. אבער דאס איז ניט גאר ריכטיק: איין מאל אין יאר פלעג זיך אויך ארופקלייבן אפן דאך, ניט ווי איך, נאר מיט דער הילף פון א לייטער, דער שטעטלדיקער קוימענקערער, מיט א געדיכטן בעזעם אף א לאנגן שטעקן — צוליב רייניקן דעם קוימען. איך האב, פארשטייט זיך, געמוזט זיין דערביי, אבער דערקלייבן זיך דאן צום קוימען פלעג זיך ניט אייגעבן: דער קוימענקערער, אליין אויסגעשמירט אין סאזשע ווי א טייוול, פלעג ווענדן אין מיין זייט דעם שרעקלעכן בעזעם און ווארענען:

— פרוו נאר צוגיין נעענטער, וועל איך גלייך ארײַנשטעקן דעם בעזעם אין דיין צורע!

מער האט מיר ניט געפעלט! איך וואלט געוויס געקראגן דאן באלד צווישן מיינע כעווערע א צווייטן צונעמעניש, א מער ביין — „מישקע דער קוימענקערער"!

שטיי איך אזוי לעבן דאך, דערמאן זיך וועגן דעם, און טרערן גיסן זיך פון מיינע אויגן. און דא דערהער איך עמעצנס טריט. איך טו זיך א קער און זע: איינע א פרוי איז צוגעגאנגען, האט זיך אפגעשטעלט אנטקעגן און קוקט מיך אן מיט וווּנדער. סאיז דאך א שאנד — א מאנצבל גיסט טרערן איבער אזא קלייניקייט, זיין שטיבל איז צעפאלן!

האב איך טייקעף אויפגעהערט גיסן טרערן, פארהויבן דעם קאפ און קוק אין הימל ארײַן, ווי געזאגט: האב קיין פאריבל ניט, איך וויל ניט ארײַן מיט דיר אין א שמועס. מיר איז איצט ניט צו דעם.

די פרוי איז געשטאנען עטלעכע רעגעס, איך ניט געזאגט קיין ווארט, און האט פארקערעוועט צוריק אין א זייט, פונוואנען זי איז געקומען.

איך בין צופרידן פון דעם, איך קום עטוואס צו־זיך און קוק זיך ארום.

„מיילע, — טראכט איך דערביי, — דער הימל לייגט זיך ניט אף דער ערד. נו, איז פארשוווּנדן דאס שטיבל. אבער איך האב זיך באגעגנט מיט דעם אלטן דאך! איך וועל נאך ארומקוקן דאס שטעטעלע, זיינע געסלעך. ווען כ'וועל ניט האבן ווו איבערצונעכטיקן, וועל איך דורכפירן די נאכט אף דער באנסטאנציע, און מיטן ערשטן צוג פאר איך צוריק. דערווייל דארף מען אפרוען".

ווי אינדערפרי איז דער טונקל־בלויער הימל ריין פון וואלקנס. די זון ווארעמט, און עס בלאזט א קוים באמערקבאר לאשטשענדיק ווינטל. איך קער זיך אום ווידער צום דאך און זעץ זיך, קעדיי עטוואס אפרוען אף זיין ראנד.

„פונקט ווי אין די קינדער־יארן, — דאכט זיך מיר, — נאר די פיס ווימלען זיך ניט, ווי דעמאלט, אינדערלופטן, נאר שטייען אף דער ערד".

איך זיץ לעבן דעם דאך־פענצטערל. עס האט די פארם פון א האלבקייַלעך. נעם איך עס ארונטער מיין האנט, שפאר זיך אף דעם אן, און אט אזוי, אנגעשפארט, איז גוט צו זיצן, זיך ווארעמען אין זוניקן שטייך און דערמאנען זיך וועגן אט דעם פענצטערל.

גאר באזונדערע זיכרוינעס בינדן מיך מיט דעם דאזיקן פענצטערל, זיי געהערן צו א מער שפעטערער צייט, ווען איך בין געווען שוין א יונג פון 16—17 יאר. אין יענער צייט האב איך זייער ליב געהאט צו לייענען. איך פלעג מאמעש שלינגען איין בוך נאכן צווייטן, סיי רוסישע, סיי יידישע. און קעדיי מע זאל מיר ניט שטערן, אפרייסן פונעם לייענען, פלעג איך זיך פארקלייבן אפן בוידעם און לייענען די ביכער באם ליכט פון דעם דאזיקן פענצטערל. און נאך א געהיימע געשיכטע איז בא מיר פארבונדן מיט דעם פענצטערל. דאס איז עטוואס פון דער געשיכטע וועגן מיין ערשטער ליבע.

אפן סאף פון אונדזער געסל האט געוווינט א מיידעלע, עפשער אף א יאר יינגער פון מיר. און געווען איז דאס מיידעלע שיין, ווי מע זאגט, ווי זיבן חובען. כאנעלע האט מען זי גערופן, „כאנעלע די שיינע". אט דאס איז שוין געווען דער צונעמעניש, מיט וועלכן אונדזערע כעווערלייט האבן זי באטיילט. מע קאן זאגן, אז קיין איינער פון אונדזערע צונעמענישן איז ניט געווען אזוי צוגעפאסט און קאשער פארדינט, ווי דער דאזיקער.

איר שטעלט זיך פאר: א בייגעוודיקע, שלאנקע פיגור, א פנעמל, ווי בא א ליאלקע, גרויסע גרין־העלע אויגן לויכטן פון אונטער צוויי שירמעלעך־ברעמען, צוויי שנירעלעך שניי־ווייסע ציינדלעך קוקן ארויס פון די עטוואס אפענע צונטער־רויטע ליפעלעך. אף ביידע סאמעט־פארברוינטע באקן האבן זיך באזעצט רייצנדיקע כיינגריבעלעך, און דאס אלץ איז באקרוינט מיט א וואלד טונקל־בלאנדע האר, וואס לאזן זיך אראפ ביז דער טאליע אין א פארם פון צוויי דיקע צעפלעך. איז ווי קאן מען קאלטבלוטיק פארבלייבן, בײַשטיין פאר אזא שיינקייט?

מיר האט זיך געדוכט, אז אלע יאטן פון אונדזער כעווריישע זיינען אזוי אדער אנדערש פארליבט, פארכאפט מיט כאנעלען דער שיינער. וואס שייך מיך, בין איך, ווי מע זאגט, געווען אין איר פארקאכט איבער די אויערן!

און אין אנהייב פון מיין ליבע האט געטראפן אזא צופאל.

איך האב אנגעהויבן אפט שטיין אין געסל לעבן אונדזער הויפל, קעדיי דורכלאזן די פארבייגייענדיקע אין איינער און דער זעלבער צייט כאנעלע. איז זי איינמאל צוגעגאנגען און זיך געווענדט צו מיר מיט א פראגע: צוליב וואס שטיי איך אף דעם ארט קימאט יעדן טאג? איך האב זיך פארלוירן, עטוואס געמורמלט, און מיין פנעם איז דערביי געווארן רויט, ווי א בוריק. נאך דעם פלעג איך שוין אפן געסל ניט שטיין, נאר צו דער זעלבער צייט פלעג איך זיך פארקלייבן אפן בוידעם און דורכן דאך־פענצטערל נאכקוקן, ווי עס דערנעענטערט זיך און גייט דורך פארביי כאנעלע די שיינע. דערנאך, אין לעצטן יאר פון מיין געפינען זיך אין שטעטל, ווען איך און מיין כאווער פעדיע זיינען ארײַנגעטראטן אין דער שטעטלשער קאמיוג־ארגאניזאציע, האט זיך ארויסגעוויזן, אז כאנעלע האט נאך מיט עטלעכע כאדאשים פריער געטאן דאס זעלבע.

בײַ מיר מיט כאַנעלען האָבן זיך דעמאָלט פֿאַרבונדן געמײנזאַמע אינטערעסן. מיר פֿלעגן אָפֿט זײַן צוזאַמען אויף פֿאַרשײדענע פֿאַרזאַמלונגען, קריגן געמײנזאַמע פֿאַרגעבונגען, האָבן אײנצײַטיקע באַזוכעניש אינעם קלוב, אין דער ביבליאָטעק, פֿלעגן זיך בײַטן מיט אינטערעסאַנטע ביכער. אָט דעמאָלט איז דאָס פֿענצטערל ווידער געווען אויסגעניצט: העגנט אַ רויט טיכל אין פֿענצטערל, הײסט עס — איך בין אינדערהײם. ניטאָ קײן טיכל — בין איך אויך ניטאָ.

כאַנעלע, כאַנעלע, עפּשער בין איך ניט בלויז פֿאַר מײַן מוטער, נאָר פֿאַר דיר אויך שולדיק? איך ווײס אַלײן ניט...

ווײַטער איז געווען אַזוי: נאָכן טאָגטעגלעכן אַמפּערן זיך מיטן פֿאָטער איבער דעם, וואָס איך בין אַרײַנגעטראָטן אין קאָמיוג, האָב איך אָנגענומען אַ באַשלוס — אָפּפֿאָרן קײן מאָסקווע אַרבעטן, זיך לערנען... פֿאַרוואָס עפּעס קײן מאָסקווע און ניט ערגעץ אַנדערש? ערשטנס — עס איז דאָך מאָסקווע! וועלכער קאָמיוגיסט האָט דעמאָלט ניט געטרוימט צו זען מאָסקווע, זײַן אין מאָסקווע, אַרבעטן, זיך לערנען אין מאָסקווע? און צווײטנס — דאָרט האָט זיך שוין געפֿונען אײנער פֿון אונדזער כעווריע, וואָס האָט צוגעזאָגט מיר העלפֿן.

אײנצײַטיק איז מײַן צווײטער באַשלוס באַשטאַנען אין דעם, אַז ביז מײַן אָפּפֿאָרן דאַרף איך קלאָר מאַכן מײַנע באַציִונגען מיט כאַנעלען — צי זי האָט מיך אויך ליב און ווי ווײַטער זײַן.

אין די לעצטע טעג פֿאַרן אָפּפֿאָרן האָב איך געשטרעבט וואָס לענגער צו זײַן לעבן כאַנעלען: שפּאַצירט מיט איר, געשמועסט אויף פֿאַרשײדענע טעמעס, וועגן־ניט־וועגן ווי צופֿעליק זי אָנגערירט, געווען פֿאַשעט שיקער און גליקלעך אין איר אָנוועזנהײַט. אָבער ביזן סאַמע אָפּפֿאָר האָב איך ניט באַוויזן קײן מוט צו אַרויסזאָגן זיך. און בלויז ווען דער צוג האָט שוין פֿונווײַטן אָנגעזאָגט מיט אַ לאַנגן הודיען וועגן זײַן אָנקומען, און די אײנציקע, וואָס האָט מיך באַגלײט, איז געווען באַר כאַנעלע, האָב איך ניט אויסגעהאַלטן זי אַרומגענומען און פֿיל און הײס געקושט מיט דער היץ פֿון אַ זיבעצנײַאָריקן יונג.

— דו האָסט מיך ליב? דו וועסט קומען צו פֿאָרן אינגיכן צו מיר קײן מאָסקווע? — האָב איך מיט האַרצקלאַפּעניש און מיט אַ דערשטיקט הײזעריק קאָל זי געפֿרעגט.

זי האָט געדיכט זיך פֿאַרויטלט, געענטפֿערט מיט קושן און בעעמעס מיט גליקלעכע און פֿײַכטע פֿון טרערן אויגן, שוין שטופּנדיק מיך אויף די טרעפּלעך פֿונעם אָפּגײענדיקן צוג, געשריגן:

— יאָ, יאָ, איך האָב דיך ליב, מישע, איך וועל קומען צו דיר. נאָר אָרדן זיך אײַן וואָס גיכער!

דער צוג האָט אָנגעהויבן אָנעמען שנעלקײַט, און איך, שטײענדיק שוין אין דעם טאַמבור, האָב פֿאַרקישעפֿט געקוקט אויף דעם ווײַסן טיכעלע, וואָס האָט געפֿלאַטערט ווי אַ געזעגענונג־גרוס אין כאַנעלעס האַנט.

אין יענער צײַט האָב איך, ווי אַ סך יונגע, אויך געשריבן אינדערשטיל לידער. אין אײנער אַזאַ ליד זײַנען געווען אַזעלכע ווערטער:

א צאַפּל טוט דאָס האַרץ מײַנס טיף —
דער טרוים איז אָפּגעפֿלויגן!
עס טוט אַ צופּ צום לעצטן מאָל
דער גלאַנץ פֿון פֿײַכטע אויגן.
עס יאָגט מײַן צוג פֿאָרויס און ווײַט,
נאָר הינטן העלט אין שימער
אַ ווײַסער גרוס אויף שלאַנקע הענט,
מיט זון באַגילט אין גלימער.
אַ שטילער באַנג הײבט אָן פֿון טיף
צום האַרצן פֿײַנלעך שוועבן...
אַך, טעג, ווי קאָנען אויף צוריק
זיך אומקערן אין לעבן?..

וואָס זאָל איך זאָגן, אַזעלכע טעג האָבן זיך פֿאַר מיר מיט כאַנעלען ניט אומגעקערט...

מאָסקווע האָט אין יענע טעג פֿון די דרײַסיקער יאָרן מיך באַגעגנט ניט אַזוי פֿרײַנטלעך, ווי מיר האָט זיך געוואָלט. דער כאַווער פֿון מײַן שטעטל, אויף וועלכן איך האָב געלײגט האָפֿענונג, האָט ווירקלעך עטוואָס מיר געהאָלפֿן: די ערשטע וואָכן האָט ער געטײלט מיט מיר זײַן געלעגער אויף אַן ענגער אײַזערנער בעט — אײנער פֿון די פֿיר, וואָס זײַנען געשטאַנען אין אַ קלײן כײדערל פֿון אַ צוזאַמענוווינונג. און דערנאָך האָט זיך גערעכנט אַפֿילע, אַז מיר האָט זײער אָפּגעגליקט מיט דעם, וואָס מיר האָט זיך אײַנגעגעבן אײַנצואָרדענען זיך אַלס אַרבעטער אויף דער זעלבער פֿאַבריק, וווּ מײַן כאַווער האָט געאַרבעט, איך האָב באַקומען אַ באַזונדער בעטל אין אַ צווײט אַזאַ באַזעצט כײדערל פֿון דער צוזאַמענוווינונג.

אָט אַזוי האָבן זיך געצויגן די ערשטע כאָדאָשים פֿון מײַן לעבן אין מאָסקווע, פֿול מיט זאָרגן און אַנטוישונגען. איז וואָס, האָב איך געקאָנט אין אַזעלכע באַדינגונגען פֿאַרלײגן כאַנעלען, זי זאָל קומען צו מיר צו פֿאָרן קײן מאָסקווע? איך האָב דאָס ניט געטאָרט טאָן! בלויז אײן בריוועלע האָב איך איר געשיקט אין יענער צײַט, אין וועלכן איך האָב באַשריבן מײַן לאַגע און גאָרנישט איר פֿאַרגעלײגט. קײן ענטפֿער אויף דעם בריוו האָב איך פֿון כאַנעלען ניט באַקומען. פֿיל שפּעטער נאָך דעם איז בײַ מיר פֿאַרבליבן, אַז דאָס פֿאָרגעקומענע בײַ אונדז איז, ווי סע זעט אויס, געווען אַן אויסברוך פֿון די געפֿילן בײַ צוויי יונגע הערצער, מע קאָן זאָגן — די ערשטע ניט־אַנטוויקלטע און ניט־דערפֿירטע ביז ווײַטערע שטרעבונגען ליבע.

אָט אַזוי בין איך געזעסן אויפֿן אַלטן דאַך און זיך דערמאָנט וועגן מײַנע יונגע יאָרן. די זון האָט דערווײַל מיך גוט דערוואָרעמט, די פֿאַריקע נאַכט בין איך דאָך ווי ניט געשלאָפֿן, האָט מיך אָנגעהויבן נײגן צו אַ שלאָף. אין געסל אַרום איז ווי אין אַ טאָמעדיקן טאָג אין אַ קלײן שטעטל — נאָך וואַרעמעס־צײַט, מע זעט קײן מענטשן ניט.

„ע, מײַן אַלטיטשקע האָט געזאָגט, אַז איך וועל ניט האָבן קײן דאַך איבערן קאָפּ. אָבער, כאָז אַ דאַך אונטערן קאָפּ קאָן איך דאָך האָבן! טאָ

לאָמיר כאַפּן א דרעמל", — אזוי טראַכט איך און בין דערבײַ צופרידן פון דער װערטער־שפּיל, פון דעם קאַלאַמבור, װאָס האָט זיך באַקומען. איך ציִ זיך אויס אַפן דאַך, נעם ארום דאָס פּענצטערל און װער אַנשלאָפן.

װיפל האָט געדויערט מײַן שלאָף, װייס איך ניט, נאָר איך האָב פּלוצעם דערפילט, אז עמעצער שטייט דערנעבן און קוקט אַף מיר. איך האָב א ציטער געטאָן. געעפנט די אויגן און מיט װוּנדער דערזען, אז, װירקלעך, לעבן מיר שטייט אן עלטע־רער מענטש, קוקט אַף מיר אָנגעשטרענגט, פּונקט װי ער דערלערנט מײַנע געזיכט־שטריכן.

— װאָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט לעבן מיר? — זאָג איך עטװאָס מיט רוגזע. — גייט אײַך אין אײַער װעג. װאָס דאַרפט איר דאָ?

— כ'װאָלט װעלן װיסן, װאָס דאַרפט איר דאָ? — ענטפערט ער מיט א קװעטש אַף דעם װאָרט „איר". — איך בין דער פּאַרזיצער פון עם היגן סאָװעט.

דערהערנדיק, אז לעבן מיר שטייט די שטעטל־מאַכט אַליין, האָב איך זיך א ביסל צעמישט, אויפ־געשפּרונגען פון דעם דאַך, נאָר גיך געקומען צו־זיך.

— עהע, — פּרוּװ איך אָנפּאַלן, — אַדרעבע, גוט, װאָס דאָס זײַט איר, דער ראָש פון שטעטל. טאָ זאָגט מיר, אָט איז געשטאַנען א שטוב, װאָס האָט מיר געהערט, איך בין איר באַלעבאָס. איז װער האָט דאָס דערלויבט, מע זאָל זי פאַנאַנדער־שלעפּן?

לאַכט ער זיך פאַנאַנדער, דער פּאַרזיצער, און זאָגט:

— א שיינע מײַסע, א פײַנער באַלעבאָס זײַט איר, מישטיינס־געזאָגט! א באַלעבאָס, װעלכער איז פון נאָך דער מילכאָמע ניט געקומען כאָטש איין מאָל נאָכקוקן זײַן באַלעבאַטישקײַט. אָבער ס'איז דאָ א סאָװעטישער דין, אז אַלץ, װאָס איז פאַר־װאָרפן, העפקער און דער באַלעבאָס פון דעם באַ־װײַזט זיך ניט און מעלדעט ניט אין משך פון א געװיסער צײַט װעגן זײַנע אַכרײַעס איבער דעם, גייט עס אַריבער אין רעשוס פון דער מעלוכע.

איך בין געשטאַנען װי פאַרשעמט, ניט געהאַט װאָס צו זאָגן. נאָר דאָ נעמט מיך אָן דער פּאַרזי־צער פאַרן אַקסל און זאָגט מיט א מער געלאַסן קאָל:

— דאָס איז דאָך שוין געװען אן אַלטע כורוּעטשקע. קיינער האָט ניט געװאָלט מער װױ־נען אין איר. איז צוליב װאָס, מישע, האָסטו באַ־דאַרפט דאָס שטיבל?

איך האָב זיך נאָך מער פאַרלוירן: פונװאַנען װייסט ער, װי מע רופט מיך? איך קוק זיך בעסער צו צו אים, און כ'װאָלט שװערן — באַקאַנטע אויגן, און די נאָז — װי א לאָפּעטקע און מיט א הערבל... און פּלוצעם — איך דערקען!

— אױ, — שרײַ איך אויס מיט א כליפּ און װאַרף זיך אים אַפן האַלדז, — דאָס ביסטו, פּעדיע, דו לעבסט, הייסט עס, דו לעבסט!

ער נעמט מיך אויך ארום מיט איין האַנט. מיט דער צװייטער גלעט ער און קלאַפּט איבער מײַן פּלייצע.

— נו, נו, באַרויִק זיך, — זאָגט ער צו מיר און גלעט דערבײַ מײַנע אַקסלען. — שװאַך ביסטו געװאָרן, מישע, אַף א טרער! נאָר עמעס, איך האָב װעגן דײַן זײַן דאָ זיך דערװוּסט אַדאַנק דײַנע טרערן: ס'קומט צו מיר אין סאָװעט מיט אימפּעט א פרוי און דערציילט, אז אַף אָט דעם געסל בלאָנקעט אן עלטערער מענטש, קוקט ארום זיך מיט װילדע אויגן און יאָמערט. אָט אַדאַנק דעם בין איך געקומען אַהער, קעדײַ זיך דערװיסן, װער איז דאָס, און געפונען דיך א שלאָפנדיקן.

א װײַלע האָט ער געשװיגן, דערנאָך האָט ער װײַטער געזאָגט:

— איך זע טאַקע דיר און נאָך דײַן טשעמאָ־דאַנטשיק, אז דו ביסט הײַנט געקומען צו פאָרן אַהער, און געװיס האָסטו נאָך ניט װוּ צו זײַן. טאָ נעם דעם טשעמאָדאַנטשיק און קום צו מיר. בײַ מיר װעסטו אָפּרוען, זיך אויסשלאָפן באַקװעמער, איידער דאָ אין דרויסן אַף אַלטע דאַך־שפּענדלעך.

און ניט דערװאַרטנדיק זיך אַף מײַן ענטפער, נעמט ער מיט איין האַנט מײַן טשעמאָדאַנטשיק, מיט דער צװייטער כאַפּט ער אָן מײַן האַנט און שלעפּט נאָך זיך, אַליין אונטערהינקעדיק אַף א פוס, און אין גאַנג רעדט ער צו מיר:

— קום גיכער אַהער, אין געסל שטייט מײַן מאַשין.

ערשט דאָ האָב איך דערזען, אז אָנטקעגן דעם הױפּל שטייט א העל־גרינע „זשיגולי", אַף װעלכער, װי סע זעט אויס, פּיאַדער אין צוגעפאָרן אַהער. ער עפנט דאָס מאַשין־טירל, שטופּט אַרײַן איבערײַניק מיך און דעם טשעמאָדאַנטשיק, און אַליין זעצט ער זיך בײַם רול.

— איז װאָס האָסטו פאַרגאָסן טרערן? דיר איז װירקלעך געװען פאַרדראָסיק פאַר דײַן געװע־זענעם גוטס? — פרעגט ער מיך מיט א שמייכל, פאַרנעמענדיק זיך אײַנצײַטיק מיטן רול. — עפּשער האָסטו זיך געקליבן אַריבערפאָרן אַהער אַף שטענ־דיק אין דײַן שטוב?

— אָ, ניין, — ענטפער איך אים, — מײַן „געװעזענעם גוטס" דאַרף איך אַף צען קאַפּאָרעס. װעגן אַריבערפאָרן אַהער טראַכט איך אויך ניט. מיר איז גוט, װוּ איך װױן איצט.

און איך דערצייל אים װעגן דער בענקעניש, װאָס איז אַף מיר אָנגעפאַלן די לעצטע צײַט צוליב זיך זען מיט דעם אָװאַר פון מײַנע יונגע יאָרן, און װי איך בין אַנטױשט, ניט דערקענענדיק שוין מײַנע עלטערנס שטיבל.

— סע איז קעדײַ דאָך זיך דערװיסן, — פרעג איך, — װוּהין האָט זיך אַהינגעטאָן דאָס שטיבל, פאַרװאָס איז פאַרבליבן פון אים נאָר דער אַלטער דאַך?

— דאָס שטיבל, — ענטפערט ער, — איז געװאָרן אַף אַזױפיל א כורוּע, אז קיינער האָט ניט געװאָלט אין אים װױנען. האָבן מיר אַריבער־געװאָרפן זײַן געהילץ אין דעם באַנטן דאָרף, װאָס געהערט אויך צום שטעטלדיקן פּאָס־סאָװעט, צו־ליב אײַנזיצן עס בײַ דער פאַרברײטערונג פון דער שול, און װעלכער, געדענקסטו, מיר בײדע האָבן אַמאָל זיך געלערנט. דאָס איבעריקע — די ציגל פון דעם אײװועלע און נאָך עפּעס־װאָס האָבן אונ־

טערגעקליבן די אַרומיקע אײַנוווינער. איז געבליבן נאָר דער מיט מאָך פאַרוואַקסענער דאַך, וועלכער איז קיינעם ניט נייטיק.

א רעגע האָט ער געשוויגן און דערנאָך צוגעגעבן:

— און דאָס, וואָס דו ביסט געקומען באַזוכן דײַן היימשטעטל און זײַן אויף קיִעווער־אָוועס, איז גוט און ריכטיק פון דײַן זײַט, און איך וועל דיר אין דעם העלפן מיט מײַן מאַשין.

דערנאָך האָבן מיר דערציילט אײַנקורצן איינער דעם אַנדערן, ווו און וויאַזוי זײַנען בײַ אונדז דורכגעגאַנגען די אַלע יאָרן פון זינט מיר זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. איך האָב דערציילט, אַז די אַלע יאָרן האָב איך געאַרבעט אַלס מעכאַניקער, נאָכן ענדיקן די טעכנישע שול, אויף איינער און דער זעלבער פאַבריק. אָנהייבנדיק פון די מילכאָמע־יאָרן, ווען די פאַבריק האָט געאַרבעט אויסשליסלעך פאַרן פראָנט, און ביז מײַן אַוועקגיין אויף פענסיע בין איך שוין געווען דאָרט הויפּט־מעכאַניקער.

ער האָט אויך דערציילט מיר אײַנקורצן, אַז אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך מײַן אַוועקפאָרן פונעם שטעטל האָט מען אים גענומען אין דער אַרמיי. ווען ער האָט זיך אומגעקערט און באַלד כאַסענע געהאַט, האָט זיך אין עטלעכע כאַדאָשים אַרום אָנגעהויבן די גרויסע פאַטערלענדישע מילכאָמע. ער האָט זי פאַרענדיקט אַלס א קאַפּיטאַן און זומער 1944, נאָך א שווערער פאַרווונדונג. דערבײַ האָט ער אויפגעהויבן זײַן לינקן פוס, אים אָנגעקלאַפּט אינעם אָרט, ווו עס געפינט זיך דער שינביין, און נאָכן טעמפּן, ספּעציפישן אָפּקלאַנג האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז בײַ אים א פּראָטעז.

איך האָב געאײַלט אויסדריקן מײַן מיטגעפיל. ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער פרײַער פונעם רול האַנט:

— נו, און אַז איך האָב זיך אומגעקערט אין שטעטל, צוערשט אַפילע מיט א הילצערנעם פּראָטעז, און מענטשן אַרבעטספעיִקע זײַנען קימאַט ניטאָ, האָט די געגנטלעכע פאַרטיי־ביוראָ מיך אָנגעמערקט אַלס פאַרזיצער פונעם שטעטלשן פּאָססאָוועט. איז דאָ אַרבעט, גאָט צו דאַנקען, קלעקט פאַר צווייען. מיר זײַנען דאָך ביידע אין איין עלטער, מעג איך אויך שוין אַוועקגיין אויף פענסיע. נאָר דערווײַל לאָזט מען מיך ניט אָפּ און פון יאָר צו יאָר בעט מען: „אַרבעט נאָך א יאָר, נו, דאָס לעצטע...“

אַזוי דערציילנדיק און איבעררײדנדיק זיך, זײַנען מיר דורכגעפאָרן עטלעכע שטעטלשע געסלעך, ביז פיאָדאָר האָט אָפּגעשטעלט די מאַשין לעבן א גאַנץ פײַנעם, ניט לאַנג אויסגעבויט הויז.

— אָט דאָס איז מײַן וווינונג, — זאָגט צו מיר פיאָדאָר, — קום אַרײַן, כאָטש ווי אַן אומגעריכטער, אָבער ווי א „פאַרבעטענער גאַסט“.

אינעם ערשטן נאָכן אַרײַנגאַנג־צימער האָט אונדז באַגעגנט אַן עלטערע פרוי פון מיטלען וווּקס, מיט א גלײַכער נאָך פיגור, מיט אונטערגעשווירענע „ווי בײַ א יינגל“, ווייכע, עטוואָס גראָווע האָר אויפן קאָפּ און מיט גרויסע, ברייט צעעפנטע טונקל־גרינע אויגן.

— אָט דאָס איז מײַן פרוי, — האָט זי פאָרגעשטעלט פיאָדאָר, — באַקענט זיך, אָבער איר זײַט פון לאַנג שוין באַקאַנט. אַנע, — רופט ער אויס העכער, — נעם אויף אַן אויסערגעוויינלעכן גאַסט. ס׳איז געקומען צו אונדז מישע, ייִסראָעל דעם שאַמעסעס זון.

איך קוק אויף דער פרוי, און איך זע, ווי עס ברייטערן זיך בײַ איר די אַזוי אויך גרויסע אויגן, ווי זיי ווערן פול — פריִער מיט שרעק און וווּנדער, און דערנאָך טוט פון זיי א שפּראָץ א פרייד, אַן עמעסע גליקלעכע פרייד, און די פרוי פאַלט צו מיר צו מיט א געוויין, מיט א געשריי, האַלדזט מיך און קושט.

— מישע, מישענקע! — וויינט זי און לאָזט צוזאַמען. — דאָס ביסטו, מישענקע, דו לעבסט!

די ערשטע רעגעס בין איך געשטאַנען צעטומלט און דערשטוינט, נאָר באַלד קוק איך זיך צו מער אָנגעשטרענגט און דערקען... איך דערקען מײַן אַמאָליקע ליבלעכע כאַנע, כאַנעלע די שיינע!

מיר שפּאַרט אונטערן האַלדז, דאָס בלוט האָט זיך א וואָרף געטאָן צום קאָפּ. מיר ווילט זיך אויך שרײַען, אויסברעכן א געוויין, נאָר איך געדענק די באַמערקונג, וואָס פיאָדאָר האָט מיר געמאַכט פריִער אויפן הויף, אַז איך בין שוואַך אויף טרערן, האַלט איך זיך קוים אײַן. אָבער איך כאַפּ כאַנעלעס קאָפּ, קוק זי אַרום, גלעט און קוש. פאַרשטייט זיך, ניט פײַער־הייס, ווי ווען מיר האָבן זיך געזעגנט, נאָר אַזוי צערטלעך און גליקלעך, און נאָר איין וואָרט רײַסט זיך פון מײַן מויל צווישן די קושן: „כאַנעלע, כאַנעלע!“

כ׳ווייס ניט, וויפל האָט געדויערט אָט די סצענע, נאָר מיר זײַנען געקומען צו זיך, ווען סע האָט זיך דערהערט פיאָדאָרס קול:

— נו, גענוג, מײַנע טײַערינקע, באַרויִקט זיך. און דו, אַנעלע, גרייט צום טיש, מיר זײַנען ביידע הונגעריקע. און נאָכדעם גלײַך גרייט אויך דאָס בעט פאַר מישען — ער כאַלעשט שלאָפן. איך האָב אים געפונען א שלאָפנדיקן אין דרויסן, קימאַט אויף דער ערד, — ענדיקט ער מיט א געלעכטער און דערציילט כאַנעלען, ווו און אין וואָס פאַר א פּאָזע ער האָט מיך צוערשט הײַנט דערזען.

האָקיצער, מיר זײַנען זאַלבעדריט גליקלעך און צופרידן. מיר שלאָגן איבער איינער דעם אַנדערן מיט פראַגעס, מיט רייד, און מיר הערן ניט אויף סײַ צו דערמאָנען אַלערליי איינצלהײַטן פון אונדזערע געמיינזאַמע יונגע יאָרן, סײַ פאַרשיידענע פּראָטים פון דעם, וואָס מיט אונדז האָט זיך געטראָפן נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך צעשיידט.

דערהויפּט האָבן איך און כאַנע פיל גערעדט. פעדיע איז נאָך פון קינדווײַז ניט קיין גרויסער דאַברען. אָבער ווען סע איז געווען פון וואָס צו לאַכן, פלעגט ער לאַכן געשמאַק, פון גאַנצן האַרצן, און אַזוי, אַז זײַן געלעכטער פלעגט איבערדעקן מײַנע און כאַנעס. און אַפילע נאָכן עסן, כאָטש כאַנע האָט פון לאַנג שוין צוגעגרייט מײַן געלעגער, זײַנען מיר נאָך ביז שפּעט אין דער נאַכט

זיך ניט פאנאנדערגעגאנגען און אלץ גערעדט און דערציילט.

איך האָב אינקורצן זיך דערוווּסט וועגן כאנען און פיאָדערן פאלגנדעס. ווי איך האָב שוין באמערקט, זײַנען פיל פון אונדזער כעוורײַע געווען פארליבט אין כאנעלען דער שיינער. און אויסער מיך איז דער ערשטער צווישן זיי געווען טאקע פעדיע. נאָר ער האָט געפילט און געזען, אז כאנעלען בין איך מער אָנגעלייגט, איז ער דערפאר געשטאַנען אין א זײַט. אָבער אין א צײַט ארום נאָך מײַן אָפּפאָרן האָט ער דערפילט, אז כאנעלע איז פרײַ געוואָרן בנוגע מיך, האָט ער אָנגעהויבן פאמעלעך און לאנגזאם ארומרינגלען זי מיט אכטונג און זאָרגן, און וואָס ווײַטער — אלץ מער און צערטלעכער. דער סאכאקל איז געווען דאָס, וואָס פאר זײַן אוועקגיין אין ארמיי האָט זי אים פארזיכערט, אז זי וועט וואַרטן אויף אים ביז ער וועט קומען צוריק.

און ווירקלעך, ניט לייגנדיק קיין אכט אויף די צענדליקער יונגעלײַט, וואָס האָבן זיך אין יענער צײַט געדרייט ארום איר, האָט זי זיך דערוואַרט אויף פעדיען, און ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון דער ארמיי, האָבן זיי געשפּילט זייער כאסענע.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, האָט פיאָדער אויסגעבעטן עטלעכע טעג צוליב עוואקויִרן כאנען, וועלכע איז געווען אין די לעצטע כאדאָשים.

ווען זיי האָבן מיר דערציילט וועגן יענע טעג, האָט פיאָדער געזאָגט מיט טרויער:

— וויסן זאָלסטו, אז איך מיט אנען זײַנען פאר אונדזער אָפּפאָרן געווען בא דײַנע עלטערן און זיי פארגעלייגט, אפילע געבעטן, ווי זאָלן זיך אָנשליסן צו אנען און צוזאמען זיך עוואקויִרן. דו מיין ניט, — האָט ער צוגעגעבן, — אז מיר האָבן דאָס געטאָן צוליב דיר. א, ניין! דו האָסט עס ניט פארדינט. דו האָסט זיך אינגאנצן אָפּגעריסן פון אונדז נאָך דײַן אוועקפאָרן. נאָר צי האָב איך געקאָנט פארגעסן און אזוי פארלאָזן דײַן מוטער, וועלכע איך האָב אזוי געאכטעט, מאמעש ליב געהאַט? צי האָב איך דאַן געקאָנט פארגעסן, ווי אין די ווינטער־טעג און אין די טעג פון א שלעכטן וועטער פלעג זי ארויסגיין אָפּן וועג צום דאָרף, קעדיי באגעגענען אונדז ביידן נאָך די שול־לימודים און שטענדיק פארפירן פריִער מיך צו מײַן היים, און ווי זי פלעג אָפּט אין די ווינטערדיקע קעלטן אונדז, באגעגענענדיק, מעכאבעד זײַן און דערבײַ טיילן אויף גלײַך עטלעכע וואַרעמע, אין א טיכל פארבאהאלטענע, קארטאָפליעס און עפּעס א נאשערײַ? א, איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פארגעסן!

— נאָר דײַן מוטער, — האָט אונטערגעכאַפּט כאנע, — וויפל מיר האָבן זי ניט אײַנגערעדט, האָט זיך פון דעם קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט. „וואָס עס וועט זײַן מיט קאָל יִיסראָעל, וועט זײַן אויך מיט מײַן רעב יִיסראָעל״, — האָט זי געענטפערט און עטלעכע מאָל דאָס איבערגעכאַזערט, זײַענדיק, קענטיק, צופרידן, וואָס איר מאן רופט מען יִיסראָעל (אָט די לעצטע פראַזע האָט כאנע מיר דערציילט אין יִידיש). — דער פאָטער דײַנער איז געשטאַנען דערבײַ. ער האָט די גאנצע צײַט געשוויגן, נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ, א סימען, אז ער איז אײַנשטימיק מיט דײַן מוטער. איך האָב דאַן געפּרוּווט זיי אײַנריידן, — האָט פארענדיקט כאנע, — מיט דעם, וואָס זיי וועלן דערנאָך האָבן די מעגלעכקײַט אָפּצופאָרן צו דיר קיין מאָסקווע. אויף דעם האָט די מאמע דײַנע מיט שרעק אויסגעשריגן: „וואָס רעדסטו! דו ביסט כאָסערדייע — אים איז אזוי, אָן אונדז, שווער דאָרטן, וועלן מיר קומען און נאָך ערגערן זײַן לאגע!״

הערנדיק דאָס, האָב איך בעשאָסמײַסע הויך און גוט אויסגעווידלט זיך אליין: פארוואָס טאקע האָב איך דעמלט ניט פירגענומען עפּעס, קעדיי עוואקויִרן זיי?

עמעס, פיאָדער האָט מיך איבערגעשלאָגן און, טרייסטנדיק, דערמאָנט, אז אלץ איז דעמלט פארגעקומען אזוי געשווינד! די פאשיסטן האָבן דאָך אָקופּירט דאָס שטעטל שוין אין די ערשטע טעג פון דער מילכאָמע. איז ווער האָט פונדערווײַטנס געקאָנט דעמלט אין דעם וואָס אויפטאָן?

איך האָב צוגעשוויגן, נאָר איבערלעך געבליבן בא מײַנס: איך האָב דורכגעלאָזט די צײַט צוליב דעם.

— און ווען אין סאָף מילכאָמע בין איך געווען שווער פארוווּנדעט, האָט אנע אויפגעזוכט נאָך אין ארמיי־שפּיטאָל איר מאן, וועלכער איז שוין געווען אויף א פוס ווייניקער, נאָר דערבײַ האָט זי, פון איר זײַט, דאָס קאָמפּענסירט מיט א צוגאָב אין דער פאָרם פון א קליין דרײַיאָריק טעכטערל, — האָט זיך געוויצלט פיאָדער, ארומנעמענדיק דערבײַ כאנען.

— ניט גרינג איז דאָס אנען אָנגעקומען, — זאָגט פיאָדער ווײַטער, — אין א פרעמדער שטאָט, אָן הילף פון א נאָענטן, האָדעווען א קליין קינד און דערבײַ אַרבעטן אין אן ארמיי־שפּיטאָל און צום סאָף באקומען ניט קיין גאנצן מאן, נאָר א מאן אָן א פוס.

— ניט א גאנצער, אָן א פוס, נאָר שוין העכער דרײַסיק יאָר, אז ער אַרבעט פאר צווייען, פאר דרײַען, — באמערקט דערבײַ כאנע מיט א שמייכל.

— און דאָס „דרײַיאָריקס״ איז שוין איצט אלט קאָרעוו פערציק יאָר, דו ווייסט, מישע, זי מאָרגן הערהען — א לערערין אין יענער שול, אין וועלכער מיר ביידע האָבן מיט פופציק יאָר צוריק זיך געלערנט, — זאָגט ווײַטער פיאָדער. און כאנע גיט צו:

— ניט נאָר מיט דער טאָכטער וועסטו זיך באקענען, נאָר אויך מיט דער טאָכטערס טאָכטער, וואָס פארענדיקט שוין אין קינפטיקן יאָר די מיטלשול.

אויף מאָרגן, נאָכן פרישטיק, זײַנען מיר, ווי פיאָדער האָט פארגעלייגט, צוגעפאָרן אויף זײַן מאָשין צו דעם ברידער־קייווער, וואָס געפינט זיך ניט ווײַט פונעם שטעטל. דאָרטן, בא דעם אָבעליסק לעבן קייווער, בין איך געשטאַנען א היפּשע צײַט אויף די קני מיט הארצווייטיק און טיפן טרויער.

אויפֿן וועג צוריק האָט פּיאָדער, כאָטש צײַט איז בײַ אים געווען ווייניק, דאָך מיך געפֿירט דורך די עטלעכע שטעטל־געסלעך, קעדיי באַווײַזן, ווי דער ישעוו וואַקסט — זײַנע, פּיאָדערס, אויפֿטוען פֿאַר די לעצטע יאָרן. גערעדט האָט ער דערבײַ מײַסע באַלעבאָס, וואָס ווייסט גוט, אויף אויסווייניק, ווי און וויאַזוי איז דאָס און יענץ דערגרייכט געוואָרן און וואָס דאַרף מען נאָך ווײַטער אונטערנעמען.

דערנאָך האָט ער מיך דערפֿירט צו זײַן הויז, אַרויסגעלאָזט פֿון דער מאַשין און געשווינד אַוועקגעפֿאָרן צום פּאַס־סאָוועט, ווו ס'האָט זיך געדאַרפֿט אָנהייבן אַ זיצונג.

כאַנע, פֿאַרשטייענדיק מײַנע איבערלעבונגען לעבן דעם ברידער־קייווער, האָט זאָרגעוודיק מיר פֿאַרגעלייגט זיך אָפּרוען. דערנאָך מעכאַבעד געווען מיט אַ גלעזל טיי און מיט איר געשמאַק געבעקס, און מיר האָבן, ווי נעכטן, נאָר שוין אײַנצווייען, פֿאַרצויגן אַ שמועס אויף שאָען, אַלץ דערמאָנענדיק פֿאַרשיידענע אַמאָליקע געשעענישן אינעם שטעטעלע, אין אונדזער קאָמיוג־אָרגאַניזאַציע פֿון יענע יאָרן און ביכלאַל וועגן אונדזער לעבן. צווישן אַזעלכע דערמאָנונגען האָב איך זי אַ פֿרעג געטאָן, פֿאַרוואָס האָט זי ניט געענטפֿערט אויף מײַן בריוו צו איר. זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן, זיך פֿאַרטראַכט, געוואָרן עטוואָס אומעטיק, דערנאָך געענטפֿערט:

— איך האָב געוואַרט אויף אַ צווייטן בריוו דײַנעם, אין וועלכן דו וועסט זיך אַרויסזאָגן וועגן מײַן פֿאָרן צו דיר אין מאָסקווע, ווען און וויאַזוי, נאָר איך האָב זיך ניט דערוואַרט. — אַ מאָך טוענדיק מיט איר האַנט אײַנדערלופֿטן, האָט זי צוגעגעבן: — לאָמיר רײדן וועגן אַנדערע זאַכן...

אינגיכן האָט זיך דערהערט, ווי עס עפֿנט זיך די טיר אין דעם פֿאָדערשטן צימער און ווי שטורמיש עס דערנעענטערן זיך קלעפּ פֿון קאַבלוטשקעס.

— דאָס איז געקומען מײַן אייניקל, מײַן ליבע, טײַערע נאַדיענקע, — האָט אַ זאָג געטאָן כאַנע און געשווינד זיך אויפֿגעהויבן צו איר אַנטקעגן.

אין צימער איז אַרײַן נאַדיענקע. אַ הויכע און שטאַלטנע, איז זי געשווינד צוגעלאָפֿן, אַרומגענומען און צעקושט איר באָבען.

איך האָב דערבײַ פֿון דערשטוינונג אַפֿילע פֿאַרשטעלט אויף אַ ווײַלע די אויגן: איך האָב דערזען כאַנעלען, כאַנעלען די שיינע פֿון מײַן יוגנט — אַזוי ענלעך איז זי געווען אויף איר באָבען פֿון יענע יאָרן! אַפֿילע מיט די זעלבע כיין־גריבעלעך אויף די באַקן!

נאָכן פֿאַרשטעלן זיך און באַגריסונגען האָבן מיר זיך ווידער געזעצט צום טיש.

אויסניצנדיק די מינוט, ווען נאַדיענקע האָט זיך נאָך עפּעס אָפּגעקערט אין אַ זײַט, האָב איך שטיל געזאָגט כאַנען אויף ייִדיש:

— ווי ענלעך איז זי, כאַנע, אויף דיר פֿון אונדזער יונגער צײַט! זי איז זייער אַ שיינע, דײַן אייניקל, דאָך ביסטו געווען שענער!

כאַנע האָט מיט דאַנקבאַרקײַט מיר אַ דריק געטאָן די האַנט און ווייך געענטפֿערט:

— נו, נו, טרײַב ניט איבער, שענער פֿון מײַן אייניקל קאָן שוין ניט זײַן!

נאַדיענקע איז נעענטער צו אונדז צוגעגאַנגען און געזאָגט מיט אַ שפּילנדיקן פֿאַרדראָס:

— וואָס שעפּטשעט איר זיך? איר באַרעדט מיך מיסטאָמע.

מיר האָבן זיך צעלאַכט.

אין אַ שאָ אַרום איז געקומען אויך נאַדיענקעס מוטער — כאַנעס אײנציקע טאָכטער — סאָניע.

— איך ווייס וועגן אײַך שוין אַלץ, — האָט זי געזאָגט, באַקענענדיק זיך מיט מיר. — איך בין געווען נאַרוואָס וועגן די שול־אינטערעסן אין פּאַס־סאָוועט, האָט מיר דער פֿאָטער דערציילט וועגן אײַך און אײַער קומען. און די מוטער האָט פֿון לאַנג שוין דערציילט מיר וועגן אײַך, — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ געהיימען שמייכל.

זי האָט אויך אויסגעזען שיין און נאָך יונג אין אירע קאַרעווע פֿערציק יאָר. אויף איר פּאָנעם זײַנען אויך געזעסן כיין־גריבעלעך. אָבער אויף כאַנען, צו מײַן באַוווּנדערונג, איז זי ניט געווען אַזוי ענלעך, ווי איר טאָכטער נאַדיענקע.

אָט אַזוי זײַנען מיר זאַלבעפֿערט, — איך און די דרײַ שיינע, מילדע פֿרויען פֿון פֿאַרשיידענע דרײַ דורות, — געזעסן בײַם טיש און געמיטלעך פֿאַרבראַכט.

נאַדיענקע האָט זיך געזעגנט, און מיר אײַנדרײַען זײַנען אַוועק צו דער שול.

דער וועג צום דאָרף, ווו די שול געפֿינט זיך, איז געווען ווייניק ענלעך אויף דעם, וועלכן איך האָב געוווּסט מיט יאָרן צוריק. דעמאָלט איז ער באַשטאַנען קימאַט פֿון אײנע בלאָטעס און הערבלייעס, איצט איז ער באַדעקט מיט אַספֿאַלט און אויסגעגלײַכט. איך קוק אַלץ אַרום און דערמאָן זיך: אָט דאָ איז געשטאַנען אַן אַלטער דעמב, איצט איז ער שוין ניטאָ. אָט דאָרט איז געווען אַ ריוו, איצט איז פֿון אים קיין זייכער ניט פֿאַרבליבן. דערנעבן איז געווען אַ לאָנקע, איצט שפּרייט זיך אַ פֿעלד...

דער וועטער איז געווען זייער אַ גוטער, די זון האָט שוין אָנגעהויבן זיך נידעריקן צו מײַרעוו און געוואַרעמט ווייך און אָנגענעם. בײַ ביידע זײַטן וועג האָבן זיך געשפּרייט קאַרטאָפֿל־ און קאָרן־פֿעלדער, די קאַרטאָפֿל האָבן שוין געבליט און ווי ווײַט דאָס אויג האָט פֿאַרכאַפּט, איז דאָס פֿעלד געווען באַדעקט מיט ווײַסן צוויט, געמישט מיט העל־געלבלעכע קנאָספּן.

איך זופּ ברייט און טיף די פֿרישע, דופּטיקע לופֿט, אָבער אינערלעך ליגט אויפֿן האַרצן אַ בענקשאַפֿט. מיר גייען דאָך אויפֿן וועג פֿון מײַן אַוואַר!

אויף האַלב וועג ליגט אַ בריקל איבער אַ ריטשקעלע.

— אָט ביז אַהער, כאַנע, — זאָג איך, — פֿלעג צוקומען מײַן מוטער אין די בייזע געוויטערס און פֿרעסט, קעדיי באַגעגענען מיך און פּיאָדערן.

— אָ, איך ווייס, — האָט געענטפֿערט כאַנע, — מיר האָט דאָס אָרט אויך פֿעדיע באַוויזן.

— ווייסט, מישע, — האָט זי דערנאָך שטיל

און מיט א זיפֿץ צוגעגעבן, — סאַראַ טײַערע און גוטע מאַמע האָסטו געהאַט! איך האָב זי זייער געשעצט. זי פֿלעג מיך ווען־ניט־ווען אָפּשטעלן און דערציילן מיט פֿרייד, אַז זי האָט געקראָגן פֿון דיר א בריוועלע צי עפּעס געלט. און ווען איך האָב כּאַסיע געהאַט, האָט זי מיך באַגעגנט, אַרומגענומען, געקושט, געווּנטשן אַלדאָס גוטס און געזאָגט מיט פֿאַרדראָס: „איך האָב געהאָפֿט אַלץ, אַז דו וועסט אַמאָל ווערן מײַן שנור. נאָר ניט באַשערט, גאָט האָט אַנדערש געוואָלט, טאָ זאָל זײַן מיט מזל".

די שול האָב איך קימאַט ניט דערקענט: זי איז געוואָרן פֿיל ברייטער, אַרומגערינגלט מיט אַן אַלייע ביימער און מיט א פֿריש־געפֿאַרבטן פּאַרקן. אַרום דעם שול־הויף און אינעווייניק אין שול איז געווען שטיל. קאַניקול־צײַט.

— מע זעט ניט, ווּ איז דאָ מײַן שטיבל, ווּ ניצט מען עס איצט? — האָב איך ווי מיט פֿאַריבל געפֿרעגט סאָניען.

— אָ, — האָט זי זיך צעלאַכט, — איר זעט אין יענעם ווינקל א טונקעלע געבײַדע? אָט דאָס איז די נײַע שול־קיך און באַשטייט דאָסראָזי פֿון אײַער אַריבערגעוואָרפֿענעם אַהער שטיבל.

די האָט געאײַלט צו דעם דירעקטאָר, זיך געזעגנט מיט אונדז און איז אַוועק. איך מיט אַנען זײַנען צוגעגאַנגען צו דער אַנגעווירזענער געבײַדע.

ווייניק־וואָס האָב איך דערקענט אין די אויפֿגעשטעלטע ווענט דאָס געהילץ פֿון מײַן אַלט שטיבל. אָבער דאָס איז עס געווען: איך האָב דאָס מער געפֿילט, ווי אַרויסגעזען. דאָס אײַנציקע, וואָס איז פֿאַרבליבן ווי אַמאָל, זײַנען געווען די פֿענצטער און די טירן. זיי האָב איך לענגער אַרומגעקוקט און אַפֿילו אינדערשטיל זיי געגלעט. נאָר ווען כ'בין צוגעגאַנגען צו דער אַרײַנגאַנג־טיר, האָט זיך פּלוצעם אין מײַן זיכּרון דערוואַכט אַן אַלטע פֿון יענער צײַט געשיכטע. איך האָב געשווינד אַרומגעקוקט אָט די טיר און אויפֿגערעגט, הויך געריפֿן צו זיך אַנען.

— אָט, זע, אַנע, — האָב איך איר געוויזן אויף א זײַט פֿון דעם טיר־קעסטל. דאָרטן אין דער הייך האָבן זיך געזען טיף אויסגעשניטענע אינעם האָלץ אויסיעס: כאַנע־לע. — אָט דאָס האָב איך אויסגעשניטן אין יענע צײַטן, — האָב איך געזאָגט. — און טאַקע געכאַפּט דעמאָלט פֿאַר דעם א גוטן כּיילעק פֿון מײַן פֿאָטער.

אַנע האָט געקוקט אויף דעם עטלעכע רעגעס — דאָס איז געווען ווי א גרוס מיט אַן אונטערשריפֿט פֿון יענע יונגע יאָרן. זי האָט עפּעס זיך געריוויטלט, און פּלוצעם האָט זי מיך אַרומגענומען, א קוש געטאָן עטלעכע מאָל און געזאָגט שטיל, מיט א ציטער אין קאָל:

— מע דאַרף ניט מער, מישענקע, איך בעט דיך — וועגן דעם זאָל זײַן גענוג.

זי איז געשווינד אַרויס אין הויף און פֿון דאָרטן שוין געריפֿן הויך און רויִק:

— מישע, שוין צײַט צו גיין אויף צוריק, אינגיכן דאַרף קומען אַהיים פֿיאָדער א הונגעריקער ווי צען וועלף.

אויף האַרגן פֿרי האָב איך דערקלערט, אַז איך פֿאָר טייקעף אָפּ. וויפֿל ס'האָבן ניט געבעטן אַנע און פֿיאָדער, איך זאָל בלײַבן בײַ זיי נאָך אויף עטלעכע טעג, האָב איך דאָך באַשטאַנען אויף מײַנס.

— איך קאָן ניט און טאָר ניט מער דאָ זײַן, — האָב איך געטײַנעט, — מײַן אַלטיטשקע וועט זיך פֿון זינען רירן, ווען איך פֿאַרשפּעטיק. איך האָב איר געשוווירן אומקערן זיך וואָס גיכער.

פֿיאָדער איז באַלד אַרויס גרייטן די מאַשין צום וועג, און אַנע איז אַוועק אין קיך, זאָגנדיק דערבײַ דאָס זעלבע, וואָס מײַן פֿרוי פֿאַר מײַן אָפּפֿאָרן:

— איך גיי גרייטן דיר עפּעס־וואָס צו עסן אין וועג.

אָפּגענעם אַלע פֿרויען זײַנען אויף איין שניט: כאָטש דער וועג דויערט ניט לאַנג און אינעם צוג געפֿינט זיך א רעסטאָראַן, איז — מאַלע וואָס ס'טרעפֿט זיך, מע דאַרף געבן „מיט זיך".

אויפֿן וועג צו דער באַן־סטאַנציע איז פֿיאָדער, צי דער וועג פֿירט אַזוי, צי מיט א כּיוון, דורכגעפֿאָרן אונדזער אַלט געסל, פֿאַרבײַ מײַן הויף. ווען עס האָט זיך באַוויזן דאָס דעכל, האָט ער א זאָג געטאָן:

— די טעג וועלן מיר פֿאַרברענען דעם אַלטן דאַך, מע דאַרף גרייטן דעם פּלאַץ פֿונעם הויף פֿאַר אַן אַנגעמערקטער נײַער געבײַדע.

— אָ! — האָב איך געענטפֿערט מיט באַדויער, — נאָך גוט, וואָס איך בין געקומען בײַצײַטנס און זיך געזעגנט מיט דעם דעכל...



# אַלט־דאָרפֿישע מאָטיוון

## לידער



מיט פֿאַרשיידענע וועגן קומען צו שעפֿערישע קריכעס אין דער ייִדישע ליטעראַטור. ס'האָבן זיך באַוויזן צענדליקער יונגע דיכטער, פּראָזאַיִקער, עסעיִסטן, און עס טרעפֿט אויך, אַז אַ באַיאָרטן מענטשן, וועלכן ס'האָט זיך ניט אײַנגעגעבן ביז איצט צו דרוקן זײַנע מאַנוסקריפּטן, באַווײַזט זיך גאַנץ אומגעריכט און רופֿט אַרויס אַן אינטערעס פֿון דער רעדאַקציע מיט אַ בינטל לידער אָדער אַפֿילע מיט אַ גאַנצער פּאָעמע.

דער פֿאַל, וועלכן מיר האָבן איצט אין זינען, איז אַן אויסטערלישער: צו אונדז אין רעדאַקציע האָט אַ כאַוער, וואָס איז אַלטער מען געווען לאַכלוטן ניט באַקאַנט, אַרײַנגעטראָגן מיט איין מאָל עטלעכע זײַנע עפּישע פּאָעמעס... וועגן זיך שרײַבט יאַנקעוו מילשטיין: „איך בין געבוירן געוואָרן אין 1917 אינעם שטעטל נעמיראָוו, וויניצער געגנט. כ'האָב פֿאַרענדיקט די ייִדישע זיבניאָריקע שול, דערנאָך די לעצטע דרײַ קלאַסן פֿון דער אוקראַיִנישער, שפּעטער — דעם קיִעווער אוניווערסיטעט. געאַרבעט אַלס לעקטאָר־פֿילאָלאָג אין טולטשינער לערער־אינסטיטוט. בײַס דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע בין איך געווען אויפֿן פֿראָנט, כ'האָב פֿאַרוווּנדונגען און באַלוינונגען. נאָכן קריג האָב איך אונטעריכטעט אין בראַטסקער און ניי־בוגער פּעדאַגאָגישע שולן פֿון ניקאָלײַעווער געגנט. געווען דאָרט פֿאַרוואַלטער פֿונעם לערן־אָפּטייל. אין מעשעך פֿון די לעצטע פֿיר צענדליק יאָר באַמי איך זיך דערציילן אין פֿערזן וועגן דעם גוירל פֿון אַ ייִדישער מישפּאָכע ערדאַרבעטער".

די רעדאַקציע האָט באַשטימט באַקאַנען די לייענער מיט מוסטערן פֿון יאַנקעוו מילשטיינס שאַפֿונג.

### 1

ס'פֿאַרקויפֿט אַ מאָקעם
זאַמקאָוועץ —
באַם בוג אַ כורווע,
לעם די שטײַלע שטיינער.
דאָס דאָרף צעוואַרפֿט
דער נאַכלע־שטייגער.
אַ ברייִרע?
גאָטעניו באַוועצט.

קיין דאַשעקעס,
קיין מאַמע־לאָשן.
וווּ ביסטו, דאַשעווו?
גיטל וויינט.
דאָ — דוואָסיע,
די שינקאַרקע,
חוינט.
נאָרט אויס
באַ די שיקורים
גראָשנס.

דאָס נײַ פֿאַרפֿאַלק
שווין הערט און זעט,
ווי ס׳כאַפּעט איד
א שיקער היגער

און ווי ער לעצעוועט זי איבער,
נאָר פֿאַרט —
א קוואַרט האָרילקע
בעט.

## 2

בידעוועט קאַלמען, פֿרעגט באַם רעבן:
— ס׳רינט אויס דער נאַדן, טאָ ווי וועט מען לעבן?

— האָפּ אָפּ א נעס,
ס׳קלעפּט זיך דײַן נעסטו!

גאָט האָט געהאָלפֿן — באַצאָלט פֿאַר ביטאָכן,
יאָ, אַלפּי נעס — דורכן קריסטישן שאָכן.

ס׳יאַוועט זיך טאַקע אַנומלטן יאָסעף:
— גיטליא, וואָס ביסטו פֿאַרוויסט און פֿאַריאָסעמט?

ס׳יאַוועט זיך איכעט אוסטים,
ס׳גייט זײַן קילינא — נאָך אים.

קוידעמקאָל לעסאַטע
דאַרף מען שטעלן א כאַטע.

האָרעוועט מען און דעם שוויס מע ווישט.
שרעקט זיך ניט גיטל פֿאַר קיזיקעס־מיסט —
קריכט מיט די פֿיס און פֿאַרמישט.

## 3

— עס גיט אונדז אָפּ כאַיונע דאָס און יענץ:
דאָס קלייטל און די קו, דאָס שטיקל גאָרטן
(ס׳וועט סימעלע זיך ר׳ִעדפֿאָרען דאָרטן).
כ׳וועל האַלטן אַפֿן בוג א הערטל געגנדז,

אין הויפֿל האָדעוועןן א צענדליק הינער.
— און די נעוועז? — קרעכצט דער כאָסיד,
לעכצט נאָך זין ער.

## 4

דאָס קליינוואַרג וואַקסט.
ערשט ניט לאַנג פֿלעג דער ויידע
באַזעצן אָפּ קני אים
און דערציילן דעם בראַוון קאָזאַק:
— דער קאָזאַקישער שטאַם האָט א קיִעם —
קומט ניט אום, כאָטש אים בראָק, כאָטש אים האַק.
האָרכט סטעפּאַנקאָ פֿאַרכאַפּט וועגן מוטיקע
ליצאַרעס־שלאַכטלער,

וועגן העטמאַנעס, וועגן דער סיטש,
מיט א הילצערנער שווערד בראָקט די שליאַכטע.
הילכט די „סלאַוואַ” — דער שליאַכטישער קוויטש.
אין כאַלוימעס דעם דימיען דעם ויידנס
שווין כידעשט א כיִעס־שיגאָען,
אין די וויִעס א טרערעלע בריט:
עס דערמאָנט א קאָבזאַר די שראַמקאָען —
די בונטאַרישע זייערע טריט.

## 5

ביטער וויינט דער פֿאָלוואַרק־מאַשיניסט אוסטים
וועגן יווישער־רויבער מיט א זיסער שטים:

„לײַטן מיינען, אז איך האַרגע,
גאַזלען איז מײַן נאָמען.
כ׳האָב נאָך קיינעם ניט געהאַרגעט,
כ׳האָב דאָך א נעשאָמע.

ס׳דוכט, אז ס׳זינגט אַליין דאָ קאַרמעליוק אוסטים.
די באַנדורע דונערט, ביטער רעדט מיט אים:

„כ׳האָב א ווײַב און קינדער האָב איך,
נאָר איך זע ניט קיינעם.
ווען מיר מאָלט זיך זייער דאָליע,
הייב איך אָן צו וויינען”.

# דאָוויד בערגעלסאָנס לעצטער טאָג

עס איז דורכגעגאַן אַ יאָר נאָך דעם אומגעלומפּערטן אומקום פֿון שלוימע מיכאָעלסן דעם 13 יאַנוואַר 1948 אונטער די רעדער פֿון אַ לאַסט־אויטאָמאָביל אין מינסק. דאָוויד בערגעלסאָן שרײַבט זײַן אַרטיקל „מיכאָעלס״. ער פֿאַרשטייט, אַז דאָס זײַנען נאָר עטיודן פֿאַר אַ קומענדיקן אויספֿירלעכן עסיי, אָבער מע טאָר שוין ניט מער אָפּלייגן אויף שפּעטער. ער דיקטירט דעם אַרטיקל דעם ווײַב ציפּען, וועלכע איז זײַן „פּערזענלעכער סעקרעטאַר״. יאָ, יאָ, מע דאַרף אויפֿקלערן די מיספֿאַרשטייענישן אַרום דער יידישער קולטור, צווישן זיי — אַז מיכאָעלס איז קלוימערשט אַ קאָרבן, ווײַל ער האָט עמעצן געשטערט. וועגן זײַן טויט האָבן דאָך טייקעף מיט גרויס צער מיטגעטיילט די לאַנד־צײַטונגען, געשריבן, אַז דאָס איז אַן אומגליקלעכער צופֿאַל. בערגעלסאָן ווייסט אויך פּערזענלעך פֿון איציק פֿעפֿערן, וועלכער האָט געשמועסט מיט מיכאָעלסן עטלעכע שעה פֿאַר זײַן אומקום, אַז בײַם זײַן קאָמאַנדירונג אין מינסק האָט מען אים אײַנגעלאַדן צוגאַסט, און אַפּדערנאַכט איז ער אַהין אַוועק. אין וועג האָט פּאַסירט דער אומגליק. ווי קאָן מען אין דעם צווייפֿלען? זאָל די וועלט וויסן, וועמען מיר האָבן פֿאַרלוירן און וויאַזוי מע שאַצט בײַ אונדז אין לאַנד דעם גרויסן יידישן אַרטיסט. וועגן דעם זאָגט אויך איידעס די גרויסאַרטיקע לעווײַע, וואָס מע האָט אים געמאַכט.

ווינטערצײַט ווערט פֿרי בייַנהאַשמאָשעס, און דער אָוונט ציט זיך לאַנג. עס קומט צו בערגעלסאָנען צוגאַסט זײַן פֿרײַנט יאַנקל לוואָווסקי, אַן אַלטער קולטור־מענטש. בערגעלסאָן ווייסט מערער, זעט ווײַטער, פֿאַרשטייט בעסער. איז לוואָווסקי געקומען צו אים זיך דערוויסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. אַן אומרויִקע און אומפֿאַרשטענדלעכע צײַט האָט זיך אָנגעהויבן...

דאָוויד בערגעלסאָן האָט לוואָווסקין גאַסטפֿרײַנטלעך אויפֿגענומען. זײַענדיק אונטערן רושעם פֿונעם נאָרוואָס אָנגעשריבענעם אַרטיקל, האָבן זיי גערעדט וועגן מיכאָעלסן, וועגן דעם „גאַסעט״, ווו ס׳זײַנען איבערגעריסן געוואָרן די רעפּעטיציעס פֿון בערגעלסאָנס פּיעסע „פּרינץ רעוביײני״.

ס׳איז געווען שוין גאַנץ שפּעט, און דער גאַסט האָט זיך אָנגעהויבן געזעגענען. דאָוויד האָט איבערגעכאַפּט יאַנקלס זײַטיקן בליק אויף דעם



דאָוויד בערגעלסאָן. דווינסק, 1926

אָקאָרשט אָנגעשריבענעם אַרטיקל. ניט לאַנג טראַכטנדיק, האָט ער אים געשענקט אַן עקזעמפּליאַר פֿון די ערשטע צוויי זײַטלעך, וועלכע זײַנען אָנגעשריבן אָפּסניי, בײַס די איבעריקע זײַנען אָפּגעדרוקט אויף דער מאַשינקע. די פֿרײַנט האָבן זיך געזעגנט און געוווּנטשן איינער דעם אַנדערן אַ גוטע נאַכט.

אַזוי האָט זיך געקאָנט פֿאַרענדיקן דער קאַלטער פֿיר־און־צוואַנציקסטער יאַנוואַר־טאָג פֿונעם 1949 יאָר. ציפּע האָט זיך שוין געקליבן גיין שלאָפֿן, ווען זי האָט פּלוצעם דערהערט אַ לאַנגן פֿאָדערנדיקן קלונג אין דער טיר. אַזוי האָט זיך נאָך קיינער ניט געבעטן צו בערגעלסאָנען אין שטוב אַרײַן. זי האָט געעפֿנט די טיר. מיט כידעש

און וואַקסנדיקער שרעק האָט זי געקוקט אױף די אַרײַנגעקומענע זעקס לײַט, װעלכע האָבן אָנגע־הױבן אַראָפּנעמען פֿון זיך די מאַנטלען, כאָטש די באַלעבאָסטע האָט עס זיי ניט פֿאָרגעלייגט. זי איז געשטאַנען מיט ברייט צעעפֿנטע אויגן און געקוקט אױף די ניט־געבעטענע געסט. אין פֿאָרצימער איז אַרײַן דאָוויד און, דערזעענדיק די אומבאַקאַנטע, געזאָגט:

— דאָס איז מיסטאַמע צו מיר. זײַט אַזוי גוט, גייט אַרײַן.

נאָר זיי האָבן זיך ניט געניײַטיקט אין זײַן אײַנלאַדונג. זיי זײַנען אַרײַן אין צימער און דער־לאַנגט דעם אָרדער אױף אַן אונטערזוכונג און באַל־דיקן אַרעסט.

זייער לאַנג האָט די אונטערזוכונג געדויערט. די פֿרעמדע לײַט האָבן איבערגעבלעטערט די זײַט־לעך פֿון אַלע ביכער אין שטוב, העכסט זאָרגזאַם, ווי די ברוסט פֿון אַ כוילע, אויסגעקלאַפּט מיט זייערע פֿינגער די ווענט, זוכנדיק אַ באַהעלטעניש. אַלע זאַכן אין שטוב האָבן זיי אויפֿמערקזאַם באַ־קוקט, אַפֿילו דאָס וועש, די מאַלבושים, דאָס געצ־פּעס. אַלץ, וואָס איז געווען אָנגעשריבן מיט דער האַנט אָדער אָפּגעדרוקט אױף דער שרײַבמאַשינקע, און אויך די ביכער און זשורנאַלן האָבן זיי אַרײַנ־געוואָרפֿן אין פֿינף ברעזענט־זעק, וועלכע זיי האָבן מיט זיך געבראַכט. אַרום זעקס אַזייגער אינדערפֿרי האָבן זיי פֿאַרענדיקט די אונטערזוכונג, און דער עלטסטער פֿון זיי האָט בענימעסדיק פֿאָרגעלייגט דעם באַלעבאָס פֿון דער שטוב זיך אָנטאָן און גיין מיט זיי.

דאָוויד האָט זיך לײַכט אָנגעטאָן און, ווענדנ־דיק זיך צום ווײַב, צו דעם זון און צו דער שנור, געזאָגט:

— מײַנע טײַערע, איר פֿאַרשטייט דאָך, אַז עס איז אַ מיספֿאַרשטייעניש. מע וועט זיך פֿאַנאַנ־דערקלײַבן אין דעם איניען, און איך וועל זיך אומ־קערן.

די ווערטער און דער געלאַסענער טאָן האָבן געמאַכט גרינגער דאָס האַרץ בײַ דעם זון און בײַ דער שנור, אָבער ציפּע האָט זיך ניט געקאָנט באַ־רויִקן און אויך ניט געקאָנט וויינען. איר האַלדז האָט געוואָרגן אַ קראַמף, אַ שטומער פּחד איז געווען אין אירע אויגן. זי איז ניט געווען בכּוח אָפּקערן דעם בליק פֿונעם מאַן, וועלכן זי זעט צום לעצטן מאָל...

דער זון איז געווען רויִק. זײַן קענען לאָגיש דענקען האָט אים געהאָלפֿן צו זײַן זיכער, אַז עס האָט פּאַסירט אַ מיספֿאַרשטייעניש, און דער פֿאָטער וועט מאָרגן מיט אַ חיוּק דערציילן, ווי מע האָט בײַ אים געבעטן אַנטשולדיקונג און ס'האָבן זיך געשעמט די זעקס באַנאַכטיקע געסט. ער האָט זיך דערמאָנט אין אַן ענלעכן צופֿאַל מיט טימיריאַזעוון אינעם פֿילם „דער דעפּוטאַט פֿון דער באַלטיק". זײַן פֿאָטער איז אויסער כּשאַד, ער איז אַן איבער־צײַגטער סאָוועטישער פּאַטריאָט.

פֿאַדייעוו האָט ניט טײַקע געענטפֿערט, אָבער אין אַ מינוט אַרום אָפּטימיסטיש דערקלערט:

— דאָרט... פּלאָנטערט מען ניט. מע וועט זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן און יושרדיק פּאַסקענען.

פֿון די ווערטער האָט אַפֿילו ניט געדרונגען, אַז דער געוועזענער פֿרײַנט גלייבט אין דער אומ־שולדיקייט פֿון זײַן פֿאָטער.

אינגיכן האָט מען בערגעלסאָנס מישפּאָכע, ווי קרויווים פֿון אַ פֿײַנט פֿונעם פֿאָלק, אָפּגעשיקט אױף צען יאָר אין פֿאַרשיקונג קיין קאַזאַכסטאַן. דער זון איז דאָרט ניט געווען אַרבעטלאָז. אַ ספּעציאַ־ליסט אין כעמיע, וואָס האָט שוין געאַרבעט איבער אַ דיסערטאַציע אין דעם געביט, האָט ער געהאָ־רעוועט אַלס אַ הייצער (истопник). די שנור האָט אויך געאַרבעט. ס'האָט זיי געסטײַעט אױף אַ קאַרג לעבן, נאָר זיי האָבן גאָרנישט ניט געוווּסט וועגן דאָווידס גורל. אָפֿיציעל האָט מען דער מיש־פּאָכע געמאָלדן, אַז דאָוויד בערגעלסאָן, אַ פֿײַנט פֿון פֿאָלק, איז דעמאַסקירט געוואָרן אַלס בורזשואַ־זער נאַציאָנאַליסט און פֿאַרעטער. איבערשרײַבן זיך איז אים פֿאַרבאָטן, ווו ער געפֿינט זיך, האָט מען ניט געזאָגט. די באַקאָשעס וועגן איבערקוקן זײַן געריכט־איניען ווערן ערגעץ פֿאַרפֿאַלן, און קיין ענטפֿער איז ניטאָ.

אומבאַהאָלפֿנקײַט און שרעק האָבן געהערשט אין בערגעלסאָנס מישפּאָכע. ס'האָט זיך געוואָלט גלייבן, אַז ביטאָכן וועט העלפֿן איבערלעבן די שווערע צײַט. מיט ביטאָכן פֿירט זיך די יִידישע וועלט.

ציפּע, דער זון און די שנור האָבן מיט קיינעם ניט אונטערגעהאַלטן קיין קאָנטאַקטן, מוירע האָבנ־דיק מיט דעם עמעצן קאָמפּראָמעטירן. זיי האָבן געהאָפֿט און געוואַרט. זעקס מיט אַ האַלבן יאָר האָבן זיי געוואַרט און געהאָפֿט. זומער 1954 האָט מען זיי, ווי אויך די מישפּאָכעס פֿון מאַרקישן, קוויטקאָן, זוכקינען, פֿעפֿערן און אַנדערע, דער־לויבט זיך אומקערן קיין מאָסקווע. נאָך איר רעאַ־ביליטאַציע איז געקומען קוים אַ לעבעדיקע דער אַקאַדעמיקער, לאַורעאַט פֿון דער מעלוכע־פּרעמיע פֿאַרן 1943 יאָר לינע סאָלאָמאָנאָווונע שטערן. פֿון איר האָט מען געהאָפֿט עפּעס זיך דערוויסן. אָבער זי האָט וועגן די יִידישע שרײַבער ווייניק דער־ציילט. מע האָט זיי דאָרט געהאַלטן אין שטרענ־גער איזאָליאַציע. זי האָט געזאָגט, אַז, דאַכט זיך, בלויז איציק פֿעפֿער האָט זיך אָנערקענט אין פֿאַר־ברעכנס, וועלכע ער איז ניט באַגאַנגען. מע האָט אים אײַנגעבראָכן. איינמאָל האָט זי געזען און קוים דערקענט זוסקינען און דעם אָנמעכטיקן זאַקן בער־געלסאָנען.

דעם 27 נאָיאַבער 1955 זײַנען לינע שטערן און ציפּע בערגעלסאָן אַוועק זיך דערוויסן וועגן דעם גורל פֿון זייערע מענער. אין דער מיליטער־שער קאָלעגיע האָט זיי אויפֿגענומען זייער העפֿלעך אַ גענעראַל. ער האָט באַדויערט, וואָס זייערע מע־נער לעבן שוין מער ניט. ציפּע האָט געפֿאָדערט, ער זאָל איר זאָגן, ווען עס איז אומגעקומען איר מאַן. דער גענעראַל האָט עמעצן אָנגעקלונגען. עס איז אַרײַן אַן אָפֿיצער מיט אַ דאָסיע, אין וועלכער עס איז געווען פֿאַרצייכנט, אַז דאָוויד בערגעלסאָ־נען האָט מען דערשאָסן דעם 22 אויגוסט 1952.

ציפּע איז געפֿאַלן כאַלאַשעס. מע האָט זי אָפּגעמינטערט, און דער גענעראַל האָט, מיטפֿילנדיק איר אומגליק, פֿאַרגעלייגט זיי אָפּפֿירן אהיים אויף אַן אויטאָמאָביל. ער האָט זייער אופֿריכטיק און איבערצייגעוודיק גערעדט וועגן דעם, אַז די גערעכטיקייט איז איצט אויפֿגעשטעלט געוואָרן. ציפּע און לינע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿונעם גענעראַלס טויווע און זײַנען אַרויס פֿונעם קאַבינעט.

דער אויפֿמערקזאַמער לייענער וועט עפּשער געפֿינען אַ פּלאָנטער. ס'איז אים צוגעזאָגט געוואָרן דערציילן וועגן בערגעלסאָנס לעצטן טאָג, אָבער אין אונדזער טרויעריקער נאָטיץ ווערט גערעדט וועגן דעם 24 יאַנואַר 1949. ניין, אַלץ איז ריכטיק. דער לעצטער טאָג בײַם קלאַסיקער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור דאָוויד בערגעלסאָן האָט זיך געענדיקט דאַן, ווען צו זײַן שטוב איז שטיל צוגעפֿאָרן דער אויטאָמאָביל, וואָס דאָס פֿאָלק האָט אים אַ נאָמען געגעבן „שוואַרצער וואָראָן“, און סטאַלינס אָפּריטשניקעס זײַנען אַרײַן אין שטוב. נאָך דעם הייבט זיך אָן דאָווידבערגעלסאָנס לאַנגע גסיסע, וועלכע האָט געדויערט 1285 מעת־לעתס. מיט דעם זון־אויפֿגאַנג פֿונעם 12 אויגוסט 1952 האָט זיך די גסיסע געענדיקט.

וועגן וואָס האָט בערגעלסאָן געטראַכט? צי האָט ער זיך ביטער אַנטוישט, אָדער ביז דער לעצטער מינוט פֿאַרגעזעצט האָפֿן און גלייבן? וועגן דעם וועט קיינער קיינמאָל זיך שוין ניט דערוויסן.

עליע ביידער



# כראָניק

## עס זינגט מאַרינע בוכינאַ

מאַרינע בוכינעס נאָמען איז ברייט באַקאַנט די ליבהאָבער פֿון וואָקאַלער קונסט אין די שטעט פֿון הינטערמאָסקווע, בײַם באַלטיק, בײַ וואָלגע, קרים, אוראַל, צפֿון קאַווקאַז. די זינגערן טרעט דערפֿאָלגרײַך אַרויס אין די גרויסע קאָנצערט־זאַלן פֿון דער הויפּטשטאָט. פֿאַרמאָגנדיק אַ רײַכן סאָפּראַנאָ־רעפּערטואַר פֿון אָפּערע און קאַמער־מוזיק, שענקט זי די צוהערער ניט ווייניק אָנגענעמע מינוטן פֿונעם באַריר מיט עכטער קונסט.

איר שעפֿערישן קרעדאָ פֿאַרמולירט מאַרינע בוכינאַ אַזוי: „איך בין איבערצײַגט, אַז יעדער זינגער מוז געפֿינען אָן אָפּרוף אין די נעשאָמעס פֿון זײַנע צוהערער“. און דאָס גיט זיך איר אין דער פֿולער מאָס אײַן.

ניט לאַנג צוריק האָט די זינגערן אינעם גרויסן קאָנצערט־זאַל פֿון דעם „אָלימפּישן דאָרף“ באַקאַנט די מאָסקווער צוהערער מיט ייִדישע פֿאָלקסלידער און מיט די נײַע ווערק אויף ייִדישער טעמאַטיק.

„שאָלעם אויף דער וועלט!“ — אַזאַ איז געווען דער לייטמאָטיוו פֿונעם קאָנצערט, געווידמעט דעם אָנדענק פֿון די קאָרבאָנעס פֿון דער היטלעריסטישער ייִדן־פֿאַרניכטונג. עס האָבן געקלונגען באַליבטע פֿאָלקסלידער, דער „רעקוויעם“ („באַבי יאַר“) פֿון ר. באָיאַרסקאַיאַ, די לידער פֿון יאַ. פֿרענקעל, יע. זשאַרקאָווסקי, ז. קאָמפּאַנייעץ. „אווע־מאַריאַ“ פֿון באַך—גונאָ איז אויסגעפֿילט געוואָרן אין דער אָריגינאַל־שפּראַך.

די לידער, וואָס זײַנען געווען אײַנגעשלאָסן אין דער קאָנצערט־פּראָגראַם, האָבן געקלונגען אין דער באַאַרבעטונג פֿונעם גלענצנדיקן פּיאַניסט, אימפּראָוויזאַטאָר און קאָמפּאָזיטאָר דאָוויד אַשקענאַזי. אַ באַגעגעניש מיט אים איז אַלעמאָל אַ יאָמטעוו.

ג. גאָגאָבערידזע

# פּובליציסטיק

וואַסילי פּאָלוואַראַטשני

## מוסטערן פֿון ברידערלעכקייט

צי דערגרייכט שטענדיק אונדזער צווישןנאַציאָנאַלע קולטור דעם ניוואָ פֿון יענער גוטשכיינישקייט, מיט וועלכער ס'האָט זיך אויסגעטיילט דאָס לעבן פֿון אונדזערע טאַטעס און זיידעס, וואָס זײַנען געווען ווינציקער גראַמאַטנע, נאָר לאַכלוטן ניט ווייניקער קולטורעל?

אַט דער צופֿאַל האָט זיך מיר באַזונדערס פֿאַרקריצט אין זיקאָרן. מײַן מיטפֿאָרער אין קופּע האָט זיך פֿאַרינטערעסירט, פֿונוואַנען איך שטאַם. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז פֿון אוקראַיִנע, פֿון די מײַרעוו־געביטן, האָט ער באַלד אויסגעשאָסן: „אַ באַנדעראָווקע!" איך בין געבליבן געפּלעפֿט און לאַנג ניט געקאָנט אַ וואָרט אַרויסברענגען. דערנאָך, קומענדיק צו זיך, האָב איך געפֿרעגט דעם פֿאַרשוין, וויאַזוי ער וואָלט רעאַגירט, ווען מע וואָלט אים אָנגערופֿן וולאַסאָווקע?

— נו, דאָס איז, זעט איר, שוין אַ גאַנץ אַנדערע זאַך, — האָט ער געענטפֿערט.

די שטימונג בײַ מיר איז אין מעשעך פֿון דער גאַנצער ווײַטערדיקער רײַזע געווען שוין אַ פֿאַרדאָרבענע. רעדן מיט אָט דעם מענטשן האָט זיך מיר מער ניט געגלוסט, נאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט מיך דאָך פֿאַרינטערעסירט, וואָס ער ווייסט וועגן אונדזער קאַנט, וועגן אונדזערע מענטשן, וועגן די טוער פֿון דער מײַרעוו־אוקראַיִנישער קולטור.

שטעלט זיך אַרויס, אַז אים זאָגן גאָרניט אַפֿילע די נעמען פֿון איוואַן פֿראַנקאָ, יורי פֿעדקאָוויטש, אָלגע קאָבילִיאַנסקאַ, סאָלאָמיי קרושעלניצקי... טייקעף איז מיר קלאָר געוואָרן: גראָד אָט די גײַסטיקע פֿאַרטויבטקײַט און קולטור־אָמעראַצישקײַט

פֿאַרמערן די צאָל באַלאָנים אויף אָנצוהענגען יאַרליקן.

אין אַנדערער פֿאַל. אַ שוואַרצהאָריקער מיליץ־סטאַרשינאַ האָט אָפּגעשטעלט אַ שאָפֿער פֿון אַ פּאַסאַזשיר־אויטאָמאָביל און אים דורכגעשטאָכן אַ טאַלאָן. דער שאָפֿער איז געוואָרן אַזוי אויפֿגעבראַכט, אַז ער האָט, אָפּגייענדיק אַ ביסל אין אַ זײַט, ווו איך בין געשטאַנען, אַפּעלירט צו מיר:

— דעם מאָלדאַוואַן קאָן מען דען עפּעס דערווײַזן?

— וואָס קער זיך דאָ אָן די נאַציאָנאַליטעט? און ווען ער וואָלט געווען אַ טאַטער? — פֿרעג איך בײַ דעם באַאַולטן שאָפֿער.

— איר ווייסט דען ניט, אַז אין אונדזער טשערנאָוויצער מיליציע אַרבעטן הויפּטזאַכלעך מאָלדאַוואַנער פֿון די אַרומיקע דערפֿער?

איך פֿרעג דעם שאָפֿער, צי ער קען נאָך אַנדערע מאָלדאַוואַנער. וואָס ווייסט ער צו זאָגן וועגן מיכאַיִל עמינעסקו, באָגדאַן כאַושדעו, געאָרגיִע אַסאַקי — אָנגעזעענע מאָלדאַווישע אויפֿקלערער, שרײַבער, פֿילאָסאָפֿן, וועמענס לעבן איז פֿאַרבונדן מיט אונדזער קאַנט? אַוודאי האָט ער וועגן אָט די מענטשן אַפֿילע ניט געהערט. אַנדערש וואָלט ער ניט געוואַגט זײַן אומצופֿרידנקײַט מיט דעם, עפּשער אַפֿילע ניט־גערעכטן סטאַרשינאַ, אַדרעסירן דער גאַנצער נאַציע.

אַ שאָכן האָט מיר דערציילט וועגן אַזאַ פֿאַל, בײַ וועלכן ער איז געווען אַן אײדעס. אין אַ יאַטקע איז געשטאַנען אַ ריי. צו דעם קאַצעוו איז צוגעגאַנגען זײַנער אַ באַקאַנטער, און ער האָט אים אָפּגעוווויגן אַ גוט שטיקל ווייך פֿלייש, אָבער אַ פֿרוי פֿון דער ריי האָט ער אָנגעוואָרפֿן אַ סאַך

---

וואַסילי פּאָלוואַראַטשני איז אַ באַוווּסטער אוקראַיִנישער דיכטער און דראַמאַטורג, דער אָנפֿירער פֿון דער בוקאָווינער שרײַבער־אָרגאַניזאַציע. זײַנע וויכטיקסטע ווערק: „אַליאַרם", „עס וואַקסן די זין", „באַגינען", „די צווייטע בליִונג" אאַ.

בײנער. נאַטירלעך, איז זי געוואָרן אופגערעגט. זעענדיק, אַז דער קאַצעוו און זײַן קליִענט זײַנען ייִדן, האָט זי אַ זאָג געטאָן: „ייִדן אָרדענען זיך אומעטום אײַן!"

ווי אָפט לויט אײנעם־צוויי פאַלן ווערן געמאַכט אײַליקע פאַראַלגעמײנערטע אויספירן קעגן אַ גאַנץ פאָלק, וויפל האָבן מיר זיך אָנגעהערט אַנעקדאָטן וועגן דער אַרמענישער ראַדיאָ, וועגן טשוקטשעס, ייִדן, מאָלדאַוואַנער! וויאַזוי און פאַר וואָס אַנטשטײען זײ? ווער טראַכט זײ אויס? איך האָב געהערט אַ דערקלערונג, אַז דאָס איז הײַנטצײַטיקער פאָלקלאָר, פאָלקסשאַפונג. איך סאָפעק אין דעם. דעם פאָלק איז שטענדיק געווען אײגן מיטגעפיל צום נאָענטן, שוואַכן, געפאַלענעם.

אַנטקעגן מײַן הויז שטײט אַ קלויסטער, אויפגעבויט האָבן אים אַרמענער, וועלכע זײַנען אַנטלאָפן אין אונדזער שטאָט, ראַטעווענדיק זיך פון גענאָציד. אָט די בעזשענצעס האָט די אײַנגעזעסענע באַפעלקערונג שטענדיק מיטגעפילט. אין צאַרישן רוסלאַנד איז געווען דער טכום־האַמוישעוו פאַר ייִדן. אײנער פון אַזעלכע רעגיאָנען איז געווען בעסאַראַביע און בוקאָווינע. דערפאַר זײַנען אין טשערנאָוויץ נאָך הײַנט פאַראַן גאַסן, וואָס זײַנען אַמאָל באַוווינט געווען נאָר פון ייִדן. אין שכײנעס מיט זײ האָבן געלעבט אוקראַיִנער, זײערע קינדער זײַנען אינאײנעם געוואַקסן, איבערגענומען אײנער באַם אַנדערן דעם אויפן פון שפילן, די געוווינהײַטן, באַהערשט אַפילע די רײד־שפראַך. קינדער זײַנען שטענדיק די סאַמע גרעסטע אינטערנאַציאָנאַליסטן.

אָפט זײַנען אוקראַיִנער, אין טעג פון קאַטױלישן און ייִדישן פײסעך, געווען אָנגעזעענע געסט באַם יאָמטעוו־טיש אין די פױלישע און ייִדישע מישפאָכעס. און אַף אַ פראַוואָסלאַווישן יאָמטעוו פלעגן קומען געסט פון ייִדישע און פױלישע שטיבער. פון אײן און דעם זעלבן הויז זײַנען זײ אין אָפרו־טעג אַוועק אין זײערע טעמפלען — ווער אין צערקווע, ווער אין קאָסטיאָל, ווער אין שול. און נאָכדעם האָט מען זיך געזאַמלט אין הויף באַ אַן אַלגעמײנעם טיש און מעכאַבעד געווען אײנער דעם אַנדערן מיט טראַדיציאָנעלע מײַכאָלים. אויב עמעצער האָט ווען־ניט־איז יאָ אונטערגעשטראָכן זײַן אָנגעהעריקײַט צו דער אָדער יענער נאַציאָנאַליטעט, איז עס געווען צוליב ווירדע.

אין אונדזער שטאָט האָבן געלעבט באַרימטע אוקראַיִנישע וועבער און אויסנײערנס, בולגאַרישע גערטנער און בלומענציכטער, ייִדישע שנײַדערס, שוסטערס, קאָוואַליעס. דער רום פון געוויסע מענטשן האָט פאַרשאַפט קאָוועד דעם גאַנצן יישעוו. פאַרשטײט זיך, אַז קײן אײן נאַציע, קײן אײן פאָלק איז ניט באַוואָרנט פון אויסוואורפן, נאָר ניט לויט זײ דאַרף געמישפעט ווערן אַ פאָלק.

אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע זײַנען צווישן די אוקראַיִנער געווען פאַררעטער, מעשאָרסים באַ די דײַטשישע פאַשיסטן, וועלכע האָבן נישט געשוינט ניט קײן אײגענע, ניט קײן פרעמדע — געקאָנט האַרגענען אַ שאָכן, אַ ברודער. נאָר עס זײַנען אויך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן, אײַנשטעלנדיק דאָס אײגענע לעבן, אויסבאַהאַלטן אין אוקראַיִנישע כאַטקעס ייִדישע קינדער. וועגן אַזעלכע ווײסט מען הײַנט, זײ ווערן דערמאָנט מיט אַלגעמײנער אַכטונג.

און דאָך, אויב זײַן אָפריכטיק, צי באַפרידיקט אונדז אַלץ אין די הײַנטיקע צווישננאַציאָנאַלע באַציִונגען? און צי זײַנען ניט שולדיק מיר אַלײן, קונסט־טוער, טרעגער פון פעלקער־גײַסטיקײַט, אין אונדזערע איצטיקע נאַציאָנאַלע מיספאַרשטײעַנישן?

נעמענדיק אָנטײל אין דער אַרבעט פון פלענום פון דעם אַלפאַרבאַנדישן שרײַבער־פאַרבאַנד, וועלכער האָט באַטראַכט אַזעלכע פראַגן, האָבן מיר מיט קאָלעגן פיל גערעדט וועגן די געשעענישן אין נאַגאָרני קאַראַבאַך. איך האָב ניט ווינציק פרײַנט צווישן די שרײַבער סײַ פון אַזערבײַדזשאַן, סײַ פון אַרמעניע. אין אַ כאַווערישן קרײַז האָבן מיר אָפט גערעדט וועגן דעם „געפיל פון אַן אײנהײַטלעכער מישפאָכע" — ניט אָפן ניוואָ פון לאָזונגען און צײַטונג־קעפלעך, נאָר אָפן ניוואָ פון עכטער פרײַנטשאַפט, האַרציקײַט, פון עכטן אָפשײַ און קעגנזײַטיקער פאַרשטענדעניש מיט יענע, מיט וועלכע מיר לעבן זײַט באַ זײַט.

די געשעענישן אין נאַגאָרני קאַראַבאַך פאַרשאַפן ווײטיק ניט נאָר די אַזערבײַדזשאַנער און אַרמענער, נאָר יעדן פון אונדז, ווײַל מיר לעבן אין אײן סיסטעם פון גײַסטיקער „בלוט־צירקוליאַציע" באַ די סאָוועטישע פעלקער.

אונדזער בוקאָווינער קאַנט, וועלכער האָט געהערט צו קיִעווסקאַיאַ רוס, און דערנאָך צום גאַליצקאָוואָלינסקער פירשטנטום, איז אין סאָף פונעם 13־טן יאָרהונדערט אָפגעריסן געוואָרן פון דעם הײמלאַנד און זיך געפונען אין מעשעך פון זיבן יאָרהונדערטער אונטער יאָך פון פרעמדע פאַרשקלאַפער — אונגאַרישע באַראָנען, פױלישע שליאַכטיטשן, טערקישע יאַנוטשאַרן. אָנהײבנדיק פונעם 1774, איז ער פאַרכאַפט געוואָרן מיצאַד עסטרײַך, בלײַבנדיק מער פון 150 יאָר אונטערן האַבסבורגישן יאָך.

אָט דער ספעציפיש־היסטאָרישער גוירל פון בוקאָווינע האָט זיך אָפגעשפיגלט אינעם גײַסטיקן לעבן פונעם פאָלק. אַ לאַנגע צײַט איז דער קולטור־אויסדרוק פון דער אָרטגעבוירטיקער באַפעלקערונג געווען בלויז — פאָלקסלידער און מײַסעלעך, נאָר אויך זײ זײַנען פאַרבאָטן און פאַרפאָלגט געוואָרן. וואָס זשע האָט געהאָלפן דעם פאָלק בײַשטײן, אָפהיטן די אײגנאַרטיקײַט, די קולטור־טראַדיציעס, די שפראַך? זײַנע אײגענע שאַפונגען — ריטועלע לידער, זעלבסטשטעטיקע פאַרשטעלונגען, אָנהײבנדיק פון פאַרפוצטע ווײַנאַכט־יאָמטויווים און ענדיקנדיק מיט ספעקטאַקלען לויט די ווערק פון יורי פעדקאָוויטש און סידאָר וואָראָבקעוויטש, וועלכע זײַנען געוואָרן קלאַסיקער פון דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור.

אינטערעסאַנט און באַלערנדיק איז דער גוירל פונעם פאָעט און דראַמאַטורג יורי פעדקאָוויטש. אַ זון פון אַ פױלישן שליאַכטיטש, וועלכער האָט גערעדט נאָר דײַטש און פױליש, אַן אָפיצער פון דער עסטרײַכישער אַרמײ, וואָלט ער געקאָנט מאַכן אַ גרויסע קאַריערע. ס'האָט זיך אָבער אָפ־

געריפן אין אים דאָס מוטערלעכע בלוט — א פּאַשטעטע ניט־גראַמאַטנע אוקראַאינישע פרוי, וועלכע האָט אינאיינעם מיט דער מילך אים אַנגעזויגן מיט וויגלידער און מײַסעלעך, געשאַפענע פון איר אונטערדריקט פאָלק, און מיט דער צײַט האָט איר זון זיך אָפּגעזאָגט פון א מיליטער־קאַריערע, אראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם אָפיצערישן מונדיר, אַנגעטאָן א הוצולישן סאַרדאַק.

ער איז געוואָרן דער באַזינגער פון זײַנע אונטערדריקטע זעמליאַקעס: רעקרוטן, סאָלדאַטן, פויערים. אינטערעסאַנט, אַז דער ערשטער, וועלכער האָט געשטיצט דעם יונגן פעדקאָוויטש, איז געווען דער באַוווּסטער עסטרײַכישער פּאָעט נײַבאַוער. פעדקאָוויטשעס אידייִש־פּאָליטישע און עסטעטישע אַנשויוּנגען האָבן זיך פאָרמירט לויט די ווערק פון שעווטשענקאָ און מאַרקאָ וואָוטשאָק, פון דער גאַנצער אוקראַאינישער קלאַסיק פון די באַוווּסטע אין גאַליציע פוילישע איבערזעצונגען פון נ. טשערנישעווסקיס אַרטיקל „נאַציאָנאַלע טאַקטלאָזיקײַט“.

באַלערעוודיק איז דער שעפערישער גורל פון די הײַנטיקע ליטעראַטן אין דער סאָוועטישער בוקאָווינע, וועלכע שאַפן זייערע ווערק אויף פיר שפּראַכן: אוקראַאיניש, רוסיש, מאָלדאַוויש, ייִדיש. דער דיכטער וויטאַלי דעמטשענקאָ שרײַבט אויף רוסיש און אוקראַאיניש, טאַמאַרע סעווערניוק, וועלכע שרײַבט הויפּטזאַכלעך אויף אוקראַאיניש, האָט פאַרעפנטלעכט א באַנד לידער אין רוסיש. דער אוקראַאינישער שרײַבער מיכײַלאָ איוואַסיוק באַהערשט די מאָלדאַווישע, רומענישע, דײַטשישע שפּראַכן, פאַרשטייט גוט ייִדיש. דער מאָלדאַווישער פּאָעט וואַסילי לעוויצקי באַהערשט אוקראַאיניש. ער האָט איבערגעזעצט אויף זײַן מוטער־שפּראַך די ווערק פון יורי פעדקאָוויטש, לעסיא אוקראַאינקאַ, אָלגע קאָביליאַנסקאַ. באַדײַטנדיק איז די רעשימע פון איבערזעצונגען באַם מאָלדאַווישן שרײַבער מירטשי ליריטעק. דער ייִדישער שרײַבער, רעדקאָלעגיע־מיטגליד פון „סאָוועטיש היימלאַנד“, כאַים מעלאַמוד איבערזעצט זײַנע ווערק אויף רוסיש און אוקראַאיניש, יויסעף בורג — אויף רוסיש, אוקראַאיניש, דײַטש.

דאָרט, וווּ ס'באַציט זיך מיט דרעכערעץ שאַכן צו שאַכן, מע גיט אָפּ קאָוועד טראַדיציע, שפּראַך, — דאָרט אַנטשטייט קיינמאָל ניט קיין פײַנטשאַפט. אין אונדזער שטאָט, אין אונדזערע סקווערן הערט מען אויף איין באַנק רעדן אוקראַאיניש און רוסיש, אויף א שכיינישער — מאָלדאַוויש און ייִדיש. יעדער גלויביקער, וואָס לעבט דאָ אין שטאָט, האָט זײַן טעמפּל. א שאָד, וואָס עס זײַנען ניט פאַראַן אַזעלכע טעמפּלען אין אונדזער קולטור — לאָמיר זאָגן, טעאַטערס, מוזייען, אויסשטעלונגס־אַנסאַמבלען.

אין דער סאָוועטישער בוקאָווינע זײַנען געבוירן געוואָרן אָדער געלעבט די קלאַסיקער פון דער מאָלדאַווישער ליטעראַטור באָגדאַן כאַזשדעו, געאָרגיע אַסאַקי, מיכאַיל עמינעסקו, דער באַרימטער ייִדישער מעשאָלים־שרײַבער עליעזער שטיינבאַרג, אונדזערע מיטצײַטלער מוישע אַלטמאַן, סידי טאַל, הירש בלאָשטיין. באַ דער טשערנאָוויצער שרײַבער־אָרגאַניזאַציע זײַנען געשאַפן געוואָרן באַשטענדיקע קאָמיסיעס אויף דורכפירן פײַערלעכקײַטן פון בריידערלעכע ליטעראַטורן. בלויז אין מעשער פון עטלעכע כאָדאָשים פונעם פאָריקן יאָר האָבן מיר דורכגעפירט אָוונטן, געווידמעט דעם געבורטסטאָג פון שעווטשענקאָ, קאָביליאַנסקאַ, שטיינבאַרג. ס'האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג די „טעג פון מאָלדאַווישער ליטעראַטור“, ווי אויך די שעפערישע אָוונטן פון די ייִדישע שרײַבער יויסעף בורג, הערשל פּאָליאַנקער, דער אָוונט פון ייִדישן הומאָר, פּאָעזיע און ניגונים. אויף די אַלע אָוונטן האָט געקלונגען אוקראַאיניש, ייִדיש, רוסיש, מאָלדאַוויש.

איך, צום באַדויערן, פאַרשטיי ניט די ייִדישע און מאָלדאַווישע שפּראַכן, נאָר אַלס אָנטיילנעמער פון די דערמאָנטע ליטעראַרישע אָוונטן האָב איך געזען, וויפל ליכט עס האָט געלויכטן אין די אויגן באַ די מאָלדאַוואַנער, וועלכע האָבן זיך אײַנגעהערט אינעם היימישן וואָרט, און וויאַזוי עס האָבן געלויכטן די אויגן באַ די ייִדן אויף די אָוונטן פון די ייִדישע שרײַבער! דאָס פאָלק היילט דאָס ליטעראַרישע וואָרט, און ס'וואָלט געווען א פאַרשווערונג אָפּצונעמען באַ די מענטשן אַזאַ פרייד, צוימען זייער שטרעבונג צו די קולטור־קוואַלן, צו די נאַציאָנאַלע וואָרצלען.

עס דערמאָנט זיך, וויאַזוי עס זײַנען דורכגעגאַן באַ אונדז די לייענער־קאָנפערענצן פונעם רוסישן זשורנאַל „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו“, פון די אוקראַאינישע „וויטשיזנאַ“ און „דניפּראָ“, פון דעם ייִדישן „סאָוועטיש היימלאַנד“, דעם מאָלדאַווישן „ניסטרו“. יעדער זשורנאַל האָט אין שטאָט זײַנע הייסע אָנהענגער, זײַנע לייענער, און אַלע קאָנצענטרירן זייער אויפמערקזאַמקײַט אויף דעם, וואָס פאַרייניקט אונדז, און ניט אויף דעם, וואָס צעשיידט.

איך האָב אָנגערופן נאָר א טייל פון דעם, וואָס עס קומט אויס צו טאָן טאָגטעגלעך אויף צו פעסטיקן אין יעדן פון אונדז דאָס געפיל פון ברודערשאַפט, דאָס געפיל פון איין געמיינזאַמער מישפּאָכע — לויט דעם האַרצן און ניט לויט ספּעציעלע אָנווײַזונגען און אינסטרוקציעס.

אָבער איין ענטוזיאַזם איז ווינציק, מע דאַרף אויך א מעלוכישע שטיצע, א פּילזײַטיקע הילף. ס'איז מיר אַרײַנגעפאַלן אין די הענט א טעאַטער־ספּראַוואָטשניק פונעם 1935 יאָר, ניט פון דעם בעסטן אין אונדזער פאָטערלענדישער געשיכטע. נאָר אויך דעמלט זײַנען אויף די מאָסקווער סצענעס געגאַנגען גלײַכצײַטיק זיבן פּיעסעס פון אוקראַאינישע אַוטאָרן. אין די לעצטע יאָרן גייט ניט קיין איינע. אין דער זעלבער צײַט איז אויף דער אוקראַאינע יעדער דריטער בוך אַן איבערזעצונג — און איבער א העלפט פּיעסעס זײַנען פון דראַמאַטורגן פון די ברידערלעכע רעפּובליקן. פאַרן קריג זײַנען אין מאָסקווע געווען ניט ווינציק מעלוכישע נאַציאָנאַלע טעאַטערס: א לעטישער, א דײַטשישער, א ייִדישער, א ציגײַנערישער... הײַנט איז פון די אַלע געבליבן בלויז דער ציגײַנערישער טעאַטער „ראָמען“. צי דען איז דאָס נאָרמאַל?

אין אונדזער שטאָט האָט אין שכיינעס מיטן אוקראַאינישן טעאַטער פונקציאָנירט א ייִדישער. עמעסע טעאַטראַלן זײַנען אָפט בײַגעווען אין ביידע אויף די רעפּעטיציעס און פּרעמיערעס. לויט ביוראָקראַטישע צירקולאַרן און טשינאָוניקעס איז דער

יִדישער טעאַטער פאַרמאַכט געוואָרן. האָט דאָך זײַן טעטיקײַט גינסטיק זיך אויסגעווירקט אױף דער אַנטוויקלונג פֿונעם אוקראַיִנישן טעאַטער און אױף דער אַלגעמיינער טעאַטראַלער קולטור, ווי אויך אױף דער גײַסטיקער אַטמאָספער אינעם קאַנט און אין דער שטאָט.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך באַוויזן אַ טענדענץ צו שטעלן געוויסע ספּעקטאַקלען אין אוקראַיִנישע טעאַטערס אױף רוסיש, ניט לויט אַ באַפֿעל פֿון מאָסקווע, נאָר לויט דער איניציאַטיוו פֿון פֿרישגעבאַקענע מיסטיינס־געזאָגטע אינטערנאַציאָנאַליסטן. איר וואָלט נאָר באַדאַרפֿט הערן די קינסטלעכע פֿאַרדאַרבענע שפּראַך, וואָס דינט בעשום־אופֿן ניט אױף צו פֿאַרפֿולקומען די קולטור פֿון צווישנאַציאָנאַלע באַציִונגען.

אויב מיר ריידן וועגן איבערבויִונג אין דער גײַסטיקער ספֿערע פֿון אונדזער לעבן, וועגן דער אַנטוויקלונג פֿון די נאַציאָנאַלע קולטורן, דאַרפֿן מיר שאַפֿן נײַע קולטור־טעמפּלען פֿון ברידערלעכקייט, צווישן זיי — נאַציאָנאַלע טעאַטערס אין די רעפּובליקן און אין מאָסקווע. אױף דער אוקראַיִנע — אין קיִעוו, אין אָדעס אָדער טשערנאָוויץ — וואָלטן געקאָנט פֿונקציאָנירן מאָלדאַווישע און יִדישע טרופּעס, אין אוזשגאָראָד — אַ טשעכישע און אַן אונגאַרישע, אין לוואָוו — אַ פּוילישע. ס'איז געקומען די צײַט איבערצוגיין פֿון לאָזונגען און טאָסטן וועגן פֿרײַנטשאַפֿט צו קאָנקרעטע האַנדלונגען.

יִדיש — י. ברוס



## נײַעס פֿון אויסלאַנד

### עס לעבט דער אָנדענק וועגן אַנאַ פֿראַנק

איידער די נאַציסטן האָבן פֿאַרכאַפּט האָלאַנד אין 1940, האָבן אַנאַ פֿראַנק מיט איר עלטערער שוועסטער מאַרגאָ קאָרעספּאָנדירט אין דער ענגלישער שפּראַך מיט צוויי שוועסטער — בעטי און כואַניטאַ וואַגנער — פֿון דענוויל, שטאַט אײַאָווא, פֿשא. בעטי וואַגנער, איינע פֿון די שוועסטער, דערמאָנט זיך: „איך האָב ניט באַקומען קיין ענטפֿער אױף דעם צווייטן בריוו, און איך האָב געמיינט, אַז ער איז פֿאַרלוירן געוואָרן בעשאַס דער מילכאָמע. שרײַבנדיק נאָך דער מילכאָמע אױף דעם אַדרעס פֿון אַמסטערדאַם, האָב איך באַקומען דעם טרויעריקן בריוו פֿון אָטאָ פֿראַנק, וועלכער האָט מיטגעטיילט וועגן דעם, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען מיט זײַן מישפּאָכע. איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב געוויינט, פֿיל געוויינט... דעמלט בין איך געווען אַ לערערין אין 8־טן קלאַס אין דער שטאָט מילאַן, שטאַט אילינאָיס. איך האָב געלייענט דעם בריוו פֿאַר די 28 מײַנע שילער און האָב געפּרוווּט זיי דערקלערן די טראַגעדיע, וועלכע איז פֿאָרגעקומען״.

• • •

אין אַמסטערדאַם איז באַוויזן געוואָרן אַ דאָקומענטאַלער פֿילם „די לעצטע זיבן כאַדאָשים פֿון אַנאַ פֿראַנק״ דאָס דעמאָנסטרירן דעם פֿילם איז געווען צוגעפּאַסט צום „טאָג פֿון נאַציאָנאַלער דערמאָנונג״ פֿאַר די קאָרבאָנעס פֿון דער נאַצי־אָקופּאַציע אין האָלאַנד.

ווי באַוווּסט, האָט זיך די פֿראַנק־פֿאַמיליע אויסבאַהאַלטן פֿון די נאַציסטן אין משך פֿון צוויי יאָר אין אַ הויז אין אַמסטערדאַם, ביז די געסטאַפּאָ האָט אַנטדעקט זייער מאָקעם־מיקלעט. אָטאָ פֿראַנק איז געווען דער איינציקער פֿון די אַרעסטירטע אין דער דירע, וואָס איז געבליבן לעבן. אַלע אַנדערע פֿון דער מישפּאָכע זײַנען אומגעקומען אין די לאַגערן. דאָס הויז, וווּ די פֿראַנק־פֿאַמיליע האָט זיך אויסבאַהאַלטן, איז איצט אַ מוזיי.

## נאָטיצן וועגן דער יוגנט

## פון די אכציקער יאָרן

עדוארד ראָזענטאַל

# דער יונגער דאָר אין דער היַנטיקער וועלט

עדוארד ראָזענטאַל: די היַנטיקע דערציִער — דאָס זיַנען יענע, וועמען מע האָט דערצויגן נעכטן. אין וועלכן גיַסט זיַנען זיי דערצויגן געוואָרן? ניט איין דאָר פון די איצטיקע פּעדאַגאָגן האָבן באַקומען זייער דערציִונג, לעמאָשל, מיט דער הילף פון אַזעלכע לאָזונגען, ווי „דעריאָגן און איבעריאָגן" אַמעריקע לויט שטאָל, פלייש, מילך און אַזוו. אַליין פאַר זיך איז דער לאָזונג ניט קיין שלעכטער, נאָר ער האָט אָפטמאָל פאַרשטעלט די עטיש־זיטלעכע קריטעריען, לויט וועלכע מיר האָבן שוין מיט יאָרן לאַנג איבערגעיאָגט אַמעריקע. אַ סאַך אויסלענדער, מיט וועלכע איך האָב זיך באַגעגנט, האָבן מיר געזאָגט, אַז רוסלאַנד איז פאַר זיי אַ רעזערוואַר פון גיַסטיקייט. און מיר אַליין פאַרגעסן וועגן דעם. אין רעזולטאַט פון אַזאַ פעלערהאַפטער באַציִונג צו אונדזערע סאָוועטישע ווערטן האָבן מיר טאַקע דעם ווּקס פון די געברויכערישע אידעאַלן, דאָס אָנווערן די גיַסטיקע יעסוידעס.

די דערציִונג־פּראָבלעם שטייט היַנט זייער ערנסט. אַרום איר פירן זיך דיסקוסיעס. איך שטיי אויף דער זיַט פון יענע, וואָס פאַרטיידיקן דעם פּרינציפּ פון „פּעדאַגאָגישער מיטאַרבעט". דער טאַך פון דעם פּרינציפּ באַשטייט אין דעם, וואָס די דערצויגלינגען טרעטן אַרויס אין דעם לערן־פּראָצעס ניט אַלס אַ פּאַסיווער מאַטעריאַל, פון וועלכן מע בילדעט אויס איינס און דאָס זעלבע אידעאַלע געשטאַלט, נאָר אַלס אומדירעקטער אַקטיווער אָנטיילנעמער פונעם פּראָצעס. אַגעוו, קאָנען די דערציִער זיך עפּעס־וואָס אָפּלערנען אויך פון זייערע דערצויגלינגען. גראָד די יונגע מענטשן (לעמאָשל, די באַוועגונג „גרינע בערעטן" אין מיַירעוו־דיַטשלאַנד) ניכטערן אויס דעם עלטערן דאָר פון דער אייפאָריע פונעם וויסנשאַפטלעך־טעכנישן פּראָגרעס, טרעטן אַרויס קעגן דעם שאָדן, וועלכן ס׳ברענגט דער דאָזיקער פּראָגרעס דער נאַטור־באַשיצונג. די קינדער ווילן האָבן פרישן וואַסער און ריינע לופט.

געפערלעך זיַנען יענע דאָקטרינעס פון דער פּעדאַגאָגיק, וועלכע פאַרטיידיקן אַזאַ לערן־סיסטעם, וואָס צוימט די פּערזענלעכקיַט, ניט געבנדיק קיין מעגלעכקייט זיך אָפּנייגן פון דער פון פריִער געגעבענער נאָרמע. אַזאַ איַינשטעלונג, שוין אָפּגערעדט פון איר אויטאָפּישקייט, צעשטערט די אינדיווידואַליטעט, די שעפערישע יעסוידעס, וואָס דער מענטש פאַרמאָגט, און פאַרוואַנדלט אים אין אַ נישטיקן קאָנפאָרמיסט. דאָס איז באַזונדערס געפערלעך היַנט, ווען די וויסנשאַפטלעך־טעכנישע רעוואָלוציע פאָדערט אַן אַנטוויקלטן, זעלבשטענדיקן מענטשן מיט אַ שעפערישער איניציִאַטיוו, וואָס עס לייגט זיך אָפטמאָל ניט איַין אין די ראַמען, צו וועלכע מע איז געוווינט. איך מיין, אַז דער מענטשישער פאַקטאָר איז ניט ווייניקער וויכטיק אין דער פּעדאַגאָגיק, ווי אין דער עקאָנאָמיק.

ווי איר זעט, קעדיי ריכטיק דערציִען, פאָדערט זיך פונעם פּעדאַגאָג, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פונעם טראַדיציִאָנעלן ווערטיקאַלן פּרינציפּ „פון אויבן אַראָפּ" לעטויווס די האַריזאָנטאַלע פאַרבינדונגען, „ווי מיט זיַנס אַ גליַיכן". נאָר דאָס איז ניט גאָר פּאָשעט, וויַיל אין דעם פאַל קומט אויס דערלאָבערן אויטאָריטעט בא דער יוגנט ניט דורך אַ באַפעלערישן אָנגעשריי. בלויז הויכער פּראָפעסיִאָנאַליזם, טיפע קענטענישן וועלן אינדערעמעסן צוציִען די דערצויגלינגען צום פּעדאַגאָג. און נאָך — מע דאַרף זיַין אויפמערקזאַם צו דער איניציִאַטיוו פון די דערצויגלינגען, וויַיל יעדער מין איניציִאַטיוו איז אַן אַנטפּלעקונג פון זייער אינערלעכער באַדערפעניש, פון זייער אינטערעס. דאָס מוז וויסן יעדער דערציִער.

---

ס אָ ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 10, 1988, נומ. 1, 1989.

קאָרעספּאָנדענט: אפילו די סאַמע פּאָרויסגעשריטענע לערער באַקלאָגן זיך אַף דער פּאַסיווקייט פון די שילער.

ע. ר.: דאָס איז א פּראָבלעם. די מיטאַרבעט פון די פּעדאַגאָגן מיט די שילער איז, אגעוו, מעגלעך בלויז אין דעם פאַל, ווען בײדע צדדים גייען אײַן אַף דעם: די דערציִער און די דערצויגלינגען. און דאָס הייסט, אז די שילער דאַרפן אויך אַרויסווײַזן איניציאַטיוו. נאָר צוליב דעם דאַרפן זיי גוט פאַרשטיין, צוליב וואָס, אייגנטלעך, דאַרפן זיי די בילדונג. צום באַדויערן, איז בא הײַנטיקן טאָג אינעם באַוווּסטזײַן פון דער יוגנט די מאַטעריעלע זײַט אָדער דער פּרעסטיזש ניט פאַרבונדן מיטן ניוואָ פון דער בילדונג. גיכער פאַרקערט, די פאָרמול „העכער די בילדונג — קלענער דאָס געהאַלט" איז געוואָרן א געוויינלעכע זאַך. אין די מיטל־לענדער פאַרנעמען קענטענישן איינע פון די ערשטע ערטער צווישן די יוגנטלעכע ווערטן. מיט זיי איז פאַרבונדן דער קינפטיקער סטאַטוס פונעם יונגן מענטשן. דאָרט שטייט פאַר דער אַרבעטנדיקער יוגנט אַן אַנדער פּראָבלעם — ווי באַקומט מען די מעגלעכקײַט אָנצוקומען אין א הויכשול: דער פּרינציפּ פון „מעזומען־געלט" שטעלט פאַר זיי א גאַנצע רײ סאָציאַלע שטערונגען. נאָר דאָס איז שוין אַן אַנדער אינין.

ווי ס'זאָל ניט זײַן, איז די איניציאַטיוו פון די שילער א פאָלג פון זייער אינערלעכער באַדערפעניש, פון זייער אינטערעס, און דער אינטערעס גופא קאָן זיך אויסבילדן אין רעזולטאַט פון דעם, ווי הויך עס וועט שטיין דער אויטאָריטעט פון די קענטענישן. אזא אינטערעס שטייט אונדז נאָך פאָר צו שאַפן. און, פאַרשטייט זיך, ניט נאָר אינעם לערן־פּראָצעס. אַף דעם דאַרף מען נאָך א סאַך אַרבעטן.

קאָר.: און פאַריכטן...

ע. ר.: זייער א סאַך. לאָמיר דערמאָנען, אז נאָך אין די יאָרן פונעם אַוויגערופענעם פאַרגליווערונג־פּעריאָד האָט געמאַכט א רוישעם אין לאַנד די יוגנטלעכע פירמע „פאַקעל" פונעם נאָוואָסיבירסקער אַקאַדעם־שטעטל. יונגע מענטשן האָבן אַלס עקאָנאָמישן פּרינציפּ אָנגענומען די ווירטשאַפט־לעכע אויסרעכענונג. די פירמע האָט אַף א הויכקוואַליפיצירטן ניוואָ געלייזט וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען, געכאַפּט טאַלאַנטפולע אינזשעניערן און געלערנטע, געגעבן דער מעלוכע אַן אָנזעעוודיקן רעווח. א סטודענט האָט, אַרבעטנדיק אַף דער פירמע „פאַקעל" אין משך פון א האַלב יאָר, אַרײַנגעבראַכט דעם לאַנד אַן עקאָנאָמישן עפעקט, וואָס האָט געדעקט די הוצאָות אַף זײַן לער אין דער הויכשול פאַר אַלע פינף יאָר! די זאַך האָט זיך ניט באַגרענעצט בלויז מיטן עקאָנאָמישן עפעקט, דאָס פאַרדינטע געלט איז געגאַנגען אַף אַנטוויקלען די קולטור און אָרגאַניזירן די פרײַע צײַט, אַף אויסהאַלטן סטודיעס פאַר קינדער, ספּאָרט־קרײַזן. ס'האָט געקאָכט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער יוגנט. דערפילנדיק אַן עכטע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר ערנסטע טאַטן, האָט די יוגנט געשאַפן אין שטאָט א באַנק פון סאָציאַלע אידייען, א „פּאָלעמישן גאַסטצימער"... נאָר, צום באַדויערן, האָט זיך דער „פאַקעל" געוויזן „פאַר דער צײַט". בא דעם דעמאָלטיקן עקאָנאָמישן מעכאַניזם אין לאַנד איז ער געווען אַן עלעמענט א פרעמדער, אַן אומפאַרשטענדלעכער, ניט אין העסקעם מיט די אינסטרוקציעס. און האַגאַם א רײ צענטראַלע צײַטונגען האָבן אונטערגעהאַלטן די פירמע, האָבן די ביוראָקראַטן פּאַשעט און פּראָסט צוגעמאַכט דעם דאָזיקן עקספּערימענט, אָנרופנדיק די יוגנטלעכע איניציאַטיוו „עקאָנאָמישע כוליגאַנערײַ".

קאָר.: אָבער איצט האָבן זיך בא אונדז באַוויזן יוגנטלעכע צענטערס פון וויסנשאַפטלעך־טעכנישער שאַפונג, וועלכע פילן אויס באַשטעלונגען אַף די קאָמפּליצירטסטע טעכנישע פונאַנדעראַרבעטונגען.

ע. ר.: יאָ, נאָר אויך איצט ווירקן ניט ווייניק פאַרעלטערטע אינסטרוקציעס, וואָס פּענטען די איניציאַטיוו, און אַזוי ווי די יוגנט איז אומגעדולדיק, שאַפן זיך אָפּט קאָמפּליצירטע קאָליזיעס.

קאָר.: לעמאָשל, אין דער בויונג פון די יוגנטלעכע וווינ־קאָמפּלעקסן.

ע. ר.: איך וויל באַזונדערס אונטערשטרײַכן, אז אויך דאָ האָט אַרויסגעוויזן איר איניציאַטיוו די יוגנט נאָך אין אָנהייב פון די 70־ער יאָרן. דעמאָלט האָט צום ערשט אויסגעבויט א יוגנטלעכן וווינ־קאָמפּלעקס מיט די אייגענע הענט די יוגנט פון דער שטאָט קאַלינינגראַד, וואָס איז ניט ווײַט פון מאָסקווע. די אידיי פון שאַפן וווינ־קאָאָפּעראַטיוון האָט צוגעצויגן די יוגנט מיט איר ניט־טראַדיציאָנעלקײַט, מיט דער מעגלעכקײַט אָנווענדן די אייגענע שעפערישע פעִיקײַטן און, פאַרשטייט זיך, אויך דער מאַנגל אין וווינונגען. אָבער אין אָט דער נוצלעכער איניציאַטיוו איז אויסגעקומען די ערשטע צײַט בײַקומען דעם ווידערשטאַנד פון די דערוואַקסענע, פאַר וועלכע דאָס אַלץ איז געווען אומדערוואַרט און ניט געוויינלעך.

קאָר.: און ס'האָט ניט אונטשפּרעכט די פאַרגלייוערטע אָנשויונגען.

ע. ר.: יאָ, דאָס איז זייער א וויכטיקע פּראָבלעם. מיר באַמיִען זיך אויך צו שטעלן פאַר דער געזעלשאַפט די סאַמע אַקטועלע ווײַטגייענדיקע פּראָבלעם: אויב קיין נוקלעאַרע מילכאָמע וועט ניט זײַן, וועט דאָך בא די הײַנטצײַטיקע טעמפּן פון פאַרשמוציקן די נאַטור פּאַשעט ניט בלײַבן קיין לעבעדיקער מענטש שוין אין דריטן דאָר נאָך אונדז.

ווי איר זעט, איז די יוגנט אָפטמאָל מער ווײַטזיכטיק איידער די עלטערן אינעם צוגאַנג צו דער צוקונפט. און דאָ קערן מיר זיך ווידער אום צו דער דערציִונג־פּראָבלעם. קלאָר, אז איצט איז דרינגענד נייטיק צו ענדערן ניט בלויז די פאָרם, נאָר אויך דעם אינהאַלט פון דער לערן־סיסטעם. די לערער האָבן געשטרעבט און שטרעבן נאָך ביז הײַנט צופּאַסן די שילער צו די עקזיסטירנדיקע

נאָרמעס פון דער ציוויליזאַציע. נאָר עס קומט פאַר א קעסיידערדיקע ענדערונג פון די דאָזיקע נאָרמען. גענוג צו זאָגן, אז פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר האָבן די וויסנשאַפט און טעכניק געענדערט די וועלט מער ווי פאַר די פריִקע יאָרטויזנטער, און דער טעכנישער פּראָגרעס האַלט אין איין פאַרשנעלערן זיך.

קאָר.: וואָס זשע טוט מען?

ע. ר.: שטעלן אַזאַ פראַגע איז לײַכטער, ווי צו ענטפערן אויף איר. אַלנפאַלס דאַרף מען אין גרונט ענדערן די לאָגיק פון אונדזער דענקען, זיך צופּאַסן צו די נאָכאַנאַנדיקע ענדערונגען פון דער ווירקלעכקײַט.

קאָר.: פונדעסטוועגן וואָלט זיך געוואָלט הערן א מער אויספירלעכן ענטפער.

ע. ר.: איר ווילט, הייסט עס, אן איליוסטראַציע. איז לאָמיר א קלער טאָן. דערמאָנט זיך, אַשטייגער, ווי מע האָט אונדז אַמאָל געלערנט: די קאַפּיטאַליסטישע און די סאָציִאַליסטישע סיסטעמען זײַנען אַנטיפּאָדן, זיי האָבן קעגנזײַצלעכע עקאָנאָמישע און סאָציִאַלע קאָנצעפּציעס. אַזוי אַז אין זין פון קלאַסן־צוגאַנג טאָר דאָ ניט זײַן קיין שום צווייִדײַטיקײַט: דעם אַנטאַגאָניזם צווישן די צוויי סיסטעמען קאָן דערלייזט ווערן בלויז לויטן פּרינציפּ אָדער — אָדער. אָדער מיר, אָדער זיי: ווער ס'איז ניט מיט אונדז, דער איז קעגן אונדז. הײַנט־צו־טאָג טויג אַזאַ לאָגיק אינגאַנצן ניט. די צײַט פון גלאָבאַלע פּראָבלעמען פאָדערט א מער דיִאַלעקטישן און דעריבער א ריכטיקערן צוגאַנג. מיר לעבן אין א וועלט, וואָס איז סאָציִאַל־עקאָנאָמיש און פּאָליטיש צעטיילט, אָבער מיר אַלע זײַנען קינדער פון איין פּלאַנעט, און מיר זײַנען מעכויעוו זי פאַרהיטן געמיינזאַם, אַנדערש וועט זיך גאָרניט באַקומען. דער קלאַסן־צוגאַנג, ווי איר זעט, טויג דאָ ניט. נאָר אַזאַ אַרט דענקען אַנטשפּרעכט גראָד דעם עכט מאַרקסיסטישן קלאַסאָווען צוגאַנג.

קאָר.: מיט עטלעכע יאָר צוריק וואָלט מען אַזאַ „אַפּיקאָרסעס" ניט געדולדעט.

ע. ר.: אָט זײַנען לעניִנס ווערטער וועגן דער פראַגע: „קעדיי זײַן א סאָציִאַל־דעמאָקראַט, אַן אינטערנאַציִאָנאַליסט, דאַרף מען טראַכטן ניט בלויז וועגן דער אייגענער נאַציע, נאָר העכער פון דעם שטעלן די אינטערעסן פון אַלעמען". אין אונדזער צײַט באַקומט דער דאָזיקער לעניִנישער געדאַנק אַלץ מער באַשטעטיקונגען. די טראַדיציעס און די אויספאָרעמונג פון דער וועלט־געמיינשאַפט פון מעלוכעס און פעלקער ווערן פאַרשטאַרקט אין רעזולטאַט פון דער אינטערנאַציִאָנאַליזאַציע פונעם עקאָנאָמישן, פּאָליטישן, גײַסטיקן און עקאָלאָגישן לעבן פון דער מענטשהײַט. אין דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו נעמען זיי די אויבערהאַנט איבער די פון צענטער־לויפנדיקע שטרעבונגען, וואָס רופן אַרויס א פּאָליאַריזאַציע, א שפּאַלטונג פון דער מענטשהײַט אויף מיליטעריש־פּאָליטישע בלאָקן. אויף דעם איצטיקן עטאַפּ איז די קאָנסטרוקטיווע קעגנזײַטיקע האַנדלונג צווישן די צוויי סאָציִאַל־עקאָנאָמישע סיסטעמען געוואָרן א באַדינג פונעם פאַרהיטן די ציוויליזאַציע.

קאָר.: אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאַרף מען באַגריסן די רעגולערע באַגעגענישן און סעמינאַרן צווישן דער סאָוועטישער און אַמעריקאַנער יוגנט.

ע. ר.: און ניט בלויז די באַגעגענישן מיט די אַמעריקאַנער, נאָר אויך מיט דער יוגנט פון אַנדערע לענדער, ווײַל עס דערגייט אַמאָל ביז קוריאָזן. אייניקע ענגלישע שול־קינדער ווייסן אפילו ניט, וווּ עס געפינט זיך דער סאָוועטנפאַרבאַנד. „איך מיין, אז אין דער אַנטאַרקטידע", — האָט געזאָגט איינער פון זיי, דערמאָנענדיק זיך, ווײַזט אויס, דעם אויסזען פון רוסלאַנד אין די קינאָפילמען, וווּ פּססר שטעלט מען פאָר אַלס א לאַנד פון אייביקער געפרוירנקײַט און ווײַסע בערן.

קאָר.: צי זעט איר ניט קיין געפאַר אין דעם, וואָס אונדזער יוגנט, דערצויגענע אין גײַסט פון אַלגעמיין־מענטשלעכע פּריִאָריטעטן, וועט זיך דערפילן אומבאַהאָלפן קעגן דער קריגערישקײַט פון די מײַרעווודיקע יוגנטלעכע?

ע. ר.: פאַרשטייט זיך, אז דאָס טויג ניט, און מיר רופן אומדערמידלעך אונדזערע מײַרעווודיקע אָפּאָנענטן זיך אָפּזאָגן פון דעם אַלטן קאָנפראָנטאַציִאָנעלן אַרט דענקען, בעסויכעם אויך אין דער דערציִונג פונעם יונגן דאָר.

קאָר.: צום באַדויערן, בלײַבן אָפט אונדזערע רופן אָן אן ענטפער.

ע. ר.: אַזוי איז דאָס טאַקע. נעמט, לעמאָשל, די מיליטאַריסטישע שפּילן בײַ מע האַלט אין איין אַראָפּשיסן סאָוועטישע אַעראָפּלאַנען און דערטרינקען סאָוועטישע שיפן. אין דער זעלבער צײַט זײַנען אונדזערע יונגעלײַט געוווינט „מילכאָמע האַלטן" דאַסראָוו קעגן דעם אַלטן סוינע, קעגן די פאַשיסטן און ניט קעגן די אַמעריקאַנער. אַזוי אַז איר זײַט פולקום גערעכט, דאָ עקזיסטירט א געוויסע אומגלײַכהײַט אין דעם דענקען.

קאָר.: נאָר דאָס איז דאָך געפערלעך.

ע. ר.: אייניקע אונדזערע מיליטערלײַט, מיט וועלכע איך האָב געשמועסט אויף דער טעמע, האַלטן, אז יאָ, ס'איז געפערלעך. זיי טראַכטן אפילו, אז די ברייטע שאָלעם־פּראָפּאַגאַנדע קאָן זיך נעגאַטיוו אָפּרופן אויף דעם באַוווּסטזײַן פון דער יוגנט, מאַכן פון איר ווייכלײַביקע פּאַציפיסטן, וואָס דערשאַצן ניט די דראָונג מיצאַד די מײַרעוו־לענדער. דאַן האָב איך זיי געשטעלט א פראַגע: איז וואָס זשע, זאָלן מיר נאָכפאָלגן דעם בײַשפּיל פון די אַמעריקאַנער, אָפּשאַפן אין די שולן די לימודים פון שאָלעם און קלעפּן דאָס געשטאַלט פון א „סוינע", קולטיווירן בא אונדזערע קינדער פײַנטשאַפט צו די מײַרעוו־לענדער?

קאָר.: און וואָס טראַכט איר אַליין וועגן דעם?

ע. ר.: איך האַלט, אַז עס קאָן ניט עקזיסטירן איין עמעס פאַר דערוואַקסענע, אַ צווייטער פאַר קינדער, אַ דריטער פאַר מיליטערלײַט, אַ פערטער פאַר ציווילע, אַ פינפטער פאַרן אינערלעכן געברויך, אַ זעקסטער פאַר דעם אויסערלעכן אַזוי. עס איז דאָ איין עמעס, און וואָס מער ער אַנטהאַלט קאָנטעניש און אינפאָרמירט אַלעמען וועגן אַלץ, אַלץ מער איז ער פּעיִק צו דערציִען עכטע בירגערלעכקײַט, וואָס נעמט אין זיך אַרײַן אין דער פולער מאָס פּאַטריאָטיזם און נייטיקט זיך ניט אין דער אײַנפלאַנצונג פון סינע, ווי עס טוט זיך מיט דער היקף פון די קינאָ־העלדן פונעם טיפּ רעמבאָ אָדער ראָקי. אָט פאַרוואָס איך בין איבערצײַגט, אַז די פּראָפּאַגאַנדע פון אַלגעמיין־מענטשלעכע פּריאָריטעטן איז ניט נאָר ניט ווידערשפּרעכלעך דער קלאַסן־דערציִונג פון דער יוגנט, נאָר, פאַרקערט, דורך דעם ווערט די יוגנט באַדײַטנדיק באַרײַכערט. נעמלעך דערפאַר בין איך מאַסקים מיט די, וואָס האַלטן פאַר נייטיק איבערקוקן אייניקע סכעמעס פון דער דערציִונג פונעם יוגנטלעכן דאָר, וועמען עס שטייט פאַר צו לעבן אין XXI יאָרהונדערט און זיך באַגעגענען מיט פּראָבלעמען, וועלכע מיר האָבן נאָך הײַנט אפילו ניט קיין פאָרשטעלונג. דאָס איז גאָרניט אַזוי פּאַשעט, נאָר אויב מיר ווילן, אַז אונדזער יוגנט זאָל האָבן אַ צוקונפט, דאַרף מען זי אויסלערנען בײַקומען די אינערציע פונעם טראַדיציאָנעלן דענקען.

די הויפּט־שוועריקײַט באַשטייט דאָ אין דעם, וואָס די דערציִער אַליין דאַרפן זיך איבערדערציִען.

קאָר.: די ראָל פון דערציִער פילן אויס ניט בלויז די לערער און די עלטערן, נאָר אויך געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אין דער ערשטער ריי דער קאָמיוג.

ע. ר.: צום באַדויערן, איז אין מעשך פון פיל יאָרן די קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציע ניט אַרײַנגעדרונגען אין דער אינערלעכער וועלט פון די יונגע, אין זייערע איבערלעבונגען, זיך בלויז פאַרנומען מיט קליינלעכער אַפּעטראָפּסעס. די קאָמיוגישע וואַזשאַקעס פון די 20־ער—30־ער יאָרן האָבן אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פאַר די „אַפּאַראַטשיקעס", וועלכע האָבן דער יוגנטלעכער מאַסע אויסגעטיילט בלויז אַן אויספילערישע ראָל. שאַרפע פּאָליטישע פראַגן פלעג מען אפילו ניט באַהאַנדלען מיט די קאָמיוגיסטן. דאָס האָט גורעם געווען סאָציאַלע אַפּאַטיע און גלײַכגילטיקײַט.

קאָר.: וואָס טראַכט איר וועגן די „ניט־פאָרמעלע" יוגנטלעכע גרופּעס, וועלכע וואַקסן הײַנט בוכשטעבלעך ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן? אין פּרינציפּ?

ע. ר.: איך פאַרזענלעך שאַץ אָפּ די דאָזיקע דערשײַנונג אַלס אַ גוטן פּאָליטישן סימפּטאָם. די יוגנט האָט, הייסט עס, אָנגענומען די איבערבויונג באַקענט צום האַרצן. לענין האָט ניט איין מאָל גערעדט וועגן דער נויטווענדיקײַט אויפצוהייבן די מאַסן צו זעלבסטטעטיקײַט, אָן וועלכער עס קאָן ניט זײַן קיין סאָציאַליזם, די באַוועגונג פון די ניט־פאָרמעלע גרופּעס — דאָס איז זעלבסטטעטיקײַט. אין זייער פּראַקטיק קאָן מען געפינען אי פּאָזיטיווס, אי נעגאַטיווס, נאָר אין פּרינציפּ איז די דערשײַנונג אַ פּראָגרעסיווע.

קאָר.: דער עפּיטעט „ניט־פאָרמעל" אַנטהאַלט אַ ניט־אײַנשטימיקײַט מיטן אָנגענומענעם, אײַנגעשטעלטן פון פריִער.

ע. ר.: דאָס קומט פאָר בײַ יעדער רעוואָלוציאָנערער איבערבויונג. אין די הײַנטיקע יוגנטלעכע פאַרייניקונגען לויט די אינטערעסן באַאָבאַכטן מיר אַ פּראָטעסט קעגן ביוראָקראַטיע, פאָרמאַליזם, דאָגמאַטיזם, וועלכע האָבן זיך פאַרוואָרצלט אין אונדזער לעבן. דער וווּקס פון דער ניט־פאָרמעלער באַוועגונג איז אַ פאָלג פון דער פּאָליטישער עפנטלעכקײַט, וועלכע ס'פירט דורך אונדזער פּאַרטיי, און אַנטוויקלונג פון דער איניציאַטיוו פון די מאַסן, וועלכע האָט אונדז אַזוי געפעלט.

קאָר.: אָבער מיט דעם באַניצן זיך אויך דעמאַגאָגן, אַשטייגער, די אָנפירער פון דער פאַרייניקונג „פּאַמיאַט".

ע. ר.: מע קאָן אָנרופן אויך אַנדערע גרופּעס, וועלכע ברענגען מער שאָדן, איידער נוץ. אַז מע קאָכט אַ זופּ, באַגייט מען זיך ניט אָן שוים. בײַ דעם אַלעמען דאַרף דער אויסנאַם ניט קאָמפּראָמעטירן דעם קלאַל.

די לאָזונגען וועגן דער שטענדיקער און גלאָבאַלער אייניקײַט אין אונדזער געזעלשאַפט, מיט וועלכע מיר האָבן זיך היפּנאָטיזירט ביז דער לעצטער צײַט, האָבן געבראַכט ניט ווייניק שאָדן. אין אונטערשייד צו די מײַרעוו־לענדער קומען בײַ אונדז ניט אויף ניט־פאָרמעלע פאַרייניקונגען אַפן באָדן, לאָמיר זאָגן, פון אַנטימיליטאַריסטישע שטימונגען. דאָס וואָלט אין אונדזערע באַדינגונגען געווען אַ נאָנסענס, אַף וויפל די אינטערעסן פון שאָלעם־פאַרטיידיקונג ווערן פולקום געדעקט דורך דער מעלוכע־פּאָליטיק. אָבער אין דער ספערע פון עקאָנאָמיק, קולטור־שטייגער זײַנען פאַראַן אַ סאַך ווידערשפּרוכן, און זיי זײַנען גורעם אַן אַקטיוון קאַמף פון מיינונגען. דער איקער באַשטייט דאָ אין דעם, וואָס מיט אַ זעלטענעם אויסנאַם טרעטן אַרויס די ניט־פאָרמעלע גרופּעס אַף פּאָזיציעס פון סאָציאַליזם און זייערע ציִלן פאַלן צונויף מיט די מעלוכישע אינטערעסן. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די ניט־פאָרמעלע גרופּעס שטעלן זיך קימאַט קיינמאָל ניט קעגן די אָפיציִעלע מאַכט־אָרגאַנען, נאָר, פאַרקערט, רוקן אַרויס זייערע לידערס אין באַשטאַנד פון די דאָזיקע אָרגאַנען. איך ווייס אַ פאַל, ווען איינע אַ ניט־פאָרמעלע גרופּע פון אַ מאָסקווער הויכשול האָט אײַנגעשלאָסן אין איר סטאַטוט אַ פּונקט וועגן „אויפלעבן די קאָמיוגישע אַרבעט" און דאָ דאַרף מען זיך נאָך פאַנאַנדערקלײַבן, וואָס עס איז „פאָרמעל" און וואָס „ניט־פאָרמעל".

קאָר.: וועגן דעם האָט זיך גערעדט אַפן XX צוזאַמענפאָר פון קאָמיוג.

ע. ר.: ס'האָט זיך מיר פאַרגעדענקט די אַרויסטרעטונג פונעם סעקרעטאַר פון דער קאָמיוג־

שער אָרגאַניזאַציע פון א וואָלגאָגראַדער מיטלשול נ. גרינקאָווא. אין אָט דער שול איז געשאַפן געוואָרן א זאַוואָד „יונגקײַט", ווו דער דירעקטאָר, הויפּט־בוכהאַלטער, עקאָנאָמיסט, די צעך־שעפן, בריגאַדירן און אַרבעטער זײַנען געוואָרן אַליין די שילער. אין פּראָצעס פון דער אַרבעט באַהערשן זיי ערנסט די עקאָנאָמיק. דער זאַוואָד האָט דערפּולט דעם שול־בודזשעט. אױף דעם פאַרדינטן געלט האָט מען געקויפט א שול־קאַפע, א קינאָ־טעאַטער, ווו עס אַרבעטן, פאַרשטייט זיך, די שילער. די זעלבסטפאַרוואַלטונג כאַפּט אַרום אויך דעם לערן־פּראָצעס. די קינדער האָבן געשאַפן אין שול א קליינע „וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע", ווו אונטער דער אָנפירונג פון א „וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט" פאַרנעמען זיי זיך, זאָל זײַן מיט קליינע, נאָר נוצלעכע פאָרשונגען. דאָס האָט געהאָלפן צוציִען צו דער ערנסטער זאַך אַפילע די „שוואַכע" שילער. הונדערטער כעווראַ ווילן זיך מיִען זעלבשטענדיק, פאַרדינען געלט, און דאָס איז גוט. פאַרהאָרעוועט געלט אין קעגנזאַץ צום געשענקטן האָט נאָך קיינעם ניט קאַליע געמאַכט.

א לאַנגע צײַט האָט בא אונדז געהערשט א פּסיכאָלאָגיע פון גרינגשעצונג צו דער קאָפּיקע. מיר האָבן געהאַלטן, אַז מיר זײַנען העכער פון דעם, און אין רעזולטאַט האָבן מיר אָנגעטאָן גרויס שאָדן אונדזער עקאָנאָמיק. איצט קומט אויס ברעכן די אַלטע פּסיכאָלאָגישע סטערעאָטיפּן. נאָר דאָ שטויסן מיר זיך אָפּט אָן אױף דער אַרבעטס־געזעצגעבונג, די ביוראָקראַטן זאָגן: קינדער טאָרן ניט אַרבעטן, די אינסטרוקציע פאַרווערט. קינדער ביז 16 יאָר איז פאַרווערט... אָבער דאָס איז דאָך די ווירקלעכע פאַרבינדונג פון דעם לערן־פּראָצעס מיט דער פּראָפעסיאָנעלער אָריענטאַציע. אין די דאָזיקע פראַגן דאַרפן די דערוואַקסענע זיך רעכענען מיט דער מיינונג פון די שילער, מיט זייער איניציִאַטיוו, געבן זיי מער זעלבשטענדיקײַט.

קאָר.: א היפּשע ראָל קאָן דאָ שפּילן דער מישפּאָכע־פּאָדריאַד, ווען די קינדער העלפן די עלטערן אין פעלד, אױף דער פערמע.

ע. ר.: ניט נאָר אין דאָרף. און פאַרוואָס ניט אין שטאָט? קינדער קאָנען העלפן די עלטערן און דערבײַ פאַרדינען, אַשטייגער, אין די אופנאַם־פּונקטן בא די וועשערײַען, דאָרט פעלן שטענדיק אַרבעטס־הענט. אָדער אין די צײַטונג־קיִאָסקן. די שול קאָן נעמען אױף זיך א קאָלעקטיוון פּאָדריאַד אין א קלייט, גאָרטן, וואַרשטאַט. די קינדער, ווי איך ווייס, וועלן שטימען „פאַר" מיט ביידע הענט. ס'א קלייניקײַט? זײַן א פאַרדינער, זײַן זעלבשטענדיק. הײַנט די אויסגעוואַקסענע זעלבסטווירדע מאַכמעס דער אַרויסבאַווייזענער איניציִאַטיוו!

קאָר.: ווי פאַרהיט מען די יוגנט פונעם קולטורעלן סאַם, וואָס גייט פון מײַרעוו?

ע. ר.: דאָס זעלבע פראַגן אין זייערע בריוו א סאַך לייענער. ווי זיך פאַרהיטן פון דעם קולטור־סאַם, וואָס גייט פון מײַרעוו? נו, ערשטנס, וואָס ווייניקער אַרײַנפירן צו אונדז דעם דאָזיקן סאַם. איר וועט מיר דערזוידערן, אַז יונגע מענטשן קאָנען קוקן שאָדן־פילמען ניט אין קינאָ־טעאַטער, נאָר פון ווידעאָקאַסעטן, און איר וועט זײַן גערעכט. פאַרהיטן די יוגנט פון אָט דער ערזאַץ־קולטור אין אונדזער ווידעאָקאַסעטן־טקופע איז אומעגלעך. אָבער אײַנפלאַנצן איר א שטאַנדהאַפטיקן אימוניטעט, דאָס איז מעגלעך, כאָטש ס'איז ניט לײַכט. וואָס דאַרף מען קולטיווירן בא דער יוגנט? מיר האָבן שוין נאָרוואָס וועגן דעם גערעדט. דאָס איז מי, אָן אינטערעס צו מיִען זיך. זייער עמעסדיק זײַנען די בילדערישע ווערטער פון קאַרל מאַרקסן: „די געזעלשאַפט וועט בעשום־אויפן ניט קאָנען קומען אין א גלײַכגעוויכט, ביז זי וועט ניט אָנהייבן זיך דרייען אַרום דער זון פון מי". די אויספאָרעמונג פון א רײַפער וועלט־אָנשויונג בא יונגע מענטשן איז א פּראָצעס ניט קיין פּאַשעטער, אין אים גייען אַרײַן פיל פאַרשיידענע קאָמפּאָנענטן, נאָר דער גרונט־קאָמפּאָנענט איז מי. מי אין ברייטסטן זין פונעם וואָרט. מי, וואָס איז פאַרבונדן ניט בלויז מיט דער אַרבעט אױף א ווערקשטעל אָדער קאָמבײַן, נאָר אויך מיט באַזיניקן אַן ערנסטן בוך, מיט דער באַהעפטונג צו קלאַסישער מוזיק. דורך אַזאַ מי קומען צו דעם מענטשן סײַ לעבעדיקע קענטענישן, סײַ די פעיִקײַט אַנאַליטיש דענקען, סײַ זעלבשטענדיקײַט. בלויז זײַענדיק באַרײַכערט מיט דעם אַלעמען, וועט די יוגנט קאָנען דערזען די וועלט אַזאַ, ווי זי איז.

קאָר.: עטלעכע ווערטער אין שלום.

ע. ר.: אין שלום וואָלט איך איבערגעכאַזערט דאָס, וועגן וואָס איך האָב שוין גערעדט. די יוגנט־פּראָבלעמען קאָן מען לייזן נאָר אין קאָמפּלעקס פון די אַלגעמיינע אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַרן לאַנד. און קוידעמקאָל איז נייטיק ענערגיש דורכפירן און דערפירן ביזן לאָגישן סאָף די גראַנדיִעזע אַרבעט, וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן. און זי באַשטייט אין אופשטעלן דעם עמעס, דעם עמעס אין דער פולער מאָס. מיט דעם וועלן מיר געווינען די אַכטונג פון אונדזערע קינדער, אומקערן דעם קאָמוניסטישן אידעאַל, אָן אָפּגערייניקטן פון דעם אָנגעטראָגענעם און פרעמדן, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פאַרן פאַריקן פעריִאָד, דעם אידעאַל, וואָס העכערס פון אים האָט ניט געוווּסט די געשיכטע.

• • •

# וואסילי גראָסמאַן וועגן אנטיסעמיטיזם

צווישן די פּילצאָליקע אָפּרופן אף וואסילי גראָסמאנס ראָמאַן „דאָס לעבן און דער גורל" האָט די רעדאקציע פונעם זשורנאל „אָקטיאַבער" באַקומען א בריוו פון דעם מאָסקווער לייענער וויקטאָר קאָרעצקי:

„א גרויסן דאנק, וואָס איר האָט פארעפנטלעכט וו. גראָסמאנס ראָמאַן „דאָס לעבן און דער גורל". אין סאָף פון דעם צווייטן טייל האָב איך באַמערקט, אז עס איז ארויסגעפאלן ניט קיין גרויס, אָבער זייער א וויכטיק קאַפּיטעלע. דער ניט־געוויינ־לעכער גורל פונעם קסאוויאַד דערלאָזט, אז די באַזונדערס דעמאַסקירנדיקע פאר דער פארגליווערונגס־ביוראָקראַטיע ערטער האָבן געקאָנט פעלן אין לעצטן וואַ־ריִאַנט.

איך בין גרייט אָפּגעבן אין רעשוס פון דער רעדאקציע דעם פאראַנענעם בא מיר טעקסט פונעם אָפּוועזנדיקן קאַפּיטעלע.

מיט אכטונג
וויקטאָר קאָרעצקי".

בא וואסילי גראָסמאַנען געפינט זיך אָט דער טעקסט צווישן דעם 31־טן און 32־טן קאַפּיטל פון דעם צווייטן טייל פונעם ראָמאַן, וווּ עס גייט א רייד וועגן דער ראַ־סיסטישער פּאָליטיק און אידעאָלאָגיע פונעם פאשיזם — דעם מעלוכישן אנטיסע־מיטיזם. אייכמאַן און ליס באַקוקן די מאָדערנסטע גאַז־קאַמערן; מיט דער הילף פון די דושעגובקעס וועלן זיי קאָנען, לויט ליס' מיינונג, „לייזן פאר צוואַנציק כאַדאָשים די פראַגע, וועלכע די מענטשהייט האָט ניט געלייזט פאר צוואַנציק יאָרהונדערטער..."

**דער אנטיסעמיטיזם גיט וועגן זיך צו וויסן פארשיידנאַרטיק — ער אנטפּלעקט זיך אין אָפּ־שפּאָטנדיקער, עקלדיקער אומפּריינטלעכקייט און אין אויסראָטנדיקע פּאָגראָמען.**

**פארשיידענע זיינען די קאָנקרעטע אויסדרוקן פונעם אנטיסעמיטיזם — אן אידייִשער, אינער־לעכער, פארבאַהאַלטענער, היסטאָרישער, שטייגערישער, פיזיאָלאָגישער; פארשיידנאַרטיק זיינען די פאָרמען זיינע — אן אינדיווידועלע, א געזעלשאַפטלעכע, א מעלוכישע.**

**דעם אנטיסעמיטיזם קאָן מען טרעפן סיי אין מאַרק, סיי אף זיצונגען פונעם פּרעזידיום פון דער וויסנשאַפט־אקאַדעמיע, אין דער נעשאָמע פון א טיפן זאָקן און אין די קינדער־שפּילן אפן הויף. דער אנטיסעמיטיזם האָט אָן א שאָדן פאר זיך אריבערגעוואַנדערט פון דער צייט פון זעגל־שיפן און האַנט־שפּינרעדער אין דער עפּאָכע פון רעאַקטיווע מאָטאָרן, אטאָם־רעאַקטאָרן און עלעקטראָן־מאַשינען.**

**דער אנטיסעמיטיזם איז קיינמאָל ניט קיין ציל, ער איז שטענדיק בלויז א מיטל, א באַווייַז פון ווידערשפּרוכן, וועלכע האָבן ניט קיין ארויסגאַנג.**

**דער אנטיסעמיטיזם איז א שפּיגל פון אייגענע פעלערן פון באַזונדערע מענטשן, גאַנצע געזעל־שאַפטלעכע אָרדענונגען און מעלוכישע סיסטעמען. זאָג מיר, אין וואָס דו באַשולדיקסט די ייִדן, וועל איך דיר זאָגן, אין וואָס דו אַליין ביסט שולדיק.**

**די סינע צו דעם פּאַטערלענדישן לייב־אייגנטימערישן רעכט, אפילו אינעם באַוווּסטזיין פון א קעמפער פאר פרייהייט, פון א שליסעלבורגער ארעסטאַנט, פונעם פּויער אָליינישטשוק, האָט זיך גע־פונען אן אויסדרוק אלס סינע צו די ליאַכן און זשידעס. אפילו דער געניאַלער דאָסטאָיעווסקי האָט דערזען דעם זשיד־וואָכערניק דאָרט, וווּ ער האָט געדאַרפט דערקענען די אומבאַראַכמאָנעסדיקע אויגן פון א רוסישן פּאָדריאַדטשיק, לייב־אייגנטימער און זאַוואָדטשיק.**

**צוגעבנדיק דעם אויסגעטראַכטן מיצאַד אים אַליין וועלט־ייִדנטום שטריכן פון ראַסיזם און א שטרעבונג צו וועלט־הערשאַפט, ווי אויך קאָסמאָפּאָליטישע גלייַכגילטיקייט צום דייַטשישן היימלאַנד,**

האָט דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם צוגעשריבן די ייִדן זײַנע אייגענע שטריכן. דאָס איז אָבער בלויז איין אַספּעקט פֿונעם אַנטיסעמיטיזם.

דער אַנטיסעמיטיזם איז אַן אויסדרוק פֿון טאַלאַנטלאָזיקייט, פֿון ניט קענען זיגן אין אַ לעבנס־קאַמף, גלײַך אױף גלײַך — אין דער װיסנשאַפֿט, אינעם האַנדל און האַנטװערקערײַ, אין מאָלערײַ. דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ סימן פֿון מענטשלעכער טאַלאַנטלאָזיקייט. מעלוכעס זוכן אַ דערקלערונג פֿון זייערע דורכפֿאַלן אין די אינטריגעס פֿונעם װעלט־ייִדנטום. דאָס איז אָבער איין אַספּעקט פֿונעם אַנטיסעמיטיזם.

דער אַנטיסעמיטיזם איז אַן אויסדרוק פֿון אומבאַװוּסטזיניקייט פֿון די פֿאָלקסמאַסן, װעלכע זײַנען ניט פֿעיִק זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן אין די סיבעס פֿון זייערע צרות און לײַדן. אָפּגעשטאַנענע מענטשן זעען די סיבעס פֿון זייערע צרות ניט אין דער מעלוכישער און געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג, נאָר אין די ייִדן. אָבער אויך אָט די מאַסן־אַנטפּלעקונג פֿונעם אַנטיסעמיטיזם איז איין אַספּעקט זײַנער.



װאַסילי גראָסמאַן אין דער מילכאָמע־צײַט

דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ סכום פֿון רעליגיעזע פֿאָרורטיילן, װעלכע טשאַדען אין די אונטערשטע שיכטן פֿון דער געזעלשאַפֿט. אָבער דאָס איז בלויז איין אַספּעקט פֿונעם אַנטיסעמיטיזם.

עקל צום אויסזען פֿון אַ ייִדן, צו זײַן לאָשן, צו זײַן שפּײַז איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט די עמעסע סיבע פֿון דעם פֿיזיאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם. װײַל אַ מענטש, װאָס רעדט מיט עקל װעגן די קוטשערװע האָר פֿון אַ ייִדן, װעגן זײַן זשעסטיקוליאַציע, װערט אין דער זעלבער צײַט אַנציקט פֿון די שװאַרצע קוטשעראַװע האָר פֿון קינדער אױף די בילדער פֿון מורילאָ, איז גלײַכגילטיק צו די גאָרגלדיקע רייד און צו דער זשעסטיקוליאַציע פֿון אַרמענער, קוקט פֿרײַנטלעך אױף אַ בלוזליפּעדיקן נעגער.

אַנטיסעמיטיזם איז אַ באַזונדערע דערשײַנונג אין דער רײ פֿאַרפֿאָלגונגען, װעלכע מע באַגייט קעגן די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן. דאָס איז אַ באַזונדערע דערשײַנונג, װײַל דער היסטאָרישער גורל פֿון די ייִדן האָט זיך פֿאָרמירט אייגנאַרטיק, ספּעציפֿיש.

פּונקט װי דער שאָטן פֿון אַ מענטשן גיט אַ פֿאָרשטעלונג װעגן זײַן פֿיגור, פּונקט אַזוי גיט דער אַנטיסעמיטיזם אַ פֿאָרשטעלונג װעגן דעם היסטאָרישן גורל און דעם װעג פֿון די ייִדן. די געשיכטע פֿונעם ייִדנטום האָט זיך צונויפֿגעפֿלאָכטן און זיך פֿאַרײַניקט מיט פֿיל פֿראַגן פֿון דעם פּאָליטישן און רעליגיעזן לעבן אין דער װעלט. דאָס איז די ערשטע באַזונדערקייט פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער מינדערהײַט. ייִדן לעבן קימאַט אין אַלע לענדער פֿון דער װעלט. אַזאַ אויסערסט ברייטע פֿאַרשפּרייטונג פֿון אַ נאַציאָנאַלער מינדערהײַט אין ביידע האַלבקײַלעכן פֿון דער ערד — דאָס איז די צװייטע באַזונדערקייט פֿון די ייִדן.

אין דער צײַט פֿונעם אױפֿבלי פֿון דעם האַנדלס־קאַפּיטאַל האָבן זיך באַװיזן ייִדן הענדלער און װאָכערניקעס. אין דער צײַט פֿונעם אױפֿבלי פֿון דער אינדוסטריע האָבן ייִדן זיך אַנטפּלעקט אין דער טעכניק און אין דער אינדוסטריע. ניט װייניק ייִדן אַרבעטן אין דער אַטאָם־פֿיזיק.

בעת די רעװאָלוציאָנערן קאַמף האָבן אַ סך ייִדן זיך אַנטפּלעקט װי מערקװירדיקע טוער פֿון דער רעװאָלוציע. זיי זײַנען יענע נאַציאָנאַלע מינדערהײַט, װאָס װערט ניט אָפּגעװאָרפֿן אױף דער געזעלשאַפֿטלעכער, געאָגראַפֿישער פּעריפֿעריע, נאָר שטרעבט אַנטפּלעקן זיך אין דער ריכטונג פֿון דער הויפּט־באַװעגונג אין דער אַנטװיקלונג פֿון די אידעאָלאָגישע און פּראָדוקציר־קרעפֿטן. דאָס איז די דריטע באַזונדערקייט פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער מינדערהײַט.

אַ טייל פֿון דער ייִדישער מינדערהײַט אַסימילירט זיך, צעגייט זיך אין דער מערהײַט פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿונעם לאַנד, נאָר דער פֿאָלקישער, ברייטער גרונט־טייל פֿונעם ייִדנטום היט אָפּ דאָס נאַציאָנאַלע אין דער שפּראַך, אין דער רעליגיע, אין דעם שטייגער. דער אַנטיסעמיטיזם האָט געמאַכט פֿאַר זײַן קלאַל באַשולדיקן דעם אַסימילירנדיקן טייל פֿונעם ייִדנטום אין געהיימע און רעליגיעזע שטרעבונגען, און דעם אָרגאַנישן טייל פֿונעם ייִדנטום, װאָס באַשעפֿטיקט זיך מיט האַנטװערקערײַ, מיט פֿיזישער מי, מאַכן פֿאַראַנטװאָרטלעך פֿאַר יענע, װאָס באַטייליקן זיך אין דער רעװאָלוציע, אין דער אָנפֿירונג מיט דער אינדוסטריע, אין דער שאַפֿונג פֿון אַטאָם־רעאַקטאָרן, פֿון אַקציאָנערע געזעלשאַפֿטן און בענק.

די איבנדערמאָנטע באַזונדערקייטן זײַנען אײַנציקווײַז אייגנטימלעך דער אָדער יענער נאַציאָנאַלער מינדערהייט, אָבער, דאַכט זיך, בלויז ייִדן האָבן פֿאַראייניקט אין זיך אָט די אַלע באַזונדערקייטן.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט אויך אָפּגעשפּיגלט אין זיך אָט די באַזונדערקייטן, ער האָט אויך זיך צונויפֿגעגאָסן מיט די הויפּט־פֿראַגן פֿונעם פּאָליטישן, עקאָנאָמישן, אידעאָלאָגישן, רעליגיעזן לעבן אין דער וועלט. אין דעם שטעקט די בייזוויליקע באַזונדערקייט פֿונעם אַנטיסעמיטיזם. דער פּלאַם פֿון זײַנע שײַטערס באַלויכט די סאַמע גרויליקע צײַטן אין דער געשיכטע.

ווען דער רענעסאַנס האָט זיך אַרײַנגעריסן אינעם מידבר פֿונעם קאַטוילישן מיטלאַלטערטום, האָט די וועלט פֿון פֿינצטערניש אָנגעצונדן די שײַטערס פֿון דער אינקוויזיציע. זייער פֿײַער האָט באַלויכטן ניט נאָר דעם קויעך פֿון בייז, נאָר אויך דאָס בילד פֿון זײַן אומקום.

אינעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט די פֿאָרורטײלטע צום אומקום אַלטע נאַציאָנאַלע פֿאָרמאַציע פֿון פּיזיש אָפּגעשטאַנענע און שלימאַזלדיקע מעלוכעס אָנגעצונדן די שײַטערס פֿון אָשוויענטשים, די ליובלינער און טרעבלינקער קרעמאַטאָריעס. זייער פֿלאַם האָט באַלויכטן ניט נאָר דעם קורצן פֿאַשיסטישן טריומף. דער דאָזיקער פֿלאַם האָט פֿאָרויסגעזאָגט דער וועלט, אַז דער פֿאַשיזם איז פֿאָרורטײלט. צום אַנטיסעמיטיזם קומען אָן, אײדער עס לאָזט זיך אַראָפּ אויף זייער קאָפּ דער אומפֿאַרמײַדלעכער גורל, סײַ אַלוועלטלעך־היסטאָרישע עפּאָכעס, סײַ רעגירונגען פֿון רעאַקציאָנערע שלימאַזלדיקע מעלוכעס, סײַ באַזונדערע מענטשן, וועלכע שטרעבן אויסבעסערן זייער ניט־געלונגען לעבן.

צי זײַנען געווען פֿאַלן אין פֿאַרלויף פֿון צוויי יאָרטויזנטער, ווען פֿרײַהײַט, מענטשלעכקייט האָבן זיך באַניצט מיט אַנטיסעמיטיזם ווי אַ מיטל פֿון קאַמף? עפּשער זײַנען אַזעלכע פֿאַלן געווען, אָבער איך ווייס ניט פֿון אַזעלכע.

דער שטײַגערישער אַנטיסעמיטיזם איז אַ בלוטלאָזער אַנטיסעמיטיזם. ער זאָגט אײדעס וועגן דעם, אַז אין דער וועלט זײַנען פֿאַראַן ניט־פֿאַרגינערישע נאַראָנים און שלימאַזלים.

אין די דעמאָקראַטישע לענדער קאָן אַנטשטיין אַ געזעלשאַפֿטלעכער אַנטיסעמיטיזם; ער אַנטפּלעקט זיך אין דער פּרעסע, וועלכע רעפּרעזענטירט די אָדער יענע רעאַקציאָנערע גרופּעס, אין די האַנדלונגען פֿון די דאָזיקע רעאַקציאָנערע גרופּעס, למשל, אינעם באָיקאָט פֿון ייִדישער אַרבעט אָדער פֿון ייִדישע סכוירעס, אין דער רעליגיע און אין דער אידעאָלאָגיע פֿון די רעאַקציאָנערן.

אין די טאָטאַליטאַרע לענדער, וווּ ס'איז ניטאָ קיין געזעלשאַפֿט, קאָן דער אַנטיסעמיטיזם זײַן בלויז אַ מעלוכישער.

מעלוכישער אַנטיסעמיטיזם איז אַן אײדעס פֿון דעם, אַז די מעלוכע מאַכט אַ פּרוּוו זיך אָנשפּאַרן אויף טיפּשים, רעאַקציאָנערן, שלימאַזלים, אויף דער פֿינצטערניש פֿון גלייביקע און אויף דער בייזקייט פֿון די הונגעריקע. אַזאַ אַנטיסעמיטיזם עקזיסטירט אויף דער ערשטער סטאַדיע פֿון דיסקרימינאַציע — די מעלוכע באַגרענעצט די ייִדן אינעם אויסוואַל פֿון וווינאָרט, פֿון אַ פּראָפֿעסיע, אין דעם רעכט צו פֿאַרנעמען הויכע שטעלעס, אין דעם רעכט אַנצוקומען אין הויכשולן און באַקומען וויסנשאַפֿטלעכע טיטלען אאַוו.

שפּעטער פֿאַרוואַנדלט זיך דער מעלוכישער אַנטיסעמיטיזם אין אַ פֿאַרניכטנדיקן.

אין דער עפּאָכע, ווען די אַלוועלטלעכע רעאַקציע טרעט אַרײַן אין אַ טויטגעפֿערלעכן פֿאַר איר קאַמף מיט די קויכעס פֿון דער פֿרײַהײַט, ווערט פֿאַר איר דער אַנטיסעמיטיזם אַ מעלוכישע, אַ פֿאַרטײַשע אידיי; אַזוי איז געשען אינעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין דער עפּאָכע פֿון פֿאַשיזם.

■ ■ ■

יאקאוו טיפלינסקי

# אופלעבן די קריטיק

די סטאלינישע רעפרעסיעס און די מילכאמע האבן אנגעטאן אן אומגעהערטן שאדן דער יידישער קולטור, דערונטער דער ליטעראטור. פון א ברייטן טיפן טייך איז געבליבן א שמאל ריטשקעלע, א קליינס, אבער א ריינס. און אונדזער אופגאבע איז געווען פארהיטן די דאזיקע ריינקייט, ניט דערלאזן, אז דאס טייכל זאל פארמיסטיקט ווערן.

ווי מיר ווייסן איצט, איז די אופגאבע גלענצנד געלייזט געווארן. היינט־צו־טאג זיינען מיר איידעס פון א נייעם אופשווונג פון דער יידישער סאוועטישער ליטעראטור. ס'זיינען אנגעשריבן צענדליקער ראמאנען, הונדערטער גרעסערע דערציילונגען, נאך וועלעס, קינסטלערישע פארצייכענונגען פון א הויכער אידייִש־קינסטלערישער מאדרייגע. נייע הייכן האט דערגרייכט די ליריש־עפישע פאעזיע. ס'איז שטארקער געווארן די ווירקזאמקייט פון דער ליטעראטור אף דעם לייענער. מיר איז באוווּסט איינער פון א גרויסער צאל ביישפילן: דער אינוואליד פון דער פאטערלענדישער מילכאמע מ. קאטשאנאוו פון דער שטאט ראוונא האט זיינערצייט איבערגעלייענט נאטע לוריעס „די געשיכטע פון א ליבע און אנדערע דערציילונגען". דעם בוך האבן אים געבראכט יונגע טימוראווצעס, ווען ער איז געלעגן א צוגעשמידטער צום קראנקן־בעט. זיין בריוו צום מעכאבער איז לויט אונדזער באקאשע פארעפנטלעכט אין „סאוועטיש היימלאנד" (נום. 5, 1986). ער האט געשריבן: „אייער בוך איז פאר מיר א צוגאבלעכע רעפוע, וועלכע האט מיר געבראכט מונטערקייט, ענערגיע, לעבנס־דארשט".

דאס, וואס די יידישע סאוועטישע ליטעראטור לעבט און אנטוויקלט זיך, האבן מיר אין א גרויסער מאס צו פארדאנקען דעם זשורנאל „סאוועטיש היימלאנד", די היינטצייטיקע מייסטערס און לייענער־ענטוזיאסטן פונעם יידישן ווארט. וועגן דער איבערגעגעבנקייט און געטריישאפט פון די לייענער צום זשורנאל, וועגן זייער זארג פארן גוירל פון דער ליטעראטור זאגן איידעס די פילצאליקע בריוו, וועלכע עס ברענגט אריין אין דער עפנטלעכקייט די רעדאקציע. די פאטשט פון „סאוועטיש היימלאנד" באווייזט, אז שרייבן בריוו וועגן דער ליטעראטור און דעם לעבן איז געווארן בא א גרויסער צאל לייענער א באדערפעניש. די לייענער העלפן מיט זייערע בריוו דער רעדקאלעגיע אין איר טעטיקייט, טראגן אריין אויך קארעקטיוון אין די פלענער, קריטישע באמערקונגען וועגן באזונדערע ווערק.

און דאך דערגייען ניט, צום באדויערן, אייניקע ליידנשאפטלעכע קריטישע אפשאצונגען צו דער ברייטער אאודיטאריע, און דאס איז א שאד. ס'וואלט דאך זייער אינטערעסאנט געווען צו וויסן, וועלכע ווערק און מיט וואס האבן ארויסגערופן א פארוווּרף, און טאקע וועגן זיי, דארף מען מיינען, האט דער קריטיקער אנגעשריבן אין זשורנאל, אז זיי זיינען „אן פעפער און אן זאלץ" („סאוועטיש היימלאנד", נום. 3 פארן 1986, ז. 153). בא געוויסע לייענער וואלט עפשער געווען אן אנדער מיינונג, וואלט זיך פארבונדן א מיינונגס־אויסטויש.

מע דארף ניט פארגעסן, אז די היינטיקע אקטיווע שעצער פונעם זשורנאל זיינען, ווי אליין דער זשורנאל האט געשריבן, „גלענצנדיקע לייענער, בא וועמען די יונג־געבליבענע נעשאמעס זיינען באקרוינט מיט רייפער דערפארונג, מיט טיפער קלוגשאפט". זיי זיינען א מיוחן, וואס עס איז גוט און

וואָס שלעכט, זיי זײַנען אימשטאַנד זיך פאַנאַנדערקלײַבן און אַרויסזאָגן זייער מיינונג וועגן דעם איבערגעלייענטן, אָפּטער זיך צוהערן צו די מיינונגען פון די לייענער ווערט קיינמאָל ניט שאַטן. באַזונדערס איצט, ווען פאַר דער ליטעראַטור און פאַר דער ליטעראַטור־קריטיק זײַנען אויפֿגעשטעלט געוואָרן נײַע אויפֿגאַבן.

עס טוט אונדז בעפּייריעש ווײ, וואָס די קריטיק אינעם זשורנאַל שטייט ניט לעצטנס אויף דער געהעריקער הייך. דאָס איז ניט נאָר מײַן מיינונג. ניט לאַנג צוריק האָט וועגן דעם געשריבן דער ליטעראַטור־קענער מוישע מאַרגאַלין. אַ לייענער פון מאָסקווע האָט זיך אויסגעדריקט וועגן דער קריטיק, אַז זי איז שוין „אַ שוואַכער רינג אין אונדזער ליטעראַטור" („סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 8 פאַרן 1986, ז. 156). ס'איז נייטיק דאָ גלײַך פאַרפינקטלעכן: אַזאַ לאַגע איז ניט געווען די גאַנצע צײַט. אין דער ערשטער העלפט פון די זיבעציקער יאָרן איז נאָך די קריטיק געשטאַנען אויף דער הייך פון די אויפגאַבן, וואָס די צײַט האָט געשטעלט פאַר איר. אין די פּילצאָליקע אָפּהאַנדלונגען, איבערזיכטן, אַרטיקלען און רעצענזיעס זײַנען פּילזײַטיק אָפּגעשאַצט געוואָרן אַלע נײַע ווערק אָדער די גאַנצע שאַפונג פון באַזונדערע שרײַבער. צו דער קריטיק האָט די רעדאַקציע זיך באַצויגן מיט גרויס דערעכערעך און אויפמערקזאַמקײַט. וועגן דעם דערציילן אַליין די קעפּלעך פון פּילצאָליקע פּובליקאַציעס: „אַן אָנהייב פון אַ שמועס וועגן ליטעראַטור־קריטיק", „באַמערקונגען וועגן אונדזער קריטיק", „וווּ איז די קריטיק?", „פראַגן פון קריטיק", „קריטיק און קריטיקער", „ליטעראַרישע דיאַלאָגן", „דיסקוסיעס, שטרײַטן אַרום ליטעראַטור־פּראָבלעמען", „ראַיוינעס, מיינונגען, שטרײַטן וועגן און אַרום ליטעראַטור", „ליטעראַטור־פּאָלעמיק".

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך געשאַפן אַן אַנדער לאַגע: אין די אַרטיקלען און רעצענזיעס וועגן באַזונדערע ווערק אָדער וועגן דער שאַפונג פון אַ שריפטשטעלער ווערט ניט געמאַכט קיין קאָנקרעטער אַנאַליז פונעם אינהאַלט און פון די סטיליסטישע באַזונדערקײַטן, ס'ווערט ניט באַוויזן, אויף וויפל דעם שרײַבער האָט זיך אײַנגעגעבן צו שילדערן די כאַראַקטער־שטריכן, די גײַסטיקע אַנטוויקלונג פון אונדזערע מיטצײַטלער, די פאָרמירונג פון דער פערזענלעכקײַט, דער קריטיקער באַמיט זיך ניט פעסטשטעלן די קאָנקרעטע קינסטלערישע ווערט פונעם ווערק, די כעסרוינעס און מײַלעס פונעם ווערק. אַנשטאָט דעם צעגעבן די רעצענזענטן קאָמפּלימענטן דעם אָדער יענעם שרײַבער. אייניקע כאַווײרים דערקלערן דאָס דערמיט, וואָס אין דער לעצטער צײַט טרעטן אַרויס מיט אַרטיקלען און רעצענזיעס פּראָזאַיִקער און דיכטער, דאָס הייסט פעדקאָלעגן, און איינער דעם אַנדערן, אַזוי צו זאָגן, גיסט נעגל־וואַסער. אָבער אויך אין די פריִערדיקע יאָרן האָבן אַ היפּשע צאָל פּראָזאַיִקער און פּאָעטן אַקטיוו זיך באַטייליקט אין געביט פון קריטיק, און ס'איז געווען זעלטענער דאָס אויסמײַדן צו פירן אַ וויקועך מיטן אויטאָר.

אַזאַ לאַגע, ווען די פּראָפעסיאָנעלע ליטעראַטור־קריטיקער און די פעדקאָלעגן מאַכן זיך אָפּט ניט זעעבדיק און ניט הערנדיק אויף די פעלערן און שוואַכקײַטן אין דער שאַפונג פון די שרײַבער, אָדער פאַרשווײַגן ביכלאַל שוואַכע קינסטלעריש ניט־געלונגענע ווערק, איז צו זען ניט נאָר אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אַזאַ דערשײַנונג האָט געהאַט אַן אָרט אין די לעצטע יאָרצענדליקער אין דער גאַנצער פילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער ליטעראַטור. אויפן VIII אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון די שרײַבער איז זייער שאַרף באַהאַנדלט געוואָרן די פּראָבלעם. פון דער קריטיק פאָדערט זיך אָביעקטיווקײַט, ערלעכקײַט, פּרינציפּיעלקײַט, ניט מוירע האָבן אָנרירן, כאָלילע, די אײַנגליבע פונעם שרײַבער.

אין דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור דערשײַנען ווערק, וועלכע באַרירן וויכטיקע פּראָבלעמען, און דאָס פאָדערט, ס'זאָל ברייט באַהאַנדלט ווערן אָט דער איניען. לאָמיר דיסקוטירן, פּאָלעמיזירן, טאָן עס אָנשטענדיק, קאָרעקט, מיט טאַקט, די פּאָלעמיק זאָל ברענגען נוצן.

---

## געשטאָרבן כאַיִם סלאָוועס

אין פּאַריזש איז געשטאָרבן אין עלטער פון 83 יאָר דער באַוווּסטער ייִדישער שרײַבער און דראַמאַטורג כאַיִם סלאָוועס, וועלכער איז אין מעשעך פון פיל יאָרן געווען אַן אַקטיווער קולטור־ און געזעלשאַפטלעכער טוער. בײַם דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט ער אָנטיילגענומען אין די רייען פון די ייִדישע ווידערשטענדלער אַלס איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער אונטערערדישער „נײַע פּרעסע".

ס'זײַנען ברייט באַקאַנט כ. סלאָוועסעס פּיעסן וועלכע זײַנען אויפגעפירט געוואָרן אין פראַנקרײַך און אין אַנדערע ייִדישע ייִשווּוים. זײַנע אָפּהאַנדלונגען „אין און אַרום", „סאָוועטישע ייִדישע מעלוכישקײַט" און „אַ שליכעס אין מאָסקווע" האָבן אַרויסגערופן פאַרשיידענע מיינונגען אין ברייטע קרײַזן.

דער טױט פון ד'ר כאַיִם סלאָוועס איז אַ שווערער פאַרלוסט פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור.

ערע זײַן אָנדענק!

## אווראָם ביק

(פּשאַ)

10 אָקטיאַבער, 1988. דעטראָיט

כאַשעווע פֿרײַנט!

שוין באַלד צוויי צענדליק יאָר, אַז איך וווין אין ירושלאַיִם. קיין דעטראָיט בין איך געקומען צו מײַן זון און אייניקל, כ'האָב אויך דאָ דורכגעמאַכט אַן ערנסטע אָפּעראַציע. איך בין אָפּגעריסן פֿון דער יידישער וועלט, וועלכע האָט שוין אָפּגעוועלקט און איז אַוועק אין דער אייביקייט. מיט דרײַ וואָכן צוריק איז אויסגעגאַנגען די וואָכנשריפֿט „מאָרגן־פֿרײַהײַט", עס גויסעסט דער „פֿאָרווערטס". ניטאָ ווו זיך דרוקן. שיק איך אײַך דעם קורצן עסיי, וועלכן כ'האָב אָנגעשריבן פֿאַרן זשורנאַל „פֿאָלק און ציון" אין ירושלאַיִם, וועלכער איז אויך דעם זומער אָפּגעשטאָרבן... ניטאָ פּשוט ווו צו דרוקן אַ יידיש וואָרט. עפּשער וועט איר געפֿינען אָרט פֿאַר מײַן עסיי אין אײַער „סאָוועטיש היימלאַנד"?

איך בין דאָ אָפּגעפֿרעמדט פֿון אַ יידיש וואָרט, און כ'וועל זיך אומקערן קיין ירושלאַיִם ערשט אין אַ יאָר אַרום. איז עפּשער קאָנט איר מיך אַבאָנירן אויף „סאָוועטיש היימלאַנד" (איך ווייס ניט, וויאַזוי מע שיקט איבער די אַבאָנירפֿרײַז)?

איצט, ווען עס בלאָזן נײַע ווינטן אויף בײדע זײַטן, איז עפּשער מײַן עסיי צײַטיק.

מיט בעסטע ווונטשן און בראָכעס
אײַער, ווי אַמאָל, אווראָם ביק.

פֿון רעדאַקציע

**אויף דער באַקאַנטע פֿונעם אויטאָר ווענן דעם, וויאַזוי זיך אַבאָנירן אין אויסלאַנד אויף „סאָוועטיש היימלאַנד", גיבן מיר דעם ענטפֿער עפֿנטלעך, אויף וויפֿל די רעדאַקציע באַקומט אָפֿט אַזעלכע נאָכפֿראַגן.**

**ווער עס וויל זיך אונטערשרײַבן אויפֿן זשורנאַל, דאַרף זיך ווענדן צו דער פֿאָרשטייערשאַפֿט פֿון דער סאָוועטישער פֿירמע „מעזשדונאַראָדנאַיאַ קניגאַ" אינעם לאַנד, ווו ער וווינט.**

**די אַדרעסן פֿון אַזעלכע פֿאָרשטייערשאַפֿטן זע אויף דער זײַט 167 אין הײַנטיקן נומער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד".**

# דער טאַנאַך און די סאָוועטישע יידישע פּאָעזיע

אין דער געשיכטע פֿון דער ליטעראַטור טרעפֿן זיך צופֿאַלן, וואָס ווירקן זיך אויס סימבאָליש. אין 1919 איז געבוירן געוואָרן אַ שורע, וואָס איז געוואָרן דער בערייִשיס פֿון דער סאָוועטישער דיכטונג. אָשער שוואַרצמאַן האָט באַם אָנהייב פֿונעם בירגערקריג אַרויסגעלאָזן זײַן פּאַטעטיש־נעווייִשן וואָרענענדיקן רוף צו פֿאַרטיידיקן דאָס היימלאַנד: „דער סוינע באַ די טויערן!". די שורע איז גענומען פֿון אַן אַלטן קינסטלערישן וואָרטפֿורעם פֿון דעם טאַנאַכישן טילים. „את אויבים בשערו" („די סאָנים באַ די טויערן"). די אומיטלבאַרע עמאָציע און די שטרענגקייט פֿון שוואַרצמאַנס לײַדנשאַפֿטלעכן רוף, וועלכער איז ווי אַ זאַמלענדיקער שויפֿער־שאַל און סיגנאַל־מאָביליזאַציע אויפֿגעהויבן געוואָרן אין יענעם יאָר, איז שפּעטער געוואָרן אַ מין מעטאַפֿאָר און געמיט פֿון דער יידישער פּאָעזיע, אָנגעהויבן פֿון מוישע קולבאַקן ביז אַרן ווערגעליסן און די ייִנגסטע סאָוועטישע יידישע דיכטער. מיט זײַן באַנוצן זיך מיט דעם ביבלישן פּאָסעק האָט שוואַרצמאַן ווי באַצייכנט, אַז טעמאַטיש אינהאַלטלעך קאָן די פּאָעזיע זיך באַניצן מיט די דוירעסדיק־דויערנדיקע וואָרט־קײלים פֿונעם „בוך פֿון די ביכער" און אַז „אַ וואָרט האָט זײַן אָוואַר און זײַן צוקונפֿט" (שמועל האַלקין).

מוישע קולבאַק האָט אָפּגעגאָסן די טאַנאַכישע שורעס אין דער פֿאָרם פֿון אַ באַגײַסטערטן אויסדרוק און וויזיאָנערישער ווירטואָזישקײַט. אין דער פּאָעמע „בוניע און בעריע אויפֿן שליאַך" לייענען מיר:

**און בוניע זאָגט: הער צו, דו נאַר, הער צו,**
**דעם סאָף פֿון מענטשנס שווערע לײדן —**

ס'וועט שלאָפן געראַם אַ לעמפּערט מיט אַ קו,
און ס'וועט אַ קינד זיך שפּילן מיט זיי ביידן;
פרייד וועט זײַן און זשאַווערן וועלן די מעסערס
אין די שיידן.

די דירעקטע מאָטיוו־פאַרבינדונגען מיט די טעמעס פונעם טאַנאַך זײַנען קאָנטיק אין די פּערזן פון מוישע באַשמעוואַצקי נאָך אין זײַנע ערשטע לידער פון 1922. ביבליש סימבאָליש איז די ליד „פון דאָר האַמידבער“, וועלכע הייבט זיך אָן אַזוי:

האָבן שוין געשאַלט הילכיקע טרומייטן,
זײַנען געפאַלן יעריכאָס פון ווענט...

אין באַשמעוואַצקיס לעצטע לידער „דאַוויד און גאָליאַס“, „שימשון און דאַלילע“, „יויעל און סיסרע“ איז הער סוזשעט דורכויס אַ טאַנאַכישער.

די געדאַנקלעכקייט און רעפלעקטיוויו באַטראַכטקייט פון דאַוויד האָפּשטיינס ליד איז פאַרבונדן מיט דעם דיכטערס לירישער מוזיקאַלישקייט. אויך זײַן ליד האָט ביבלישע בילדערישקייט און אַסאָציאַציעס:

איך זע, די לעצטע זוילן שײַן,
זיי האָבן טיף אין גרינס באַהאַלטן.
איך הער דעם ערשטן אָנזאָג: „ליכט זאָל זײַן!“
דעם ערשטן שאַל פון הימל־שפּאַלטן.

אין זײַן ליד „רעגנבויגן“ האָט האָפּשטיין געגומען דעם טאַנאַכישן פּאַסוק „את קשתי בנן“ („מיר ווילן דיך דערהאַרגענען“) און אים געשטאַלטיקט אין די ריטמישע שורעס:

די פאַרבן די זיבן
אַ צייכן פאַרהיטן,
אַ צייכן געגעבן
אויף אייביקן פרידן.

לייב קוויטקאָ, דער מײַסטער־באַשאַפער פונעם זשאַנער „פאַר קליין און גרויס“, האָט אַ שלאַל מיט ביבלישע אימאַזשן. אָט איז איינער פון צענדליקער:

אָן דיר, מײַן לאַנד, איז קליין מײַן פאָלק
און ראָכל וויינט אויף אירע קינדער;
אין דיר, מײַן לאַנד, איז גרויס מײַן פאָלק,
און ראָכל טאַנצט מיט אירע קינדער.

אַרן קושניראַווס פּאָעטישער איקער איז דער בילדעריש־אימאַזשיניסטישער. דאָס בילד איז באַהעפט דורך פאַרשיידענע זעעוודיקע מאַמאַשעסדיקײַטן. די מעטאַפאָר איז מאָשלדיק, און דער געדאַנק איז פול מיט פּאַטאָס. פאַראַן בײַ אַ. קושניראָוון מוסטערן, וואָס וויגן זיך אויף די ריטמען פונעם טאַנאַך:

אַ וועכטער, דו, וועמענס האַרץ בײַ די גרענעצן וואַכן, —

דאָס איז אַ פּאָעטישע וואַריאַציע פון ישעיה „שומר מה מליל“ (וועכטער, וואָס איז אין דער נאַכט), פאַראַפראַזירט: „וועמענס אויג און אויער איז אין וואַכזאַמקייט אָפן“.

שמועל האַלקינס פּאָעזיע האָט באַשטעטיקט, אַז מע דאַרף און מע קאָן באַניצן די קינסטלערישע ירושה פון די דורותס פאַרן הײַנט און פאַר דער צוקונפט. זײַן שאַפן איז די שאַרפסטע אָפּלייקענונג, אַז די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך אָפּגעפרעמדט פון דער ייִדישער טראַדיציע און פונעם נאַציאָנאַלן אייגנאַרט. דער דיכטער־ליריקער האָט געפונען דעם שעפערישן „קאָנטאַקט“ — ווי עס הייסט זײַן אַ גאַנצער בוך לידער — צווישן דעם נעכטן און דעם הײַנט.

פון זײַנע ערשטע טאַנאַך־פאַרגלײַכונגען וועגן „אייביקן דאָרן, וואָס פלאַקערט און ווערט ניט פאַרברענט“ (אין בוך „ווײַ און מוט“) ביז דער קורצער ליד „דאָס גלאָז איז דורכזיכטיק“, ביז זײַנע לעצטע לידער אין די ביכער „דער בוים פון לעבן“ און „מײַן אויצער“, האָט ש. האַלקין פאַרבונדן זײַן לירישע שאַפונג מיט די סאַמע פאַרשיידנסטע קוואַלן פון דער ייִדישער קולטור אין העברעיִש. אין פיל לידער זײַנען דער עפעקט פון די אויסדרוקן און די בילדער טאַנאַכיש. אַזאַ איז דער נאָמען פון זײַן בוך „דער בוים פון לעבן“, ווו מיר טרעפן פיל פּסוקים: „ביז דורכגיין וועט דער שטורעם, בלײַב פאַרשטעלט, אַזוי געדענק איך ערגעץ שטייט געשריבן“ (ישעיה: חבי כמעט רגע עד יעבור זעם); אָדער: „די לינקע האַנט איז גוורע, און די רעכטע גנאָד“; „מיר דוכט זיך אויס: איך שטיי אויף יענעם אָרט, פונוואַנען אָדאָם איז געווען פאַרטריבן, צום בוים פון לעבן צי איך אויס מײַן האַנט“.

אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט עזרא פינינבערג אָנגעשריבן בײַם זײַן צוריקקער פונעם פראָנט אַ גאַנצן ציקל אויף טאַנאַכישע טעמעס — „פון האַרציקן בוך“ מיט אַ מאָטאָ פון ירמיִאָהו „החריבו כל צבאה“ — „דאָס גאַנצע כאַיל אירס פאַרטיליקטן“. ער רופט אַרויס דאָס געשטאַלט און די היסטאָרישע וויזיע פון ירמיִאָהו וועגן דער געשיכטע פון באָוולס קורבן:

אין ווייען עס טרייסלט זיך באָוול,
און ס'פרייען און וועלט זיך פעלקער —
אַזוי איז אויף אייביק פאַרשריבן
אין בוך, וואָס וועט אייביק ניט וועלקן.

פינינבערג רופט אַרויס דאָס מיפּאָלאָגישע געשטאַלט, קעדיי איבערצוזעצן דעם אַמאָל אויף דעם הײַנט. ער פלעכט איבער פּסוקים פון שיר־השירים מיט פּאָעטיזירטע עלעגישע שורעס פון אייכאַ, פרילינג־לידער מיט קלאָג־לידער.

ייִדיש־אוניווערסאַלער פּאַטאָס איז אַ גרונט־עלעמענט אין דער ברייטער ליריק און עפּיק פון פּערעץ מאַרקיש. אין זײַן גרויסער פּאָעמע וועגן בירגערקריג האָט דער פלאַמיקער טריבון פון דער סאָוועטישער ייִדישער דיכטונג אָנגעהויבן פורעמען זײַן פײַערדיק פּאָעטיש וואָרט. דאָרט האָט ער זיך שוין באַניצט מיט דער אַלטער ביבלישער לעקסיק: די קליינשטעטלדיקע מאַמע אין איר הייסער ליבע צו אירע זין, די רויטאַרמייִשע שלאַכטלײַט אוריעל און שלוימע־בער, און אין דער שײַן פון איר אייגענער טכינעדיקער וועלט, בלעטערט דעם טײַטש־כומעש:

זיי טרעטן איבער בלעטער איבער טרערנדיק געבעטע,
און ס׳האָט זיך אים געכאַלעמט,
אַז זיבן זאַנגען לײדיקע שלינגען אײַן די זאַטע,
אַז זיבן דאַרע בעהיימעס עסן אויף די פעטע.

אָדער:

דער שאַבעסדיקער שניי איז קויטיק און פאַרשעמט,
און ס׳לעכערן אים שוואַרצע פאַכנדיקע קראָען.
זי האָט עס אויך דערקענט, ס׳פאַרבלוטיקט זיידן
העמד,
געוויס האָט זי פאַרצוקט אַ בייזע כײַע־ראָע.

די קינסטלערישע רעמיניסצענצן פון דער פּאָעמע „ברידער" זײַנען אויך פאַרבונדן מיט קאָנקרעטע געשעענישן פונעם רויטאַרמייִשן פּוילישן קריג, ווען די מיליטערישע רעאַקציע אין פּוילן איז כוישעד געווען ייִדן אין „קאָמוניסטישן שפּיאָנאַזש". אַ בײַשפּיל פון דעם איז מאַרקישעס באַלאַדע וועגן אַן אַלטן פּוילישן ראָוו, וואָס האָט אָפּגעווישט דעם שטערן מיט אַ רויטער פאַטשיילע, און די פּוילישע אָפיצערן האָבן ראַפּאָרטירט, אַז דער „ראָבין" האָט געגעבן סיגנאַלן דעם סוינע מיט אַ „רויטער פאָן". געוויסע שורעס זײַנען דאָ אָנגעזעטיקט מיט טאַנאַכישע מאָטיוון.

אין זײַן קאָרעוו צו 700־זײַטיקער עפּיש־לירישער פּאָעמע „מילכאָמע", וואָס וויקלט פאַנאַנדער דאָס בילד פונעם העראָיִשן קריג, פון דעם כורבן און זיג, האָט מאַרקיש אַרײַנגענומען די העראָיִשע קרעפטיקע טאַנאַכישע אַסאָציאַציעס, אַזעלכע ווי „יעכעזקלס טאָל פון ביינער", פונעם בוך „שמועל", לעמאָשל: „אַ שטיקל הענגלײַכטער האָט זיך געטאָן פאַר אים אַ נייג, און ווי צום אויסנעמען זײַנען די שאַרייִ אַדוינוי". אָדער: „דעם האַלדז פאַרציִען זיך געלאָזט פון יעדן איינעם האָט ער אַל טאָל וועאַל מייטאַר". אָדער: „אַן אַריי מיקלעט האָבן פעלקער אונדז געגעבן אומעטום", אאַוו.

איציק פעפערס פּאָעטיש שאַפן איז געווען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט זײַן טיף־לירישער מײַסעדיקײַט און פאָלקלאָריסטישקײַט. פון אָנהייב אָן איז פעפערס ליריק געווען פאַרבונדן מיט פּאָליטישע אַסאָציאַציעס פונעם „בוך פון די ביכער". „שטאָט איז דערשראָקן און פעלד איז פאַרשנייט, דאָ בין איך שטענדיק און דאָ בין איך גרייט!" איז אַסאָציאַטיוו פאַרבונדן מיט דער שורע פונעם נאָווי ירמיִאָהו: „שיק מיך, איך בין גרייט!". אינגאַנצן אין אָטעם פון דער טאַנאַכישער כאָכמע איז געשריבן די ליד „מײַן קלאָלע":

פאַרשאָלטן זאָל ווערן די מאַמע, וואָס האָט דיך
געבאָרן,
פאַרדאַרט און פאַרטרינקט זאָל ווערן אַף פעלדער
דײַן קאָרן;
נאָך איידער ס׳וועט קומען עס שנײַדן דײַן
מערדערשער שניטער;
זאָל ווערן דײַן שעטעך באַשאָטן מיט נאַקעטע ריטער.

און וועגן זײַן ייִדיש סאָוועטיש פאָלק זינגט דער דיכטער אין אַ ריטמישן ניגן:

ווי שיר־האַשירימדיק, ווי ריין
גייט דורך זײַן ליבע דורך יאָרן,
ווי יונג זײַנען נאָך זײַנע ציין
און ווי נעוויִיש איז דײַן צאָרן.

דער רעפרען אין זײַן ליד „איך בין אַ ייִדו!" איז: „ניט פאַרעס שלעק, ניט טיטוס, האַמען האָבן צעבראָכן אים געקאָנט... עס טראָגט מײַן נאָמען די אייביקײַט אַף אירע הענט".

אין זײַן בוך „ליבע און גלויבן" האָט דער דיכטער אײַזיק פּלאָטנער געבראַכט ביבלישע אַסאָציאַציעס פונעם סייפער „רות". אין דער באַלאַדע וועגן צוויי שוועסטער, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט בא זייער אַמאָליקער ניאַניע, דערמאָנט ער די מײַסע וועגן נאָאָמי און רות. אין אַנדער אַסאָציאַציע מיטן כומעש איז די שטעל וועגן זײַן אָרעמען טאַטנס כאַלופע, וואָס „שווימט אין שנייען": „מײַן טאַטע איז נויעך, די שטוב איז די טײווע, דעם פערציקסטן טאָג ווי די שנייען שוין ווייען".

אין דער פּאָעמע „דאָס געזאַנג וועגן ברידער" האָט מוישע טייף איינעם מיט פאָלקלאָרישער כאָכמע, וואָס שטאַמט פון „יענע שטיבעלעך, ווו מעלאָכע איז מעלוכע", דערמאָנט, אַז מוישע האָט צעבראָכן זײַנע לוכעס, ווײַל רײַכקײַט קומט פון „סיגנויוו", אָרעמקײַט פון „לוי"... מ. טייף פאַרענדיקט די פּאָעמע מיט דער דערהויבענער וויזיִע פון דעם נאָווי יעשײַע, אַז „וגר זאב עם כבש" — „אַ וואָלף וועט וווינען מיט דער שאָף" — „און גלײַך הינטער אים, בלויז אַף עטלעכע טריט, גייט אַ וואָלף מיט אַ שעפּס און אַ קינד אין דער מיט".

אָרן ווערגעליסעס ערשטע לידער זײַנען מאָנאָליטיש געווידמעט דער טעמע ביראָבידזשאַן, ווו דער פּאָעט האָט נאָך אין די קינדערשע יאָרן אונטערגעשטעלט זײַנע אַקסלען אונטער די שווערעביימער. דאָרט האָט ער געלערנט אַ געבאָט פון אייגענער מי:

און דער געבאָט — מיט האַרבער מי געלײַטערט,
מיר האָבן אויסגעהאַקט אַף זיך ווי אַף אַ שטיין:
ווילסט ליכט און וואַרעמקײַט — צינד אָן אַליין
דעם שײַטער,
און ווילסטו הימלעכקײַט, איז בוי אַליין דײַן היים!

סימבאָליש זײַנען די מיטלען פון אויסדרוק, וואָס קאָנען אַסאָציאַטיוו פאַרבונדן ווערן מיט די טאַנאַכישע אויסדרוקן „געבאָט, אויסגעהאַקט אַף זיך ווי אַף אַ שטיין". דאָס בילד פון די לוכעס, די שריפט, אויסגעקריצט אין שטיין, אינעם בוך „שמאָט", „גראָב אַליין דעם ברונעם" דערמאָנט אין דעם, ווי ייִצכאָק גראָבט די פּלישטים־ברונעמער. ווערגעליס האָט אויך אַ גאַנצן ציקל לידער מיט טאַנאַכישע געשטאַלטן און מאָטיוון, וואָס אויב איך מאַך קיין טאָעס ניט, וועט אינגיכן דערשײַנען אין אַ בוך־פאָרם.

• • •

# די ייִדישע טעמע אין דער פוילישער ליטעראַרישער איבערזעצונג און היסטאָריאָגראַפיע

(לויט די אויסגאַבעס פון פוילישע פאַרלאַגן)

די קולטור און די מינהאָגים פון די פוילישע ייִדן — א וויכטיקער טייל פונעם סאָציאַלן פּייזאַזש פון דער אַלטער רעטש פּאָספּאָליטאַ, — זײַנען פאַר די נײַע דורות פּאָליאַקן נישט קיין אומבאַוווּסטע אָדער א מין עקזאָטישע דערשײַנונג. דער פענאָמען פון דער קאָעקזיסטענץ פון ביידע קולטורן, פאַרהיטנדיק זייער אייגנאַרט, איז א ברייטע און פאַרכאַפּנדיקע טעמע פון פאָרשונגען פאַר היסטאָריקער. אויף די געלערנטע־הומאַניטאַריער ליגט א גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט, ווײַל אידעס פון אָט דער פאַרגאַנגענהײַט זײַנען פאַרבליבן נאָך דער מילכאָמע־טראַגעדיע ניט ווייער קיין סאַך. דאָס איז דער פאַרדינסט פון מענטשן, וועלכע סטאַרען זיך ראַטעווען פון פאַרגעסונג די ייִדישע קולטור אין פוילן, וואָס איז ניט פאַרשוווּנדן אויף אייביק.

די אַקטיוויקײַט פון די דאָזיקע מענטשן אַנטפּלעקט זיך אין פאַרשיידענע אַספּעקטן, צווישן אַנדערס, אין דער טעטיקײַט פונעם געשאַפענעם אין 1981 געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט פאַר אָפּהיטן די בעסאָלמענס און די דענקמעלער פון דער ייִדישער קולטור, אין דער אַרבעט פונעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, פון דער קאַפעדרע פאַר געשיכטע און קולטור פון די ייִדן אין פוילן באַם יאַגעלאָנער אוניווערסיטעט, פונעם מיליטעריש־היסטאָרישן אינסטיטוט, פון די קאָמיטעטן און קאָמיסיעס פון דער פוילישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, אין די פאָרשונגען, וועלכע עס פירן דורך די העברעיִסטן פונעם פאַקולטעט פון מיזרעך־קענטעניש פונעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט (ניט לאַנג צוריק איז דאָרט געשאַפן געוואָרן א קאַפעדרע פון דער געשיכטע פון די פוילישע ייִדן). די דאָזיקע אַקטיוויקײַט אַנטפּלעקט זיך אויך אין אינדיווידועלע איניציִאַטיוון. אַלס בײַשפּיל קאָן דינען, אַשטייגער, די אויסשטעלונג פון טאָמאַש טאָמאַשעווסקיס אוניקאַלע פאָטאָגראַפיעס „היַינטצײַטיקע פוילישע ייִדן — די לעצטע". די געלערנטע פאַרשליסן זיך ניט אין זייערע דאַלעדאַמעס. אַלס געלעגנהײַט פאַר דיסקוסיעס דינען, לעמאָשל, די באַגעגענישן, געווידמעט די יאָרטאָגן פון דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, וועלכע עס אָרדענען געמיינזאַם אײַן דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט און דער אינסטיטוט פון געשיכטע בא דער פוילישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

די פאָרשונגען איבער דער פּראָבלעמאַטיק פון די פוילישע ייִדן פאַרטיפערן די באַהאַוונטקײַט אין פראַגן פון דער קימאַט נײַנהונדערטיאָריקער געשיכטע פון דער קאָעקזיסטענץ פון די צוויי נאַציאָנאַליטעטן און קולטורן, סטימולירן די טעטיקײַט פון די פוילישע פאַרלאַגן.

די גײַסטיקע יערושע פון די פוילישע ייִדן אַנטפּלעקט זיך בוילעט אַלץ מער אינעם קולטורלעבן פון דעם איצטיקן פוילן. די ייִדישע ליטעראַטור — סײַ די געשאַפענע מיצאַד ייִדישע אַווטאָרן, סײַ אויך געווידמעטע די ייִדן — האָט פאַרנומען א פעסט אָרט אין דער ריי פּאָפּולערע ווערק. עס דערשײַנען רעגולער ליטעראַרישע ווערק פון ייִדישע מעכאַברים, ווי אויך פאָלקס־פּאָעזיע, שפּריכווערטער און גלײַכווערטלעך, אַפאָריזמען און אַנעקדאָטן. אַלס בײַשפּיל קאָן מען אָנרופן דעם דערשינענעם אין 1960 בוך „ייִדישע כאָכמעס", די אַנטאָלאָגיע פון ייִדישן הומאָר „בא די שאַבעסדיקע ליכט" (1963), די אַנטאָלאָגיע פון פאָלקס־פּאָעזיע (1964) אין יעזשי פיצאָווסקיס איבערזעצונג.

אין אָנהייב פון די 80־ער יאָרן האָבן די פּאָליאַקן געקאָנט זיך באַקענען מיט א ריי אָריגינעלע ווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור. אינעם מעלוכישן פאַרלעגערישן אינסטיטוט איז דערשינען אַן „אַנטאָלאָגיע פון ייִדישער פּאָעזיע" — א זאַמלבוך פון אויסגעוויילטע ווערק פון 103 ייִדישע דיכטער אין דער איבערזעצונג פון 59 פוילישע פּאָעטן. עטלעכע הונדערט ווערק כאַפּן אַרום מער ווי א הונדערטיאָריקן פּעריאָד — פון דער מיט XIX יה. ביז אונדזער צײַט. די אַנטאָלאָגיע גיט א גאַנץ פולע פאָרשטעלונג וועגן דער ווייניק באַוווּסטער די לייענער פּאָעזיע, וואָס דאַרף ווערן פאַר זיי נאָענט, כאָטשבי דערפאַר, וואָס „דאָס וויגעלע פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער דיכטונג איז געווען פוילן", ווי עס ווערט אָפּגעמערקט אין דער פאָרעדע. אין דער שטאָט ראַדזימין הינטער וואַרשע איז געבוירן געוואָרן דער שריפטשטעלער ייִצכאָק באַשעוויס־זינגער, דער לאַורעאַט פון דער נאָבעלפּרעמיע. דרײַ ראָמאַנען זײַנע („דער קונצנמאַכער פון לובלין", „דער הויף", „יערושע"), וועלכע ס'האָט אַרויסגעלאָזט דער מעלוכישער אינסטיטוט, זײַנען מאָמענטאַל אויספאַרקויפט געוואָרן, פּונקט ווי דער זאַמלבוך פון זײַנע דערציילונגען „די קישעפדיקע קראַפט" (פאַרלאַג „טשיטעלניק", 1983).

אין פיל ווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וועלכע זײַנען דערשינען אין די לעצטע יאָרן, ווערן געשילדערט די גרוילן פונעם אַקופּאַציע־פּעריאָד. צום 40־טן יאָרטאָג פונעם אופשטאנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט דער פאַרלאַג „טשיטאַטעל" אַרויסגעלאָזט י. קאַצענעלסאָנס פּאָעמע „די ליד פונעם דערמאָרדעטן ייִדישן פאָלק" אין יעזשי פיצאָווסקיס איבערזעצונג. דאָס איז אַ פּאָעטיש בילד וועגן דער געשיכטע פון דער געטאָ, „אַן איידעס, אַ באַשולדיקונג און אַ דענקמאָל פאַרן ייִדישן פּאָעט", — שרײַבט יע. פיצאָווסקי אין דער פּאָרעדע. דער איבערזעצער ווײַזט אָן, אַז „דעם ייִדישן דיכטער האָט זיך אײַנגעגעבן צו באַהאַלטן זײַנע קסאָוים" אין פלעשער, פאַרגראָבענע אונטער אַ בוים, אײדער מע האָט אים אָפּגעשיקט קיין אָשווענטשים... אַ פּראָזאַישע פאַרשרײַבונג פון די אינדערוואָכנס אין דער געטאָ איז געוואָרן מ. בערגס „טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ" (פאַרלאַג „טשיטאַטעל", 1983) און הענריק מאַקאָווערס „דערינערונגען פון דער וואַרשעווער געטאָ" („אָסאָלינעום", 1987). די דאָזיקע אויטאָרן זײַנען געווען פון יענע ווייניקע, וועלכע זײַנען געבליבן לעבן בײַם דעם אָקופּאַציע־גענעם. אַ קאָלאָסאַלע ווערט שטעלט מיט זיך פאָר דער טאָגבוך פון יענעם פּעריאָד, וועמענס אויטאָר, אַדאַם טשערניאַקאָוו, איז געווען פּרעזעס פונעם יודנראַט אין וואַרשעווער געטאָ. זײַנע פאַרנאָטירונגען, וועלכע ער האָט געמאַכט יעדן טאָג, זײַנען דערשינען אינעם מעלוכישן פאַרלעגערישן אינסטיטוט אין 41 יאָר אַרום נאָך דעם זעלבסטמאָרד פונעם מעכאַבער.

אַנדערש האָט געשילדערט די געטאָ דער היסטאָריקער עמאַנועל רינגעלבלום. זײַן „כראָניק פון דער וואַרשעווער געטאָ" איז אַן אײגנאַרטיקער ליטעראַרישער דאָקומענט („טשיטאַטעל", 1983). אינעם בוך איז פאַראַן אַ פאָטאָגראַפישער מאַטעריאַל, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאָלאָסאַלע ווערט פאַר היסטאָריקער. דער אויטאָר באַווײַזט פאָרטרעטן פון אָנגעזעענע פאָרשטייער פון דער דעמאָלטיקער ייִדישער באַפעלקערונג, סטאַרעט זיך שילדערן די הערשנדיקע אין יענער צײַט שטימונגען. רינגעלבלומס פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן האָבן אים גענייגט צו פיקסירן ניט בלויז די מאַסן־געשעענישן, נאָר אויך די גורלאָלעס פון באַזונדערע פּערזענלעכקײַטן. דער אונטערערדישער אַרכיווצענטער, וועלכן רינגעלבלום האָט געשאַפן, האָט געזאַמלט דאָקומענטן, באַריכטן און מיטיילונגען, פּעריאָדיק, בריוו, דאָקומענטן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וועלכע דער אויטאָר האָט שפּעטער אויסגעניצט אין זײַן מאָנאָגראַפיע וועגן דער געטאָ. אָט די אַלע מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען געראַטעוועט געוואָרן אין יענע שווידערלעכע יאָרן (די גאַנצע מילכאָמע זײַנען זיי געלעגן באַגראָבענע אין דער ערד), האָט באַאַרבעט רוטע סאַקאָווסקאַיאַ פונעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט און אַרויסגעגעבן אין 1980 אין אַ באַזונדערן בוך („רינגעלבלומס אַרכיוו. וואַרשעווער געטאָ. יול 1942 — יאַנוואַר 1943").

צווישן די ביכער, וועלכע טראָגן אַן אַנדער כאַראַקטער, אָבער ווענדן זיך צו דעם זעלבן פּעריאָד, ציט צו די אויפמערקזאַמקײַט טערעסע פּרעקערס אַרבעט „דער אונטערערדישער ראַט פאַר היל्फ די ייִדן אין פּוילן. 1942—1945" (מעלוכישער פאַרלעגערישער אינסטיטוט, 1982). די פּיליאָריקע מי פונעם אויטאָר האָט געגעבן אַ גלענצנדן עפעקט — ס'איז דערשינען אַ מאָנאָגראַפיע פון דער באַוווּסטער פּוילישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרמאָגט גרויסע פאַרדינסטן און איז ביז איצט ווייניק דאָקומענטירט, — איינע פון די דרײַ אָרגאַניזאַציעס, לעקאָוועד וועלכע עס זײַנען פאַרפלאַנצט געוואָרן ביימער אויפן ירושאָלאַיִמער אַנדענק־באַרג.

ניט אַלע דערשינענע אין פּוילן ביכער, געווידמעט דער ייִדישער טעמאַטיק, ווענדן זיך צום פּעריאָד פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, האָגאַם דאָסראָוו פון זיי באַרירן אין דער אָדער אַנדערער פאָרם די דאָזיקע טעמע. אייניקע פאַרמאָגן שטרענג באַשטימטע טעמאַטישע ראַמען. אַ וווּרטפּולער קוואַל פאַר סטודענטן און געלערנטע קאָן ווערן דער לערנבוך פון גראַמאַטיק פון דער ייִדישער שפּראַך, וועלכן ס'האָט אָנגעשריבן דער פּראָפעסאָר טילאָך. פּראָטימדיק פאַרנעמען זיך מיט די פּראָבלעמען פון דער פאַרגאַנגענהײַט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג די מיטאַרבעטער פונעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט און פון דער פּוילישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע („די ייִדישע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַציע" פון מיכאַל גרינבערג, „די ייִדישע פּרעסע אין וואַרשע. 1923—1939" פון מאַריִאַן פוקס אאַ.), אָבער ניט בלויז זיי. דער פּוילישער כוידעש־זשורנאַל „ליטעראַטורא נא סוויעטשיע" האָט געווידמעט זײַן פּערטן נומער פאַרן 1987 יאָר דער פאָרשונג פונעם באַגריף „יודאַיִזם", אָפּדרוקנדיק די איבערזעצונג פון איינעם פון די טראַקטאַטן פון מישנע. צוויי נומערן פון אַן אַנדער כוידעש־זשורנאַל — פון דעם קראָקאָווער „זנאַק" (נומ. 2 און 3 פאַרן 1983) האָבן פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אונטער אַן אַלגעמיין קעפּל „ייִדן אין פּוילן און אין דער וועלט. קאָטאָליציזם — יודאַיִזם".

דער טעמאַטיק „ייִדן אין פּוילן" זײַנען געווידמעט צוויי אַלבאָם־אויסגאַבעס: „קראָקאָווסקי קאַזימעזש" פון יאַן וולאַדיסלאַוו ראָנטשקאַ („ליטעראַטורנאַיאַ איזדאַטעלסטוואָ", 1982) און „די צײַט פון שטיינער" פון מאָניקאַ קראַיעווסקאַ („אינטערפּרעס", 1982). דעם ראַיאָן פון קראָקע — קאַזימעזש, וווּ ס'איז אַמאָל געווען די עלטסטע און פאַרמעגלעכסטע ייִדישע קעהילע אין פּוילן, אָט דעם ראַיאָן האָט מען גערופן „די ייִדישע שטאָט", ייִדן זײַנען אַהער געקומען אין דער צײַט פון די פאַרפאָלגונגען פון אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער. דאָ לעבן שוין הײַנט אַנדערע אײַנוווינער. „ניטאָ אין פּוילן קיין ייִדישע שטעטלעך, ניטאָ", — די דאָזיקע ווערטער פון אַנטאָני סלאָנימסקין, וועלכע זײַנען געבראַכט אין דער פּאָרעדע צום אַלבאָם (אַרויסגעלאָזט מיצאַד דעם פאַרלאַג „אינטערפּרעס"), גיבן אַמפּולסטן איבער זײַן אינהאַלט. אויף מאָניקאַ קראַיעווסקאַס פאָטאָבילדער, וועלכע זײַנען געמאַכט בײַם אירע פּיליאָריקע רײַזעס איבער די ערטער פון ייִדישע דענקמעלער אין פּוילן, זײַנען

פארפיקסירט די פארבליבענע סינאגאגעס, פארהיטע בעסאלמענס, צעזייטע איבערן פעלד מאצייוועס...

אין פוילן איז צו מערקן א גרויסער געזעלשאפטלעכער נאָכפרעג אױף א פולער װיסנשאפטלעכער פאנאנדערארבעטונג פון דער געשיכטע פון די פוילישע ייִדן. „די ייִדישע געשיכטע און ליטעראַטור, מיט א באזונדערן דיסקאַנט פון די ייִדן אין פוילן" (1925), וועלכע ס'האָט אָנגעשריבן מייער באלאבאן („ווידאווניצטוואָ ארטיסטיטשנע אי פילמאָווע", 1983) — איז איצט א ביבליאָגראפישע זעלטנהייט. דער צווישן־מילכאָמע־פעריאָד איז באלויכטן אין דעם בוך „רעטש פאָספאָליטא פון פילפעלקער" פון יעזשי טאָמאשעווסקי (פארלאג „טשיטאטעל", 1985).

אױף דער ריאַליע פון א װיסנשאפטלעכן קוואל קאָנען ניט פרעטענדירן די „אַטשערקן וועגן דער געשיכטע פון די פויליש־ייִדישע באציִונגען אין די יאָרן 1918—1949" פון יוזעף אָרליצקי („קראַיאָווא אגענציִא ווידאווניטשא", 1983). א בעסערע געשיכטע, האגאם א קירצערע, פארבלייבט דאָס דערשינענע אין 1982 אינעם פארלאג „אינטערפרעס" קאָלעקטיווע ווערק „פוילישע ייִדן. די געשיכטע און קולטור", וועלכן ס'האָבן אָנגעשריבן מאריאַן פוקס, זיגמונט האָפמאַן, מאוריץ האָבן און יעזשי טאָמאַשעווסקי. אינעם אלבאָם, וואָס איז דערשינען אױף דריי שפראַכן (ענגליש, דייטש און פויליש), זיינען באלויכטן פארשיידענע אספעקטן פונעם לעבן פון די ייִדן, אָנהייבנדיק פונעם XI יה. (ליטעראַטור, קונסט, שפראַך, מינהאָגים, רעליגיע, מוזיק, טעאַטער, פרעסע, בילדונג, נאציאָנאלע מאלבושים).

צום 45־טן יאָרטאָג פונעם אופשטאנד אין ווארשעווער געטאָ האָט „אינטערפרעס" ארויסגעלאָזט אן אלבאָם „ווארשעווער געטאָ. 1943—1988. צום 45־טן יאָרטאָג פונעם אופשטאנד". די קאָמענטארן צו אים האָבן אָנגעשריבן פראנץ בלעטער, מארעק עדעלמאן, מאריִא קאן, יאן קארסקי און רוטא סאדאָווסקאיא. אינעם אלבאָם זיינען אויסגענוצט מאטעריאַלן פונעם ארכיוו פון דער קאָמאנדשאפט פון דער ארמיי קראַיאָווא. 208 זייטלעך פארנעמען פאָטאָ־בילדער פון די ארכיוון פון דער הויפּט־קאָמיסיע פאר אויספאָרשן די היטלעריסטישע פארברעכנס אין פוילן, פונעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, פון דער סטודיע פון דאָקומענטאלע פילמען.

דעם איבערזיכט האָט צונויפגעשטעלט די הויפּט־רעדאקציע פון דער פרעסע בא דער „אינטערפרעס"־אגענטור (ווארשע).

---



## א באגעגעניש מיטן קאָמפּאָזיטאָר

אױף אן אָרדנטלעכן „שאבעס" אין דעם אופאער קלוב פון ליבהאָבער פון דער ייִדישער קולטור „שטערן" איז פארגעקומען א באגעגעניש מיטן פאָלקס־ארטיסט פון רספסר, לאורעאט פון דער מעלוכע־פרעמיע פון פססר יא. א. פרענקעל, וועלכער האָט גאסטראָלירט איבער די שטעט פון באשקיריע.

די שאפונג פונעם קאָמפּאָזיטאָר נייטיקט זיך ניט אין קיין רעקלאמע, זי איז גוט באוווּסט בא אונדז אין לאנד און אין אויסלאנד.

ניט געקוקט אױף דער שפעטער צייט (יא. א. פרענקעל איז געקומען צו פאָרן נאָך צוויי אונטיקע קאָנצערטן), איז דער קלוב־קאפע געווען פולגעפאקט. א גרויסן אינטערעס האָט בא אלע צושויער ארויסגערופן דעם קאָמפּאָזיטאָרס באציִונג צו דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער מוזיקאלישער קולטור, צו אירע פערספעקטיוון. יאן אבראמאָוויטש האָט געענטפערט אױף פראגעס, זיך געטוישט מיט דערינערונגען וועגן זיין גאסטראָל־רייזע קיין ייִסראָעל, דערציילט וועגן דער מאָסקווער ייִדישער קולטור־געזעלשאפט באם טעאטער „שאָלעם".

רעדנדיק וועגן דעם ווידערגעבורט פון דער ייִדישער נאציאָנאַלער קולטור, האָט יא. א. פרענקעל ארויסגעזאָגט א מיינונג, אז ס'איז א קאָמפּליצירטע, ווידערשפּרעכלעכע פּראָבלעם. „דאָס וויכטיקסטע איז היינט דאָס, — האָט געזאָגט יאן פרענקעל, — וואָס מיר קאָנען עפנטלעך באהאנדלען אזעלכע פראגעס, און ערשט ניט לאנג האָט עס דאָך געקאָנט זיך דוכטן, אז דאָס איז אן אומגעלומפערטע פאנטאזיע".

**איליא ליסניאנסקי**
מיטגליד פונעם ראט פון דעם קלוב פון ליבהאָבער פון דער ייִדישער קולטור אין אופא

מיכאיל קרוטיקאוו

# די צייט צו זאמלען די שטיינער

„דער אלטער טעסטאמענט און זיין וועלט" („פאליטיזדאט", 1987)[1] איז א נייער בוך פונעם באוווסטן סאוועטישן מיזרעך־קענער איליא שיפמאן, א ספעציאליסט פון געשיכטע און קולטור פון די פעלקער פונעם אוראלטן נאענטן מיזרעך, אוועטאר פון פיל אנדערע וויסנשאפטלעכע און פאפולערע ווערק אף אט דער טעמע. דער בוך האט אן אונטערקעפל: „דער אלטער טעסטאמענט אלס דענקמאל פון דער ליטעראטור און פונעם געזעלשאפטלעכן דענקען פון דער אוראלטער פאדער־אזיע". ער באשטייט פון פינף קאפיטלעך, אין וועלכע ס'ווערן אנאליזירט פארשיידענע טיילן פונעם טאנאך. דאס לעצטע קאפיטל איז געווידמעט דעם ארט פונעם טאנאך אין דער קולטור פונעם אוראלטן נאענטן מיזרעך.

אין דער האקדאמע ווייזט אן דער מעכאבער, אז דער איינציקער מעגלעכער צוגאנג איז די אויספארשונג פונעם טאנאך אלס ליטעראךישן דענקמאל, וועלכער איז אנטשטאנען אין א באשטימטער סוויווע און געשיכטלעכער טקופע, און וויבאלד אזוי, שפיגלט ער אפ דאס סאציאל־פאליטישע לעבן פון דער געזעלשאפט.

אין דער ארבעט ווערט רייך אויסגעניצט די קולטור־ירושע פון די פעלקער פונעם אוראלטן נאענטן מיזרעך — פון פיניקיע, שומער, אקאד, אוגאריט. אפן יעסאד פון א היפשער צאל מוסטערן ווייזט דער מעכאבער די געמיינזאמקייט פון די פארשטעלונגען סיי רעליגיעזע, סיי געזעלשאפטלעך־פאליטישע, סיי ליטעראךישע, וועלכע האבן פארבונדן די אוראלטע יידן מיט זייערע שכיינים. ס'איז גאנץ נאטירלעך, אז די יידן, וואס האבן געלעבט אין א באשטימטער סוויווע, זיינען אונטערגעפאלן אונטער איר קאנטיקער האשפאע. גלייכ־




צייטיק האט די קולטור פון די יידן געווירקט אף זייערע שכיינים, און גאר ניט אלץ אין דער אוראלטער יידישער הולטור אז איבערגענומען געווארן בא די ארומיקע פעלקער. דער דאזיקער פראבלעם שענקט אי. שיפמאן, צום באדויערן, ווייניק אופמערקזאמקייט.

אין דער ביבל־קריטיק ביכלאל, און באזונדערס אין דער דייטשישער, די טראדיציעס פון וועלכער עס זעצט פאר אי. שיפמאן, האבן זיך איינגעשטעלט עטלעכע מאדנע, לויט מיין מיינונג, פארשטעלונגען: ניט געקוקט אף דעם, וואס די אוראלטע יידישע עמונע און קולטור זיינען אונדז באקאנט אין א פיל גרעסערן פארנעם, מיט מער פראטים, איידער יעדע אנדערע רעליגיע און קולטור פונעם דאזיקן רעגיאן (און דערצו האט זיך געשאפן א

[1] Шифман И. Ш. Ветхий завет и его мир: (Ветхий завет как памятник литературы и общественной мысли древней передней Азии). — М., Политиздат, 1987.— 239 с.

רײַכע טראַדיציע פון דער אינטערפּרעטאַציע פונעם טאַנאַך), עקזיסטירט פונדעסטוועגן א מין „פּרעזומפּציע פון אָפּהענגיקייט". אפן יעסאָד פון געפונענע בײַס אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען פראַגמענטן פאַרמולירט מען האַשאָרעס, אַז טאַקע זיי זײַנען דער בערייִשיסדיקער קוואַל, און דער גאַנצער אוניקאַלער דענקמאָל איז א „צווייטיקער", א נאָכפאָלגנדיקער. מע נעמט ניט אין אַכט, אַז גראָד דער טאַנאַך פאַרמאָגט א מײַלע, וועלכע די פראַגמענטן פאַרמאָגן ניט — די גאַנצקײַט.

באַם דאָזיקן צוגאַנג פרוווט מען קודעמקאָל אויסזוכן אין טעקסט שפּורן פון די געצנדינערישע פאַרשטעלונגען, אָפּט אפן כעזשבן פונעם טאַך. די ווערטער פון טילים (44:24): עורה למה תישן אדוני הקיצה אל תזנח לנצח (וואַך אוף, פאַרוואָס שלאָפסטו, אַדוינוי, שטיי אוף, וואַרף ניט אָפּ אויף אייביק), — האַלט אי. שיפּמאַן פאַר איבערגעבליבענע פון די פאַרשטעלונגען וועגן דעם שטאַרבנדיקן און ווידער אופשטייענדיקן גאָט (ענלעך צו אָסיריסן אין מיצראַיִם און טאַמוזן בא די פעלקער פונעם נאָענטן מיזרעך). די צילגעווענדטע זוכונג פון געצנדינערישע פאַרשטעלונגען פאַרפירט אָפּט אין א זײַט פון דעם, וואָס עס האָט געוואָלט זאָגן דער אוראַלטער מעכאַבער, ווײַל אויב אפילע אפן ניווע פון די שפּראַך־אויסדרוקן זײַנען די דאָזיקע פאַרבינדונגען טאַקע בעעמעס פאַראַן, העלפן זיי גאָר ווייניק צו פאַרשטיין דעם עצעם טעקסט.

וואָס איז שײַעך די אײַנפלוסן און די אַנטלײַונגען, איז וועגן דעם א סאַך געזאָגט געוואָרן אין טאַנאַך גופע: דער קאַמף פון די נעוויִים קעגן אַנדערע עמונעס, די געשיכטלעכע דערציילונגען וועגן די מעלאָכים און זייערע באַציִונגען מיט די שכיינים אַאַוו. נאָר ניט די דאָזיקע אײַנפלוסן זײַנען געווען באַשטימענדיקע פאַר דער רעליגיע פון די אוראַלטע ייִדן, און די דאָזיקע רעליגיע באַזיצט אַן אוניקאַלע אייגנאַרטיקײַט, וועלכע האָט געגעבן איר א מעגלעכקײַט איבערבלײַבן ביז אונדזערע טעג, ניט בײַטנדיק אירע גרונטזאַצן.

די אופגאַבע פון א פאַרשער איז — פאַרשטיין דעם דאָזיקן פענאָמען.

די פּראָבלעם פון די אײַנפלוסן איז שוין גאַנץ גוט דערלערנט, און אי. שיפּמאַנס בוך באַשטעטיקט דאָס. צום בוך זײַנען גוט צוגעקליבן איליוסטראַציעס, וועלכע ווײַזן די צווישנקולטורעלע באַציִונגען. ס'זײַנען באַזונדערס אינטערעסאַנט די פרעסקעס פון דער שול אין דער שטאָט דורא־עווראָפּאָס, אין מעסאָפּאָטאַמיע (III יה.), וואָס שטעלן מיט זיך פאַר פאַרשיידענע עפּיזאָדן פונעם טאַנאַך. די פרעסקעס זײַנען געמאַכט געוואָרן אין דער העלעניסטישער מאַניר. די איינציקע באַמערקונג, וואָס האָט א שײַכעס צו די איליוסטראַציעס, איז אַזאַ: דער טעקסט אויף די אָפּבילדונגען פון די קסאַוויאַדן (ז. 5 און 18) איז איבערגעקערט געוואָרן קאַפּויר (דער קינסטלער האָט אַוודאי פאַרגעסן, אַז מע שרײַבט אויף העברעיִש פון רעכטס אויף לינקס, און ער האָט איבערגעפלאָנטערט דעם אָנהייב מיטן סאָף פון די שורעס).

לויט אי. שיפּמאַנס מיינונג, זײַנען אַלע גרונטיקע פאַרשטעלונגען פונעם טאַנאַך אַנטליִען בא די אוראַלטע קולטורעלע פעלקער פונעם נאָענטן מיזרעך; א באַזונדערס וויכטיקע ראָליע טיילט ער אויס די אוראַלטע מעלוכעס פיניקיִע און אוגאַריט. די קלאָר אויסגעדריקטע אינעם טאַנאַך נעגאַטיווע שטעלונגען צו די רעליגיעס פון אַנדערע פעלקער האַלט דער מעכאַבער פאַר דער אָפּשפּיגלונג פון דעם שפּעטערדיקן קאַמף אין דער אוראַלטער ייִדישער געזעלשאַפט. אויף אַזאַ אויפן שטייען אויף די ביכער פונעם טאַנאַך אַלס קאָמפּליצירטער געמיש פון פאַרשיידענע מעקוירים, וועלכע ווידערשפּרעכן אָפּט איינער דעם אַנדערן און זײַנען קינסטלעך צוזאַמענגעזעצט, קעדיי פאַרפעסטיקן די מאַכט פון א באַשטימטער געזעלשאַפטלעכער גרופּע, — פונעם קליי־קודעש אָדער פון דעם מיילעך. אופזוכנדיק און אַנאַליזירנדיק די ווידערשפּרוכן צווישן פאַרשיידענע ביכער אָדער אינעם אינהאַלט פון א באַזונדערן בוך, קומט אי. שיפּמאַן צום אויספיר וועגן דעם געזעלשאַפטלעכן קאַמף, וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די דאָזיקע ווידערשפּרוכן. אַזוי, לעמאָשל, האַלט דער מעכאַבער דעם בונד, וואָס גאָט שליסט מיט זײַן פאָלק, פאַר אַן אָפּשפּיגלונג פונעם בונד, וועלכן א מיילעך פלעג שליסן מיטן פאָלק, און דאָס האָט געדאַרפט דינען פאַר דער באַשטעטיקונג פונעם מיילעכס מאַכט.

עס ווילט זיך מיר ניט אין די דאָזיקע נאָטיצן אַרײַנגיין ביפּראַטים אין אי. שיפּמאַנס קאָנסטרוקציעס, ווײַל דאָס איז א טעמע פאַר א ספּעציעלער אַרבעט. פאַר מיר איז גענוג צו באַהאַנדלען דעם צוגאַנג, די קאָנצעפּציע פונעם מעכאַבער און די מעטאָדן פון זײַן אַרבעט.

קודעמקאָל רופט אַרויס דערווידערונגען דער טעזיס: „די ביבלישע נעוויִים שטויסן זיך אָפּ פון די פאַרשטעלונגען וועגן דער נאַטור און דער געזעלשאַפט, וועגן דער אַלוועלט, וועלכע האָבן אַנטשפּראָכן דער פּרימיטיווער סאָציאַל־היסטאָרישער דערפאַרונג פונעם קאַדמוינישן און אוראַלטן מענטשן און וועלכע ס'איז אוממעגלעך ניט צו אָנערקענען פאַר א פּראָדוקט פון האָפענונגסלאָזער אַמעראַצעס, אויב קוקן אויף זיי פון דער הייך פון די חיסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען און פון דער סאָציאַל־היסטאָרישער דערפאַרונג פון א מענטשן פונעם סאָף XX יאָרהונדערט".

ווײַטער דעקט אי. שיפּמאַן אויף די דאָזיקע „פּרימיטיווע" פאַרשטעלונגען פון די נעוויִים: „...די אַלוועלט שטעלט מיט זיך פאָר עפּעס א העכסטע גאַנצקײַט, וואָס אַלע עלעמענטן אירע זײַנען פאַרבונדן צווישן זיך דורך א קאָמפּליצירטער סיסטעם פון נאַטירלעכע און מאַגישע (וועלכע זײַנען ניט אָפּגעטיילט געוואָרן פון די נאַטירלעכע) צוזאַמענבונדן און זײַנען קעגנזײַטיק אָפּהענגיק; דאָס באַטײַט, אַז יעדער עלעמענט איז אָפּהענגיק פון אַלע אַנדערע און פון דער גאַנצער אַלוועלט..."

די דאָזיקע פאַרשטעלונגען, לויט מײַן מיינונג, שטימען וווּנדערלעך מיט די הײַנטצײַטיקע פאַרשטעלונגען וועגן דער אַלוועלט און, ביפּראַט, מיט די אידייען פון וו. אי. ווערנאַדסקין, וועלכע מע הייבט אָן צו פאַרשטיין בלויז איצט.

אי. שיפּמאַן שרײַבט ווײַטער וועגן די פאַרשטעלונגען פון די נעוויִים: „אַלץ, וואָס עקזיסטירט

אין דער מענטשישער געזעלשאפט, איז אדער אומבאוועגלעך, אדער כאוזערט זיך איבער מאנאטאניש, די אלוועלט ווייסט ניט קיין אנטוויקלונג, זי איז אומבאוועגלעך. אין איר טיפן טאך בלייבט די מענטשישע געזעלשאפט אזא, ווי זי איז געווען און וועט זיין טאמיד". איך דערלויב זיך צו זאגן, אז דאס איז ניט ריכטיק, ווייל דאפקע פאר די נעוויאים איז געווען אייגנטימלעך דאס געפיל פון צייטלעכער אנטוויקלונג, דאס געפיל פון אוניקאלקייט פון יעדער רעגע. זייער מיסיע איז דאך באשטאנען גראד אין דעם, זיי זאלן ווארענען דאס פאלק, מאכן א האסראע וועגן די קומענדיקע באשטראפונגען פאר אלע אוויירעס. וואס איז שייך די פארענדערונגען אין דער מענטשישער געזעלשאפט, זאגט יעשייע וועגן דער צוקונפט אזוי: „א וואלף און א שעפעלע וועלן זיך פאשען צוזאמען, און א לייב, ווי אן אקס, וועט עסן שטרוי..." פארשטייט זיך, אז אונטער דער דאזיקער אלעגאריע ווערט געמיינט די מענטשישע געזעלשאפט, וועלכע וועט זיין באגרינדעט אף גערעכטיקייט.

אגעוו, די עצעם ציטאטן, וועלכע דער מעכאבער ניצט אויס אין זיין בוך, און אפילע די אייגענע קאמענטארן לייקענען טיילווייז אפ זיינע איינזייטיקע האנאכעס. אינעם בוך זיינען פאראן פיל מוסטערן פון דער אקטיווער באציונג פון די נעוויאים צום לעבן. אי. שיפמאן באטאנט, אז „דער איקער אין די דראשעס פון די נעוויאים איז די אופדעקונג פונעם סאציאלן שלעכטס און אומסיידער". און ווייטער: „אין דער טקופע פון דער באוולשער געפאנגשאפט שטרעבן די נעוויאים צו פארשטיין די טראגישע געשעענישן אין דער יידישער געשיכטע פון VI יה. פאר אונדזער ערע, זיך פארשטעלן די ריכטונג פון דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט".

באם פארגלייכן די נעוויאים מיט דער היינטצייטיקייט, מיטן סאף פון XX יה., קאן מען בעשום אופן ניט אנרופן זייערע ווערטער אלס „פראדוקט פון האפענונגסלאזער אמעראצעס", ווייל גראד דער XX יה. האט מיט זיין גאנצער הארבקייט געפאדערט פון א מענטשן די עצעם מיילעס, מיט וועלכע עס זיינען אין א פולער מאס געווען באשאנקען די ביבלישע נעוויאים און וועלכע זיי האבן געלויבט און קולטיווירט אין זייערע דראשעס און שטראפרעדעס: די אומגעוואקלטע שטרעבונג צום עמעס, דער רוף צו באשיצן אים שרעקלאז. אין דעם פראט קאנען מיר זיך אפטמאל ניט גלייכן מיט אונדזערע אוראלטע אוועס פון דער פרי־קלאסן־געזעלשאפט. די ווערטער פון די נעוויאים האבן אף טויזנטער יאר פון פריער באשטימט די אידעאלן, וועלכע זיינען געווארן אידעאלן פון דער גאנצער מענטשהייט: א וועלט פון אלגעמיינער ליבע, גערעכטיקייט און שאלעם; ס'איז גענוג בלויז דערמאנען יעשייעס נעוויעס מיקויעך דער טקופע, ווען די פעלקער וועלן איבערשמידן די שווערדן אף אקערס.

פיל פראדוקטיווער, לויט מיין מיינונג, וואלט געווען א צוגאנג צו דער אויספארשונג פון דער ביבל אלס אוניקאלע גאנצקייט — פון אלע שטאנדפונקטן: רעליגיעזן, ליטערארישן, מאראלישן און אנדערע. וויכטיק איז פארשטיין, וואס עס אנטהאלט אין זיך דער דאזיקער בוך און וואס ער קאן זאגן אונדז, פארוואס גיט ער שוין אין מעשעך פון יארטויזנטער אזויפיל דער מענטשהייט. ס'איז אינטערעסאנט, ביפראט, צו דערלערנען די ביבל אין קאנטעקסט פון ניט בלויז אוראלטע, „ביבליש־צייטיקע" קולטורן, נאר אויך אינעם היסטארישן קאנטעקסט, דאס הייסט דערלערנען די באנעמונג, די אינטערפרעטאציע פונעם ביבלישן טעקסט אין פארשיידענע טקופעס און מיצאד פארשיידענע רעליגיעזע ריכטונגען. א באזונדערע באדייטונג האט דער טאנאך פאר דער יידישער ליטעראטור, וואס מע דארף עס אויך ניט פארגעסן.

אלס מוסטערן פון אזא צוגאנג קאן מען אנרופן ס. אווערינצעווס גרויסער ארטיקל „די אוראלטע יידישע ליטעראטור" אין דער פילבענדיקער „געשיכטע פון דער אלוועלטלעכער ליטעראטור" (מאסקווע, 1983, באנד 1) און אי. ווײנבערגס ארבעט „דער מענטש אין דער קולטור פונעם אוראלטן נאענטן מיזרעך" (מאסקווע, 1986). עס ווילט זיך האפן, אז די ווייטערדיקע אנטוויקלונג פון דער היסטארישער און פילאלאגישער וויסנשאפטן אין ראטנפארבאנד וועט געפינען איר אפשפיגלונג אויך אין דער ביבלעיסטיק — אין די נייע צוגאנגען צום אוראלטן בוך.



# דער צוריקער פונעם קינאָפילם „קאָמיסאַר"

דעם פילם „קאָמיסאַר", וועלכער איז געבויט אפן יעסאָד פון וואַסילי גראָסמאַנס דערציילונג „דאָס איז געשען אין בערדיטשעוו", איז באַשערט געוואָרן אַ ביז גאָר שווערער גוירל: צוערשט אַ פּיליאָריקער פאַרבאָט, דערנאָך דאָס רעכט דעמאָנסטרירט ווערן בלויז אין קלוב־געבײַדעס, דערבײַ — אַן אומגעהײַערער דערפאָלג אין אויסלאַנד. סאָפּקאָלסאָף, שוין מיט אַ סאָלידער רעשימע באַלוינונגען אף פאַרשיידענע קינאָ־פעסטיוואַלן, גייט אַרויס דער פילם אפן ברייטן עקראַן.

דער צושוויער אַנטפּלעקט אין אַסקאָלדאָווגראָסמאַנס העלדן די מעסירעסנעפעשדיקײַט, וועלכע ס'איז גרייט אַרויסוואַײַזן אַ מענטש. און ניט בלויז אַן אידיישער און געבילדעטער, ניט בלויז אַ שטאַרקער און פאַרהאַרטעוועטער, נאָר אויך אַ פּאַשעטער, שטילער, וועלכער האָט פריער געלעבט אין די גרענעצן פון זײַן קליין וועלטל — אין שטוב, אין דער מישפּאָכע, אין וואַרשטאַט.

...דער קאָמאַנדיר פונעם באַטאַליאָן, אַן אויסגעשפּראָכענער מיליטערמאַן, האָט אפילע ניט געטראַכט, אַז זײַן „אײַזערנער" קאָמיסאַר וואַווילאָווא וועט „פּלוצעם" געבוירן אַ קינד, און טאַקע אין סאַמע ברען פון די שווערע שלאַכטן. וואַסילי שוקשינס יונגער ניט־איבערגעשפּיצטער רויטער קאָמאַנדיר איז ענלעך אף טשאַפּאַיעווס אַ ייִנגערן ברודער (אפילע אויסערלעך דערמאָנט ער מיט עפּעס באָריס באַבאָטשקינס קינאָ־העלד). עס דאַרף דורכגיין אַ געוויסע צײַט, אַז דער קאָמאַנדיר זאָל אָנהייבן פאַרשטיין: ניט אַלץ גייט אף דער וועלט לויט מיליטערישע באַפעלן, פּונקט אַזוי ווי ניט אַלץ שטאַמט פון דער קלאַסן־באַוווּסטזיניקײַט. דער פילם איז „וועגן דער ווירדע פון אַ מענטשן, וועגן זײַן רעכט אף אַ פרײַען אויסקלײַב און אף אַ גײַסטיקן אויסדרוק", — דערציילט אַ. אַסקאָלדאָוו וועגן זײַן ווערק („מאָסקאָווסקיִע נאָוואָסטי"). דעריבער טאַקע איז דער קאָמיסאַר, דער אידעאָלאָג און פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער רעוואָליוציע — אַ פרוי, וועלכע האַלט אף די הענט איר זויגקינד.

די פרוי־קאָמיסאַר גייט צו קינד אין אַן אָרעם שטיבל פונעם פילקינדערדיקן ייִדישן באַלמעלאָכע־




די רעקלאַמע פונעם פילם „קאָמיסאַר" אין ניו־יאָרק

# קאדערס פונעם פילם „קאָמיסאר"





בלעכער יעפים מאגאזאניק. די ראָל פונעם שטעטלשן ייִדן איז אפּאָנעם איינע פון די בעסטע, וועלכע עס האָט געשאפן דער באוווּסטער רוסישער שוישפּילער ראָלאן ביקאָוו. זײַן יעפים איז באצייכנט מיט קינדעריש־נאטירלעכער אופאסונג, און דער הויפּט־מעהוס פונעם געשטאלט איז דער באגײַסטערטער, אלץ אַרומכאפּנדיקער הומאניזם.

דער דועט פון נאָנא מאָרדיוקאָוועס קלאוודיע וואַווילאָווא און ראָלאן ביקאָווס יעפים מאגאזאניק — דאָס איז א לאנגער און א שווערער וועג צו קעגנזײַטיקער פארשטענדעניש. וואווילאָווא איז, נאטירלעך, קיין אנטיסעמיטקע ניט, אָבער ערגעץ אין דער טיף פון איר און פון יעפימס נעשאָמעס האָבן זיך פארהיט די רעשטלעך פון פילדויִרעסדיקע פאָרורטיילן. דורך די איבערגעטראָגענע ליידן, דורך דער געפאר פון א פאָגראָם קומט די דערנעענטערונג פון די צוויי מענטשן, פון די צוויי פארשיידענע סוויוועס. זיי געפינען לעסאָף א געמיינזאמע שפּראך, און וואווילאָווא, וועלכע איז צײַטווײַליק געווען בלויז א פרוי, א מוטער, נעמט ווידער איר מאוזער, קעדיי פארטײדיקן די ברודערשאפט פון אלע פעלקער.

עס וואָלט געווען א גוזמע צו באהויפּטן, אז הײַנט, אין צוואנציק יאָר ארום, קומט זיך דער פילם „קאָמיסאר" ווי א נײַער. ניין, דער פילם איז געבוירן געוואָרן אין זײַן צײַט און איז באגײַסטערט מיט די דעמלטיקע האָפענונגען. דער פילם האָט ארײַנגענומען אין זיך די שטימונג און די קינסטלערישע זוכונגען פון די שטורעמדיקע 60־ער יאָרן. דאָס איז אָבער געווען א לעבעדיקע צײַט מיט לעבעדיקע האָפענונגען, וועלכע ווארעמען אונדז אויך איצט.

ניט לאנג צוריק האָט דער דיכטער יעווגעני יעווטושענקאָ געשריבן: „וועגן דעם פילם וועט מען נאָך א סאך ריידן, אָבער איך טראכט איצט וועגן זײַן שעפער, דעם רעזשיסער אסקאָלדאָוו. וויפל פילמען וואָלט ער געקאָנט שאפן פאר אָט די צוואנציק יאָר, וועלכע מע האָט בא אים צוגענומען! אונדזער קינעמאטאָגראף טראָגט א שולד פאר אָט דעם מענטשן..."

נ. מארגאָליט




**אייגאר קרופניק,**
קאנדידאט פון היסטארישע וויסנשאפטן;
**מארק קופאוועצקי**

# „לאכלוכן"—קורדיסטאנער יידן אין פסר

ווער עס איז באקאנט מיט דער פילנאציאנאלער גרוזינישער הויפטשטאט טביליסי, האט עפשער געהערט דעם עטנאנים „לאכלוכן", האגאם דער דאזיקער טערמין איז ניט באוווסט אין דער וויסנשאפטלעכער ליטעראטור. דאס ערשטע מאל האבן מיר אים דערהערט אין 1980, ווען מיר האבן זיך אפילע ניט פארגעשטעלט, אז מיטן טערמין איז פארבונדן א רעאלע עטנאגראפישע גרופע מיט א ספעציפישן היסטארישן גורל און אן אייגנארטיקער קולטור־טראדיציע. די „רעטעניש" פון א ווייניק באוווסטן עטנאנים האט אונדז געבראכט צו באגעגענישן מיט די פארשטייער פון דער דאזיקער גרופע אין פארשיידענע שטעט פון גרוזיע, אזערביידזשאן און מיטל־אזיע און געגעבן א מעגלעכקייט צו „אנטדעקן" אין דער פילנאציאנאלער מאזאיק פון דער באפעלקערונג פון פסר א נייע עטנאגראפישע איינס.

„לאכלוכן" רופט מען אף קאווקאז די קורדיסטאנער יידן — פארשטייער פון א באזונדערער עטנאגראפישער גרופע, וועלכע האט פריער געוווינט אין די ביגרענעצדראיאנען פון איראן, איראק, טערקיי און גערעדט אף דער ניי־אראמעישער (ניי־אשורישער) שפראך.

פאראן בלויז עטלעכע מיטיילונגען וועגן די ניי־אראמעיש־שפראכיקע קורדיסטאנער יידן אף דער איצטיקער טעריטאריע פון פסר. די ערשטע דערמאנונג האט זיך באוויזן אין 1962 אין דער רוסיש־שפראכיקער ביילאגע צום ווילנער זשורנאל „האקארמעל". איניקע ידיעס באגעגענען זיך אין עטלעכע העברעישע אויסגאבעס פונעם סוף 19־טן יה. אבער די ערשטע און די איינציקע ביזרעוואליוציאנערע פובליקאציע, וועלכע אין ספעציעל געווידמעט די קורדיסטאנער יידן אין רוסלאנד, האט אפגעדרוקט דער באוווסטער קאווקאזקענער ל. לאפאטינסקי[1]. שפעטער באווייזן זיך נאך עטלעכע פובליקאציעס, וווּ מע דערמאנט די אראמעיש־שפראכיקע קורדיסטאנער (אדער פערסישע) יידן.

וועגן דעם, אז אין פסר לעבן יידן, וועלכע רעדן אף די דיאלעקטן פון דער אשורישער שפראך, האט געשריבן דער טביליסער פילאלאג, א. גאר בריעלאווא. אין 1963 האט זי דורכגעפירט לינגוויסטישע און פאלקלאריסטישע אויספארשונגען צווישן די קורדיסטאנער יידן, וואס ווינען אין אלמאטא, פארשריבן א סאך טעקסטן, א טייל פון וועלכע זי האט שפעטער פארעפנטלעכט.

די ערשטע יידישע איבערוואנדערער האבן געקאנט זיך באווייזן אין קורדיסטאן נאך אין סוף 8־טן יה. ביז אונדזער צייטרעכענונג, ווען דער קייסער סארגאן II האט דעפארטירט די באפעלקערונג פונעם באזיגטן ייסראעל אין די בארגראיאנען אפן ראנד פון דער אשורישער מעדינע. דאסראוו יידן האט זיך אפאנעם אסימילירט מיט דער ארומיקער באפעלקערונג, און די איבעריקע האבן זיך צונויפגעגאסן מיט די נייע גרופעס יידן, וועלכע מע האט אין 6־טן יה. ביז אונדזער צייט איבערגעפירט פון יעהודע קיין באוול. אין

[1] Лопатинский Л. Еврейско-арамейские тексты. Заметка к ним — сборник материалов для описания местностей и племен Кавказа. Тифлис, 1894, вып. XX, с. 26.

דער צווייטער העלפט פונעם ערשטן יאָרטויזנט ביז אונדזער צייט האָבן די קורדיסטאַנער ייִדן באַגלייך מיט דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג פונעם נאָענטן מיזרעך, אופגענומען אַראַמעיִש אַלס אומגאַנג־שפּראַך.

אין דער מיט פונעם ערשטן יאָרטויזנט פון אונדזער ערע נעמען איבער דאָסראָו ייִדן פון מעסאָפּאָטאַמיע די פּערסישע, און פונעם 8־טן יה. — אויך די אַראַבישע שפּראַך. צום 10־טן — 12־טן יה. בלייבן אַלס אַראַמעיִש־שפּראַכיקע בלויז די ייִדן פון די באַרג־ראַיאָנען פון קורדיסטאַן און פונעם מיזרעך־טייל פון דעם איראַנישן אַזערבײַדזשאַן; אין יענער צייט פאַרהיט זיך נאָך אַ גענוג היפּשע צאָל פון די דאָזיקע גרופּעס ייִדן. שפּעטער האָט זיך די ייִדישע באַפעלקערונג שטאַרק פאַרקלענערט איבער דער גוואַלדיקער איסלאַמיזאַציע און איבער די אַכזאָריִעסדיקע מילכאָמעס צווישן דער אָסמאַנישער אימפּעריע און פּערסיע, וועלכע האָבן כאָרעוו געמאַכט די דאָזיקע געגנט.

אין סאָף 19־טן — אָנהייב 20־טן יה. האָבן דאָ געוווינט, לויט פאַרשיידענע אָפּשאַצונגען, פון 12 ביז 18 טויזנט ייִדן, דעריקער אין די שטעט, קיין טראַנסקאַוקאַז האָבן די ייִדן אויך מיגרירט פון די ראַיאָנען פון באַשקאַלאַ און גאַוואַר (איצט — די שטעט באַשקאַלאַ און יוקסעקאָוואַ אין טערקישן קורדיסטאַן), אורמיִיאַ און סאַלמאַס (איצט — די שטעט רעזאַיע און שאַכפּור אין איראַנישן אַזערבײַדזשאַן), וווּ די ייִדישע באַפעלקערונג האָט דעמאָלט געציילט 3 — 5 טויזנט נעפאָשעס; זייערע פאַרהעלטניסמעסיק קלייניצאָליקע גרופּעס האָבן זיך באַזעצט צווישן די קורדן, אשורים און אַרמענער. די גרונט־באַשעפטיקונג פון די ייִדן איז געווען מיסכער, דערין דריבנער. אַ טייל האָט זיך פאַרנומען מיט מעלאָכע און ערדאַרבעט.

די מיגראַציע פון די קורדיסטאַנער ייִדן קיין טראַנסקאַוקאַז האָט זיך אָנגעהויבן, ווײַזט אויס, נאָך אין דער אַנטישער צייט. בעל־סאָפעק, האָט זי געדויערט אויך אין מיטלאַלטער. אין דער ערשטער העלפט פונעם 19־טן יה. באַווײַזן זיך אין טראַנסקאַוקאַז וועלכשטענדיקע קאָמפּאַקטע גרופּעס קורדיסטאַנער ייִדן, צוערשט אין דער עריוואַנער גובערניע, דערנאָך — אין טיפליס און באַקו. ל. לאָפּאַטינסקי פאַרבינדט עס מיט דער אַשורישער איבערוואַנדערונג אין 1827 — 1828. מע קאָן זיך מעשאַער זײַן, אַז גיכער פון אַלץ האָט אַ געוויסע צאָל קורדיסטאַנער ייִדן זיך באַוויזן צווישן די עטלעכע צענדליקער טויזנט אַרמענער, וועלכע די רוסישע רעגירונג האָט איבערגעפירט אין יענע יאָרן פונעם איראַנישן אַזערבײַדזשאַן. טכילעס האָבן די ייִדן זיך באַזעצט אין די ייִשוווים קאַמאַרלו, צעמעזי און וויגדאַר, נאָר שפּעטער האָבן זיי קימאַט אַלע איבערגעוואַנדערט קיין עריוואַן און טיפליס. און אין לעצטן פערטל פון 19־טן יה. — אויך קיין באַקו.

די צאָל קורדיסטאַנער ייִדן אין טראַנסקאַוקאַז איז בעהאַדראָגעדיק געוואַקסן אַדאַנק די נײַע מיגראַנטן (אָפּט — אומלעגאַלע) פון די בײַגרענעץ־ראַיאָנען פון טערקײַ און פּערסיע. צוויי פאַקטאָרן האָבן סטימולירט די ווײַטערדיקע איבערוואַנדערונג: די סטאַבילע וועגן און פאַרבינדונגען פון די ייִדישע סאָכרים, ווי אויך די ביז גאָר ניט רויִקע לאַגע אין טערקישן און איראַנישן קורדיסטאַן, אין אָנהייב פון די 1900־ער יאָרן האָט זיך



א מישפּאָכע איבערוואַנדערער פון פּערסיע. 20־ער יאָרן

א ניט גרויסע גרופּע ייִדן־פּליטים פֿון טערקײַ באַזעצט אין רוסישן דאָרף וואָראָנצאָווקאַ (איצט — קאַלינינאָ), אויף צאָפֿן פֿון דער עריוואַנער גובערניע, ווו עס האָבן שוין געוווינט די אָפּשטאַמלינגען פֿון אורמיִא און סאַלמאַס.

צום אָנהייב פֿון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע האָבן אין רוסלאַנד געוווינט, ווײַזט אויס, עטלעכע הונדערט קורדיסטאַנער ייִדן. זייער ווײַטערדיקער גורל קאָן אויפֿגעשטעלט ווערן אַדאַנק די זכרוינעס פֿון אונדזערע אינפֿאָרמאַטאָרן.

איבער די אָנפֿאַלן מיצאַד די קורדן און די אומופֿהערלעכע שלאַכט־אָפּעראַציעס אין די ראַיאָנען פֿון באַשקאַלאַ, גאַוואַר, אורמיִא און סאַלמאַס זײַנען די ייִדן געוואָרן פּליטים. א היפּשע צאָל (אַפּאָנעם, ניט ווייניקער פֿון עטלעכע הונדערט מישפּאָכעס) איז איבערגעגאַן די גרענעץ און געקומען קיין טראַנסקאַווקאַז. דער הויפּט־שטראָם פֿון בעזשענצעס איז געגאַנגען דורך דער שטאָט דזשולפֿאַ. די פּליטים האָבן גענומען זיך אַרײַנגיסן אין די שוין פֿאַראַנענע געמיינדעס פֿון די קורדיסטאַנער ייִדן אין עריוואַן, טיפֿליס, באַקו; כוץ דעם, האָבן זיי געשאַפֿן נײַע גרופּעס אין רוסטאַווי, מאַנגליסי, קאַדזשאַרי, גיאַנדזשאַ (קיראָוואָבאַד) און אַנדערע שטעט. אַלע האָבן זיי נאָך לאַנג ניט געהאַט קיין רוסלענדישע בירגערשאַפֿט.

די קורדיסטאַנער ייִדן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין אַרמעניע, האָבן אין 1920 — 1930 יאָרן איבערגעוואַנדערט קיין גרוזיע, דעריקער קיין טביליסי. אין סאָף 1930־ער יאָרן איז א היפּשע צאָל ייִדן, וועלכע האָבן צו יענער צײַט ניט אָנגענומען די סאָוועטישע בירגערשאַפֿט, רעפּאַטריִירט געוואָרן קיין איראַן. דאָס דאָזיקע מאָסמיטל האָט קודעמקאָל געהאַט א שײַכעס צו די אײַנוווינער פֿון באַקו און — ווייניקער — צו די טביליסער אײַנוווינער. דאָסראָו פֿאַרבליבענע קורדיסטאַנער ייִדן, וואָס האָבן פֿאַרהיט אויסלענדישע בירגערשאַפֿט, זײַנען אין סאָף 1940־ער—אָנהייב 1950־ער יאָרן איבערגעפֿירט געוואָרן קיין קאַזאַכסטאַן. צום סאָף 1950־ער יאָרן האָבן זיי קימאַט אַלע זיך קאָנצענטרירט אין אַלמאַ־אַטאַ; אייניקע האָבן זיך אומגעקערט קיין גרוזיע.

צום באַדויערן, קאָן מען בלויז אומגעפֿער אָפּשאַצן די צאָל קורדיסטאַנער ייִדן, וועלכע האָבן געוווינט אין טראַנסקאַווקאַז אין 19־טן און אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 20־טן יה.: א סאַך פֿון זיי האָבן געוווינט אומלעגאַל, דעריבער איז די צאָל פֿון דער דאָזיקער ייִדישער גרופּע געווען געוויס פֿאַרמינערט אַפֿילע אין די אָפֿיציעלע סטאַטיסטישע אָנגאַבן. ל. לאָפּאַטינסקי האָט געבראַכט ציפֿערן בלויז פֿאַר דער עריוואַנער גובערניע („ניט מער פֿון הונדערט נעפֿאָשעס”), פֿאַרופֿנדיק זיך אויפֿן „אינדעקס פֿון סטאַטיסטישע אָנגאַבן וועגן דער באַפֿעלקערונג פֿונעם טראַנסקאַווקאַזער קאַנט” (טיפֿליס, 1893).

לויט די אָנגאַבן פֿון דער פֿאָלקסציילונג פֿאַרן 1897, זײַנען אויף קאַווקאַז פֿאַרעגיסטרירט געוואָרן בלויז 24 „יעהודים”, וועמענס מוטערשפּראַך איז געווען אַשוריש אָדער קורדיש, דערין 22 נעפֿאָשעס (אַלע — פֿרויען!) אין דער עריוואַנער גובערניע. די פֿאָלקסציילונג פֿון דער שטאָטישער באַפֿעלקערונג פֿיקסירט אין באַקו אין 1913 שוין 177 „יעהודים”, בא וועלכע די מוטער־שפּראַך איז געווען סיריש (אַראַמעיִש). אין 1926, בעשאַס דער אַלפֿאַרבאַנדישער פֿאָלקסציילונג, זײַנען די קורדיסטאַנער ייִדן אויף די טעריטאָריעס פֿון די טראַנסקאַווקאַזער רעפּובליקן אָפּגעמערקט געוואָרן, לויט אונדזער האַשאָרע, אַלס „מיטל־אַזיִאַטישע ייִדן” (מערסטנטייל אַלס „מיטל־אַזיִאַטישע ייִדן־אויסלענדער”): 339 נעפֿאָשעס, דערין 146 „אויסלענדער”. נאָך 217 ייִדן זײַנען פֿאַרעגיסטרירט געוואָרן אין גרוזיע אַלס „אויסלענדישע אונטערטאַנען” (קימאַט אַלע אין טביליסי), צווישן וועלכע ס'זײַנען אויך געווים געווען ייִדן פֿון קורדיסטאַן. די רעאַלע צאָל קורדיסטאַנער ייִדן אויף דער טעריטאָריע פֿון פֿססר האָט אין די 1920־ער יאָרן געקאָנט באַטרעפֿן צוויי־דרײַ טויזנט נעפֿאָשעס.

די רעפּאַטריִאַציע אין סאָף 1930־ער יאָרן און די געצוווּנגענע איבערוואַנדערונג קיין קאַזאַכסטאַן האָבן געהאַט א מאַמאָשעסדיקע האַשפּאָע אויף דער דינאַמיק פֿונעם צאָלבאַשטאַנד און אויף דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון די קורדיסטאַנער ייִדן אויף דער טעריטאָריע פֿון פֿססר. איצטער לעבן זיי מערסטנטייל אין אַלמאַ־אַטאַ (לויט זייערע אייגענע אָפּשאַצונגען — פֿון 100 ביז 150 מישפּאָכעס, ד.ה. קאַרעוו 500—700 נעפֿאָשעס), און די איבעריקע — קודעמקאָל אין טביליסי (50—70 מישפּאָכעס, אָדער 200—300 נעפֿאָשעס). אייניקע מישפּאָכעס ווי אויך יעכידים אין באַשטאַנד פֿון געמישטע פֿאַמיליעס לעבן אין באַקו, פֿרונזע, קובאַ, דערבענט, אין מאָסקווע און אין אַנדערע גרויסע שטעט. ס'איז א גרויסער סאָפֿעק, צי ס'לעבן איצט אין פֿססר מער פֿון 1 — 1,5 טויזנט קורדיסטאַנער ייִדן.

דאָסראָו פּליטים פֿון קורדיסטאַן, וועלכע זײַנען געקומען קיין טראַנסקאַווקאַז און האָבן זיך באַזעצט אין די גרויסע פּראָווינציִאַלע שטעט, האָבן זיך אומגעקערט צום געוויינלעכן פֿאַר זיי דריבנעם מיסכער, אָבער א סאַך זײַנען געוואָרן שוואַרצאַרבעטער, בויער (מויערער), באַלמעלאָכעס, וואַסערפֿירער. שפּעטער האָבן צווישן זיי זיך באַוויזן באַאַמטע, קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער, שאָפֿערן, אינטעלעקטואַלן. אין קאַזאַכסטאַן האָט מען די קורדיסטאַנער ייִדן טכילעס באַזעצט אין לאַנדווירטשאַפֿטלעכע ייִשוּווים אַרום אַלמאַ־אַטאַ, אָבער זיי האָבן זיך בעהאַדראָגעדיק איבערגעקליבן אין דער שטאָט און אָנגעהויבן אַרבעטן דעריקער אין האַנדל און אין דער געזעלשאַפֿטלעכער דערנערונג (בופֿעטן, גאַרקיכן, שאַשליטשנעס אאַז״ו). אין די לעצטע יאָרן האָט זיך אין זייער סוויווע פֿאַרגרעסערט דער אינטעליגענץ־שיכט.

מיר ווייסן זייער ווייניק וועגן די אייגנאַרטיקײַטן פֿון דער מאַטעריִעלער קולטור פֿון די קורדיסטאַנער ייִדן אין טראַנסקאַווקאַז. ווי אַלע אַנדערע אומלעגאַלע עמיגראַנטן און פּליטים, האָבן זיי פֿאַרהיט פֿון זייער פֿריִערדיקן לעבן בלויז אייניקע עלעמענטן פֿונעם שטייגער: בגאָדים, צירונג, נאַציִאָנאַלע מײַכאָלים. אויפֿן נײַעם אָרט, ווױנענדיק דעריקער אין גרויסע שטעט, האָבן זיי גיך איבערגענומען די גרונט־עלעמענטן פֿון דער אַלגעמיינער

קאַווקאַזישער שטאָט־קולטור פונעם 20־טן יה. דאָסראָו קורדיסטאַנער יידן, וועלכע מיר האָבן געזען אין טביליסי און אַלמאַ־אַטאַ, האָבן געטראָגן געווינלעכע שטאָט־בגאָדים, האָטאָם אייניקע באַיאָרטע מאַנצבילען אין טביליסי האָבן פאַרהיט עלעמענטן פונעם אַזויגערופענעם קאַווקאַזישן מענערקאָסטיום (שטיוול, הויזן־גאַליפע, גרויסע קעפּקעס אדג.).

לענגער האָט זיך, אָפּאָנעם, פאַרהיט די קולטור־ספּעציפיק אין דער שפּײַז, וועלכע האָט געוויסע באַזונדערקײַטן לענאַבע דער קיך פון די גרוזינער יידן. צווישן זייערע טראַדיציאָנעלע מײַכאָלים קאָן מען אָנרופן אַרבעס־זופּ מיט רײַז (מאָש), רינדפלייש־קניידלעך מיט רײַז און קורדיוק־שמאַלץ (שיפּטאַ). אין אַלמאַ־אַטאַ און טביליסי זײַנען אַדהײַעם ברייט פאַרשפּרייט די מײַכאָלים, וועלכע זײַנען אַלגעמיין פאַר דאַסראָוו קאַווקאַזער פעלקער.

אונדזערע אינפאָרמאַטאָרן האָבן באַהויפּטעט, אַז אין זייער סוויווע האָבן זיך ניט פאַרהיט קיין אַלטע מעסוירעס, מײַסעס, קיין מוזיקאַלישער פאָלקלאָר. ס׳איז שווער זאָגן, אױף וויפל עס זײַנען ריכטיק אַזעלכע אַרויסזאָגונגען, נעמענדיק אין אַכט די באַוווּסטע רײַכקײַט פונעם פאָלקלאָר בא די קורדיסטאַנער יידן, ווי אויך די מאַטעריאַלן, וועלכע א. גאַבריעלאָווא האָט מיט העכער 20 יאָר צוריק צונויפגעזאַמלט אין אַלמאַ־אַטאַ.

די עלטערע און מיטעלע דורעס פאַרהיטן די איבערגעגעבנקײַט דער רעליגיעזער טראַדיציע אָדער גייען לעכאָלדהאַפּאָכעס אױף יידישע יאָמטויווים אין שול, מערקן אָפּ אייניקע יאָמטויווים בא זיך אינדערהיים. די אַלטע טראַדיציע האַלט זיך פעסטער אין אַלמאַ־אַטאַ, דאָ פאַרהיט זיך אויך בעסער די אַשורישע ריידשפּראַך.

די באַיאָרטע מענטשן טראָגן דעריקער טאַנאַכישע נעמען — מאָשע, דאָוויד, ייסראָעל, יאַקאָוו, שאַמועל, יאָסיף, ראַכיל, סאַרע און אַנד. די גענעאַלאָגיעס, וועלכע מיר האָבן צונויפגעשטעלט פאַר עטלעכע מישפּאָכעס, ווײַזן, אַז א סאַך קורדיסטאַנער יידן האָבן געהאַט אין סאָף 19־טן — ערשטער העלפט 20־טן יה. מוסולמענישע פאַרמעס פון די טאַנאַכישע נעמען: סוליימאַן, איליאַס, מוסאַ, שאַמיל, ראַים (אָדער ראַכים) אדג.; צווישן די פרויען זײַנען געווען ברייט פאַרשפּרייט טיורקישע און פּערסישע נעמען (גיולבאַכאַר, גולי, דזשאַוואַכיר, פּאַרי, סולטאַן, טעלי אָדער טעלו, כאַנום, אַלמאַס אדג.). ס׳זעט זיך דײַטלעך די אַלגעמיינע יידישע טראַדיציע געבן קינדער די נעמען לעקאָוועד געשטאָרבענע קרויווים. הײַנט זײַנען די נעמען בא די קורדיסטאַנער יידן גענוג נאָענט צו די אַשקענאַזישע (ליאָוואַ, מישאַ, אַבראַם, יאַקאָוו, ראָזאַ, סאָניאַ, ראַיאַ אדג.).

דער באַשטאַנד פון די פאַמיליע־נעמען בא די קורדיסטאַנער יידן איז א ביז גאָר פאַרשיידנאַרטיקער, ווײַל ער אַנטהאַלט פאַרשיידענע „אויספורעמונגען" פון די, אַלס קלאַל, טאַנאַכישע נעמען: איסאַקאָוו, מורדוכאָוו, אַבראַמאָוו, סוליימאַנאָוו, מינאַסאָוו, שאַמאַילאָוו, איסמאַילאָוו, ראַגימאָוו, איבראַגימאָוו, דאַווטיאַן, סאַאַקיאַן, אַרוני, אַרון־זאַדע, איסאַאַק־זאַדע, זולום־זאַדע, פּאַשאַיאַגלי, סוליימאַן־אָגלי אוקעדוימע.

אונדזערע אינפאָרמאַטאָרן האָבן באַהויפּטעט, אַז די איצטיקע פאַמיליע־נעמען האָבן די קורדיסטאַנער יידן באַקומען שוין אין רוסלאַנד, און זיי שפּילן א גאַנץ באַגרענעצטע ראָליע אין זייער סאָציאַלן לעבן. מענטשן, וואָס טראָגן די זעלבע פאַמיליע, האַלט מען ניט פאַר קרויווים, זיי קאָנען אַפילע כאַסענע האָבן צווישן זיך לויט דער אַלטער טראַדיציע: די קורדיסטאַנער יידן האָבן געהאַלטן די הייראַטן צווישן נאָענטע קרויווים אַלס סאַמע בעסטע (לעמאָשל, צווישן שוועסטערקינדער פון דער מוטערס צאַד). דער איצטיקער יונגער דאָר, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין גרוזיע, אין א סוויווע מיט אַנדערע עטנישע מינהאָגים, מײַדט אויס הייראַטן צווישן נאָענטע קרויווים.

אַלס אומלעגאַלע עמיגראַנטן אָדער מילכאָמע־פּליטים, וועלכע האָבן ניט געקענט די אָרטיקע שפּראַך, האָבן די קורדיסטאַנער יידן טכילעס פאַרנומען אַן אָפּגעזונדערט און בעפּירעש ווײַניק בעקאָוועדיק אָרט אין דער סטרוקטור פון די גרויסע יידישע געמיינדעס פון באַקו און טביליסי. די באַזונדערע „לאַכלוכישע" סינאַגאָגעס, וועלכע האָבן נאָך פאַר דער מילכאָמע עקזיסטירט אין די ביידע שטעט, האָבן אונטערגעהאַלטן אַזאַ אָפּגעזונדערטקײַט, וואָס האָט איבערגעלאָזט אירע שפּורן ביז אונדזערע טעג אין טביליסי און אַלמאַ־אַטאַ. די צווישנבאַציונגען פון די קורדיסטאַנער יידן מיט די אַשורים, וועלכע רעדן אױף דער זעלבער שפּראַך, זײַנען אין טביליסי געווען גענוג פרײַנטלעכע, כאָטש קיין געמישטע הייראַטן זײַנען צווישן זיי ניט געווען. דער זעלבער ניוואָ פון די צווישנבאַציונגען האָט זיך פאַרהיט אין אַלמאַ־אַטאַ.

די אומגעגנלעכע אַשורישע שפּראַך פון די קורדיסטאַנער יידן האָט ל. לאַפּאַטינסקי אָנגערופן „יידיש־אַראַמעיִש" אָדער „יידיש־אייסאָריש", אונטערשטרײַכנדיק די באַזונדערקײַטן פון זייער דיאַלעקט. שפּעטער האָבן וועגן דעם געשריבן אויך אַנדערע פאָרשער (א. צערעטעלי, דזש. גאַרבעל). אונדזערע אינפאָרמאַטאָרן, יידן און אַשורים, האָבן אויך אָפּגעמערקט קענטיקע באַזונדערקײַטן פון דער אויסשפּראַך בא די לאַכלוכן, דעריקער אין דער אַרטיקוליאַציע, אין דעם טראָפּ און אינטאָנאַציעס. לויט גאַבריעלאָווא, איז די ריידשפּראַך פון די קורדיסטאַנער יידן אַזוי ספּעציפיש, אַז זי ווערט אַפילע אָפּט אומפאַרשטענדלעך פאַר די אַשורים. כוץ דעם, אַנטהאַלט זייער שפּראַך א געוויסע צאָל אַנטלײַונגען פון העברעיִש, באַזונדערס אין דער קולטור־ און רעליגיעזער לעקסיק, וועלכע איז ניט באַוווּסט די קריסטן־אַשורים. מיר האָבן זיך אַליין איבערצײַגט, אַז דער דאָזיקער שפּראַך־שיכט פאַרהיט זיך ביז א געוויסן גראַד נאָך איצט.

אין דער שפּראַך פון די קורדיסטאַנער יידן האָט נאָך ל. לאַפּאַטינסקי אָפּגעמערקט א היפּשע צאָל טיורקישע, קורדישע, פּערסישע, אַרמעניִשע און אַפילע רוסישע אַנטלײַונגען. ס׳איז באַוווּסט, אַז דאַסראָוו יידן פון קורדיסטאַן זײַנען פון לאַנגאַנגען געווען פילשפּראַכיקע און האָבן, אַכוץ אַשור־

ריש, באַהערשט טערקיש און אָפֿט אויך קורדיש. איצט האָבן אַלע, וועמען מיר האָבן באַגעגנט, געקענט גענוג פֿרײַ רעדן רוסיש, ווי אויך גרוזיניש (אין טביליסי און אַלמאַאַטאַ), אוזבעקיש־טאַדזשיקיש און טאַטיש (אין באַקו און קובאַ). אין טביליסי און אַלמאַ־אַטאַ האָבן די פֿאַרשטייער פֿונעם יונגן דאָר קימאַט אַלע פֿאַרענדיקט רוסישע שולן און רעדן גערן אויף רוסיש, האַגאַם זיי קענען די אומגעגנלעכע אַשורישע שפּראַך.

אַמאָל האָבן די קורדיסטאַנער ייִדן געניצט באַם שרײַבן אויף אַראַמעיִש דעם ייִדישן אַלעפֿבייס. דער עלטערער דאָר געדענקט וועגן דעם; אייניקע קענען נאָך לייענען די רעליגיעזע ליטעראַטור. דערבײַ באַנעמען זיי דײַטלעך די נאָענטקײַט פֿון זייער ריידשפּראַך צו העברעיִש.

ניט געקוקט אויף די געמישטע הייראַטן און אויף דער צונויפֿמישונג מיט די גרוזינער, באַרג־ און אייראָפּעיִשע ייִדן, פֿאַרהיטן די קורדיסטאַנער ייִדן פֿון טביליסי און אַלמאַאַטאַ אַ דײַטלעכן זעלבסטבאַוווּסטזײַן. אויף רוסיש רופֿן זיי זיך „יעווּרעי“ („ייִדן“); אַזוי איז בײַ זיי פֿאַרשריבן אויך אין די פּאַספּאָרטן.

אויב אַזוי, איז פֿונוואַנען שטאַמט דער עטנאָנים „לאַכלוכן“? די קורדיסטאַנער ייִדן גופֿא רופֿן זיך „ייִסראָעל“ אָדער „הודע“ (ד.ה. ייִדן), און זייער שפּראַך — „לעשאָנאַ הודע“. די אַשורים רופֿן זיי „(אי)כודאיא“ (דה., ווידעראָמאָל, ייִדן) אָדער „כודאיא סוראיא“ — „אַשורישע ייִדן“; אין איראַן זײַנען זיי באַוווּסט לויט די נעמען פֿון די געגנטן: „כודאיא ד'אורמיִא“, „כודאיא ל'זאַכר“, „כודאיא ד'סינאַסאַקין“ אוקעדוימע. די קורדן רופֿן זיי „סיוכיו“ אָדער „מאָסאַווי“, און די ייִדן־אַשקענאַזים, וואָס לעבן אויף קאַווקאַז, ווייסן זיי אַלס „פּערסישע ייִדן“. אין דער אויסלענדישער ליטעראַטור זײַנען די אַראַמעיִש־שפּראַכיקע ייִדן פֿון קורדיסטאַן (פֿון סאָף 1940־ער יאָרן האָבן זיי זיך קימאַט אַלע קאָנצענטרירט אין ייִסראָעל) באַוווּסט אַלס Kurdistan (Kurdish) Jews אָדער — מער זעלטן — Aramaic Jews.

ווערנדיק מיר קאָנען פֿאַרשטיין, ניצן אין טביליסי אַקטיוו דעם עטנאָנים „לאַכלוכן“ בלויז פֿאַרשטייער פֿון די היגע ייִדישע גרופּעס (באַזונדערס, די גרוזינער ייִדן), כאָטש דער עצם טאָך פֿונעם טערמין בלײַבט פֿאַר זיי ניט זעלטן אומפֿאַרשטענדלעך. פּונקט אַזוי נעפּלדיק באַנעמען דאָס וואָרט „לאַכלוכן“ די באַרג־ייִדן פֿון באַקו און קובאַ. אַפֿילע די קורדיסטאַנער ייִדן גופֿא קאָנען ניט דערקלערן, וואָס עס הייסט דער דאָזיקער עטנאָנים. צומאָל ווענדן זיי זיך צו דער „פֿאָלקס־עטימאָלאָגיע“: „פֿרעמדע פֿאַרשטייען ניט אונדזער שפּראַך, מע הערט ליאַך, ליוך — דערפֿאַר רופֿט מען אונדז ליאַכליוך“. בעעמעס, אין אַשוריש, ווי אין אַלע אַנדערע סעמיטישע שפּראַכן, ניצט מען זייער אָפֿט די קאָנסאָנאַנטן „ל“ און „כ“, וועלכע בײַטן זיך לויט דער ריי מיט די קאָלקלאַנגען. האָגאָם די עטימאָלאָגיע פֿונעם טערמין איז אַן אַנדערע. די אַמערסטן וואַרשײַנלעכע האַשאָרעס זײַנען פֿאַרבונדן מיט דעם אַשורישן ווערבאַלן וואָרצל „לכלך“ (אומבלאָנקען, אומוואַנדערן, אומשנאָרען) און מיט די העברעיִשע וואָרצלען „הלך“ (אַרומגיין) און „להלה“ (אויסשמירן אָדער זײַן אויסגעשמירט).

וואָס פֿאַר אַן אָרט פֿאַרנעמט די דאָזיקע גרופּע אין דער עטנישער קלאַסיפֿיקאַציע? ווײַבאַלד די פּליטים פֿון קורדיסטאַן זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ נײַער פֿאַר זיי עטנאָסאָציאַלער און עטנאָקולטורעלער סוויווע פֿון טראַנסקאַווקאַז, דאַרף מען זיי באַטראַכטן ווי אַ באַזונדערע עטנאָטעריטאָריעלע גרופּע, וועלכע גייט אַרײַן אין באַשטאַנד פֿון דער קאָרעוו 70—80־טויזנטיקער געמיינשאַפֿט פֿון די קורדיסטאַנער ייִדן, וואָס האָט אין מעשעך פֿון פֿיל יאָרהונדערטער געלעבט אין די בײַגרענעצראַיאָנען פֿון טערקײַ, איראַן און איראַק. אין דער זעלבער צײַט, נעמענדיק אין אַכט זייערע אייגנאַרטיקע היסטאָרישע טראַדיציע און ריידשפּראַך, קאָן מען רעכענען די קורדיסטאַנער ייִדן, וועלכע לעבן אין פססר, אַלס אַ באַזונדערע געמיינשאַפֿט אין באַשטאַנד פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון אונדזער לאַנד.

■ ■ ■

לייב ווילסקער

(1988 — 1919)

# ח.־נ. ביאַליקס אומבאַוווּסטע בריוו צו י. צינבערגן און ד. מאַגידן

עס איז פֿאַראַן אין אין ערגעץ ניט קיין פּיקסירטער כּיוון פֿון דער ליטעראַטור בײַ ייִדן: זוכן שליסלען צו פֿאַרבאָרגענע שריפֿטלעכע אוצרות, קעדיי צו געבן אין ענדגילטיק, פֿאַרפֿולקומט בילד פֿון די שאַפֿונגען פֿון די קלאַסיקער פֿון דער העברעיִשער דיכטונג אין שפּאַניע אינעם גלענצנדיקן, אויגעררופֿענעם „גאָלדענעם" פּעריאָד פֿון איר אַנטוויקלונג, ראַטעווען פֿון ווײַטערדיקן אומקום יעדע ליד, יעדע סטראָפֿע, יעדן פּסוק, יעדעס וואָרט פֿון די קלאַסיקער שלוימע איבן־גאַבירואָל, מוישע איבן־עזראַ און יעהודע האַלייווי. אין אַ געוויסער מאָס מעג אַזאַ דיגע פֿאַרשפּרייט ווערן אויף די פּאָעטישע ווערק אויך פֿון צוויי אַנדערע דאָרטיקע גדולים: שמועל האַנאַגיד און אַווראַהאָם איבן־עזראַ.

אַרויסגייענדיק פֿון אַזאַ שטאַנדפּונקט, לאָזן זיך פֿאַרשטיין דער הויפּט־אינהאַלט, דער הויפּט־ציל און אונטערגרונט פֿון ביאַליקס בריוו צו י. צינבערגן און ד. מאַגידן, וועלכע מיר פּובליקירן דאָ, און די, וועלכע זײַנען שוין באַוווּסט פֿון אַנדערע קוואַלן[1] אַלס אַ כיילעק, אַלס אַ קליין טיילכל פֿונעם אַנטייל, וואָס ביאַליק האָט געהאַלטן פֿאַר מעגלעך און נייטיק פֿאַר זיך זעלבסט און פֿאַר זײַנע הײַנטצײַטיקע ליטעראַטור־פֿאָרשער בכלל — אויסצופֿילן אויפֿן וועג פֿון ליקווידירן דעם דערמאָנטן כּיוון, אויסצופֿילן אויף אַזאַ אויפֿן אַ שליכעס און איבערוף פֿון דוירעס: פֿון פֿאָרגייענדיקע צום הײַנטצײַטיקן, און פֿון אים — צו די קומענדיקע.

אין דער וויסנשאַפֿטלעכער ליטעראַטור איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ מיינונג, אַז ביאַליק האָט אָנגעהויבן פֿאָרשן די מיטלאַלטערלעכע העברעיִשע פּאָעזיע אין דער צײַט פֿון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע און אין דער פֿאָלגנדיקער נאָך איר רעוואָלוציע. די דאָזיקע דאַטע דאַרף רעווידירט ווערן. דער אורשפּרונג פֿון ביאַליקן אַלס פֿאָרשער פֿון דער קלאַסישער העברעיִשער דיכטונג פֿון שפּאַניע לאָזט זיך מערקן, שוין אין דרוק, יעדנפֿאַלס ניט שפּעטער ווי פֿונעם 1906 יאָר. שוין דעמאָלט האָט ער צוזאַמען מיט זײַנע מיטאַרבעטער י.־כ. ראַווניצקי און ס. בען־ציאָן פֿאַרעפֿנטלעכט אין קראָקע אַ בוך אונטערן טיטל „שירת ישראל" („דיכטונג פֿון ייִדן") מיט אַן אונטערקעפּל, וועלכער באַטײַט: „אויסדערוויילטע העברעיִשע לידער פֿון שמועל האַנאַגיד אַן ביז הײַנטצוטאָג".

די דאָזיקע אויסגאַבע האָט ביאַליק זעלבסט באַזאָרגט מיט נייטיקע ביאָגראַפֿישע און ליטעראַטור־קריטישע נאָטיצן. מיט דער צײַט ווערט ביאַליק פֿולקום פֿאַרצויבערט פֿונעם רײַכטום פֿון דער שפּאַנישער פּאָעזיע בײַ ייִדן. ער האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט: „ביז הײַנט האָט קיינער בײַ ייִדן זיך ניט באַקאַנט מיט די ברויזנדע טײַכן, וועלכע פֿליסן אין זייערע בעט פֿון שפּאַניע, און קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען זייערע שטרעמונגען... ניט וועלטן בין איך זיך זעלבסט מעקאַנע, וואָס איך בין זוכע געוואָרן צו אויסגראָבן אָט די דאָזיקע גאָלד־אוצרות פֿון אָפּגעזונדערטע ערטער... טאָג־טעגלעך, ווען איך פֿאַרנעם זיך מיט דער דאָזיקער אַרבעט, פֿיל איך דעם טאַם פֿון טיילווײַזן טכיִאַס־

[1] פּ. לאַכאָווער האָט אין 1938/39 פֿאַרעפֿנטלעכט אין 5 בענדער „אגרות (די בריוו פֿון) חיים נחמן ביאַליק". אין דער דאָזיקער אויסגאַבע זײַנען שוין אײַנגעשלאָסן אויך די בריוו, וועלכע עס האָט פֿאַרעפֿנטלעכט י. מאַרקוס אין זײַן פֿאָרשונג, וועמענס העברעיִשער טיטל באַטײַט: „ביאַליקס בריוו, וועלכע זײַנען נעגייע די פּובליקאַציעס פֿון די לידער פֿון שלוימע איבן־גאַבירואָל און מוישע איבן־עזראַ".



לייב ווילסקער

האמייסים... מײַן אַרבעט אויפן געביט פון דער שפּאַנישער דיכטונג פאַרשאַפט פאַרגעניגן און פרייד, וועלכע לאָזן זיך ניט אָפּשאַצן. עס טרעפט זיך, אַז מיר ווײַזט זיך אויס, אַז איך שטיי לעבן אַ מענגע בערגלעך פון טײַערע שטיינער און פּערל און האַלט אין איין צונויפשאַרן מיט ביידע הענט פולע הויפנס. באַטראַכטנדיק דאָס בילד, הער איך ניט אויף צו וווּנדערן זיך: ווי איז עס געשען, אַז אַזעלכע טײַערע אוצרות זײַנען ביז הײַנט פאַר־מישפּט געווען צו אַזאַ לאַנגדויערנדיקער באַגראָבונג?!“[1]

פאַר ביאַליקן האָט די קלאַסישע העברעיִשע דיכטונג פון שפּאַניע געשפּילט אַן אויסערגעוויינ־לעכע ראָל. זײַן באַקאַנטשאַפט מיט אירע געשרי־בענע לויט אַראַבישע מוסטערן ביכלאַל און ספּע־ציעל־אַנדאַלוסישע ביפּראַט: קאַסידעס — פּיל־פּערזנדיקע לידער, געשריבענע מיט איין גראַם, אָדער די קורצינקע „קיטאַ“ און, הויפּטזאַכלעך, די מענגע מאָדעלן פון די סטראָפישע, אויסגערופענע „מוּוואַשעכן“ — גאַרטל־לידער, האָט אים באַהעפט מיטן איינציקן רינג אין דער העברעיִשער (און אַראַמעיִשער) ליטעראַטור בײַ ייִדן, מיט וועלכער ער איז פריִער געווען ווייניק באַקאַנט. די פאָר־שונג פון דער דאָזיקער ליטעראַטור האָט געשליפן זײַן וואָרט און סטיל און אים אויפגעהויבן העכער פון אַלע דיכטער פון זײַן צײַט. ער האָט מיט ברען ניט אויפגעהערט צו זוכן נײַע אומבאַוווּסטע לידער פון די ייִדישע דיכטער פון שפּאַניע אָדער נײַע ווערסיעס צו שוין באַוווּסטע. צו די זעלבע צילן האָט ער מאָביליזירט די בעסטע פאָרשערישע קייכעס פון די 1910־ער — אָנהייב 1930־ער יאָרן, וועלכע האָבן, לויט זײַנע אויפגאַבעס, געניש־טערט אין קסאָוויאַדן־זאַמלונגען פון גאָר דער וועלט, ווי אויך אין אַלטע זעלטענע ספרים, ווערק פון די העברעיִשע קלאַסיקער פון שפּאַניע.

ביז די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט זיך ביאַליק אַרומגעטראָגן מיט פּלענער צו פאַרעפנט־לעכן אַלע דיכטערישע ווערק פון שלוימע אִבן־גאַבירואָל, שמואל האַנאַגיד און מוישע אִבן־עזראַ. פאַרווירקלעכט האָט ער אָבער בלויז אַ טייל פון זיי. צוזאַמען מיט י.־כ. ראַווניצקין האָט ביאַליק פאַרעפנטלעכט קאָמענטירטע אויסגאַבעס פון שלוימע אִבן־גאַבירואָלס לידער אין 3 בענדער „שירי (די לידער פון) שלמה...“, אין די יאָרן 1924 — 1932, און איין באַנד וועלטלעכע לידער פון מוישע אִבן־עזראַ — אין 1928.

די וויסנשאַפטלעכע ווערט פון האַשאַוועס אָווידע, וועגן וועלכן ביאַליק האָט גערעדט, האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך פיל וויכטיקער, נאָך פיל גרעסער, נאָך אַקטועלער איידער ביאַליק אַליין האָט זיך פאָרגעשטעלט. עס זײַנען, ווי באַוווּסט, אינגיכן אָנגעקומען ביז גאָר שווערע צײַטן פאַר זאַמלונגען פון ייִדישע קסאָווים אין ביבליאָטעקן און בײַ פּריוואַטע זאַמלער. אַ טייל פון זיי איז פולקום פאַרניכטעט געוואָרן, למשל, די פון דער וואַרשעווער גרויסער סינאַגאָגאַלער ביבליאָ־טעק אויף דער טלאָמאַצקי־גאַס אָדער די פראַגמענטן פון דער גניזה, וועלכע עס האָט פאַרמאָגט די פראַנקפורטער שטאָט־ביבליאָטעק. די שפּורן פון אַנדערע זײַנען אַנטרונען געוואָרן, ווי, למשל, די קסאָוויאַדן־זאַמלונג פון דער ייִדישער קהילה אין בערלין אָדער די קסאָוויאַדן־זאַמלונגען פון דער לענינגראַדער (פריִער פּעטערבורגער און פּעטראָגראַדער) אַזוי־גערופענער אויף העברעיִש „חברת מפיצי השכלה בישראל“, אָדער אויף רוסיש: ОПЕ (געקירצט פון: «Общество для распространения просвещения между евреями в России», וועלכע איז פאַרמאַכט געוואָרן אין אָנהייב פונעם יאָר 1930. צווישן אַנדערע איז דאָ געווען אויך די רײַכע קסאָוויאַדן־זאַמלונג פון אַ. האַרקאַווי. עס זײַנען איצט ניט באַוווּסט, וווּ עס געפינען זיך די קסאָוויאַדן פון פּריוואַטע זאַמלער, אַזעלכע ווי, למשל, די קסאָוויאַדן פון שמואל כאַזאַן נעעמאַן (אַ קאַראַימער, וועלכער האָט געלעבט אין יעוופּאַטאָריע), ווי אויך פון מ. ש. גיראָנדי, וועלכער האָט געלעבט אין פּאַדוואַ. וואָס שײַך שלוימע אִבן־גאַבירואָלס לידער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ. האַרקאַ־ווים זאַמלונג, האָבן מיר צו פאַרדאַנקען י. צינ־בערגן און ד. מאַגידן, ווי אויך דער איניציאַטיוו און אײַזערנער ענערגיע פון זייער קאָרעספּאָנדענט כ.־נ. ביאַליק, וועמענס בריוו פּובליקירן זיך דאָ.

פון ביאַליקס בריוו צו י. צינבערגן און ד. מאַ־גידן דערוויסן מיר זיך וועגן דעם אָנטייל פון די ביידע לענינגראַדער פאָרשער אין ביאַליק־ראַווניצ־

1 לויט ג. קרעסעלס „לעקסיקאָן פון דער העברעיִשער ליטעראַטור אין די לעצטע דורות“ (העברעיִש), ב. 1, שפּאַלט 213.

קיס פובליקאציע פון שלוימע איבן־גאבירא̇לס לידער. זייערע קוואלן זײַנען בלויז צוויי: די צווייטע זאמלונג פון פירקאוויטשן, וועלכע געפינט זיך אין דער לענינגראדער עפנטלעכער ביבליאטעק, און די קסאוויאדן־זאמלונג פון א. הארקאווין, וועמענס שפורן זײַנען הײַנט־צו־טאג אומבאוווסט. מע קאן זיך וווּנדערן, וואס זיי האבן אויסגעמיטן נאך צוויי, עמעס, ארעמערע אף דעם געביט, קוואלן: די ערשטע פירקאוויטשעס זאמלונג און אנטאנינס קסאוויאדן־זאמלונג, וועלכע ווערן אפגעהיט אויך אין דער לענינגראדער עפנטלעכער ביבליאטעק.

דא מוז גלײַך אונטערגעשטראכן ווערן, אז אפן געביט פון פארשן די לידער פון שלוימע איבן־גאבירא̇ל, וועלכע געפינען זיך אין דער לענינגראדער עפנטלעכער ביבליאטעק, קומט א יאשערקויעך ניט בלויז דעם בארימטן א. הארקאווי, נאר אויך י. צינבערגן און ד. מאגידן. בלויז פון כראנאלאגישן שטאנדפונקט פארנעמט הארקאווי דעם אויבנאן. שוין אין 1893 און 1894 האט ער אין זײַן באוווסטער היסטאריש־ליטערארישער סעריע „חדשים גם ישנים" (נײַע און אלטע), נומערן 3, 4 און 7 פובליקירט „משירי (פון די לידער פון) ר' שלמה בן גבירול".

וואס שײַך י. צינבערגס פארדינסטן אפן דאזיקן געביט, איז קעדײַ קודעמקאל דערמאנען דאס, וואס ער אליין האט געשריבן ביאליקן. מיר זײַנען זיך סוימעך אף א שמיר־עקזעמפּליאר פון זײַנעם א העברעישן בריוו, אן אויסצוג פון וועלכן מיר ברענגען דא אין דער איבערזעצונג אף יידיש: „דא, אין דער מעלוכישער (געוועזענער „אימפּעראטארישער") ביבליאטעק, האב איך געפונען דרײַ גאר אלטע קסאוויאדן פון פארשיידענע פארמאטן (געשריבן ניט שפּעטער פון דעם XV—XVI יה.), פראגמענטן פון שלוימע איבן־גאבירא̇לס דיוואן.

און שטעלט זיך פאר דעם וווּנדער: דער פארשטארבענער הארקאווי, וועלכער האט געדינט אין דער ביבליאטעק העכער פערציק יאר, האט ניט געוווּסט און זיך ניט פארגעשטעלט, אז דארט געפינט זיך דער דאזיקער מאטעריאל. עמעס, אין די קסאוויאדן האב איך געפונען פיל פון לאנג שוין באוווּסטע לידער אדער אזעלכע, וועלכע זײַנען אקארשט פארעפנטלעכט געווארן אפן סמאך פון די מאטעריאלן פון דער קאירער „גניזה". נאר אין די קסאוויאדן האב איך אויך געפונען לידער און פיל פראגמענטן פון זיי, וועלכע זײַנען ביז הײַנט־צו־טאג ניט באוווּסט" (ארכיוו פונעם לענינגראדער פיליאל פונעם אינסטיטוט פאר מיזרעך־קענטענישן פון דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פונעם סאוועטנפארבאנד, פאנד 86, רעשימע 2, נומער 22, בלאט 6). י. צינבערגן האבן מיר צו פארדאנקען ארבעטן, געשריבענע אין רוסיש און אין יידיש, געווידמעט שלוימע איבן־גאבירא̇לן. נעמלעך: Цинберг Сергей Лазаревич. История еврейской литературы еврейского периода. די געשיכטע פון דער ליטעראטור בא יידן אין דער אייראפעישער טקופע, קיעוו, 1919, ז. 21 —48); (פונעם ניט־פארעפנטלעכטן דיוואן פון שלוימע איבן־גאבירא̇ל. — אינעם זשורנאל „יעווריייסקאיא מיסל", נומען 1, 1922, פעטראגראד, ז. 13—30); צינבערג י. די געשיכטע פון דער ליטעראטור בא יידן. הילנע, 1929, ב. 1. קאפיטל 2. דאס דאזיקע ווערק האט אויסגעהאלטן פיל נײַע אופלאגעס סײַ אין יידיש (ווילנע, ניו־יארק, בוענאס־אײַרעס), סײַ אין דער איבערזעצונג אף העברעיש.

נאר די דאזיקע ווערק פון י. צינבערגן, וועלכע זײַנען געבויט אפן סמאך פון די לענינגראדער קסאוויאדן, האט ביאליק, ווי מיר איבערצײַגן זיך אנשוילעך פון זײַנע בריוו, נט בלויז זארגזאם גע־



לייב ווילסקער באם שרײַבטיש

שפּידט, נאָר ווי געהעריק אויסגענוצט אין זײַנע אויסגאַבעס פֿון שלוימע איבן־גאַבירואָלס לידער, ווי אויך פֿאַרפֿאַסט זײַן אַרטיקל „ששה שירים לר' (זעקס לידער פֿון) שלמה בן־גבירול" (פֿאַרעפֿנטלעכט אין פֿראַנקפֿורט־אַם־מײַן, 1923).

קעדיי ווי געהעריק אָפּשאַצן י. צינבערגס אויפֿטו, דאַרף מען אויך האָבן אין זינען, אַז דאָס אַלץ האָט ער געשאַפֿן אין שעהען פֿון רו, נאָך זײַן הויפּט־אַרבעט אַלס אינזשעניער־כעמיקער אַפֿן פּוטילאָווער (איצט: קיראָווער) זאַוואָד.

ד. מאַגידס אינטערעס צו פֿאָרשן שלוימע איבן־גאַבירואָלס דיכטונג איז געווען אַ זעלבשטענדיקער. נאָר נאָך דעם, ווי ביאַליק האָט אָנגעהויבן מיט אים זיך איבערשרײַבן וועגן דעם ענין, האָט ד. מאַגיד פֿאַרפֿילפֿאַכט זײַנע באַמיִונגען צו פֿאָרשן די לידער פֿונעם געניאַלן דיכטער. אין זײַן פֿאָנד נומער 85, באַשרײַבונג 1, נומער 88 געפֿינט זיך אַ צוזאַמענגעשטעלטע דורך אים אַלעפֿבייס־רעשימע מיט אָנהייבן פֿון שלוימע איבן־גאַבירואָלס לידער. דאָ זײַנען אויך פֿאַראַן אָנגאַבן וועגן זייערע פֿערזן־מאָסן, וועגן דער צאָל שורות, וועלכע ס'אַנטהאַלט יעדע ליד באַזונדער, און אירע קוואַלן: סײַ אין מאַנוסקריפּטן, סײַ אין דרוק־מאַטעריאַלן, מיט אַ צושריפֿט אין העברעיִש, וועלכע באַטײַט: „פֿאַרפֿאַסט פֿון דאַוויד מאַגיד אין פּעטערבורג. זומער 676 (= 1916) יאָר".

ד. מאַגידס אָנטייל אינעם פֿאָרשן שלוימע איבן־גאַבירואָלס לידער אין צוזאַמענהאַנג מיט ביאַליקס בריוו צו אים איז אין דרוק אָפּגעשפּיגלט בלויז אין צוויי אַרבעטן: אינעם „ספר השנה של (יאָרבוך פֿון) ארץ־ישראל" פֿאַרן 1924/25 יאָר איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן זײַן אַרטיקל „מדיואן של (פֿונעם דיוואַן פֿון) ר' שלמה בן־גבירול", און אין די העפֿטן פֿונעם דריטן באַנד פֿון ביאַליק־ראַווניצקיס „שירי (די לידער פֿון) שלמה..." (1927—1932). דערמיט אָבער שעפּט זיך ניט אויס מאַגידס טעטיקייט אויפֿן דאָזיקן געביט. בלויז אַ דעטאַלע פֿאָרשונג אויפֿן סמך פֿון מאַגידס מאַטעריאַלן אינעם אַרכיוו פֿון דעם לענינגראַדער פֿיליִאַל פֿונעם אינסטיטוט פֿאַר מיזרעך־קענטעניש און אין דער קסאַוויאַדן־אָפּטיילונג פֿון דער לענינגראַדער עפֿנטלעכער ביבליִאָטעק, קאָן אַף דער פֿראַגע געבן אַן אויסשעפּלעכן ענטפֿער.

ביאַליק־ראַווניצקיס אויסגאַבע פֿון שלוימע איבן־גאַבירואָלס לידער פֿאַרמאָגט אַן ערנסטן חסרון. ער נעמט זיך דערפֿון, וואָס ד. מאַגיד האָט — צוליב ניט קיין פֿאַרעפֿנטלעכטע טעמים — ניט מיטגעטיילט ביאַליקן די אויטענטישע שיפֿרען פֿון די קסאַוויאַדן, וועלכע ער האָט אויסגענוצט אין זײַן אַרבעט, נאָר זיי פֿאַרזוואַלירט מיט באַדינגלעכע סימאָנים, וועלכע זײַנען אָפּגעשפּיגלט אין דער אויסגאַבע. די קסאַוויאַדן, וועלכע ער דערמאָנט פֿון האַרקאַוויס זאַמלונג, זײַנען אָנגערופֿן: „עזבון (די ירושה פֿון) הרכבי" אַנטשפּרעכיק: 1, 2 און 3. נאָר דאָס וואָלט געווען נאָך צו דערלײַדן, ווײַל סײַוויסײַ איז איצט אוממעגלעך זיי צו דורכקאָנטראָלירן. אַף אַזאַ אויפֿן האָט ד. מאַגיד אויך פֿאַרזוואַלירט די שיפֿרען פֿון 16 קסאַוויאַדן פֿון דער צווייטער פֿירקאָוויטשעס זאַמלונג. ער האָט זיי באַצייכנט „אבן רשף" (דער זון פֿון רעב שמואל פֿירקאָוויטש. אונטער דעם דאָזיקן פּסעוודאָנים פֿלעג זיך כאַסמענען דער קסאַוויאַדן־זאַמלער א. פֿירקאָוויטש), אַנטשפּרעכיק: 1, 2... 16. די אייגנטלעכע שיפֿרען פֿון די קסאַוויאַדן זײַנען ביז הײַנט־צו־טאָג ניט באַוווּסט אין דער וויסנשאַפֿט. דאָס באַטײַט, אַז די אויטענטישקייט פֿון די טעקסטן פֿון די לידער זעלבסט, וועלכע עס האָט מיטגעטיילט ד. מאַגיד, ווי אויך פֿון זייערע אַראַבישע קעפּלעך, לאָזן זיך ניט דורכקאָנטראָלירן. מע דאַרף נאָך צוגעבן, אַז אַף וויפֿל עס דערמעגלעכן אורטיילן ד. מאַגידס מאַטעריאַלן, איז זײַן רײַע געווען ווײַט ניט קיין אידעאַלע...

ביאַליק־ראַווניצקיס אויסגאַבע איז מיט פֿאַרשיידענע קריטישע אויפֿנאַמען אויסגענוצט געוואָרן אין די שפּעטערדיקע אויסגאַבעס פֿון שלוימע איבן־גאַבירואָלס פּאָעטישע ווערק: וועלטלעכע און ליטורגישע לידער, צוזאַמענגעשטעלטע פֿון ד. יאַרדען אין 4 בענדער (1971—1976), און בלויז די וועלטלעכע לידער, צוזאַמענגעשטעלטע פֿון כ. בראָדי און כ. שירמאַן (1974).

אַזוי־אַרום, איז ניטאָ קיין שום ספֿק, אַז עס פֿאָדערט זיך צו קאָנסטאַטירן דאָס פֿאָלגנדיקע. די פֿאָרשונג פֿון ד. מאַגידס פֿאָנד נומער 85 פֿונעם לענינגראַדער פֿיליִאַל פֿונעם אינסטיטוט פֿאַר מיזרעך־קענטעניש דערלויבט פֿעסטשטעלן די אָריגינעלע שיפֿרען פֿון די קסאַוויאַדן פֿון דער צווייטער פֿירקאָוויטשעס זאַמלונג, לויט וועלכע ד. מאַגיד האָט מיטגעטיילט כ.־נ. ביאַליקן די לידער פֿון שלו־מע איבן־גאַבירואָל.

„אבן־רשף 1" באַטײַט דער קסאַוויאַד פֿון דער צווייטער פֿירקאָוויטשעס זאַמלונג (ווײַטער: פּ2) 2 — 180; „אבן־רשף 2" — פּ2 1 — 202a; „אבן־רשף 3" — פּ2 338; „אבן־רשף 4" — פּ2 4 — 177; „אבן־רשף 5" — פּ2 23 — 188; „אבן־רשף 6" — פּ2 3 — 196; „אבן־רשף 7" — פּ2 39; „אבן־רשף 8" — פּ2 7 — 105; „אבן־רשף 9" — פּ2 1 — 236a; „אבן־רשף 10" — פּ2 4 — 106; „אבן־רשף 11" — פּ2 10 — 105;[1] „אבן־רשף 15" — פּ2 4 — 213; „אבן־רשף 16" — פּ2 1 — 214.

מיר פּובליקירן דאָ 11 פֿולקום אומבאַוווּסטע בריוו פֿון ביאַליקן: 5 — צו י. צינבערגן (נומערן 1 — 5) און 6 — צו ד. מאַגידן (נומערן 6 — 11), ווי אויך דערגאַנצונגען צו 7 בריוו צו מאַגידן, פֿאַרעפֿנטלעכטע אין פּ. לאַכאָווערס אויסגאַבע „אגרות ה. נ. ביאליק" (נומערן [12] — [18]).

---

[1] די באַטײַטונגען פֿון „אבן־רשף 12—14" איז דערווײַל ניט געלונגען צו פֿעסטשטעלן. עס איז ניטאָ אָבער קיין שום ספֿק, אַז איינער פֿון זיי באַטײַט פּ2 338 און אַ צווייטער — פּ2 10—105.

# 1. ביאַליקס אומבאַוווּסטע בריוו צו י. צינבערגן[1]

## בריוו נומ. 1

אָדעסאַ, דעם 5־טן שוואַט, יאָר 677 (= 28 יאַנואַר 1917)

מײַן הויכגעשעצטער הער!

די קראַנקהײַט פון מײַן האַנט (מײַנע הענט) האָט מיר געשטערט געבן אײַך א טשוווּע צו דער צײַט. אַנטשולדיקט מיר.

אין אײַער אָנפרעגע האָט איר ניט אויסגעדריקט דײַטלעך, וויפל סטראָפעס פון דער ווײַן־ליד פון בען־גאַבירואָל זײַנען פאַראַן בא אײַך. דערפאַר שטויס איך זיך אָן אויף שוועריקײַטן אײַך צו ענט־פערן. אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, פאַרמאָגט די ליד פינף סטראָפעס, פיר פון וועלכע אַנטהאַלטן די כסימע פונעם נאָמען „שלמה", און די פינפטע — די לעצטע — ווײַניקסטנס, די לעצטע אין אַלע ווערסיעס, וועלכע איך האָב געזען אין דרוק, — זעט אויס אַפן פאָלגנדן אויפן:

א נאַזיר זאָל ער זײַן דאָס גאַנצע לעבן זײַנס,
ווי רייכאַוס זין זאָל ער פאַרברענגען דאָס לעבן זײַנס,
און זאָלן זײַנע יאָרשים, קאָלזמאַן זיי וועלן לעבן,
זײַן שעפּער פון וואַסער, זײַן שעפּער פון וואַסער.
ווען ווײַן הערט אויף גיסן (טאַוו.)

(איבערז. א. מאַרגאַלין)

צי עס זײַנען פאַראַן נאָך צוגאָב־סטראָפעס, וועלכע פאָלגן נאָך דער דאָזיקער סטראָפע, ווייס איך ניט, און איך הער דאָס פון אײַער מויל צום ערשטן מאָל. איך וואָלט שטאַרק וועלן וויסן, פונ־וואַנען ווייסט איר, אַז עס פעלן נאָך צום סאַך צוויי סטראָפעס?

איך האָב זיך דערפרייט, דערוויסנדיק זיך, אַז איר שרײַבט די געשיכטע פון אונדזער ליטעראַ־טור — נאָר פאַרוואָס בלויז אויף רוסיש? פאַרוואָס ניט אויך אויף העברעיִש? אָדער פאַרקערט: פאַרוואָס ניט לעכאַטכילע אויף העברעיִש? אַוי, ייִדן! איר האַלט זיך נאָך מיט די הענט שטאַרק באַם מינהעג פון „אײַערע עלטערן"! איר האָט זיך באַהאָפטן צום אָפּנאָם „בעל פעור" (לייען: באַאַל פּעאָיר) און אײַך איז שווער מיט אים זיך צעשיידן. פאַר מיר איז קלאָר, אַז קאָלזמאַן איר וועט זיך ניט אָפּשיידן פון דער דאָזיקער געצנדינסט, וועט קיין אויפריכטי־קונג ניט קומען אין אַלע אײַערע שאַפונגען. די דאָזיקע זינד איז בא אונדז אַזוי שווער, ווי די געשיכטע מיטן גאָלדענעם קאַלב. איר אַלע, וואָס איר שרײַבט און שאַפט ווערק רעגולער אויף פרעמ־דע לעשוינעס, — זײַט איר גײַסטיקע מעשומאָדים. זאָל מײַן גורל ניט זײַן מיט אײַערן.

[1] די בריוו זײַנען, געוויינלעך, געשריבן אין העברעיִש. איבער מאַנגל אין אָרט גיבן מיר די בריוו בלויז אין דער ייִדישער איבערזעצונג.

ווען איר וואָלט געשריבן די געשיכטע פון דער ליטעראַטור אין העברעיִש, וואָלט דער פאַר־לאַג „מוריה" (לייען: מױריאַ)[1] גענומען אויף זיך די אויסגאַבע. באַטראַכט גוט דעם איניען, פאַרטיפט זיך ווי געהעריק און גיט מיר א טשוווּע.

דער „פאָנד אויף פרוגס נאָמען" האָט דריי אויפ־גאַבעס: א) באַלוינען מיט א סאָלידער סומע די אַלמאָנע פונעם פאַרשטאָרבענעם שרײַבער פאַר איר בעקאָוועדיקער כאַיונע וועגן; ב) אָפּשטעלן א שײַנע מאַצייווע אויפן קייווער פונעם פאַרשטאָרבע־נעם און ג) א פאַקסטימלעכע בילקיע אויסגאַבע פון די ווערק פונעם פאַרשטאָרבענעם, ווי אויך א ביכער־אויסגאַבע מיט א נאַציאָנאַלן אינהאַלט אין רוסיש. אַוויאַרום, באַקומט איר א טשוווּע אויף אײַער אָנפרעגע אינעם צווייטן בריוו. דאָס געלט (די פינף הונדערט רובל און נאָך), וואָס איז געזאַמלט געוואָרן אין פּעטראָגראַד, דאַרפט איר אַרויסשיקן צו די, וועלכע פאַרנעמען זיך מיטן שאַפן דעם פאָנד, אָפן נאָמען פונעם פאַרטרעטער פונעם פאַר־זיצער: Д-р Г. И. Гиммельфарб, Херсонск. ул. 19 אָדער אויף מײַן נאָמען: Х.-Н. Бялик, Вагнер. пер. 4.

מיט גרוסן

כ.־נ. ביאַליק

## בריוו נומ. 2

1921, דעם 10 אַפּריל

מײַן טײַערער און הויכגעשעצטער פרײַנט הער צינבערג

שאָלעם און גליק!

פון אונדזערע פּעטראָגראַדער פאַרטרויטע כאַ־ווײרים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז איר האָט פאַרפאַסט אַן אַרטיקל וועגן שלוימע בען־גאַבירואָלס לידער און האָט אויך אַנטדעקט נײַע קוואַלן און לידער, ווי אויך אויסבעסערונגען און דערגאַנצונ־גען צו פראַגמענטירטע לידער, פאַרעפנטלעכטע דורכן ד״ר דאַווידזאָן אין די ענגלישע זאַמלביכער. א גרויס גנאָד, וועלכן איך וועל אייביק ניט פאַר־געסן, וועט איר טאָן מיט מיר, אויב איר וועט טײַקעף־אומיאַד, אינעם זעלבן טאָג, אין וועלכן איר באַקומט מײַן איצטיקן בריוו, אָוועקשיקן א קאָפּיסט, וועלכער זאָל קאָפּירן פאַר מײַנטוועגן דעם פולקומען נײַעם דיכטערישן מאַטעריאַל און מיר אים איבערשיקן דורך א ספּעציעלן שליעך — אויף מײַן כעזשבן — אָדער דורך אַן אַנדער גע־לעגנהײַט, וועלכע וועט זיך טרעפן אינעם זעלבן טאָג, קיין מאָסקווע לויטן פאָלגנדן אַדרעס: Мыльников пер., д. 9, кв. 1 для Бялика, Чистопрудный бульвар.

דער דאָזיקער מאַטעריאַל איז מיר נויטווענדיק צוליב א גרויסער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, מיט וועלכער איך און ראַווניצקי זײַנען באַשעפטיקט, נעמלעך: א פולקומער דיוואַן פון אַלע לידער פון

[1] אַזוי האָט ביאַליק אָנגערופן זײַן פאַרלאַג אין אָנדענק פונעם באַרג „מוריה", ווו לויטן כומעש, האָט אַווראַהאַם זיך געגרייט צו מאַקריוו זײַן זון בעניאָכיד ייִצכאָק.

שלוימע בען־גאַבירא֞ל, סײַ ליטורגישע, סײַ וועלט־
לעכע, אין צוויי גרויסע בענדער, באַגלייטע מיט
קאָמענטאַרן און באַמערקונגען. די אַרבעט איז שוין
פאַרענדיקט און שוין איבערגעזעצט פּולקום אין דרוק,
און אָן אײַערע לידער וועט, פאַרשטענדלעך, אונ־
דזער אַרבעט זײַן אַ פעלערהאַפטע. דעם מאַטע־
ריאַל דאַרפט איר מיר צושטעלן קיין מאָסקווע און
איבערגעבן מיר פּערזענלעך ביזן קומענדיקן דאָ־
נערשטיק גאַנצפרי (דעם 14 אַפּרעל), ווײַל אין
דעם זעלבן טאָג גרייטן מיר זיך אַרויספאָרן קיין
אַדעס. אויב איבער וועלכער־ניט־איז סיבע וועט איר
ניט קאָנען אַזוי גיך איבערשיקן דעם מאַטעריאַל
קיין מאָסקווע, סטאַרעט זיך, אַמווײַניקסטנס,
איבערגעבן מיר אים קיין אַדעס דורך דער ערשטער
געלעגנהייט, ווײַל עס איז מעגלעך, אַז נאָך פּייסעך
וועלן מיר עפּשער אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד.

איר וועט עס געווים אַזוי טאָן, פרײַנט מײַנער,
צוליב דער וויסנשאַפט!

אַ גרוס אײַך און אַלע די, וועלכע פאַרנעמען
זיך מיט טויער־פּערזן.

מיט ליבע
כ.־נ. ביאַליק

בריוו נומ. 3

1921 דעם 15 אַפּרעל, מאָסקווע

מײַן הויכגעשעצטן פרײַנט, דעם הער י. ציג־
בערג — שאָלעם און גליק!

איך פרײַ זיך צוליב דער גוטער געלעגנהייט,
וועלכע דערמעגלעכט מיר צו שרײַבן אײַך נאָכ־
אַמאָל, אויספירלעכער, אָן אײַלעניש. איך האָב אײַך
שוין מיטגעטיילט אין מײַן פאַריקן בריוו און
אויך אין דער טעלעפאָנאָגראַמע וועגן דער אויס־
גאַבע פון אַלע לידער פון שלוימע בען־גאַבירא֞ל
אין צוויי בענדער, ליטורגישע און וועלטלעכע,
דורכן פאַרלאַג „מוריה". די לידער זײַנען סיסטע־
מאַטיזירט געוואָרן דורך מיר און ראַווניצקין. ביידע
בענדער וועלן אַנטהאַלטן העכער פערציק דרוק־
בויגנס. אַרום אַ העלפט וועט מיט זיך פאַרשטעלן
דער טעקסט גופא, און מער פון אַ העלפט —
וויסנשאַפטלעכע קאָמענטאַרן און באַמערקונגען.
איך וועל זיך ניט באַרימען, אַז אונדזער אַרבעט
איז אַ פולשטענדיק פּולקומע — „ווער נאָך איז
אַזאַ בלינדער, ווי דער „פּולקומער"?[1], נאָר די אַר־
בעט איז אַ גאַר גרויסע, און ס'וועט קומען אַ
צײַט, ווען זי וועט מאַכן אַ רושעם באַ די, וועלכע
שעצן אַזאַ מין אַרבעט. מיר האָבן געהאַט קימאַט
אַלע פּובליקירטע מאַטעריאַלן ביזן אָנהייב פון

דער מילכאָמע. עמעס, פון די ליטורגישע לידער
וועלן באַ אונדז פעלן אײַניקע, פון די, וועלכע גע־
פינען זיך אין אַלטע און ניט־צוגענגלעכע מאַכזוי־
רים. מיר קלײַבן זיך זיי אָפּזוכן נאָך אין פאַרשיי־
דענע לענדער, ווען אַזאַ מעגלעכקייט וועט זיך
פאָרשטעלן. דערווײַל האָבן מיר צוגעגרייט מאַטרי־
צעס פון אַלץ, וואָס מיר האָבן סיסטעמאַטיזירט
ביז איצט, און אַלץ, וואָס מיר וועלן באַקומען דער־
נאָך, וועלן מיר געבן אין אַ באַזונדער העפט אַלס
דערגאַנצונגען.

און איצט האָבן מיר, איך און ראַווניצקי, צו
אײַך אַ באַקאָשע: ווען איך בין געקומען אין צו־
זאַמענהאַנג מיט מײַן הישטאַדלעס קיין מאָסקווע,
האָב איך זיך דערוווּסט פון אונדזערע פרײַנט, אַז
איר האָט אָנגעשריבן אַ גרויסן אַרטיקל וועגן
שלוימע איבן־גאַבירא֞ל, אין וועלכן איר פּובליקירט
צום ערשטן מאָל נײַע לידער אָדער אַלטע, נאָר
אין אַן אויסגעבעסערטער פאָרם, פון די, וועלכע
איר האָט אָפּגעפונען אין פאַרשיידענע קאַוויאַדן
פון האַרקאַווים (פּירקאָוויטשעס?) זאַמלונג. זעלבסט־
פאַרשטענדלעך, אַז מיר טאָרן ניט בעשום־אויפן
אַרויספאָרן אַהין, וווּהין מיר פאָרן, ניט מיטנעמענ־
דיק מיט זיך קיין גענויע קאָפּיע פון די אַלע אײַע־
רע דערפינדונגען. אויב מיר וועלן אַזוי ניט
טאָן, — וועלן מיר זינדיקן קעגן זיך זעלבסט, קעגן
שלוימע איבן־גאַבירא֞לן און קעגן דער ליטעראַטור.
אָן די נײַע אָדער אויסגעבעסערטע לידער איז אין
קיין פאַל אוממעגלעך אַרויסגעבן ביידע בענדער.
דעריבער ווענד איך זיך דערמיט צו אײַך אין מײַן
נאָמען און אין נאָמען פון מײַן כאַווער, און,
הויפּטזאַכלעך, אין נאָמען פון דער העברעישער
ליטעראַטור און וויסנשאַפט, וועלכע זײַנען אונדז
אַלעמען טײַער, מיט אַ גרויסער באַקאָשע מיר ניט
אָפּזאָגן אין דעם דאָזיקן איניען, און אין דעם זעל־
ביקן טאָג, ווי איר וועט באַקומען מײַן דאָזיקן
בריוו, אויפנעמען אַן איבערשרײַבער, וועלכער זאָל
איבערקאָפּירן אַלץ, וואָס געפינט זיך באַ אײַך פון
דער דאָזיקער טעמע. באַמיט זיך אויך צושטעלן
אונדז דאָס קאָפּירטע, ווי ווײַט מעגלעך, וואָס
פריער. לעכאַטכילע האָב איך געטראַכט, אַז איך
וועל זיך פאַרהאַלטן אין מאָסקווע נאָך ביזן 14
פון דעם כוידעש. איצט זע איך, אַז איך וועל זיך
פאַרהאַלטן דאָ ביזן קומענדיקן דאָנערשטיק
(22/IV), און אויב אַזוי, וועט איר האָבן נאָך
גענוג צײַט איבערקאָפּירן און צושיקן מיר דאַפקע
קיין מאָסקווע לויטן פאָלגנדן אַדרעס:
Мыльников пер., 9, кв. Залкинда, 17.

אײַער דאָזיקן כעסעד וועל איך ניט פאַרגעסן
קאָלזמאַן איך וועל לעבן. איר וועט עס געווים
טאָן? ניט אַזוי? די הוצאָעס פאַרן איבערקאָפּירן
און איבערשיקן וועלן אײַך באַצאָלן מײַנע פרײַנט,
פאַרטרויונגס־כאַווירים, אויף מײַן כעשבן: קריינין
אָדער ווער־ניט־איז פון מײַנע באַקאַנטע, אָדער
איך אַליין וועל איבערגעבן אײַער שאַליעך. הויכ־
געשעצטער פרײַנט, ציט ניט אָפּ דעם דאָזיקן
איניען, און מאַכט אים אין דער געהעריקער צײַט,
ווײַל ווער ווייסט, צי עס וועט זיך נאָך געפינען אַ
מער פּאַסיקער מאָמענט, איידער דער איצטיקער.

[1] „מי עור כמשלם" — אַ ציטאַטע פונעם בוך
„ישעיה" (לייען: יעשײַע), 42, 19, ווו דאָס וואָרט
„משלם" (וואָס קאָן אַפילע זײַן אַ פערזענלעכער
נאָמען) האָט באַקומען אין דער ליטעראַטור פאַר־
שיידענע איבערזעצונגען. לעמאָשל, אין דער ווינער
אויסגאַבע, 1902, איז איבערגעזעצט אין רוסיש:
«Кто слеп так, как искупленный
мною» און אין דער סינאָדאַלער אויסגאַבע,
פעטערבורג, 1892: «Кто так слеп, как
возлюбленный».

און איצט נאך אן איניען. איך האב געהערט וועגן א גרויסן בוך מיקויעך דער געשיכטע פון דער העברעישער ליטעראטור, וועלכן איר פארפאסט איצט, און שרייבן שרייבט איר עס דאפקע אין רוסיש. פריינט מיינער, צי זאגט אייך ניט אונטער דאס הארץ, אז אזא בוך וואלט פיין געוועזן פאר אים, פאר אייך און פאר דער וועלט, אז געשריבן און פארעפנטלעכט זאל עס ווערן אין העברעיש? מיילע, זאל אויך אין רוסיש, נאר באוולען דאס העברעישע — איך שווער בא אייער לעבן, אז עס איז אן אווירע. קום איך איצט צו אייך מיט דעם פאלגנדיקן פארשלאג, און איר שטרעקט אויס די הענט און גיט גלייך אייער האסקאמע. גלייכצייטיק, ווען איר וועט שרייבן דעם בוך אף רוסיש, שרייבט עס — טאקע איר אליין און ניט קיין אנדערער, — אויך אין העברעיש, און עס וועלן פארעפנטלעכט ווערן בײדע אויסגאבעס — די העברעישע און רוסישע — איינצייטיק, און דער פארלאג „מוריה" וועט זיין אייער ארויסגעבער. אינגיכן וועלן מיר אריבערגיין צו אן ארט, וווּ מיר וועלן קאנען אפסניי אופשטעלן אונדזערע צעשטערונגען און באנייען אונדזער ארבעט, און דאן וועלן מיר גלייך צוטרעטן צו זעצן פארן דרוק אייער בוך. די באדינגונגען: צוואנציק פראצענט (20%) דעם אוטאר פון דער פרייז, וועלכע איז אנגעוויזן אפן שארבלאט. אפן כעזשבן פונעם האנאראר קאן מען אייך געבן אלס אוואנס, וויפל איר וועט פאדערן. דער כאווער קריינין, וועלכער וועט אינגיכן קומען קיין פעטערבורג און מיט וועלכן איך האב פארשיידענע כעזשבוינעס, וועט אייך געבן אף מיין כעזשבן א געוויסע סומע. אויב איר זייט מאסקים, שרייבט אין אייער ענטפער: „יא", און דער איניען איז פארטיק.

אלזא, איך דערוואַרט די קאפיעס פון שלוימע בען־גאביראלס לידער און אייער פאזיטיוון ענטפער אף מיין פארשלאג.

פארענדיקן וועל איך מיט א בראכע לעקאוועד דעם נאענטן יאמטעוו[1].

אייערער מיט פריינטשאפט

כ.־נ. ביאליק

## בריוו נומ. 4

11/V 1921, מאסקווע

מיין טייערער פריינט הער י. צינבערג!

איך האב באקומען דאס פעקל קסאווים, וועלכע איר האט מיר מיט אייער ליבלעכקייט צוגעשיקט. מיין סימכע איבער דעם האט קיין גרענעץ ניט. נעמט זשע צו גלייך אויך מיין דאנקבארן ווונטש, וועלכער האט אויך קיין גרענעץ ניט. זיכער, אז אן די דערגאנצונגען, וועלכע איר האט צוגעשיקט, וואלט די אויסגאבע געווען זייער א פארדארבענע און א באשעדיקטע. איך וועל אייך זיין זייער דאנקבאר, אויב איר וועט זיין אזוי גוט מיר איבערגעבן דורך א שאליעך — דארט, וווּ איך וועל זיין, — אויך די איבעריקע דערגאנצונגען, ווי אויך די אויסבעסערונגען, וועלכע איר וועט געפינען אין קסאוויאדן, צו די שוין אנגעדרוקטע לידער.

נעכטן האב איך באקומען א דערלויבעניש פאר די אדעסער העברעישע שרייבער פארן קיין ערעץ־יִסראעל, און הייַנט בין איך א „באל־סימכע". מארגן אדער שאבעס וועלן מיר ארויספארן פון מאסקווע און גאנץ מעגלעך, אז מיר וועלן זיך אהין אומקערן אין דריי וואכן ארום, ווען מיר וועלן ארויספארן פונעם לאנד, ווייל מיר פלאנירן פארן דורך לעטלאנד.

דער פארלאג „מוריה" וועט גערטוילייך נעמען אף זיך די אויסגאבע פון אייער בוך „די געשיכטע פון דער העברעישער ליטעראטור". איך האב באר פולמעכטיקט אונדזער פריינט, דעם הער קריינין, ריידן מיט אייך וועגן דאזיקן איניען. און ער, לויט דעם, ווי ער האט מיר געזאגט, האט מיין באקאשע אויסגעפילט. יעדפאלס, ס'איז נאך פאראן צייט צו ריידן וועגן איינצלהייטן. נאר ביכלאל זייט וויסן, אז „מוריה" וועט זיין דער ארויסגעבער פון אייער בוך. „מוריה" וועט דייגענען פאר דער פארם און פארפולקומונג פונעם בוך סיי אינערלעך און סיי אויסערלעך.

מיטן ווונטש פון שאלעם און גליק
אייער גרויסער פארערער
כ.־נ. ביאליק

פ.ס. ווי עס ווייַזט אויס, וועל איך זיך פארהאלטן — אין מיין וועג קיין ערעץ־יִסראעל — ארום צוויי־דריי כאדאשים אין בערלין, און דארט וועט איר מיך געפינען.

## בריוו נומ. 5

בערלין, דעם 4 אויגוסט 1924
דעם הער יִסראעל צינבערג
אין לעניגראד

איך האב באפוילן שיקן צו אייך איין עקזעמפליאר פונעם בוך „שלוימע בען־גאביראל, ערשטער באנד, וועלטלעכע לידער", וואס איז ארויס פונעם דרוק אין אנהייב פון די זומערדיקע טעג, און איך בין זיכער, אז איר וועט אים באקומען בעשאלעם, אן וועלכע ס'איז שלעכטע פאסירונגען. מיר, פארשטייט זיך, האבן דערמאנט אייער נאמען צום גוטן פיל מאל סיי אינעם פארווארט צום בוך, סיי אין די באמערקונגען און קאמענטארן, וועלכע געפינען זיך נאכן סאף פונעם הויפטטעקסט, לעבן יעדער ליד באזונדער, וועלכע איר, מיט אייער ליבלעכקייט, האט אונדז צוגעשטעלט פון דער פירקאוויטשער זאמלונג. געוויס וועט אייך אנגענעם זיין צו זען, אז אייער הילף איז ניט געווען אומזיסט, פונקט אזוי, ווי אונדז וועט זיין אנגענעם אויסהערן אייער מיינונג וועגן אונדזער ארבעט ביכלאל און וועגן די באמערקונגען און די אויסבעסערונגען צו די לידער, וועלכע איר האט אונדז מיטגעטיילט.

דער צווייטער באנד, די ליטורגישע לידער, איז אויך איבערגעגעבן אין דרוק אין ערעץ־יִסראעל, און מיר האפן אים צו זען אפגעדרוקט אין סאף פון די הייַנטיקע זומער־טעג. מיר וואלטן זייער, זייער דאנקבאר געווען אייך, ווען איר זאלט

[1] געמיינט: פייסעך.

מיט אײַער ליבלעכקײַט מיר צושטעלן לויטן אַדרעס, װעלכער פֿאָלגט װײַטער, אויך די איבעריקע לידער, סײַ פֿולע, סײַ פֿראַגמענטירטע, סײַ אַלטע, װעלכע זײַנען שוין געדרוקט געװען, סײַ נײַע, װעלכע זײַנען ניט פּובליקירט געװען. מיר װאָלטן זיי אַלע געבראַכט אין אײַער נאָמען אינעם צװייטן באַנד. דאָס, װאָס עס איז שײַך צום הויפּטאַרײַן, און װאָס איז שײַך די בײַלאַגעס — װעט צו זיי אַרײַן. דערמיט װעט איר זיך באַגיין מיט כעסעד סײַ צום אָנדענק פֿונעם גאָען פֿון די דיכטער פֿון שפּאַניע, סײַ צו דער העברעיִשער װיסנשאַפֿט און סײַ צו אײַערע דינער, די צוזאַמענשטעלער פֿונעם בוך. דעם מאַטעריאַל קאָנט איר מיר איבערשיקן גלײַך אויף מײַן נאָמען אין ערעץ־ייִסראָעל, אַהין, װוּ איך װעל זיך אומקערן אין עטלעכע טעג אַרום, װײַל דאָ געפֿין איך זיך בלויז צײַטװײַליק, אין צוזאַמענהאַנג מיטן היילן זיך.

צי האָט איר װען־עס־איז געהאַלטן אין דער האַנט די יוביל־אויסגאַבע „ניר דוד" (דאַװידס פֿאַראַקערט פֿעלד) לעקאָװעד דעם יובילײ פֿונעם קאָפּענהאַגענער געלערנטן דאַװיד סימאָנסען?[1] דאָרטן האָב איך פּובליקירט זעקס לידער, באַגלייט מיט נעקודעס, באַמערקונגען און קאָמענטאַרן, װעלכע איר האָט אָפּגעפֿונען, װי איך געמאַכט אייניקע אויסבעסערונגען. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז איך האָב דאָרט אָנגערופֿן אײַער נאָמען אַלס אַנטפּלעקער פֿון דער דאָזיקער טײַערער מעציִע. דאָרט האָב איך אויך אויספֿירלעך דערציילט װעגן אײַער הילף מיר װעגן און איר געשיכטע.

און װאָס מאַכט גאָט אַצינד מיט אײַך? איך דערמאָן מיך, אַז מיר האָבן געהאַט אַ שמועס װעגן אײַער בוך „די געשיכטע פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור" — צי האָט איר די אַרבעט פֿאַרענדיקט? צי איז בײַ אײַך פֿאַראַן אַן איבערזעצונג פֿונעם בוך אין העברעיִש? אויב יאָ — עפּשער װאָלט איר די איבערגעשיקט צו אונדז, װאָלטן מיר געקאָנט די באַטראַכטן.

עס טרעפֿט זיך, אַז עס גאַנװעט זיך אַרײַן צו אונדז גאַנץ זעלטן אַ קלאַנג װעגן אײַער װיסנשאַפֿטלעכער און ליטעראַרישער טעטיקײַט דאָרט אין לענינגראַד, נאָר דאָס ביסל באַפֿרידיקט ניט. אײַער אַרטיקל אין „יעװרייסקאַיאַ מיסל"[2] האָט מען אונדז געגעבן, נאָר דעם זאַמלבוך גופֿא האָב איך ניט געזען. פּונקט אַזוי האָט מיר ניט געגליקט ביז הײַנט־צו־טאָג צו זען דעם זאַמלבוך „יעװרייסקאַיאַ סטאַרינאַ". אויב איר װעט אונדז קאָנען געבן די דאָזיקע זאַמלביכער אָדער אַנדערע ביכער פֿון אַזאַ מין אַרט, געװידמעט דער העברעיִשער װיסנשאַפֿט, װעלכע זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געװאָרן בעמעשעך פֿון די לעצטע דרײַ יאָר, װעט עס פֿאַררעכנט װערן אײַך פֿאַר אַ גרויסער מיצװע.

[1] דאַװיד סימאָנסען (1853—1932) — אַ מיזרעך־פֿאָרשער, אויטאָר פֿון װיסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען װעגן פּאַלמירער אויפֿשריפֿטן. זײַן רײַכע ביבליאָטעק האָט ער איבערגעגעבן בעיערושע דער מעלוכישער ביבליאָטעק אין קאָפּענהאַגען.

[2] Цинберг Сергей. Из неопубликованного дивана Соломона Габироля. — Еврейская мысль, Петроград, 1922, с. 13—20.

איך װינטש אײַך און אַלע צוגעהעריקע צו אײַך אַן אַרבעט מיט שאָלעם און גליק.

אײַער הויכשעצער

כ.־נ. ביאַליק

מײַן שטענדיקער אַדרעס פֿאַר בריװ און פֿאַר ביכער־באַנדעראָלן:
Palästina, Jaffa, Tel-Aviv, Ch. N. Bjalik.

## 2. ביאַליקס אומבאַװוּסטע בריװ צו ד. מאַגידן

### בריװ נומ. 6

כאָל־האַמויעד פּייסעך, יאָר 1685,[1] טעל־אָװיװ
דעם הער דאַװיד מאַגיד אין לענינגראַד

מײַן טײַערער הער,

אײַער בריװ האָב איך באַקומען. איך פֿריי זיך שטאַרק, װאָס גאָט האָט געװירקט, אַז אַזאַ מענטש, װי איר, זאָל זיך אָנשטויסן אויפֿן איבערבלײַב פֿון די לידער פֿון שלוימע איבן־גאַבירואָל און איר זאָלט זיי ברענגען די געולע. און איך װעל טאָפּלט זײַן צופֿרידן צו װערן אײַער שותּף און ברענגען די פּרוכט פֿון אײַער אַרבעט פֿאַרן קאָהאָל לייענער. עמעס, איידער איך װעל באַקומען אײַער אַרבעט גופֿע, װייס איך נאָך ניט אויף געװיס, װאָס פֿאַר אַ פֿאָרם איך װעל אויסקלײַבן פֿאַר איר פּובליקאַציע. איר מעגט אָבער זיכער זײַן, אַז די אַרבעט װעט ניט פֿאַרזוימט װערן בײַ מיר, און װי נאָר זי װעט אָנקומען, װעל איך געפֿינען דעם געהעריקן װעג, װיאַזוי איבערגעבן די פּרוכט פֿון אײַער אַרבעט פֿאַר דער עפֿנטלעכקײַט, חויכע מאַכן מיט איר די אַלע, װאָס פֿרייען זיך מיט יעטװידן נײַעם שריט אויפֿן געביט פֿון פֿאָרשן אונדזער מיטלאַלטערלעכע העברעיִשע דיכטונג.

איך בין אײַך אויך מודיִע, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק איז דערשינען דאָ, אין ערעץ־ייִסראָעל, אין דער אויסגאַבע פֿונעם פֿאַרלאַג „דביר" (לייען: דוויר) אויך דער צװייטער באַנד לידער פֿון שלוימע איבן־גאַבירואָל (דאָס איז דער באַנד מיט דער ליטורגישער דיכטונג), רעדאַקטירט דורך מיר און דורך מײַן כאַװער י.־כ. ראַװניצקי. אין דער נאָענטסטער צײַט װעט אויך דערשײַנען דער צוגאָב־בוך צו שלוימע איבן־גאַבירואָלס לידער, װוּ עס װעלן זײַן אייניקע צוגעגעבענע פּיוטים צוזאַמען מיט פֿאַרשיידענע טאַבעלעס און רעשימעס, װי אויך אַן אַרײַנפֿיר אַזאַ. מיר װעלן צופֿרידן זײַן, אויב איר װעט אונדז דערלויבן אײַנשליסן אין דאָזיקן בוך צוגאָבן פֿון דעם, װאָס אײַך איז געלונגען צו פֿאַנגען אין אײַער נעץ לויט די קסאַװיאַדן, װעלכע געפֿינען זיך אין אײַער װוינאָרט. פֿאַרשטענדלעך, אַז מיר װעלן אַלץ ברענגען אין אײַער נאָמען, און מיט דאַנקבאַרקײַט.

איך און מײַן כאַװער ראַװניצקי װאָלטן מיט פֿרייד דערלאַנגט דעם הער ייִסראָעל צינבערג און אײַך ביידע בענדער לידער פֿון שלוימע איבן־

[1] דער שטאַמפּ פֿון דער טעל־אָװיװער פּאָטשט אויפֿן קאָנװערט באַטײַט: 14 אַפּרעל 1925.

גאביראַל. נאָר דער ערשטער פּרוּוו, וועלכן מיר האָבן געמאַכט — שיקן אײַך דורך דער פּאָטשט דעם ערשטן באַנד — איז ניט געלונגען. עפּשער קאָנט איר אַן אייצע געבן: וואָס טאָן? וויאַזוי קאָן מען געבן א העברעיִשן וויסנשאַפטלעכן בוך א מענטשן, וועמענס ספּעציאַליטעט איז וויסנשאַפט און וווינט אין רוסלאַנד? שוין וושע איז קיין אייצע ניט פאַראַן?

צולעצט האַלט איך פאַר נייטיק אײַך באַמערקן, אַז ווען איר וועט שיקן אײַערע קסאַוויאַדן, דאַרפט איר זיך לאָזן א קאָפּיע, ווײַל ווער ווייסט, וואָס עס קאָן מיט זיי געשען אין וועג?

איך דערוואַרט אײַער דרינגענדיקע טשוווע, באַגלייט מיט אײַערע קסאַוויאַדן.

אײַער פאַרערער, וואָס שעצט הויך אײַער טעטיקייט

כ.־נ. ביאַליק

מײַן אַדרעס: כ.־נ. ביאַליק, טעל־אָוויוו, פּאַלעסטינע.

## בריוו נומ. 7

טעל־אָוויוו, דעם 22 טאַמוז 685, 14.7.25.

דעם הער דאַוויד מאַגיד אין לענינגראַד — שאָלעם און גליק!

מײַן כאַשעווער הער!

די ערשטע זאַמלונג לידער פון שלוימע איבן־גאביראַל האָב איך באַקומען העכטצײַטיק און גראַטולירט אײַך פאַר אײַער געשיקטקייט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איך וועל זיך באַמיִען צו געפינען אַן אָרט פאַר דער זאַמלונג אין איינעם פון די זאַמלביכער: „השלח"[1] אָדער „ספר השנה"[2], וועלכער ווערט איצט צוזאַמענגעשטעלט אין ערעץ־ייִסראָעל און וועט אַרויס פונעם דרוק סאָף הײַיאָר. ווײַבאַלד עס וועט זיך געפינען אַן אָרט פאַר אײַערע מאַטעריאַלן, וועט איר, נאָך זייער פּובליקאַציע, געווים באַקומען דעם האָנאָראַר.

דורכקוקנדיק די זאַמלונג, האָב איך דאָרט אײַנגעפונען עטלעכע אומבאַוווּסטע לידער ביכלאַל, ווי אויך אייניקע, וועלכע זײַנען דערמאָנט אין דער באַוווּסטער רעשימע פון נייבאַוערן[3]. יעדנפאַלס, אונדז איז ליב יעדער נײַער פּערז, און אַפילע יעדער נײַער וואַריאַנט צו אַן אַלטן פּערז פון לידער, וועלכע האַלטן אין איין אַנקלײַבן זיך

[1] השלח (לייען: האַשילאַך) — א פּעריאָדישע אויסגאַבע, וועלכע האָט, מיט אייניקע האַפּסאָקעס, עקזיסטירט אין די יאָרן 1897 — 1927. אָנגערופן לויטן נאָמען פונעם קאַנאַל אין דאָרעם־מיזרעכדיקן עק פון יערושאָלאַיִם, אין וועלכע דאָס וואַסער איז געפלאָסן זייער לאַנגזאַם (יעשײַע 8, 6. געשריבן אינעם 8־טן י.ה. פאַר אונדזער צײַט־רעכענונג).

[2] „ספר השנה" (יאָרבוך) — דערשינען אין די יאָרן 1922—1925/26 אַלס אויסגאַבע פונעם העברעיִשן שרײַבער־פאַריין מיטן אָנטייל פון ביאַליקס פאַרלאַג „דביר" (דוויר).

[3] נייבאַוער א. (1831—1907) א געניזע־פראַגמענט. — אינעם בוך: געדענק־בוך צור ערינערונג אַן דאַוויד קאַופמאַנן. ברעסלאַו, 1899/1900, ז. 279—287.

צו די שוין באַוווּסטע פון שלוימע איבן־גאביראַל. א גרויסער זכוס וועט זיך באַקומען דורך אַזאַ געערכטן מענטשן, ווי איר, אויב איר וועט אונדז מיטהעלפן מיט אײַער מאַטעריאַל, קעדיי דערמעגלעכן צו אויסבעסערן און פאַרפולקומען דעם דיוואַן פון שלוימע איבן־גאביראַל, וועלכן מיר פּובליקירן. אין ביידע בענדער, וועלכע מיר האָבן פאַרעפנטלעכט, זײַנען אײַנגעזאַמלט קימאַט אַלע זײַנע וועלטלעכע און ליטורגישע דיכטונגען, וועלכע מיר האָבן באַקומען ביזן פאַריקן יאָר. איצט האָט זיך בײַ אונדז אָנגעזאַמלט פון וויכטיקע מעקוירים א ביסל נײַע מאַטעריאַלן. אין די נאָענטסטע כאָדאָשים גרייטן מיר זיך צו פאַרעפנטלעכן א באַנד מיט פאַרפולקומונגען. דעריבער אײַלן מיר אײַך צו אונדז צושיקן וואָס פריִער די איבעריקע מאַטעריאַלן, וועלכע געפינען זיך בײַ אײַך, פּולקום, אָן א וועלכן־ניט־איז איבערבלײַב. אינעם פאַרפולקומונגען־באַנד וועלן מיר, אין אײַער נאָמען, ברענגען אַלץ, וואָס מיר וועלן געפינען אַלס פּאַסיק פאַר אונדזערע איניאָנים. אײַער האָנאָראַר וועט ניט באַוואָלט ווערן.

ביידע בענדער מיט די לידער פון שלוימע איבן־גאביראַל זײַנען אָפּגעשיקט געוואָרן צו אײַך לויטן אַדרעס, וועלכן איר האָט געגעבן. די קאַנצעלאַריע פון „דביר" וועט אײַך אַרויסשיקן אַלע נייטיקע סימאָנים פון די לידער[1], וועלכע איר האָט געפאָדערט. איצט זײַט אַזוי גוט און קוקט דורך די ביכער, און זאָגט אַרויס אײַער מיינונג. געווים וועט איר אײַנגעפינען באַמערקונגען, און עפּשער אויך, וואָס עס פאָדערט זיך איבערשרײַבן אַפּסנײַ. מיט פאַרגעניגן וועלן מיר אָננעמען אײַערע ריכטיקע באַמערקונגען, קעדיי זיי אײַנשליסן אינעם פאַרפולקומונגען־באַנד. יעדנפאַלס, זאַמט זיך ניט אינעם צוזאַמענשטעלן די איבעריקע זאַמלונגען פון שלוימע איבן־גאביראַלס לידער לויט האַרקאַווי[2] און פּירקאָוויטשעס קסאַוויאַדן־קאָלעקציעס[3] און זיי וואָס גיכער שיקן צו מיר, ווײַל „איבער אײַך פאַרהאַלט זיך די שכינע", „איבער אײַך פאַרהאַלט זיך דאָס פאָלק ייִסראָעל".

ווען איך וועל זיך זען מיט שמועל אײַזנשטאַדטן[4], וועל איך אים איבערגעבן אײַערע ווער־

[1] געמיינט: א נומערירטע רעשימע פון לידער פון שלוימע איבן־גאביראַל לויט ביאַליק־ראַווניצקיס אויסגאַבע.

[2] וועגן א. האַרקאַוויס קסאַוויאַדן־זאַמלונג זע פאָרוואָרט.

[3] די מערהײַט פון ביידע פּירקאָוויטשעס זאַמלונגען געפינט זיך אין דער קסאַוויאַדן־אָפּטיילונג פון דער לענינגראַדער עפנטלעכער ביבליאָטעק.

[4] שמועל אײַזנשטאַדט (1886 — ?) — פאַרוואַלטער פון דער העברעיִש־ייִדישער אָפּטיילונג פון דער רומיאַנצעווער (איצט: לענין־)ביבליאָטעק אין מאָסקווע אין די יאָרן 1916—1925, איינער פון די אַקטיווע טוער פונעם ייִסראָעלדיקן שאָלעם־קאָמיטעט, ווי אויך פון דער ייִסראָעלדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איר קאַנדידאַט אויפן פּאָסט פון פּרעזידענט פון ייִסראָעל נאָכן טויט פון כ. ווייצמאַן. ער האָט פאַרעפנטלעכט א ריי ווערק אין העברעיִש, ייִדיש, רוסיש און דײַטש, הויפּטזאַכלעך אויף די געביטן פון

טער און דעם פּאַרוואָרף. עפּשער וועט ער דאָ, אין ערץ־ישׂראל, טשוועטשען און פאַריכטן זײַן אַלע בענגײיע אײַך. איך וועל אויך איבערגעבן פון אײַך אַ גרוס אונדזער פרײַנט הער מאָרדכי זאַקס, איך וועל באַ אים פרעגן, וואָס איז געשען מיטן בריוו, וועלכן איר האָט מיט אים געשיקט פאַרן הער מאָרדכי בען־הילעל. דער פּראָפ. שאָר[1] איז נאָך ניט אָנגעקומען קיין ערץ־ישׂראל. מיר דערוואַרטן אים, נאָר ווער ווייסט, ווען ער וועט קומען.

מיט גרויס קאָוועד
כ.־נ. ביאַליק

## בריוו נומ. 8

טעל־אַוויוו, דעם 16 כעשווען 686 יאָר (=3 נאָיאַבער 1925)

דעם הער ד. מאַגיד אין לעני־נגראַד.
מײַן כאָשעווער הער!

פון דער ערשטער באַנדעראָל, וואָס איר האָט געשיקט מיט שלוימע איבן־גאַבירעָלס לידער, זײַנען 11 פון זיי צוזאַמען מיט אײַערע באַמערקונגען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינעם „ספר השנה״ (יאָרבוך) פון ערץ־ישׂראל[2]. מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז דורך אײַער פרײַנט הער זאַקס אײַך איבערגעשיקט געוואָרן דער האָנאָראַר — פינף פונטן. געווים האָט איר אים שוין באַקומען, און מיר וווּנדערן זיך, וואָס איר האָט עס ביז איצט ניט באַשטעטיקט. איך וועל זיך באַמיִען צו אַנדעראָל, יעדנפאַלס, פאַרשפּעטיקט ניט מיטן צושיקן מיר די איבעריקע לידער, וועלכע איר פאַרמאָגט. שיקט אַלע ביזן סאָף, אָן קיין שום רעשט, און מיר וועלן זיך באַמיִען פאַרגיכערן דעם פּראָצעס פון זייער פאַרעפנטלעכונג אין אַ באַזונדער אויסגאַבע אַלס אַ פאַרפולקומונג צו ביידע פאַריקע בענדער (פון שלוימע איבן־גאַבירעָלס לידער).

אין גאָטס נאָמען! צי איז בעעמעס ניט פאַראַן קיין שום מיטל אײַך צושיקן די אויסגאַבע פון די לידער פון שלוימע איבן־גאַבירעָל אָדער דעם „ספר השנה״, ווו עס זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן מאַטעריאַלן פון אײַער באַנדעראָל. אַלע אונדזערע באַנדעראָלן, וועלכע מיר האָבן אײַך געשיקט, סײַ רעקאָמענדירטע, סײַ ניט־רעקאָמענדירטע, האָבן זיך אומגעקערט צו אונדז צוריק אָדער פאַרפאַלן געוואָרן אין וועג. ניט שוין זשע איז אין אײַער געבענטשטן לאַנד אַפילו דערגאַנגען דער כייעם אין באַצוג צו דער העברעיִשער שפּראַך?

איך דערוואַרט אַ דרינגענדע טשוווע.
מיט שאָלעם און גליקוווּנטשן

כ.־נ. ביאַליק

## בריוו נומ. 9

טעל־אַוויוו, דעם 28 יון 1927
לעני־נגראַד
מײַן טײַערער הער!

איך האָב ווידער ניט זוכע געווען צו באַקומען אַן ענטפער אַף מײַן לעצטן בריוו. לויט דעם, וואָס איר האָט מיר געשריבן אין אײַער בריוו, זײַט איר גרייט געווען מיר צושטעלן פאַרן לעצטן בוך פונעם פאַרפולקומונגען־באַנד אַלע לידער, וועלכע געפינען זיך באַ אײַך לויט דער רעשימע, וועלכע איך האָב אײַך געשיקט. אַזויאַרום, דאַרף איך וויסן, צי האַלט איר זיך באַ אײַער באַשלוס, אָדער ניין. צי קאָן איך האָפן באַקומען די לידער פולקום אָדער טיילווײַז בעמעשעך פון פינף וואָכן פון דער אויבנגעבראַכטער דאַטע, אָדער ניין.

דער ערשטער בוך פונעם פאַרפולקומונגען־באַנד איז שוין אָפּגעדרוקט, און אין אַ וואָך אַרום וועט ער אַרויסגעשיקט ווערן צו די אַבאָנענטן. אין פאַריקן בריוו האָב איך אײַך געבעטן, איר זאָלט מיר אָנווײַזן, וויאַזוי זאָלן מיר אײַך געבן איין עקזעמפּליאַר אָדער צוויי פונעם פאַרפולקומונגען־באַנד, און איר האָט אַפילע דערויף ניט געענטפערט. דאָס דאָזיקע שווײַגן וווּנדערט מיך זייער, און איך בין געניגט צו מיינען, אַז ס'איז פאַראַן אַ סיבע הערצו.

אויב בעמעשעך פון פינף וואָכן פונעם טאָג, וואָס איז אָנגעשריבן העכער, וועל איך ניט באַקומען קיין טשוווע, וועל איך זײַן געצווווּנגען צו פובליקירן די צווייטע העלפט פונעם באַנד אָן אײַך, אַזוי, ווי איך האָב אײַך געשריבן אינעם פאַריקן בריוו. אין דער ערשטער העלפט האָבן אָנטיילגענומען דער פּראָפ. ייִסראָעל דאַווידזאָן[1] פון ניו־יאָרק, כאַיִם בראָדי[2] און אַנדערע. אין דער

---

יוריספּרודענץ און שפּראַכקענטעניש. אין מאַגידס פאָנד איז פאַראַן אַן איינסל (פאָנד 85, באַשרײַבונג 1, נומער 74), וואָס אַנטהאַלט מאַגידס אַ פּאַרטרוײַשײַן פאַר אַן אַדוואָקאַט אַף צו פאָדערן פון אײַזנשטאַדטן 80 גאָלדענע רובל פאַרן אַרטיקל „משלי (די מעשאָלים פון) רבי שלמה אבן גבירול״.

[1] מוישע שאָר (1874—1942) — פּראָפ. פון מיזרעך־קענטענישן; צוערשט אין לוואָוו, דערנאָך אין וואַרשע. אַווטאָר פון ווערק איבער דער געשיכטע פון די ייִדן אין פוילן, ווי אויך אין די אַלטערטימלעכע באָוול און אשור.

[2] מגיד ד. מדיואן של (פונעם דיוואַן פון) ר׳ שלמה בן גבירול — אינעם „ספר השנה״ פאַרן 2־טן און 3־טן יאָרגאַנג, 1926, ז. 181—189.

[1] דאַווידזאָן, י. (1870—1939) — אַווטאָר פונעם קלאַסישן ווערק „אוצר השירה והפיוט״ („דער אוצער פון דער דיכטונג און פּיִעט״ אין 4 בענדער, 1924 — 1932, מיט אַ בײַלאַגע 1937/8). געשריבן אין ענגליש עטלעכע אַרבעטן וועגן שלוימע איבן־גאַבירעָלס דיכטונג.

[2] בראָדי, כ. (1868—1942) — איינער פון די גרעסטע פאָרשער פון דער העברעיִשער מיטלאַלטערלעכער פּאָעזיע בכלל און שלוימע איבן־גאַבירעָלס ביפּראַט. אין 1897, 1900 האָט ער פאַר־

לעצטער העלפט פונעם באנד וועלן אַנטײַלנעמען נאָך אַנדערע געלערנטע איִסער זיי. אויב אײַער נאָמען וועט צווישן זיי אויסגעמיטן ווערן, וועט איר זײַן דער שולדיקער.

אײַך זאָג איך: שאָלעם און גליק!

דער דערוואַרטער אײַער דרינגענדיקע טשוווע
כ.־נ. ביאליק

בריוו נומ. 10

טעל־אַוויוו, דעם 30 מײַ 1928
דעם געערטן
פּראָפ. דאַוויד מאַגיד
לענינגראַד

כאַשוווער הער!

הײַנט האָב איך פאַראָרדנט צו שיקן אײַך דעם ערשטן באנד (צוויי ביכער) לידער פון מוישע איבן־עזראַ. איך וועל אײַך זייער דאַנקבאַר זײַן, אויב איר וועט זײַן אַזוי גוט און באַשטעטיקן דאָס באַקומען פונעם בוך.

מיט גרויס קאָוועד
כ.־נ. ביאליק

בריוו נומ. 11

טעל־אַוויוו, דעם 19 פעברואַר 1930
צום געערטן
פּראָפ. דאַוויד מאַגיד
לענינגראַד

מײַן הויכגעשעצטער פרײַנט!

איך האָב זיך איצט באַפרײַט, קעדיי אײַך ענט־פערן אויף אײַער לעצטן בריוו.

אײַער אַרבעט איז, פאַרשטייט זיך, געוווּנטשן פאַר אונדזערטוועגן. מיר קאָנען אָבער ניט בײַ־שטיין דעם באַדינג, וועלכן איר שטעלט. דעם עמעס געזאָגט, איז דאָך אונדזער אַרבעט א באַ־שטימטע און האָט געוויסע גרענעצן. ווי זשע קאָנען מיר צאָלן פאַר אײַער אַרבעט א סטאַבילן כווידעשלעכן געהאַלט? פאַר אײַך און פאַר אונדז קאָן בעסער ניט זײַן, ווי פאַרזעצן די אַרבעט לויט די פּאַריקע באַדינגונגען, זײַענדיק דערבײַ פּולקום זיכער, אַז מיר וועלן, כאָלילע, ניט באַאוולען אײַער באַלוינונג. אַדרעבע, מיר וועלן זיך באַ־מיִען נאָכגעבן. ס׳איז פאַראַן אפילע א האָפענונג, אַז מיר וועלן געפינען אַן אויסוועג, איר זאָלט דאָס געלט באַקומען פּולקום, אָן קיינע פאַרלוסטן.

דער זעקסטער באַנד פון „רשמות" איז שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן און איז איבערפולט מיט פײַנע מאַטעריאַלן. מיר וועלן זיך באַמיִען, ער זאָל אָנקומען צו אײַך. אַציינד טרעטן מיר צו צונויפ־שטעלן דעם זיבעטן באַנד. מיר געדענקט זיך, אַז איר האָט מיר געשריבן, אַז איר פאַרמאָגט פיל

עפנטלעכט צוויי העפטן אונטערן טיטל: „שיר השי־רים". ספר כולל כל שירי החול אשר שר... שלמה בן יהודה אבן גבירול" („דאָס געזאַנג פון געזאַנ־גען. א בוך, וועלכער נעמט אַרום אַלע וועלטלעכע לידער, וועלכע ס׳האָט פאַרפאַסט שלוימע איבן־גאַ־בירואָל").

פּאָסיקע מאַטעריאַלן פאַר „רשמות". דעריבער עפנט אײַער אייצער און שיקט אונדז צו דאָס בעסטע, וואָס איר פאַרמאָגט, און אײַער לוין וועט זײַן א פולקומער.

אויב איר זײַט מאַסקים צו פאַרזעצן די אַרבעט מיט אונדז, זײַט אַזוי גוט און קאָפּירט פאַר אונ־דזערטוועגן אָדער פאָטאָגראַפירט ניט קיין פּובלי־קירטע פּיוטים פון מוישע איבן־עזראַ און שטעלט זיי אונדז צו וואָס פריִער.

דער פּראָפעסאָר שאָר און זײַן טאָכטער האָבן זיך שטאַרק דערפרייט פון אײַער ווונטש און שיקן אײַך א זײַבנפאַכיקן.

אײַער געטרײַער פרײַנט, וועלכער שעצט אײַך זייער הויך.

כ.־נ. ביאליק

### 3. דורכגעלאָזענע טעקסטן אין די בריוו פון כ.־נ. ביאליק צו ד. מאַגידן אין פ. לאַכאָווערס אויסגאַבע פון ביאַליקס בריוו

(12) בריוו נומער 483 פונעם 6 סענטיאַבער 1925.

פעלן: 1. אינעם ערשטן אַבזאַץ. „לפי שעה מסרתי למר זקס המש לי״מ על מנת להמציאן אליך בתורת שכר־סופרים, והוא יעשה שליח למסירה את אחיו בלנינגרד. הדרך הזאת היא, לדעתי, הקצרה ביותר ואתה תבוא על שכרך לפי שעה במהרה". (דערווײַל האָב איך איבערגעגעבן דעם הער זאַקס פינף מיצרישע לירעס, קעדיי ער זאָל זיי אײַך איבערגעבן אַלס האָנאָראַר. אַלס שאַליעך איבער־צוגעבן דאָס געלט וועט ער מאַכן זײַן ברודער פון לענינגראַד. דער דאָזיקער וועג איז, לויט מײַן מיינונג, דער קירצסטער, און איר וועט אײַניקן באַקומען אײַער צײַטווײַליקע באַלוינונג).

2. דער „פּאָסט־סקריפּטום". „נ. ב. למרות הכתבת שהורית לי לכתוב ע״ג המעטפה של הבילת ספרי שירי הרבש״ג (Дворец труда), הנה הושבו היום, אחרי חתימת מכתב זה, שני הכרכים ששלחנו לך — ואני תמה ומשתומם: האומנם אין כל עצה ותחבולה להכניס ספרי מדע נקיים כתובים עברית לארצכם? הגם ספרי שירה עתיקים, שאין בהם כלום מן הפוליטיקה, אסורים בהנאה? עוד עצה, מה נעשה כדי להמציא לך סוף סוף את שני הכרכים? כבר נסינו לשלוח שלש פעמים לצינברג ולך) — ולא עלתה בידינו. הנ״ל. רצוף בזה חלק מן המעטפה של החבילה עם חותם הגבלן: להשיב". (פ.ס. ניט געקוקט דערויף, וואָס אויף דער באַנדעראָל מיט די ביכער פון שלוימע איבן־גאַבירואָל איז געשריבן דער אַדרעס, וועלכן איר האָט מיר אָנגעוויזן (Дворец труда), האָבן זיך הײַנט, שוין נאָך דעם, ווי דער איצטיקער בריוו איז שוין געווען אונטערגעשריבן, אומגעקערט צו־ריק ביידע בענדער, וועלכע מיר האָבן אײַך גע־שיקט. איך בין באַטריבט און פאַרוווּנדערט: ניט שוין זשע איז קיין אייצע און קיין מיטל ניט פאַראַן, וויאַזוי אַרײַנברענגען אין אײַער לאַנד ריין וויסנ־שאַפטלעכע ביכער, געשריבן אין העברעיִש? צי טאָר מען ניט האַנאָע האָבן אפילע פון ביכער מיט

אַלטערטימלעכע לידער, אין וועלכע ס'איז ניט פאַראַן קיין שום פּאָליטיק? ניט אָן אײַצע, וואָס זאָלן מיר טאָן, קעדיי סאָפאָקלסאָף צושטעלן אײַך ביידע בענדער? מיר האָבן שוין דרײַ מאָל (אײַך און ציני־בערגן) געפּרוּווט שיקן זיי אײַך — נאָר אונדז איז עס ניט געלונגען. ד.ה. דאָ איז בײַגעלייגט א טייל פונעם קאָנווערט אויף דער באַנדעראָל מיטן שטעמפּל פונעם גרענעצלער: „אומקערן").

(13) בריוו נומער 500, פונעם 27 נאָיאַבער 1925.

פעלט אינמיטן דער אבזאַץ: „שכר הסופרים נשלח לך ע"י אחיו של ידידנו מר זקס. ולפי דבריו של זה במכתבו אל אחיו כבר נמסר לך השכר במלואו. אף על פי כן..." (דער האָנאָראַר איז איבערגעשיקט געוואָרן צו אײַך דורכן ברודער פון אונדזער פרײַנט, הער זאַקס... לויט זײַנע ווערטער אינעם בריוו צו זײַן ברודער, איז דער האָנאָראַר אײַך פולקום איבערגעגעבן געוואָרן. (דעריבער) וווּנדערן מיר זיך, וואָס איר האָט אויפגעהערט צו שיקן צו אונדז די איבעריקע לידער פון שלוימע איבן־גאַבירואָל, וועלכע איר פאַרמאָגט.

(14) בריוו נומ. 502, פונעם 14 דעקאַבער 1925.

דאָ פעלט דער לעצטער אבזאַץ: „את אגרות ברכותיך שמסרת לנשיא האקדמיה ביום חגה קראתי והקראתי את האחרים, והכל נחנו ש'קדשת את השם ברבים" (אײַערע גראַטולאַציעס, וועלכע איר האָט איבערגעגעבן דעם פּרעזידענט פון דער אַקאַדעמיע אינעם טאָג פון איר פײַערונג, האָב איך געלייענט און אויך פאָרגעלייענט פאַר אַנדערע. אַלע האָבן האַנאָע געהאַט, וואָס איר האָט עפנטלעך געהייליקט גאָטס נאָמען. האַלט זיך ווײַטער באַם דאָזיקן קיעדו).

(15) בריוו נומער 703, פונעם 28 יולי 1927.

דאָ פעלט א „פּאָסטסקריפּטום": „ידידך הפרופ' שור דורש בשלומך ולדבריו כתב אליך בימים האלה. שלשום יצא לחו"ל בענינים שלו, ובקרוב ישוב. גם הוא וגם מר עפל מתפלאים על שתיקתך המוזרה" (אײַער פרײַנט, דער פּראָפ. שאָר, גריסט אײַך. לויט זײַנע רייד, האָט ער אײַך די טעג געשריבן. אייערנעכטן איז ער צוליב זײַנע איניאָנים אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד. סײַ ער, סײַ דער הער עפל (?), וווּנדערן זיך איבער אײַער מאָדנעם שווײַגן.

(16) בריוו נומער 781, פונעם 27 דעקאַבער 1927.

דאָ פעלט דער לעצטער זאַץ: „עשיתי כדבריך וצויתי לשלוח אליך את שני הכרכים הקודמים של שירי רשב"ג למקטעים בתורת קורקטין. אולי ירחם" (איך האָב געטאָן אזוי, ווי איר האָט געשריבן, און האָב באַפוילן, מע זאָל אײַך שיקן די ביידע פאָריקע בענדער פון שלוימע איבן־גאַבירואָלס לידער טיילווײַז, אלס קאָרעקטורן. עפּשער וועט מען ראַכמאָנעס האָבן).

(17) בריוו נומער 969, פונעם 4 דעקאַבער 1928.

דאָ פעלט דער לעצטער זאַץ: „את הרופאת הצעירה רבקה רייכהולד אינני יודע וגם לא שמעתי את שמה. אם תבוא לידי אודיער" (די יונגע דאָקטערן ריווקע רייכהאָלד קען איך ניט און האָב איר נאָמען ניט געהערט. אויב איך וועל זיך מיט איר טרעפן, וועל איך אײַך מודיע זײַן).

(18) בריוו נומער 1075, פונעם 8 מײַ 1929.

דאָ פעלן: 1. דער ערשטער אבזאַץ: „עפ"י פקודתנו הכניס לך מר פרידמן ממוסקבה סכום מסוים של כסף ע"ח עבודתך בעבר ובעתיד. מאד נחשיק טובה לך אם תואיל לאשר לנו את קבלת הסכום" (לויט אונדזער פאַראָרדענונג האָט הער פרידמאַן פון מאָסקווע אײַך געגעבן א געוויסע סומע געלט אפן כעזשבן פון אײַער אַרבעט אין דער פאַרגאַנגענהײַט און אין צוקונפט. מיר וועלן אײַך זייער דאַנקבאַר זײַן, אויב איר וועט זײַן אזוי גוט באַשטעטיקן אונדז די דערהאַלטענע סומע).

[איך קלער, אז אײַך וועט איצט זײַן גרינגער אויספילן אונדזער באַקאָשע וועגן קריגן א פאָטאָגראַפישע קאָפּיע פונעם דיוואַן פון מוישע איבן עזראַ...]

2. די לעצטע צוויי זאַצן: „הברי מר י"ח רבניצקי וידידנו הפרופ' שור אומרים לך שלום וברכה. הננו מחכים ליתר הגהותיך לשירי הקדש של הרשב"ג" (מײַן כאַווער י.־כ. ראַווניצקי און אונדזער פרײַנט פּראָפ. שאָר ווינטשן אײַך שאַלעם און גליק. מיר דערוואַרטן אײַערע איבעריקע קאָרעקטורן צו איבן־גאַבירואָלס ליטורגישע לידער).

עס איז נייטיק איך צו באַמערקן, אז אינעם איבעריקן פאַרעפנטלעכטן טעקסט פון די בריוו דורך פ. לאַכאָווערן פעלן די אויסבעסערונגען, וועלכע כ.־נ. ביאַליק האָט געמאַכט שוין נאָכן אָנדרוקן די בריוו צו מאַגידן אויף דער שרײַבמאַשינקע.

## אויספירן

מע קאָן אונטערצײַען א סאַכאַקל וועגן ביאַליקס בריוו צו י. צינבערגן און ד. מאַגידן, פאַרעפנטלעכטע דאָ און אין „אגרות ח. נ. ביאליק", וועלכע ס'האָט צונויפגעשטעלט פ. לאַכאָווער:

1. די בריוו צו י. צינבערגן נעמען אַרום א צײַט־אָפּשניט פונעם 15 יאַנואַר 1917 (בריוו נומער 1) ביזן 19 סעפּטעמבער 1928 („אגרות...", באַנד 4). ווײַזט אויס, עס פעלט נאָך אַלץ א היפּשע (עפּשער די גרעסטע) צאָל פון ביאַליקס בריוו צו צינבערגן. א רײַע — אַן אוטאָריטעטע מעלדונג פון מ. אונגערפעלד[1], אז ביאַליק און צינבערג האָבן געפירט א געמיינזאַמע קאָרעספּאָנדענץ בעמעשעך פון 20 יאָר[2]. זײַן מעלדונג רופט ניט

[1] אונגערפעלד מוישע (1898—?) איז געווען דער ביאַליק־עקספּערט און דירעקטאָר פונעם „בית ביאליק" (ביאַליקס הויז) אין טעל־אָוויוו, אויטאָר פון עטלעכע ביכער וועגן ביאַליקן און מאַטעריאַלן פון זײַן אַרכיוו.

[2] אונגערפעלד מ., ישראל צינבערג — אינעם בוך „ביאליק וסופרי דורו" (ביאַליק און די שרײַבער פון זײַן דאָר, 1974, ז. 241—242). איך וויל אויסניצן די געלעגנהײַט און הערצלעך באַדאַנקען די מיטאַרבעטערנס פונעם טעל־אָוויווער אוניווערסיטעט ד"ר רוט שענפעלד און זיווא שאַמיר פאַרן צוגעשיקטן אַרטיקל און אַנדערע וויכטיקע מיטיילונגען.

ארויס דעם מינדסטן צווייפל. אין זײַן רעשוס זײַנען געווען בריוו פון י. צינבערגן צו ביאַליקן, וועלכע זײַנען, ווײַזט אויס, פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך מ. אונגערפעלדן זעלבסט אינעם 7־טן באַנד אין העברעיִש פון י. צינבערגס „געשיכטע פון דער ליטעראטור בא יִדן", 1971.

2. ד. מאגיד האָט בעסאכאקל דערהאלטן פון ביאַליקן 21 בריוו. אלע ביז איינעם זײַנען איצט פובליקירט. זייערע כראָנאָלאָגישע ראמען: ניט שפּעטער פונעם 14 אַפּריל 1925 (בריוו נו־מער 6) — 19 פעברואַל 1930 (בריוו נומער 11).

3. ביאַליקס בריוו צוזאמען שטיצן אונטער די טרעפלעכע כאראקטעריסטיק, וועלכע ס'האָט גע־געבן מאקסים גאָרקי ביאַליקן: „זעלטענע און פול־קומע פארקערפּערונג פונעם גײַסט פון זײַן פּאָלק".

---

# מאָטל גרוומאַן

די יִדישע סאָוועטישע ליטעראטור האָט ווידער געליטן א פארלוסט. פון נאָווגאָראָד איז אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה, אז דעם 31 דעקאבער 1988 איז דאָרט געשטאָרבן דער דיכטער מאָטל גרוומאַן.

מ. גרוומאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1916 אין נעמיראָוו, ווי־ניצער געגנט. נאָכן פארענדיקן דעם כארקאָווער עקאָנאָמישן טעכניקום האָט ער געארבעט אלס עקאָנאָמיסט. אין 1937 איז ער אוועק אין דער סאָוועטישער אר־מיי, ווו ער איז דורכגעגאנגען דעם וועג פון א סאָלדאט ביז א פּאָדפּאָלקאָווניק. אין 1938 באטייליקט ער זיך אין די שלאכטן בא כאסאן, און אָנהייבנדיק פונעם 1941, איז ער אף די פראָנטן פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע. באלוינט מיט 14 אָרדענס און מעדאלן. נאָך דער דעמאָביליזאציע באזעצט ער זיך אין לענינגראד, שפּעטער — אין נאָווגאָראָד. אין משך פון פיל יאָרן ארבעט ער אין דער סיסטעם פון בוך־האנדל.



אין דער ליטעראטור האָט מ. גרוומאַן דעביוטירט אין 1930 מיט א ליד אין דער כארקאָווער יִדישער קינדער־צײַטונג „זײַ גרייט", אין די ווײַטערדיקע יאָרן דרוקט ער לידער אין די צײַטונגען „יונגע גווארדיע", „דער שטערן", „פּראָלעטארישער עמעס", „ביראָבידזשאנער שטערן", „אייניקײַט", אין די זשורנאלן „פאָרפּאָסט", „היימלאנד", „שטערן". ווען ס'האָט אָנגעהויבן דערשײַנען „סאָוועטיש היימלאנד", ווערט ער אַן אקטיווער אוטאָר פונעם זשורנאל. שוין אין ערשטן נומער איז ער פאָרגעשטעלט מיט דער ליד „לענינגראד".

מאָטל גרוומאַנס הויפּט־טעמע איז געווען דאָס געשטאלט פונעם העלדישן סאָלדאט אין דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע. באזונדערס האָט זיך צעבליט זײַן טאלאנט אין די לעצטע יאָרצענדליקער. כוץ פּאָעטישע ווערק, דרוקט ער קינסטלערישע פּארצייכענונגען. אין 1983 דערשײַנט אין מאָסקווער פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" זײַן לידער־זאמלונג „יאָרן פון געוויטער". דער לענינגראדער ביכער־פארלאג „לעניזדאט" גיט ארויס אין 1986 זײַן פּאָעטישע זאמלונג אין דער איבערזעצונג אף רוסיש.

מ. גרוומאַן איז אין משך פון פיל יאָרן געשטאנען בעראָש פון דער נאָווגאָראָדער אָפּטיילונג פון דער אלפארבאנדישער געזעלשאפט „ביכער־ליבהאָבער". ער איז אויך ארויסגעטראָטן אלס לעקטאָר איבער פראגן פון ליטעראטור און קונסט.

קאָוועד זײַן אָנדענק!





פראָפ. נ. מ. ניקאָלסקי


# דאָס אוראַלטע פאָלק ייִסראָעל

## 4. די בניי־ייִסראָעל נעמען איַין דאָס לאנד קנאַאן

דאָס איז געשען אַן ערעך מיט 1400 יאָר פאַר יעשועס געבוירן. ענג איז געוואָרן די שוואָטים פון די בניי־ייִסראָעל: די צאָל פון זייערע געצעלטן איז געוואָרן א סאך גרעסער, און פאַרמערן זייערע סטאַדעס זיַינען זיי ניט געווען אימשטאנד, וויַיל צו ווייניק פוטער האָט געגעבן דער מידבער. און פון דאָרעם־מיַירעוו־זיַיט האָבן אַף זיי געשפּאַרט אַלץ נײַע שוואָטים, וואָס פלעגן נאָך אַלץ אָנקומען פון אַראַביִען. די נאָענטסטע זייערע שכיינים זיַינען געווען די מידיִער. בעשאַס די בניי־ייִסראָעל האָבן געלעבט אין מידבער קאַדיש, האָבן זיי געהאַט א מאַגע אומאַסע מיט די מידיִער, און די ביבלישע לעגענדע דערציילט אַפילע, אַז מוישע, איידער ער איז אויסדערוויילט געוואָרן פון גאָט פאַר א פירער פון פאָלק, איז געווען א פאַסטעך באַם קוהען פון מידיִען, ייִסרוי, און האָט כאַסענע געהאַט פאַר זיַין טאָכטער ציפּוירע. ייִסרוי פלעגט קומען צו מוישען בײַס די ייִדן האָבן געוואַנדערט אין מידבער און געהאָלפן אים מיט זיַינע אייצעס און אָנוויַיזונגען, מישפּעטן דאָס פאָלק. נאָר די ציַיט פון פריַינטלעכע באַציִונגען צווישן די מידיִער מיט די בניי־ייִסראָעל הייבט אָן צוביסלעכוויַיז פאַריבערגיין. די מידיִער הייבן אָן צו דריקן די בניי־ייִסראָעל, וויַיל זיי אַליין ווערט ענג, די פירשטן פון קנאַאן הייבן אָן צו ליַידן פון די אָנפאַלן, וואָס פלעגן פון ציַיט צו ציַיט מאַכן פון דעם מידבער די ווילדע קריגערישע שוואָטים כאַבירי, אָדער עבעריטן (איווּרים). די דאָזיקע כאַבירי פלעגן זיך אָפט אַריַינריַיסן אין לאַנד קנאַאַן און שטערן דאָס פרידלעכע לעבן פון די קנאַאַנים. די קנאַאַנישע פירשטן האָבן געפּרוּווט באַגיטיקן זיי אַף א פרידלעכן אויפן: זיי האָבן פאַרגעלייגט די כאַבירי בילדן פאַר זיי פון זייער יוגנט מיליטערישע טיילן, נאָר דאָס מיטל האָט ניט געהאָלפן; די דאָזיקע מיליטערישע טיילן האָבן נאָר געמאַכט א וועג פאַר זייערע שוואָטים, און דער דעמלטיקער פירשט פון יערושאָלאַים, אבדי־כיבא, באַקלאָגט זיך פאַר זיַין הערשער, אַז דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַרלוירן, אַז ס׳איז אַריַינגעפאַלן אין די הענט פון די כאַבירי. נאָר די דאָזיקע אָנפאַלן זיַינען סאַכאַקל געווען ניט מער, ווי אַן אָנזאָג פון דעם שפּעטערדיקן אַריַינדרינגען פון די בניי־ייִסראָעל אין לאַנד קנאַאַן, וואָס איז פאָרגעקומען ערשט מיט אַוועלכע 100—150 יאָר נאָך דעם, ווי די כאַבירי האָבן אָנגעהויבן צו באַאומרויִקן די קנאַאַנישע פירשטן.

גאַנץ ווייניק מעסוירעס זיַינען פאַרבליבן אין זיקאָרן פון די בניי־ייִסראָעל וועגן די מילכאָמעס, וואָס זיי איז אויסגעקומען צו פירן באַם איַינעמען דאָס לאַנד קנאַאַן. ערשט שפּעטער, ווען די בניי־ייִסראָעל האָבן שוין געהאַט מאַלאָכים, האָבן די געלערנטע און ווּיסנגיריקע מענטשן געזאַמלט און פאַרשריבן אַלע מעסוירעס, וועלכע זיי האָבן געהאַט בעקאַבאָלע, און דאָרט, וווּ ס׳איז שוין קיין שום מעסוירעס אין זיקאָרן פון פאָלק ניט געווען, זיַינען זיי מעמולע געווען מיט זייערע אייגענע

---

פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד” נום. 1, 1989.

האשאָרעס. די ייִדישע מעסוירעס גיבן איבער, אַז נאָר מיט דער הילף פון יאָהוּוע און אונטער זײַן אָנפירונג האָבן די בנײ־ייִסראָעל אײַנגענומען דאָס לאַנד קנאַאַן און צעטיילט עס צווישן די שוואָטים. קעדיי ארויסצו־פירן זײַן פאָלק פונעם וויסטן מידבער און ברענגען עס אין א לאַנד, ווו ס׳זײַנען פאַראַן גרויסע און שיינע שטעט, הײַזער, אָנגעפילטע מיט אַל־דאָס גוטס, ברונעמס, אויסגעהאַקטע אין שטיינערנע פעלדזן, ווײַנגערט־נער און פײַגנביימער, האָט יאָהוּוע פאַרלאָזט זײַן שטענדיקע וווינונג אויפן באַרג סיני; דער באַרג סיני האָט אָנגעהויבן ציטערן, זיך באַ־דעקט מיט רויך און מיט וואָלקנס, א העלער פײַער האָט זיך אויף אים באַוויזן, און אין שטורעם האָט זיך יאָהוּוע איבערגעטראָגן אויף די בערג שעיאָר, צו די גרענעצן פון די בנײ־עדאָם. אין געשטאַלט פון א וואָלקן האָט זיך גאָט אראָפּגעג־לאָזט פאַר דער מאַכנע פון די בנײ־ייִסראָעל, און זיי האָבן זיך געג־




דער וועג פון די בנײ־ייִסראָעל אין לאַנד קנאַאַן

לאָזט אין וועג אַרײַן. פון דאַרעם־זײַט האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן אַרײַנצודרינגען אין לאַנד קנאַאַן, ווײַל דאָ האָבן די בנײ־עדאָם זיי ניט דורכגעלאָזן. זיי האָבן געזאָגט צו ייִסראָעלן: „גיי ניט דורך דורך מײַן לאַנד, אויב ניט, וועל איך מיט שווערד אַרויסטרעטן קעגן דיר". נאָר די בנײ־קאַלעב האָט זיך אײַנגעגעבן אַרײַנצודרינגען אין די בערג פון דאַרעם־פּאַלעסטינע אין מיזרעך־זײַט פון יאַרדן; אין די דאָזיקע בערג, אַרום קאַרמיעל האָבן די בנײ־קאַלעב געפונען גוטע פיטער־פּלעצער פאַר זייערע בעהיימעס, און זיי האָבן זיך נאָך א לאַנגער צײַט פאַרנומען מיט האָדעווען בעהיימעס. די איבעריקע שוואָטים האָבן געמוזט פאַרבײַגיין די גרענעצן פון די בנײ־עדאָם, נאָר ווײַטער האָבן זיך געפונען די בנײ־מאָיעוו און די בנײ־אַמוין. מיט זיי האָבן די בנײ־ייִסראָעל אויך ניט פאַרפירט קיין מילכאָמע: שפּעטער האָבן די ווקיינים דערציילט, אַז אַזוי האָט יאָהוּוע באַפוילן מוירשען: יאָהוּוע האָט פאַרבאָטן צו פירן מילכאָמע מיט די בנײ־עדאָם, בנײ־מאָיעוו און בנײ־אַמוין, ווײַל די לענדער, אין וועלכע זיי וווינען, האָט יאָהוּוע אָפּגעגעבן אין זייער ירושה. מיט אָט דעם פרומען טערעץ האָט מען שפּעטער, ווײַזט אויס, געוואָלט פאַרענטפערן דעם פאַקט, וואָס די בנײ־ייִסראָעל האָבן זיך ניט אײַנגעשטעלט מילכאָמע האַלטן מיט די דאָזיקע פעלקער. אויסמײַדנדיק עדאָם, מאָיעוו און אַמוין, זײַנען די בנײ־ייִסראָעל אָנגעקומען צו די גרענעצן פון די אמוירים, אין מיזרעך־זײַט פון יאַרדן. דאָ האָט יאָהוּוע געזאָגט: „שטייט אויף און גייט איבער דעם טײַך אַרנאָן, איך גיב איבער אין דײַנע הענט סיכאָן, דעם קיניג פון כעשוואָן, און זײַן לאַנד; הייב אָן צו געוועלטיקן איבער׳ן לאַנד און פאַרפיר מיט דעם א מילכאָמע! הײַנט וועל איך אַרופוואַרפן אַן איימע און א פּאַכעד פאַר דיר אויף אַלע פעלקער אונטערן הימל; ווי נאָר זיי וועלן דערהערן פון דיר, וועלן זיי ציטערן און מוירע האָבן". די שוואָטים רובן, גאַד און א האַלבער שיווטע מענאַשע זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין לאַנד פונעם קיניג סיכאָן, נאָכדעם זײַנען זיי אַוועק ווײַטער צו צאָפן־צו, אין לאַנד פון אויג, דעם קיניג פון באַשאַן. די שוואָכע פירשטן פון אמוירי, וועלכע האָבן זיך נאָך דערצו שטענדיק געריסן איינער מיט דעם צווייטן, האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם דראַנג פון די קריגערישע מידבער־וואַנדערער, און די געצעלטן פון די בנײ־ייִסראָעל האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל באַוויזן אין די בערג פון פּאַלעסטינע. דאָ, דערציילט די ביבל, איז געשטאָרבן דער גרויסער אָנפירער, מוישע. פאַר זײַן טויט איז ער אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג נעוואָ, וואָס אַנטקעגן יעריכאָ, אויף דער רעכטער זײַט פון יאַרדן, דאָ האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט יאָהוּוע, האָט אים באַוויזן דאָס גאַנצע לאַנד קנאַאַן אויף יענער זײַט יאַרדן ביזן מיטללענדישן יאַם. נאָכדעם איז מוישע געשטאָרבן און מע האָט אים מעקאַבער געווען אין לאַנד מאָיעוו, און קיין מענטש ווייסט ניט זײַן קייווער ביזן הײַנטיקן טאָג, — גיט צו די לעגענדע.

סאַכאַקל פֿיר שוואָטים זײַנען אַרײַן אין קנאַאַן און האָבן דאָרט געפֿונען גוטע פּיטער־פּלעצער פֿאַר זייערע סטאַדעס. פֿאַר די איבעריקע שוואָטים איז געשטאַנען אַ שווערערע אויפֿגאַבע: איבערגיין דעם יאַרדן און אײַנעמען דאָס לאַנד צו מײַרעוו פֿון טײַך, ווײַל אין מיזרעך־זײַט פֿונעם יאַרדן איז שוין מער קיין גוטע פּיטער־פּלעצער ניט געווען. די מעסוירע דערציילט, אַז נאָך מוישעס טויט איז דער פֿירער פֿון פֿאָלק געוואָרן יעשוע, דער זון פֿון נון. אַזוי ווי מוישען האָט זיך יאַהווע באַוויזן אין אַ ברענענדיקן דערנער־קוסט און באַפֿוילן אים ווערן דער פֿירער פֿון פֿאָלק, אַזוי האָט אויך איצטער, ווי די לעגענדע דערציילט, יאַהווע גופֿע גערופֿן יעשוע דעם זון פֿון נון. די בני־יִסראָעל זײַנען איבערגעגאַנגען דעם יאַרדן אַנטקעגן יעריכאָ, און ווי אַ ברייטער שטראָם האָבן זיי זיך צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד צו מײַרעוו פֿונעם יאַרדן. פֿאַרע, דער מײלעך פֿון מיצראַיִם, דער האַר איבער די פּירשטן פֿון אמוירײַ, האָט זיי קיין הילף ניט געקאָנט געבן: ער איז דעמלט געווען פֿאַרנומען מיט שווערע מילכאָמעס אין זײַן אייגן לאַנד, און די בני־יִסראָעל האָבן זייער גרינג אײַנגענומען דאָס גאַנצע לאַנד צו מײַרעוו־צו פֿון יאַרדן. ווייניק זיכרוינעס זײַנען פֿאַרבליבן בא די בני־יִסראָעל וועגן דעם, וויאַזוי ס'איז פֿאָרגעקומען די אײַנוואַנדערונג אין קנאַאַן, דערפֿאַר זײַנען פֿאַראַן אַ סאַך מײַסעס וועגן קאָלערליי ניסים. מע האָט דערציילט, אַז יאַהווע האָט אויסגעטריקנט דעם יאַרדן, כּדי די ייִדן זאָלן קאָנען אים אַריבערגיין, אַז באַם אײַנעמען יעריכאָ האָט יאַהווע געשיקט זײַן כאַיל העלפֿן די בני־יִסראָעל, אַז אין דער שלאַכט בא גוויאָן האָט יאַהווע געוואָרפֿן פֿון הימל שטיינער אויף די אמוירים און האָט אָפּגעשטעלט די זון, כּדי די בני־יִסראָעל זאָלן קאָנען דערשלאָגן דעם פֿײַנט ביז זון־אונטערגאַנג. אין די פֿאָלקס־מעסוירעס ווערט ניט דערמאָנט וועגן דעם, פֿאַרוואָס דער אָדער יענער שייוועט האָט פֿאַרנומען דעם אָדער יענעם טייל פֿון פּאַלעסטינע. אין דער צײַט, ווען מ'האָט געזאַמלט און פֿאַרשריבן די מעסוירעס, האָט שוין דער שייוועט יעהודע לאַנג געוווינט צו צאָפֿן־צו פֿון די בני־קאַלעב, צו מײַרעוו־צו פֿון יאַם האַמעלעך, און לעבן דעם שייוועט יעהודע האָט זיך געפֿונען דער שייוועט בינ־יאָמין; צו צאָפֿן־צו פֿונעם שייוועט יעהודע ביזן טאָל איזרעעל איז געזעסן דער מעכטיקסטער ייִדישער שייוועט עפֿראַיִם, און ווײַטער — די איבעריקע שוואָטים. די ייִדישע געלערנטע, וועלכע האָבן פֿאַרשריבן די מעסוירעס, האָבן געהאַלטן, אַז דאָס האָט יאַהווע אַליין אָנגעוויזן, וועלכן אָרט ס'דאַרף פֿאַרנעמען יעדער שייוועט. אין גילגאַל — דערציילן זיי אונדז — אינעם ערשטן באַפֿעסטיקטן לאַגער, וועלכן די בני־יִסראָעל האָבן אײַנגעאָרדנט נאָך דעם ווי זיי זײַנען איבערגעגאַנגען דעם יאַרדן, האָט מען פֿאַר יאַהווע (דאָס הייסט, פֿאַרן אָראָן) געוואָרפֿן גוירל, וואָס פֿאַר אַ טייל לאַנד ס'דאַרף פֿאַרנעמען יעדער שייוועט; מיטן גוירל האָט אָנגעפֿירט יאַהווע אַליין, און אויף אַזאַ אויפֿן איז דאָס גאַנצע לאַנד קנאַאַן צעטיילט געוואָרן צווישן די שוואָטים דורך יאַהווע גופֿע. אַזוי זײַנען די בני־יִסראָעל געוואָרן אײַנוווינער פֿון פּאַלעסטינע. זיי האָבן זיך אַזוי אײַנגעלעבט מיט אירע בערג, טײַכן און ווײַנגערטנער, אַז זיי האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אַז פּאַלעסטינע איז זייער געבורטס־אָרט, און אַז זייער לעבן און די וואַנדערונגען אין מידבער איז געווען ניט מער ווי אַ דערווײַליקע זאַך, ווי אַ שטראָף פֿון גאָט פֿאַר זייערע זינד. אַווראָם, ייִצכאָק און יאַנקעוו, דערציילט די לעגענדע, האָבן געלעבט, זײַנען געשטאָרבן און מע האָט זיי מעקאַבער געווען אין פּאַלעסטינע, און נאָר אַן אומגליקלעכער צופֿאַל, אַ גוואַלדיקער הונגער אין יאַנקעווס צײַטן האָט אים געצוווּנגען איבערוואַנדערן מיט אַלע זײַנע קינדער אויף אַ ווײַלע קיין מיצראַיִם, דאָרט זײַנען די בני־יִסראָעל געוואָרן קנעכט, נאָר יאַהווע האָט זיי דורך מוישען אויסגעלייזט פֿון מיצראַיִם, האָט זיי אויפֿן באַרג סינײַ געגעבן די טוירע און צוגעזאָגט אָפּגעבן זיי צוריק דאָס לאַנד קנאַאַן, וווּ ס'האָבן שוין פֿריִער געלעבט זייערע אָוועס, און דערפֿאַר זײַנען די בני־יִסראָעל מעכויִעוו צו זײַן אייביק דאַנקבאַר יאַהווע. אין די קויהאַנים פֿון יאַהווע האָבן שפּעטער אין פֿיר הונדערט יאָר אַרום צונויפֿגעשטעלט אַ באַזונדערע טפֿילע, וועלכע דאַרף אײַנפֿלאַנצן אין פֿאָלק דעם געדאַנק פֿון אייביקער דאַנקבאַרקײַט צו יאַהווע. שטעלנדיק אויפֿן מיזבייעך אַ קאָרבל מיט פּייִרעס, האָט מען באַדאַרפֿט זאָגן די דאָזיקע טפֿילע: „אַ וואַנדערער אַרמי איז געווען מײַן עלטערזיידע, ער איז אַוועק אין מיצראַיִם אין אַ קליינער צאָל, און דאָרט איז פֿון אים געוואָרן אַ גרויס שטאַרק פֿאָלק. נאָר די מיצרים האָבן פֿאַרפֿאָלגט און גערדריקט זיי (דאָס פֿאָלק) און אַרויפֿגעלייגט אויף זיי שווערע אַרבעט; האָבן מיר געשריִען צו יאַהווע, דעם גאָט פֿון אונדזערע אָוועס, און ער האָט זיך צוגעהערט צו אונדזער קאָל און אײַנגעזען אונדזערע צאָרעס, אונדזער פּײַן און אונדזער נויט. און יאַהווע האָט אונדז אויסגעלייזט פֿון מיצראַיִם מיט זײַן שטאַרקער האַנט און אויסגעשטרעקטן אָרעם, מיט גרויסע צייכנס און מויפֿסים, און ער האָט אונדז געבראַכט אויף דעם אָרט און האָט אונדז אָפּגעגעבן דאָס דאָזיקע לאַנד, וווּ עס פֿליסט מילך מיט האָניק, און איצטער ברענג איך פֿאַר אַ קאָרבן די בעסטע פּרוכט פֿון דער ערד, וואָס דו האָסט מיר אָפּגעגעבן".

אין נײַעם לאַנד האָבן די בני־יִסראָעל געמוזט אינגיכן איבערבײַטן זייער לעבנשטייגער. נאָר אין די דאָרעמדיקע בערג, וווּ ס'האָבן זיך באַזעצט די בני־קאַלעב און יעהודע, איז געווען גענוג

פלאָץ; דאָ האָט מען נאָך לאַנג געקאָנט זיך פאַרנעמען מיט האָדעווען בעהיימעס, ניט טראַכטנדיק וועגן ווײַן, אײל און ברויט. אָבער די איבעריקע שוואָטים, ביפראַט די שוואָטים עפראַים, מענאַשע און דאַן, איז ניט אַזוי לײַכט געווען זיך אײַנצואָרדענען אױף זייערע נײַע וווינערטער. זיי האָבן באַם אײַננעמען דאָס לאַנד ניט פאַרטיליקט די גאַנצע באַפעלקערונג פון די געגנטן, און וועלכע זיי האָבן זיך באַזעצט, די בני־יִשׂראל האָבן זיך באַזעצט צוזאַמען מיט די באַזיגטע קנאַאַנים, זיי האָבן אײַנגיכן אָנגעהויבן זיך אויסמישן מיט זיי און איבערנעמען זייערע מינהאָגים און זייער קול־טור. אַזעלכע פּיטער־פּלעצער, ווי אין מידבער, איז שוין דאָ ניט געווען, דאָ זײַנען געווען באַאַר־בעט אַלע טאָלן, פאַרפּלאַנצט מיט ווײַנגערטנער, אײלבערטן און פײַגנביימער, באַדעקט מיט אַקער־פעלדער. דאָ האָט געמוזט קומען אַ סאָף צום וואַנדער־לעבן פון די בני־יִשׂראל, און זיי האָבן זיך געמוזט נעמען פאַר ערדאַרבעט. שווער איז געווען פאַר די מידבער־וואַנדערער זיך נעמען פאַרן אַקער, שווער איז געווען צו צוגעוווינען די אָקסן גיין אונטערן יאָך; מיט שווייס איז אויסגעקו־מען צו אַרבעטן אױף צו באַקומען דאָס שטיקל ברויט. נאָר די בני־יִשׂראל האָבן ניט פאַרלוירן דעם מוט און האָבן זיך גיך צוגעוווינט צו די נײַע באַדינגונגען. אין די קאַלטע ווינטער־צײַטן האָבן זיי מיט אומגעדולד געוואַרט אױפן וואַרעמען פרי־יאָר און אױפן הייסן זומער. אין ווינטער ווײַנט די גאַנצע נאַטור נאָך וואַרעמקײַט און זון, ווי אַ קאַלע נאָך איר כאָסן, ס׳גיסן קעסיידער רעגנס, ס׳בלאָזן קאַלטע ווינטן. נאָר אָט איז דער ווינטער פאַרבײַ, די רעגנס האָבן אויפגעהערט, אױפן הימל האָט זיך באַוויזן די שײנע זון, און די גאַנצע נאַטור בליט אױף: „אָט האָבן זיך באַוויזן בלומען אױף דער ערד, ס׳איז געקומען די צײַט פון לידער, און ס׳הערט זיך דאָס זינגען פון דער טערקלטויב; אױפן פײַגנבוים לאָזן זיך פאַנאַנדער די קנאָספּן, די ווײַנטרויבן בליִען, פאַרשפּרייטנדיק זייער גע־שמאַקן רייעך". דער ערדאַרבעטער נעמט זיך פאַר זײַן שווערער אַרבעט, און אויב דער זומער איז געווען אַ געראַטענער, ווערט ער גוט באַלוינט, און נאָך האַרבסט קאָן ער רויִק זיצן אין שאָטן פון זײַן ווײַנגאָרטן אָדער פײַגנבוים און געניסן די פּרוכט פון זײַן אַרבעט.

פירנדיק אַ רויִק לעבן פון ערדאַרבעטער, האָבן די בני־יִשׂראל געהאַט ווײַניק סיבעס צו געדענקען זייער גאָט יאַהווע, וועלכער פלעג אַזוי אָפט דערמאָנען וועגן זיך מיטן שטורעם און פײַער אױפן באַרג סינײַ, פאַרגעסן האָבן זיי אויך די שײדים פון דעם מידבער, וועלכע פלעגן אַזוי אָפט דאָרט אָנטאָן צאָרעס זיי און זייערע סטאַדעס, דאָס נײַע לאַנד האָט געהאַט זײַנע נײַע געטער. די אוראַלטע אײַנוווינער פון פּאַלעסטינע, אונטער וועמענס ווירקונג די בני־יִשׂראל זײַנען גיך אונטערגעפאַלן, האָבן געגלייבט און געבעטן צו זייערע געטער ניט אַזוי, ווי דאָס האָבן געטאָן אין מידבער די בני־יִשׂראל. די גאַנצע אַשירעס פון די קנאַאַנים, דער גאַנצער קיִעם זייערער איז גע־ווען אָפּהענגיק פון דער פּרוכטבאַרקײַט פון דער ערד. די מוטער־ערד און אַלץ, וואָס מע באַקומט פון איר — די גאַנצע פלאָרע, — אָט וואָס ס׳איז געווען געטלעך אין די אויגן פון די קנאַאַנים. די זון, וואָס וואַרעמט מיט אירע שטראַלן די ערד און מאַכט זי פּרוכטבאַר, דאָס איז דער הויפּט־גאָט פון דער וועלט. די זון — דאָס איז דער האַר פון דער וועלט; די זון, ווי יעדן אַנדערן פון זייערע געטער, האָבן די קנאַאַנים גערופן האַר באַל; זײַן מאַקאָם־קוידעש האָט געהייסן בייס־שעמעש, דאָס הויז פון דער זון. דער באַל־שעמעש גיט דעם ערדאַרבעטער ווײַן, אײל און קערנער; ער באַ־פרוכפערט די ערד, די פּרוי זײַנע, אַלעס, אָדער, ווי זי האָט אַנדערש געהייסן, אַסטוירעס. דער גאָט פון מידבער, יאַהווע, קלײַבט זיך אויס אַ וווינונג בעיִקער אױף בערג אָדער פעלדזן; דער מילד־דער גאָט באַל־שעמעש האָט ליב וועלדלעך, ווו די לופט איז אַזוי קיל און שמעקעדיק, האָט ליב אײַנזאַמע אַלטע ביימער, די מעכטיקע ריזן, וועלכע קאָנען מיט זייער שאָטן באַשיצן די וואַנדערער, ער האָט ליב ריינע וואַסער־קוואַלן, וועלכע באַלעבן די אויסגעטריקנטע ערד און באַפרישן דעם מידן אַרבעטער. ער האָט ליב דעם קרעפטיקן אָקס, וואָס שלעפּט דעם אַקער פונעם ערדאַרבעטער, נאָר ווען מע ברענגט אים אַרײַן אין קאַס, קאָן ער אויך אַלץ כאַרעוו מאַכן; ער האָט נאַכעס פון זינגען און טאַנצן; ער האָט ליב, אַז צו די דרײַ גרויסע יאָמטויווים, באַם אָנהייב זייען, שנײַדן און אַראָפּנעמען פון די פעלדער, זאָלן די ערדאַרבעטער מאַכן לעקאָוועד אים פרייִלעכע סודעס, זאָלן קומען צו זײַן מיזבייעך מיט פולע הענט, זאָלן מעכאַבעד זײַן גאָט, זאָלן טרינקען, עסן און זיך מעסאַמייעך זײַן. און די קנאַאַנים האָבן ליב געהאַט זייער גאָט דעם באַל־שעמעש און זײַן פּרוי אַסטוירעס און האָבן זיי טרײַ געדינט. יעדע געגנט האָט געהאַט אירע אויסדערווײלטע הײליקע ערטער, ווו דאָס פאָלק פלעגט זיך צונויפקלײַבן אין די יאָמטויווים, קעדיי טרינקען, עסן און זיך מעסאַמייעך זײַן פאַר גאָט. דאָרט פלעגט שאַלן מוזיק, קלינגען געזאַנג, און אין אַ ווילדן טאַנץ פלעגן זיך דרייען קאַראַהאָדן; די קנעכט פון באַל האָבן זיך מעסאַמייעך געווען, און דער שטראַלנ־דיקער גאָט פלעגט מילד קוקן פון הימל און באַגיסן זיי מיט זײַנע שטראַלן.

דער שטראַלנדיקער גאָט איז ניט אַליין אױפן הימל; באַנאַכט, ווען ער פאַרשווינדט אין די וועלן־קילקײַטן פון מײַרעוו־יאַם, באַווײַזן זיך אױפן הימל די לעוואָנע און די שטערן. די לעוואָנע — דאָס איז די פּרוי פונעם שטראַלנדיקן ליכט, די שטערן — זײַן כאַיל. צווישן די שטערן זײַנען

פאראן ספּעציעלע צוועקף שטערנבילדער, וועלכע מע דארף גאַר באזונדער געדענקען און אָפּגעבן קאָוועד, דאָס זײַנען די מאזאָלעס, וואָס ליגן אפן וועג, וועלכן דער שטראַלנדיקער גאָט מאַכט דורך אפן הימל אין פארלויף פון א יאר: אזעלכע מאזאָלעס זײַנען דאָ צוועלף, צוועלף היזער, אין וועלכע די זון לעבט נאָך דער ריי נאָך אין מעשעך פון יאר, און באלד נאָך איר אויך איר טרײַער באגלייטער — די לעוואָנע. ניט ווײַט פון יעריכאָ ליגן אפן ברעג פונעם יארדן צוועלף גלאטע ווײַסע שטיינער — דאָס זײַנען געווען הייליקע שטיינער צום אָנדענק פון די צוועלף מאזאָלעס. די קנאאנים האָבן געדינט אויך דער לעוואָנע און די שטערן און די מאזאָלעס, לעקאָוועד דער לעוואָנע זײַנען אפילע געווען בא זיי ספּעציעלע יאָמטויווים. יעדער כוידעש פלעגט זיך אָנהייבן מיט א יאָמטעוו לעקאָוועד דעם מוילעד; אין מעשעך פון א כוידעש פלעגן זײַן פיר יאָמטויווים, יעדן זי־בעטן טאָג, לעקאָוועד די פיר פּאַזעס פון דער לעוואָנע — דאָס איז געווען שאבעס, א רו־טאָג. ס׳קאָן זײַן, אז די קנאאנים האָבן די באקאנטשאפט מיטן הימל, די פארגעטערונג פון דער זון, לעוואָנע, שטערן, און אויך די צײַט־רעכענונג איבערגענומען בא די באַוולער, וועלכע האָבן שוין צו יענער צײַט דערגרייכט צו א גאנץ הויכער מאדרייגע פון אנטוויקלונג. נאָר צו דער צײַט, ווען די בנײ־יִסראָעל האָבן זיך באזעצט אין קנאאן, האָבן די קנאאנים שוין געהאט אָט די אלע גליבונגען, און די בנײ־יִסראָעל האָבן אויך געמוזט פריִער אָדער שפּעטער זיך דערמיט באקאנען.

די שטראַלנדיקע זון האָט געשײַנט פאר אלע אײַנוווינער פון קנאאן און אלעמען גלײַך געשענקט איר ווארעמקײַט. נאָר יעדע געגנט האָט געהאט איר אייגענעם באַל, יעדער אָרט האָט געהאט זײַן אייגענעם גאָט. די אײַנוווינער פון שכעם האָבן געדינט דעם באַל־בריס, די אײַנוווינער פון דאָרעם־מיזרעכדיקן טייל פון פּאַלעסטינע, וווּ ס׳האָט זיך באזעצט דער שייווערט רעווון, — דעם באַל־פּעאָר; צו צאָפן, וווּ ס׳האָט זיך באזעצט דער שייווערט גאד, האָט געהערשט דער קולט פון באַל־כערמאָן, וועלכער האָט שפּעטער פּאַשעט געהייסן באַל־גאד. און אזוי האָט זיך יעדע געגנט געהאט איר באַל — דאָס איז א גאָט און באשיצער מער ניט ווי פאר דער געגנט, נאָר די אָרטיקע אײַנוווינער זײַנען זײַנע קינדער און דינער. דער באַל באזעצט זיך דאָרט, וווּ ס׳געפעלט אים בעסער: אָדער אױף א בארג, באדעקט מיט א שאָטנדיקן וואלד, ווי כערמאָן, וווּ די לופט איז אזוי קיל און שמעקעדיק, אָדער אין אן אײַנזאמען, ברײַטצווײַגיקן דעמב, ווי דער דעמב אין כעווראָן, אָדער אין אן אויסערגעוויינלעכן שטיין, ווי, לעמאָשל, אין דעם שטיין, וועלכער איז נאָך פון אוראלטע צײַטן געלעגן אױף דעם אָרט, וווּ שלוימע האָט שפּעטער געבויט דעם בייס־האַמיקדעש, אָדער אין א קוואַל מיט קרישטאָל־ריינעם וואסער, ווי, לעמאָשל, אין בעער־שעווע. בא דעם הייליקן אָרט, וווּ סדרוט גאָט, פלעגט מען אײַנאָרדענען באמעס, דאָס הייסט הייליקע ערטער, און לעבן אים שטיינערנע מאַ־צייוועס, און מע פלעגט אוועקשטעלן הייליקע הילצערנע סלופּעס (אַסאָרע־ביימער), אױף די באמעס פלעגט מען ברענגען קאָרבאָנעס, קעדיי אָפּצודאנקען גאָט פאר זײַן היקף און שוץ, דערבײַ פלעגט מען זינגען און טאנצן און די הייליקע ביימער און שטיינער פלעגט מען אויספּוצן מיט בלומען און סטענגעס.

אָט דאָס אלץ האָבן געזען און מיט דעם אלץ האָבן זיך באקאנט די בנײ־יִסראָעל בעשאס זיי האָבן זיך באזעצט אין קנאאן. אויך דאָ האָבן זיי געוואָלט בעטן און טפילע טאָן צו זייער גאָט; און ווּ אנדערש האָבן זיי דאָס געקאָנט טאָן, אויב ניט אין די ערטער, וועלכע האָבן זיך שוין פון לאנג אָן גערעכנט פאר הייליקע? און די פרומע אָנהענגער פון נאציאָנאלן גאָט יאהווע, וועלכע האָבן אין די צײַטן פון די מאלאָכים געזאמלט די מעסוירעס פון אמאָליקן לעבן פון פּאָלק יִיס־ראָעל, מוזן מיט אגמעסנעפעש מודע זײַן, אז די בנײ־יִסראָעל האָבן אונטער דער ווירקונג פון די קנאאנים ניט נאָר זיך אָפּגעזאָגט פון זייער וואנדער־לעבן און זיך פארנומען מיט ערדארבעט, נאָר זיי האָבן אויך איבערגענומען בא די קנאאנים זייערע רעליגיעזע גליבונגען און מינהאָגים. די בנײ־יִסראָעל האָבן איבערגענומען בא די קנאאנים אויך זייערע הייליקע ערטער. דער בארג סינײַ, וווּ ס׳האָט זיך געפונען זייער גאָט יאהווע, איז געבליבן ווײַט, זיי האָבן געמיינט, אז יאהווע האָט צוזאמען מיט זײַן פּאָלק איבערגעוואנדערט פון בארג סינײַ אין דעם לאנד קנאאן און קאָן זיך דאָ אויך אנטפּלעקן פאר זיי אומעטום, וווּ ס׳וועט נאָר זײַן פּאסיק אָדער — מעגלעך. צוזאמען מיט די באזיגטע האָבן די בנײ־יִסראָעל אָנגעהויבן באזוכן די הייליקע ערטער פון די קנאאנים און דאָרט בעטן גאָט. אינגיכן האָבן זיי זיך אזוי צוגעוווינט צו די נײַע הייליקע ערטער, אז זיי האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אז דאָס זײַנען די זעלבע ערטער, וווּ יאהווע האָט זיך שוין אמאָליקע יאָרן באוויזן צו זייערע אָוועס, וועלכע האָבן, לויט ווי ס׳דערציילן די לעגענדעס, שוין אמאָל געוואנדערט אין פּאַלעסטינע. דער הייליקער דעמב אין כעווראָן דאָס איז דער זעלבער הייליקער דעמב אין מימרע, בא וועלכן יאהווע האָט זיך מיט צווײ מאלאָכים באוויזן אווראָמען און צוגעזאָגט אים, אז סאָרע וועט געבוירן יִצכאָקן; אווראָם האָט אונטער דעם דעמב אויפגענומען יאהווע, ווי א גאסט־פרײַנטלעכער באלעבאָס. בייס־על — איז דאָס הויז פון גאָט, ווײַל דאָ, אױף דעם זעלבן אָרט, האָט אמאָל יאנקעוו זיך אָפּגעשטעלט אױף נאכטלעגער און אין כאָלעם געזען א לייטער, פון דער ערד

ביזן הימל די הייך, און גאָטס מלאָכים הייבן זיך אַרויף און נידערן אַראָפּ אויף אים, בעער־שעווע — אַ הייליקער ברונעם, דאָס איז דער זעלבער ברונעם, וועלכן ס׳האָט אַמאָל אויסגעגראָבן יִצחק און וווּ ס׳האָט זיך אים באַוויזן יאַהווע. און אַזוי האָט מען וועגן יעדן הייליקן אָרט, וועלכן די בניי־ייִסראָעל האָבן איבערגענומען בײַ די קנאַאַנים, אויסגעטראַכט אַ לעגענדע, וועלכע האָט געזאָלט דערקלערן, פֿאַרוואָס איז דאָס אָרט הייליק, און ווער פֿון די אָוועס האָט דאָ געלעבט אָדער גערוט.

נאָך די מוסטערן פֿון די קנאַאַנישע הייליקע ערטער האָבן די בניי־ייִסראָעל אָנגעהויבן אײַנצוואָרדענען זייערע נײַע הייליקע הײַזער אויף די באַמעס, זיי האָבן געבויט דאָרט „באַטיי־עלאָכים״ און געשטעלט דאָרט געגילדעטע געשטאַלטן פֿון זייער גאָט; אַזעלכע בילדער האָבן בײַ זיי געהייסן עפֿאָר. און פֿאַר דעם אָרון איז אויסגעבויט געוואָרן אַ ספּעציעלער בייס־עלאָים אין שילאָ, וווּ ס׳האָבן באַם אָרון געדינט ספּעציעלע קויהאַנים.

נאָר ניט נאָר די הייליקע ערטער האָבן די בניי־ייִסראָעל איבערגענומען בײַ די קנאַאַנים. די באַשיצער פֿון קנאַאַן, די ברויטגעבער, זײַנען דאָך געווען די באַאַלים, און ניט זייער אַלטער גאָט פֿון מידבער, יאַהווע. דעריבער האָבן די בניי־ייִסראָעל געהאַלטן פֿאַר זייער כויוו צו דינען אויך די באַאַלים. יאַהווע איז גרויס; דאָס איז אַ מעכטיקער און שרעקלעכער גאָט, וועלכער טראָגט זיך אין שטורעם און ווינט; די באַאַלים — דאָס זײַנען פֿרידלעכע געטער, נאָר דאָך זייער מעכטיקע אין זייערע געגנטן. און אין די רויִקע צײַטן, ווען געשוויגן האָט דער קריגס־טרומייט און די קליי־זײַען האָבן געזשאַווערט אין די קאַמערן, — אין אַזעלכע צײַטן האָבן די בניי־ייִסראָעל אָפֿטער זיך דערמאָנט אָן די באַאַלים איידער אָן זייער מעכטיקן גאָט פֿון מידבער. ווען מע האָט זיך גענייטיקט אין אַ מעכטיקן באַשיצער און פֿאַרטיידיקער, פֿלעגט מען ברענגען פֿאַר אַ קאָרבן יאַהווע די בכוירים פֿון פֿי, אין פֿריי־יאָר — מוילעד, נאָר אין דער זעלבער צײַט פֿלעגט מען אויך ברענגען אַ קאָרבן דעם אָרטיקן באַל, און אויף אַזאַ אופֿן האָט זיך דאָס גלויבן אין יאַהווע און אין די איבעריקע אַלטע געטער אויסגעמישט מיט דעם גלויבן אין באַל־שעמעש (זון) און אין די אָרטיקע באַאַלים. יעדער גאָט האָט געהאַט זײַן באַשטימטע ראָל. יאַהווע — דאָס איז אַ שרעקלעכער גאָט פֿון מילכאָמע; אין אים פֿלעגט מען זיך דערמאָנען און צו אים פֿלעגט מען בעטן, ווען די בניי־ייִסראָעל זײַנען געשטאַנען פֿאַר אַן אויסערלעכער געפֿאַר. דאָס איז דער גאָט, וועלכער טיילט מיט אַ ברייטער האַנט די פֿרוכט פֿון דער ערד. אים ברענגט מען יעדן יאָר מאַטאָנעס, ווי אַ דאַנק פֿאַר דער גערעטעניש, פֿאַרן ווײַן, אייל און ברויט. די אָרטיקע באַאַלים באַשיצן זייערע געגנטן, היטן זיי אָפּ פֿון אַלערליי צאָרעס, גיבן אָנצוהערן וועגן אַטיד דורך זייערע נעוויִים. די מענטשן האָבן זיך פֿאַרייגנט און אויסגעמישט: אייניקע שוואַטים האָבן אַפֿילע ניט אײַנגעהאַלטן זייער זעלבּ־שטענדיקײַט און האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן מיט די קנאַאַנים אין איין פֿאָלק; אויסגעמישט האָבן זיך אויך די געטער: מע האָט אָנגעהויבן אָפּט אָנרופֿן יאַהווע מיטן נאָמען באַל, און מע האָט געמאַכט זײַן בילד אין געשטאַלט פֿון אַן אָקס, אַזוי ווי די קנאַאַנים האָבן עס געטאָן בנוגע זייער באַלשעמעש.

## 5. די שאָפֿטים

ניט לאַנג האָט געדויערט דאָס רויִקע לעבן פֿון די בניי־ייִסראָעל אין נײַעם לאַנד. אײַנגיכן האָבן אויף זיי אָנגעהויבן אָנפֿאַלן סאָנים פֿון אַלע זײַטן. אין צאָפֿן־זײַט פֿון פּאַלעסטינע זײַנען נאָך פֿאַרבליבן ניט קיין באַזיגטע אמוירישע שוואָטים, וועלכע האָבן געפּרוווּט פֿאַרטרײַבן די אָנגעקומענע בניי־ייִסראָעל צוריק אין די סטעפּעס; וועגן איינעם פֿון אַזעלכע פּרוּוון, וועלכן די בניי־ייִסראָעל האָבן אָפּגעשלאָגן, איז פֿאַרבליבן אַ ליד, וואָס איז גוט באַקאַנט יעדן ייִדן. איינער יאַווין, דער קיניג פֿון כאַצאָר, האָט אַרויסגעשיקט קעגן די בניי־ייִסראָעל אַ גרויסן כאַיל אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעם קריגס־הויפּטמאַן סיסראַ. די לעגענדע דערציילט, אַז סיסראַ האָט געהאַט גאַנצע נײַן הונדערט אײַזערנע רײַטוואָגנס; נאָר אויב אַפֿילע ער האָט געהאַט צוויי מאָל ווייניקער, איז דאָס אויך געווען אַ גוואַלדיקע קראַפֿט. אין יענע צײַטן איז די הויפּט־קראַפֿט פֿון יעדן כאַיל באַשטאַנען אין רײַטוואָגנס; אויף יעדן רײַטוואָגן זײַנען געווען צו דרײַ זעלנער באַוואָפֿנטע אין פּאַנצערס; קעדיי צו פֿאַרמאָגן אַזעלכע רײַטוואָגנס, האָט מען געמוזט האָבן גרויסע מיטלען און אויך גוטע מײַסטערס, וועלכע זאָלן קענען מאַכן די רײַטוואָגנס. די בניי־ייִסראָעל, וואָס האָבן געהאַט אַ כאַיל נאָר פֿון פֿוסגייער, איז געווען שווער צו קעמפֿן קעגן אַזעלכע סאָנים, וועלכע האָבן געהאַט רײַטוואָגנס. נאָר דאָ איז זיי געקומען צו הילף דער באַרגיקער כאַראַקטער פֿונעם לאַנד: סיסראַ איז געווען געצוווּנגען אָנהייבן די שלאַכט באַם באַרג טיבאָר, נעבן טײַך קישאָן, וווּ די רײַטוואָגנס האָבן זיך ניט געקאָנט פֿרײַ באַוועגן; כּוך

**דעם, האט זיך די בני־ישׂראל איינגעגעבן צו טייטן דעם קריגס־אנפירער סיסרא. די פאלקסליד, וואס דערציילט פון דער דאזיקער שלאכט, וויזוט אן, ווי אף העלדן, וואס האבן געבראכט צום ני־צאכן, אף דער נעווייעס פון דווירען, פון בארג עפראים, וועלכע האט באגייסטערט צום קאמף די שוואטים, וואס האבן ביכלאל גאר קיין כיישעק ניט געהאט צו העלפן איינער דעם אנדערן, און אף דעם אנפירער פון די פארייניקטע שוואטים באראקן. נאר די געפאר איז, ווייזט אויס, געווען אזוי גרויס, אז דאס מאל האבן אלע שוואטים פון מיירעוו־זייט יארדן זיך אופגעהויבן און מיט פארייניקטע קויכעס האבן זיי מאציל געווען זייער זעלבשטענדיקייט פון די הענט פון שטארקן סוינע. מיר ברענ־גען דא די דערמאנטע ליד, די אזויגערופענע שירעס דווירע:**

הערט צו, מאלאכים, פארנעמט סארים איך וויל, יאהוועו איס וויל
איך זינגען, איך וויל שפילן צו יאהוועו, דעם גאט פון ישׂראל!
אין די טעג פון סימגאר בען אנאט, אין די טעג פון יויעל
זיינען אויס געווארן קאראוואנען,
און די וועג־גייער זוכן ארומיקע שטעגן.
אויס מיט דעם אפענעם לאנד אין ישׂראל, אויס!
ביז דו ביסט ניט אופגעשטאנען, דווירע, דו ביסט ניט אופגעשטאנען א
מוטער אין ישׂראל!
קיין פאנצער איז ניט צו זען און ניט קיין שפיז צווישן די פערציק טויזנט
פון ישׂראל!

• • •

מונטער, מונטער, דווירע! מונטער, מונטער, זינג א ליד!
שטיי אוף, באראק, און טרייב דיינע געפאנגענע, בען אווינוים!

• • •

געקומען זיינען מאלאכים, מילכאמע געהאלטן,
דאמאלסט געשלאגן האבן זיך מאלאכים פון קנאאן
בא טאנאך, בא די מעגידא־וואסער,
אין רויב אבער זילבער ניט באקומען:
פון הימל געשלאגן האבן זיך די שטערן,
פון זייערע שטעגן געשלאגן זיך מיט סיסרען!
דאס טייכל קישאן האט זיי פארטראגן,
דאס אלטע טייכל, דאס טייכל קישאן!
שעלט מאראז, זאגט א מאלעך פון יאהוועו,
„שעלט, פארשאלטן זיינען זיינע איינוווינער:
זיי זיינען ניט געקומען צו הילף יאהוועו,
צו הילף יאהוועו צווישן די גיבוירים".
געבענטשט פון פרויען זאל אבער זיין יויעל,
די פרוי פון כאווער דעם קיניגס!
פון די פרויען אין געצעלט געבענטשט זאל זי זיין!
וואסער האט ער געבעטן — מילך האט זי געגעבן,
אין א הארן־טאט האט זי פוטער דערלאנגט,
די האנט צום פלאקן שטרעקט זי אויס
און איר רעכטע (האנט) צום ארבעטער־האמער!
זי האט געטראפן סיסרען, זיין קאפ צעשלאגן,
צעריבן און דורכגעגעבערט זיין שלייף!
צו אירע פיס אף די קני איז ער געפאלן,
ווו געפאלן — דארט שוין טויט געבליבן!

• • •

דורך דעם פענצטער קוקט און רופט
סיסרעס מוטער דורך די גראטעס:
„פארוואס זאמט זיך זיין רייטוואגן?
פארוואס פארשפעטיקן זיך די טריט פון זיינע פערד?"

די קליגסטע פון אירע הארנטעס ענטפערט איר,
אויך אליין כאזערט זי אירע ווערטער פאר זיך:
„געוויס האבן זיי געפונען און טיילן דעם רויב:
אינע, צוויי פרויען פאר יעדער קריגסמאן,
רויב פון געפארבטע קליידער פאר סיסרען,
רויב פון געפארבט געוואנט!"
אזוי זאלן פארלוירן גיין אלע דיינע פיינט, יאהווע!

(ב. דינאבורג. „יידישע געשיכטע")

די דאזיקע ניצאכן־ליד איז פארשריבן אין „בוך פון די מילכאמעס פון יאהווע" (סייפער מילכאמעס יאהווע). אזוי האט געהייסן בא די אוראלטע בניי־ייסראעל די זאמלונג פון זייערע נאציאנאלע לידער, וועלכע אנטהאלטן אין זיך באשרייבונגען פון די העלדישע מייסים פון זייערע קריגס־פירער און פאעטישע בילדער פון פארשיידענע מאמענטן פון דעם בלוטיקן קאמף, וואס די בניי־ייסראעל האבן געפירט מיט די קנאאנים. די מעכאברים פון די היסטארישע טיילן פון טאנאך האבן זיך באניצט מיט דעם דאזיקן „סייפער מילכאמעס יאהווע". זיי פלעגן נעמען פון דעם בוך סיי גאנצע לידער, סיי איינצלנע טיילן פון לידער; אין דעם לעצטן פאל פלעגן זיי איבערגעבן דעם אינהאלט פון די לידער מיט אייגענע ווערטער. דער מעכאבער פון „שאפטים" האט אויך, אפאנעם, פון דעם בוך גענומען אלע מייסעס וועגן דעם קאמף, וואס די בניי־ייסראעל האבן אויסגעהאלטן מיט אן אנדער סוינע, די מידיער, וועלכע האבן אנגעהויבן צו באומרויקן די בניי־ייסראעל גלייך נאך דעם, ווי זיי האבן זיך א ביסל אויסגערוט נאך דעם קאמף מיט די קנאאנים.

ווי מיר ווייסן שוין, האבן די מידיער זיך אנגעהויבן קריגן מיט די בניי־ייסראעל נאך אין מידבער. איצטער, ווען בניי־ייסראעל האבן איינגענומען דאס לאנד קנאאן און זיך דארט באזעצט, האבן די מידיער פארנומען די פלעצער אין מידבער, ווו די בניי־ייסראעל האבן זיך ביז אהער געפרנען, און זיינען געווארן פונקט אזעלכע סאנים די איינגעזעסענע בניי־ייסראעל, ווי די וואנדערנדיקע בניי־ייסראעל זיינען געווען בענעגייע די קנאאנים. די מידיער פלעגן אנפאלן אף די יישוווים פון די בניי־ייסראעל און אף זייערע פעלדער: ווען יייסראעל פלעגט זייען, פלעגן קומען די מידיער צוזאמען מיט די אמאלייקים און מיט נאך אנדערע מידבער־פעלקער, פלעגן צעטרעטן די אקער־פעלדער, אוועקרויבן די בעהיימעס און פלעגן ניט איבערלאזן פאר די בניי־ייסראעל קיין שאף, קיין אקס, קיין אייזל. נאר די שוואטים, וועלכע האבן געוווינט אין צאפן־זייט פאלעסטינע, האבן ניט געליטן פון די דאזיקע רויבערישע אנפאלן; דארעם־פאלעסטינע אבער פלעגן די מידבער־רויבער יעדן יאר כארעוו מאכן ביזן סאמע יאם.

און באם יאם האבן זיך באוויזן נייע סאנים, די פלישטים. דאס זיינען געווען אויסוואנדערער פון צאפן, פון קליין־אזיע; זיי זיינען אנגעקומען פון דארט אין דער צייט, ווען די בניי־ייסראעל זיינען אריינגעדרונגען אין קנאאן, און זיי האבן פארנומען דעם שמאלן פאס באם ברעג יאם, צו דארעם־צו פון דעם ארט, ווו דער טאל איזרעעל גייט ארויס צום יאם־צו. פאר אלע איינוווינער פון קנאאן, סיי פאר די פריערדיקע קנאאנים, סיי פאר די איצטיקע בניי־ייסראעל, זיינען זיי געווען גאר פרעמדע מענטשן, פון גאר אן אנדער אפשטאם. זיי האבן גערעדט אף אן אומבאקאנטער שפראך און האבן געדינט גאר אנדערע געטער. ס'איז ניט געניי באוווסט, צו וואס פאר א פאלק ס'האבן געהערט די פלישטים, נאר לויט זייערע רונדע קעפ זיינען זיי געווען גערעטן אין די גריכן; און עס קאן טאקע זיין, אז זיי זיינען געווען אין א מער אדער ווייניקער נאענטער קרוווועשאפט מיט די גריכן. לויט זייערע באשעפטיקונגען האבן זיי זיך אויך אפגעשיידט פון די איינוווינער פון קנאאן, זיי האבן אויסגעבויט פאר זיך יישוווים אפן ברעג יאם, אויסגעבויט אזא און אשקעלאן, וועלכע זיינען מיט דער צייט געווארן גרויסע שטעט, און פון דארטן פלעגן זיי אף לייכטע שיפלעך ארויספארן אין יאם. אייניקע פון זיי האבן זיך פארנומען מיט פישעריי, אנדערע אבער האבן זיך ניט באנוגנט מיט אזא פרידלעכער באשעפטיקונג, און זיי פלעגן לאקערן אף פיניקיישע האנדלס־שיפן, אנפאלן אף זיי און זיי בארויבעוען. זיי האבן אויך געפרווט מאכן אונטערטעניק די שוואטים פון די בניי־ייסראעל, ווייל זייער געוויינלעכער לעבנשטייגער האט זיי ניט געקאנט אינגאנצן מעפארנעס זיין. די פיניקיער פלעגן רוידעפן די יאם־רויבער און זיי פארניכטן; און פארנעמען זיך מיט רויבעריי אפן יאם איז דעריבער געווען זייער געפערלעך. פישעריי וואלט געווען גענוג, ווען דאס וואלט געווען א צוגאב צו ערדארבעט, ערד אבער איז געווען זייער ווייניק, און פון פישעריי אליין ציען די כאיונע איז גער ווען קימאט אוממעגלעך. דער האנדלס־פארקער איבערן יאם האט זיך שוין פון לאנג אן געפונען אין די הענט פון די פיניקיער, און די פלישטים זיינען ניט געווען אימשטאנד מיט זיי צו קאנקורירן, ס'איז געבליבן נאר איין מיטל: איינעמען נייע פלעצער און דארט זיך באזעצן, די שכיינישע טאלן



אידישע מטבעות. פארצייטיגע אידישע געוועהר.

פון פאלעסטינע האבן געצויגן צו זיך די פלישטים, און זיי האבן אנגעהויבן מיט די בניי־יִסראעל פירן א בלוטיקן קאמף פארן לאנד, וואס „פליסט מיט מילך און האניק", א קאמף, וואס האט זיך פארצויגן אף לאנגע יארן. א מוירעדיקער סוינע זיינען פאר די בניי־יִסראעל געווען די פלישטים. זיי פלעגן ארויסגיין אף מילכאמע, באוואפנטע מיט בראנזענע פאנצערס; זייער כאיל איז באשטאנען ניט נאר פון צופוסגייער (אינפאנטעריסטן), נאר אויך פון רייטערס און קריג־רייטוואגנס, און קעגן אזא מעכטיקן סוינע האבן די בניי־יִסראעל געמוזט ארויסטרעטן מיט א כאיל, וואס איז באשטאנען בלויז פון צופוסגייער. די מידיער האבן זיי נאך ווי־ניט־איז געקאנט בייקומען; זיי פלעגן באפעסטיקן די בערג־דורכגענג, אופבויענדיק בא די בארג־שפאלטן אזעלכע קליינע פעסטונגען, פון וועלכע מ'האט געקאנט אנפאלן אף די סאנים און באשיטן זיי מיט א האגל פון שטיינער און פיילן; אבוץ דעם האבן די מאכנעס פון די מידיער מיט זייער באוואפענונג זיך וויניק אפגעשיידט פון די בניי־יִסראעל. א סאך שווערער איז געווען פארטיק צו ווערן מיט די פלישטים, און די בניי־יִסראעל האבן געמוזט אוועקלייגן אלע קויכעס זייערע, קעדיי זיך צו באפרייען פון דער סאקאנע, וואס איז געשטאנען פאר זיי מיצאד די פלישטים.

דער קאמף מיט די פלישטים איז פאר די בניי־יִסראעל געווען נאך שווערער דערפאר, וואס צווישן די איינצלנע שוואטים איז ניט געווען קיין אכדעס. אין די טאלן פון פאלעסטינע האט זיך איטלעכער שייוועט געלעבט פאר זיך, אפגעטיילט דורך די בערג פון די איבעריקע שוואטים. די ערד האט געגעבן גענוג אף צו באפרידיקן אלע איינפאכע באדערפענישן פון יעדן שייוועט, און די אייגענע האנטווערקער פלעגן אויסארבעטן אלץ, אין וואס דער שייוועט האט זיך גענייטיקט, און דעריבער איז אין קיין אפטע מאגע אומאסע צווישן די שוואטים קימאט קיין נויט ניט געווען. יעדער שייוועט האט אין זיין געגנט געהאט זיינע הייליקע ערטער, יעהודע האט געהאט כעווראן און בעערשעווע, עפראים — שילא, מענאשע — יאוויש, ביניאמין — בייס־על, גוויאן און גאוואא, דאן — בייס־שעמעש. אף אזא אופן האבן זיך די שוואטים אפילע צוליב אלגעמיינע רעליגיעזע צערעמאניעס אויך זעלטן־ווען צונויפגעזאמלט אינאיינעם. אזא אפגעריסנקייט האט געבראכט צו זייער שלעכטע רעזולטאטן. די מיזרעך־יארדנדיקע שוואטים זיינען ניט געווען אימשטאנד אפילע זייער זעלבשטענדיקייט איינצוהיטן: רעוון און שימען האבן זיך צונויפגעגאסן מיט די בניי־מויעוו און בניי־אמוין און האבן אופגעהערט צו עקזיסטירן ווי זעלבשטענדיקע שוואטים. די מיירעוו־יארדנדיקע שוואטים פלעגן אויך זעלטן קומען צו היקף איינער דעם צווייטן. אז א סוינע פלעגט אנפאלן אף א וואסער־ניט־איז שייוועט, פלעגן די איבעריקע שוואטים קימאט שטענדיק שטיין פונדערווייטנס, סיידן זיי האבן מוירע געהאט, אז דער סוינע וועט אנפאלן אויך אף זיי. ווען סיסרא איז אנגעפאלן אפן שייוועט יִסאסכאר, האבן זיך אפגערופן נאר עפראים, מענאשע און דער שייוועט קיני. דאן, אשער, זוווּלון און נאפטאלע האבן זיך פון ארט ניט גערירט. אזוי איז געווען אויך דאן, ווען ס'זיינען פארגעקומען די ערשטע צוזאמענשטויסן מיט די פלישטים: יעדער שייוועט פלעגט פארטיידיקן מער ניט ווי זיך גופע און פלעגט לאכלוטן ניט זארגן וועגן די איבעריקע. דערפאר אבער פלעגן זיך אין יעדן שייוועט, ווען ס'פלעגט אויסקומען זיך פארטיידיקן קעגן די סאנים, געפינען העלדן, וואס האבן זיך געשטעלט בעראש פון זייערע ברידער און האבן אנגעפירט מיטן קאמף. די פאעטישע לעגענדעס שילדערן די דאזיקע אנפירער, ווי עמעסע העלדן, אדער גיבוירים, ווי זיי האבן געהייסן בא די בניי־יִסראעל. די לעגענדעס דערציילן, אז יאהוּוע אליין פלעגט אויסדערוויילן און רופן צום קאמף די דאזיקע גיבוירים, יאהוּוע פלעגט זיי אפרופן פון אקער, און זיי פלעגן גיין, פארייניקן ארום זיך דאס כאיל און מיט דער היקף פון יאהוּוע פלעגן זיי מענאצייעך זיין די סאנים. אזוי דערציילן אויך די רוסישע לעגענדעס וועגן דעם גיבער איליא מוראמעץ. גאט אליין האט אים גערופן דורך זיינע שעליכים,

בלאַנדזשענדיקע קאַליקעס, פון וועלכע ער האָט באַקומען זײַן גוווּרע און א בראָכע צו גיין קעמפן מיט די סטעפּעס־אײַנוווינער. איצטער קאָנען מיר גענוי ניט זאָגן, וועלכע גיבורים זײַנען טאַקע בעעמעס געווען בא די בני־ייִסראָעל און וועלכע זײַנען אויסגעטראַכטע פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע, און וויפל עמעס ס'איז פאַראַן אין די גיבורים, פון וועלכע ס'דערציילן די לעגענדעס. א סאַך לעגענדעס זײַנען פאַרבליבן וועגן די דרײַ גיבורים גידעאָן, יִפתאָך און שימען.

גידעאָן האָט געשטאַמט פון שייוועט מענאַשע; אין איינעם פון זייערע אָנפאַלן אויף די בני־ייִסראָעל האָבן די מידיִער אויסגעהאַרגעט אַלע זײַנע ברידער. איינמאָל האָט גידעאָן ניט ווײַט פון הייליקן דעמב אין אָפירא געדראָשן ווייץ, אין א ווײַנקעלער, קעדיי צו באַהאַלטן זיך פון די מידיִער, האָט זיך צו אים באַוויזן א מאַלעך פון גאָט פון אונטערן דעמב און האָט צו אים געזאָגט: גאָט איז מיט דיר, דו מעכטיקער גיבער, — און גידעאָן האָט געזאָגט צום מאַלעך פון גאָט: אויב גאָט איז יאָ מיט אונדז, פאַרוואָס זשע האָט ער אונדז פאַרלאָזט און האָט אונדז איבערגעגעבן אין די הענט פון מידיִען? איצט האָט שוין דאָס אָרט פון מאַלעך פאַרנומען יאַהווע אַליין. און יאַהווע האָט געבענטשט גידעאָנען צום קאַמף מיט די מידיִער, און האָט געזאָגט: דו וועסט אויסלייזן די בני־ייִסראָעל פון די הענט פון די מידיִער, איך האָב דיך געשיקט. גידעאָן האָט גלײַך געבראַכט א קאָרבן צו יאַהווע; ער האָט געשאָכטן א יונג ציגעלע, אויסגעקאָכט פון דעם א געקעכטס און פון מעל האָט ער אויסגעבאַקן מאַצעס און האָט געבראַכט דעם קאָרבן אונטערן דעמב און דאָרט אים אַוועקגעלייגט אויף א שטיין. יאַהווע האָט אַראָפּגעשיקט א פײַער און האָט פאַרצערט דעם קאָרבן. דאַן האָט גידעאָן געגלייבט, אַז גאָט האָט אים גערופן אויף צו מאַציל זײַן די בני־ייִסראָעל פון די הענט פון די מידיִער, און ער האָט פאַנאַנדערגעשיקט שעליכים צו די שוואָטים מענאַשע, אַשער, זוולון און נאַפטאָלע. יאַהווע אַליין האָט אים אָנגעוויזן, וויאַזוי ער זאָל אָנפאַלן אויף די מידיִער, קעדיי זיי צו פאַרניכטן. גידעאָן האָט איבערגעלאָזט בא זיך סאַכאַקל דרײַ הונדערט מאַן, און די מידיִער מיט די אַמאַלייקים זײַנען געווען אין זייער א גרויסער צאָל, ווי די היישעריקן, און צו זייערע קעמלען איז קיין שיר ניט געווען, ווי די זאַמד אויפן ברעג יאַם. אין דער נאַכט האָט גידעאָן מיט זײַנע דרײַ הונדערט מאַן גענומען שויפערס, ליידיקע קריגלעך און ברענענדיקע שטורקאַצן און זיי האָבן זיך שטילערהייט דערנעענטערט צום לאַגער פון די מידיִער און האָבן מיטאַמאָל אַלע אָנגעהויבן בלאָזן אין די שויפערס, צעבראָכן די קריגלעך און גענומען די שטורקאַצן אין די הענט, און דאָס האָט אַרויסגערופן א גרויסן טומל בא די מידיִער, און גידעאָן מיט זײַנע לײַט האָבן געשלאָגן די מידיִער און נאָכגעיאָגט זיי ביז יענער־זײַט יאַרדן. רײַך איז געווען די רויב, וואָס גידעאָן און זײַן כאַיל האָבן דעמלט באַקומען. פון דעם זילבער, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט בא די מידיִער, האָט גידעאָן בא יעדערן פון זײַנע קריגסלײַט אויסגעבעטן זיך א זילבערן אוירינגל, און דערפון האָט ער געמאַכט א זילבערנעם איפאָד, א זילבערנעם בילד פון גאָט. דעם איפאָד האָט ער אַוועקגעשטעלט אין אָפירא, און דער נײַער אָפּגאָט האָט געקראָגן א שעם אין דער גאַנצער געגנט: פון אַלע עקן לאַנד פלעגט מען זיך צונויפקלײַבן אין אָפירא, ברענגען קאָרבאָנעס פאַר דעם נײַעם אָפּגאָט, וואָס האָט מאַציל געווען דאָס לאַנד פון די פײַנט. און גידעאָן האָט אָנגעהויבן מישפּעטן זײַן שייוועט און געוועלטיקן איבער אים, און אַלע האָבן זיך אונטערגעוואָרפן אונטער אים: ער האָט דאָך מאַציל געווען די בני־ייִסראָעל פון די הענט פון די מידיִער. אַז גידעאָן איז געשטאָרבן, האָט איינער פון זײַנע זין, אווימעלעך, אויסגעהאַרגעט אַלע זײַנע ברידער, פאַרכאַפּט דעם איפאָד און דעם הייליקן דעמב און איז געוואָרן קיניג איבער מענאַשע. נאָר מע האָט זיך אונטערגעוואָרפן אונטער זײַן הערשאַפט גאָר אָן כיישעק און מע האָט גערעדט וועגן אים, אַז ער האָט ניט קיין רעכט צו זײַן קיניג — זײַן פאָטער האָט געקעמפט פאַר מענאַשע, האָט מאַקריוו געווען זײַן לעבן און האָט אויסגעלייזט דעם שייוועט פון אונטער דעם יאָך פון די מידיִער, און ער, אווימעלעך, האָט אויסגעהאַרגעט אַלע גידעאָנס קינדער, זײַנע ברידער, און האָט פאַרכאַפּט די מאַכט. די אײַנוווינער פון שכעם האָבן געמאַכט אַן אופשטאַנד קעגן אים. ער האָט קוים דערשטיקט דעם אופשטאַנד, ווי ער האָט גלײַך געמוזט גיין באַרויִקן נאָך א שטאָט, טעוועץ. נאָר דאָ האָט שוין אויף אים געוואַרט דער טויט: בײַס ער האָט געוואָלט אונטערצינדן דעם טורעם, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַהאַלטן אַלע אײַנוווינער פון טעוועץ, האָט אויף אים א פרוי אַראָפּגעוואָרפן א שטיק מילשטיין און דורכגעבראָכן אים דעם קאָפּ, אַזוי טרויעריק האָט זיך פאַרענדיקט די הערשאַפט פון גידעאָנס הויז.

דער צווייטער גיבער, יִפתאָך, האָט געשטאַמט פון גילעאַד, פון מיזרעך־יאַרדן. אים איז אײַננעם מיט זײַן שייוועט אויסגעקומען צו קעמפן קעגן די בני־אַמוין. וועגן זײַנע גוווּרעס דערציילן די לעגענדעס ווינציק, נאָר מיט גאָר א באַזונדערן אינטערעס גיט די מעסוירע איבער דעם טראַגישן גוירל פון זײַן טאָכטער. אַז יִפתאָך איז אַוועק אויף מילכאָמע, האָט ער געגעבן א נײדער, אַז אויב יאַהווע וועט אים העלפן און וועט איבערגעבן די בני־אַמוין אין זײַנע הענט, וועט ער ברענגען פאַר א קאָרבן צו גאָט דאָס ערשטע, וואָס וועט אים אַרויסגיין אַנטקעגן פון זײַן הויז. נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעהאַלטן א ניצאָכן און האָט זיך אומגעקערט אַהיים, איז אים אַנטקעגן אַרויס מיט פויקן און מיט

טענץ זײַן איין־איינציקע טאָכטער. אין מעשעך פון צוויי כאָדאָשים האָט זי אין די בערג באַקלאָגט איר אומגליקלעכן גוירל, איר מיידלשן לעבן, און דערנאָך האָט איר פאָטער געטאָן מיט איר, ווי ער האָט א ניידער געגעבן. פון דעמלט אָן פלעגן די טעכטער פון יִיסראָעל פיר טעג אין יאָר באַקלאָגן דעם גוירל פון יִיפטאָכס טאָכטער.

דער דריטער גיבער, שימשן, האָט געקעמפט מיט די פלישטים. דאָס איז געווען גאָר אן אומגעוויינלעכער מענטש; זײַן געבורט איז פאָרויסגעזאָגט געוואָרן פון א מאלעך פון גאָט, און ביז זײַן געבוירן איז זײַן מוטער געווען אן אקאָרע. ווען דאָס קינד איז אויסגעוואקסן, האָט אף אים אָנגעהויבן רוען דער רועך פון יאָהוּוע, און ער האָט באַקומען א גוואלדיקן אומגעוויינלעכן קויעך. איינמאָל איז א לייב אָנגעפאלן אף אים מיט זײַן פאָטער און מוטער, האָט ער אים צעריסן, ווי מע צערײַסט א קליין ציגעלע. ער האָט גענומען א פרוי פון די פלישטים, נאָר ער האָט זיך צעקריגט מיט דעם ווײַבס קרוווים. און ווען דרײַ טויזנט מאן פון די פלישטים האָבן אים ארומגערינגלט און געבונדן מיט שטריק, האָט ער אראָפגעריסן פון זיך די שטריק, געכאַפּט א קינבאק פון אן אייזל און האָט מיט אים געהארגעט טויזנט פלישטים. איינמאָל האָט ער גענעכטיקט אין אזא, האָט ער אף די אקסלען אוועקגעטראָגן די טויערן פון שטאָט אפן שפּיץ בארג בא דער שטאָט כעווראָן. אומגעבראכט האָט אים זײַן ליבע צו א פלישטישער פרוי דאלילע. די פלישטים האָבן זי אונטערגעקויפט, זי זאָל זיך דערוויסן, מיט וואָס איז אזוי גרויס דער קויעך פון שימשענען, און דאלילע האָט זיך דערוווּסט, אז זײַן קויעך איז אין זײַנע לאַנגע האָר: דאן האָט אים דאלילע אײַנגעשלעפערט, אָפּגעשוירן אים זײַנע האָר, און שימשן האָט פארלוירן זײַן קויעך. די פלישטים האָבן אים אויסגעשטאָכן די אויגן, ארײַנגעזעצט אין געפענקעניש און געצוווּנגען אים צו דרייען דאָרטן א מילשטיין. מיט דער צײַט האָבן די האָר פון שימשנס קאָפּ אָנגעהויבן אָנצוּוואקסן, און דאָ איז אָנגעקומען בא די פלישטים דער יאָמטעוו לעקאָוועד זייער הויפּט־גאָט דאגאָן. די פלישטישע הארן האָבן געהייסן ברענגען שימשענען אין טעמפּל, ווו ס'איז פאָרגעקומען דער יאָמטעוו, קעדיי פריילעך זיך מאכן, שפּאָטן און לאכן פון אים. צום סאָף האָט שימשן שוין ניט געקאָנט איבערטראָגן די שפּאָטערײַען, און ער האָט געבעטן דאָס יִינגל, זײַן פירער, אז ער זאָל אים צופירן צו די זײַלן, אף וועלכע ס'האלט זיך דער גאנצער טעמפּל; ער האָט זיך אָנגעשפּארט מיט די הענט אף די זײַלן, און האָט זיי אנידערגעוואָרפן: דער טעמפּל איז אײַנגעפאלן און האָט באַגראָבן אונטער זיך אלע מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען און אויך שימשענען גופע.

אין די דאָזיקע אלע דערציילונגען איז פאַראַן א סאך פאנטאסטישעס, ביפראַט אין די מײַסעס וועגן יִיפטאָכן און שימשענען, מ׳קען אפילע מיינען, אז די גאנצע מײַסע מיט יִיפטאָכן איז אויסגעטראכט נאָר צוליב דעם, קעדיי צו דערקלערן דעם מינהעג, לויט וועלכן די יִידישע פרויען פלעגן אין די אוראלטע צײַטן אײַנאָרדענען יעדן יאָר א טרויער־טאָג. אייניקע געלערנטע האלטן, אז דער דאָזיקער מינהעג האָט א נאָענטע שײַכעס צו יענע טרויער־צערעמאָניעס, וואָס פלעגן אײַנגעאָרדנט ווערן אין פארשיידענע מיזרעך־לענדער אין הארבסטצײַט, ווען עס ווערט פארוועלקט די גאנצע נאטור. די באָוולים פלעגן זאָגן: דאָס האָט אישטאר (אשטאָרעס), די געטין פון ליבע, פרילינג און פרייד, זיך אראָפּגעלאָזט אין טהאָם, ווו זי ווערט געפּײַניקט פון בייזע טײַוולאָנים, און האָט מיטגענומען מיט זיך די גאנצע לעבעדיקײַט און וואַרעמקײַט, און די באָוולשע פרויען פלעגן מיט א יאָמער און געוויין אײַנאָרדענען א טרויער־כאָגע לעקאָוועד דער געטין, וואָס האָט זיך אראָפּגעלאָזט אין טהאָם. אין קליין־אזיע און אין גריכנלאנד פלעגט מען אויך באוויינען פערסעפאָנע, די טאָכטער פון דעמעטער (מוטער פון דער ערד), דער געטין פון פרוכטפעריקײַט: א האלב יאָר פלעגט פערסעפאָנע פארברענגען אף דער ערד, דאָס אנדערע האלביאָר — אונטער דער ערד. מעגלעך, אז אין קנאַאן האָט נאָך פון די אוראלטע צײַטן עקזיסטירט אזא טרויער־כאָגע אין הארבסט, און די בנײ־יִיסראָעל האָבן איבערגענומען דעם מינהעג בא די קנאַאנער; און קעדיי צו דערקלערן, פונוואַנען ס'נעמט זיך דער דאָזיקער מינהעג, האָט מען, ווײַזט אויס, צו דער לעגענדע וועגן יִיפטאָכן נאָך צוגעגעבן א מײַסע, ווי־אזוי יִיפטאָך האָט געמוזט ברענגען פאר א קאָרבן זײַן טאָכטער. נאָך מער פאנטאסטיש זײַנען די מײַסעס וועגן שימשענען. ס'איז גלײַך נייקער, אז שימשן איז ניט פּאָשעט א מענטש, נאָר עפּעס א מין האלבער גאָט, און ס'איז ניט שווער צו דערקענען, וועגן וועלכן גאָט ס'רעדט זיך דאָ, אויב מיר וועלן נאָר גענויער באטראכטן זײַן נאָמען. דאָס וואָרט „שימשן" שטאמט פון שורעש „שעמעש", וואָס באטײַט די זון. בא די פלישטים און פיניקיער, די שכיינים פון די בנײ־יִיסראָעל, איז געווען א מיף וועגן מעלקארטן, דעם גאָט פון דער זון, וועלכער האָט, ווי מיר ווייסן, ארויסגעוויזן צוועלף גוווּרעס, איז דערגאנגען ביזן עק פון דער ערד און דאָרט אוועקגעשטעלט צוויי זײַלן. אין איינער פון זײַנע גוווּרעס, וואָס ער האָט באוויזן, ווערט אויך דערציילט, ווי מעלקארט האָט גוויוּער געווען א לייב. וועגן דעם באָוולשן זון־גיבער הילדהאמעש ווערט אויך דערציילט, אז ער האָט געקעמפט מיט א לייב, מיט אים האָט זיך אויך געטראָפן אן אומגליק צוליב א ליבע צו דער געטין אישטאר; די גוווּרעס פון מעלקארטן און הילדהאמעשן האָבן די גריכן צוגעשריבן זייער העלד הערַאקלעסן. די

# ביבלישע סוזשעטן אין קונסט

אַלס איליוסטראַציעס צו דער רובריק „יִדישע געשיכטע", ווו עס ווערט געדרוקט נ. מ. ניקאָל־כקיס בוך „דאָס אוראַלטע פאָלק יִסראָעל", זײַנען די קינסטלערישע בײַלאַגעס פאַרן איצטיקן נומער אָפּגעגעבן געוואָרן די באַוווּסטע מײַסטער־ווערק פון דער רענעסאַנס־טקופע.

רעמבראַנדט. שויעל און דאָוויד





ד. באסאנאָ. מוישע ראביינו שלאָגט ארויס פון דעם שטיין וואסער

וואן דייק. שימשן און דאלילע





מיקעלאנדזשעלאָ. מוישע ראבײנו

געשיכטע פון הערקל איז אזוי ענלעך צו דער געשיכטע פון שימשענען, אז נאָך אין פערטן יאָהונדערט נאָך יעשועס געבורט האָט איין שרײַבער, דער גײַסטלעכער יעווסיי, געשריבן, אז הערקל — דאָס איז א קאָפּיע, וואָס די געצנדינער האָבן אראָפּגענומען פון שימשענען. מעלקאַרט האָט אויסגעפירט צוועלף גוווּרעס; די זון גייט דורך אין מעשעך פון א יאָר דורך צוועלף מאַזאָלעס, און די צוועלף העלדנטאַטן זײַנען צוגעפּאַסט צו די דאָזיקע מאַזאָלעס; שימשן האָט באַוויזן מער ניט ווי זיבן גוווּרעס; נאָר סיקאָן נײַן, אז אין די אוראַלטע צײַטן האָט די לעגענדע וועגן שימשענען אויך געציילט צוועלף גוווּרעס.

מער ווי אלע איבעריקע לעגענדעס איז היסטאָריש לויט איר אינהאַלט די לעגענדע וועגן גידעאָנען. אין דער דאָזיקער לעגענדע איז א סאַך צו גלייבן, און פון איר קאָנען מיר זיך פיל דערוויסן וועגן דעם לעבנשטייגער און די מינהאָגים פון די אוראַלטע בנײ־יִסראָעל. ס׳איז צו גלייבן, אז אין א מילכאָמע־צײַט האָבן די בנײ־יִסראָעל געבעטן צו זייער גאָט יאַהווע און האָבן צײַטווײַליק פאַרגעסן וועגן דעם פרידלעכן באַאַל. ס׳איז צו גלייבן, אז ס׳איז טאַקע געווען אזא גידעאָן, און ס׳איז אונדז אפילע ניט שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס איז דאָס גראָדע ער ארויסגעטראָטן אין קאַמף קעגן די מידיִער: ער האָט געהאַלטן פאַר זײַן כויוו נעקאָמע צו נעמען פאַר זײַנע דערהאַרגעטע ברידער. נאָר די הויפּט־זאַך, וואָס מיר דערוויסן זיך פון די לעגענדעס וועגן גידעאָנען און אנדערע גיבוירים, פון וועלכע מיר ווייסן זייער אָפט גאָרנישט אכוץ זייערע נעמען, איז אָט וואָס: אייניקע אָנפירער פון די שוואָטים פלעגן ניט פאַרלירן זייער מאַכט אויך שפּעטער נאָכן ניצאָכן איבער די סאָנים. אין מילכאָמע־צײַט פלעגן זיי געוועלטיקן איבערן גאַנצן פאָלק, און אנדערש האָט עס ניט געקאָנט זײַן; נאָר האָבנדיק איין אָנפירער, האָט מען געקאָנט גוויוער זײַן די געפערלעכע סאָנים. נאָר אָט איז געקומען א סאָף צו דער מילכאָמע, דאָס לאַנד האָט זיך אײַנגערויִקט, און די קריגסלײַט פלעגן זיך פאַנאַנדערגיין איטלעכער אונטער זײַן פײַגנבוים און אין זײַן ווײַנגאָרטן, און דאָך פלעגן אויך ווײַטער אייניקע אָנפירער ניט אָנווערן זייער קאָוועד און זייער מאַכט. זיי פלעגן מישפּעטן דאָס פאָלק, ווי ס׳דערציילן די לעגענדעס. אזעלכע אָנפירער, וועלכע פלעגן אויך נאָך דער מילכאָמע אײַנהאַלטן אין זייערע הענט די מאַכט, האָט דאָס פאָלק גערופן שאָפטים, און דער סייפער פון טאַנאַך, ווו ס׳ווערט דערציילט וועגן זייערע גוווּרעס און מײַסים, ווערט אויך אָנגערופן שאָפטים. אויב מיר זאָלן אפילע האַלטן, אז ניט אלץ, וואָס ווערט דערציילט וועגן די וווּנדערבאַרע גוווּרעס פון די העלדן, איז ריינער עמעס, קאָנען מיר דאָך גלייבן, אז פיל פון די דאָזיקע גיבוירים זײַנען טאַקע געווען שאָפטים, אז זיי האָבן געמישפּעט דאָס פאָלק. וואָס זשע הייסט עס מישפּעטן דאָס פאָלק?

קאָלזמאַן די בנײ־יִסראָעל האָבן געוואַנדערט איבערן מידבער, האָבן זיי זיך ניט געניטיקט אין קיין שטענדיקן געריכט. אויב איינער פלעגט באַליידיקן זײַן קאָרעװ, פלעגט די זאַך געלייזט ווערן פון דעם עלטסטן אין זייער מישפּאָכע, פון זייער פּאַטריִאַרך; ווען דער באַליידיקער און דער באַליידיקטער זײַנען געווען פרעמדע צווישן זיך, פלעגט די זאַך געלייזט ווערן דורך א קאַמף צווישן זיי: פאַר בליידן פלעגן זיך אָנעמען זייערע קרויווים, און עס פלעגט זיך אָנהייבן א מילכאָמע לויטן קלאַל: אַן אויג פאַר אַן אויג, א צאָן פאַר א צאָן. נאָר ווען די בנײ־יִסראָעל האָבן זיך באַזעצט אין דעם לאַנד קנאַאַן און זײַנען געוואָרן אײַנגעזעסענע פּויערים, האָבן שוין די אַלטע מיטלען מער ניט געקאָנט זײַן גילטיק. די קרויווים האָבן זיך באַזעצט ווײַט, אָפּגעזונדערט איינער פון דעם אנדערן, זיי פלעגן זיך זעלטענער טרעפן איינער מיטן צווייטן; דאָס האָט געפירט צו דערצו, אז די מאַכט פון די עלטסטע אין מישפּאָכע איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. פירן בלוטיקע מילכאָמעס צוליב א באַליידיקונג איז שוין געוויס געווען אומבאַקוועם, ווײַל די מילכאָמעס פלעגן רויִנירן די באַלעבאַטישקײַט פונעם ערדאַרבעטער. צו וועמען זשע ווענדט מען זיך, ווען מע דאַרף פאַרענטפערן עפּעס א שטרײַטפראַגע אָדער באַשטראָפן פאַר א באַליידיקונג? ס׳פאַרשטייט זיך, צו אזא מענטשן, וועלכער וועט קאָנען גוט באַטראַכטן די פראַגע; און בעסער פאַר אלעמען וועט עס מאַכן אזא מענטש, וועלכער ווייסט, ווי צו קומען אין באַציִונגען מיט גאָט און קאָן זיך דערוויסן זײַן ראַצוין. באַזונדערס איז עס נייטיק אין אזא פאַל, ווען די זאַך איז זייער ניט קלאָר, ווען מ׳ווייסט ניט, ווער איז עס דער פאַרברעכער, ווען דער לעצטער האָט שוין געהאַט צײַט זיך צו באַהאַלטן — ווי׳אזוי געפינט מען אים, קעדיי צו באַשטראָפן דעם שולדיקן און עס זאָל ניט לײַדן קיין אומשולדיקער? וועגן דאָס אלץ מוז מען אָנפרעגן גאָט, ער ווייסט און זעט מער פאַר די מענטשן, און ער וועט אָנווײַזן דעם שולדיקן. און וויסן דעם ראַצוין פון גאָט קאָן בעסער פאַר אלעמען דער מענטש, וועלכער דינט אים שטענדיק, דער קויהען. עמעס, אין יענע צײַטן האָט יעדער מענטש געקאָנט זײַן א קויהען; יעדער האָט געהאַט די מעגלעכקײַט צו ברענגען א קאָרבן פאַר גאָט, ניט נייטיקנדיק זיך דערבײַ אין א פּראָפעסיִאָנעלן קויהען; אזוי ווייסן מיר, לעמאָשל, אז גידעאָן, איינער פון די באַרימטסטע גיבוירים אין קאַמף מיט די מידיִער, האָט געבראַכט א קאָרבן גאָט אין פעלד, דאָרט ווו באַם דרעשן האָט זיך אים באַוויזן דער מאַלעך און האָט אים געהייסן ארויסטרעטן קעגן די מידיִער; גידעאָן האָט דאָ אויפן אָרט צוגעגרייט דעם קאָרבן, צונויפגעקליבן אין פעלד שטיינער, פון זיי געמאַכט א מיזבייעך און געבראַכט דעם קאָרבן.

נאָר די ערטער, וועלכע זײַנען געווען היילִיק באַם גאַנצן פֿאָלק, האָבן געהאַט פּראָפֿעסיאָנעלע קויהאַנים: זיי פֿלעגן אַכטונג געבן, אַז אַלץ זאָל דאָ זײַן אין אַ געהעריקער אָרדענונג, זיי פֿלעגן אָפּהיטן די סטאַטועס פֿון גאָט, אויב ס׳זײַנען דאָ געווען אַזעלכע, צו זיי פֿלעגט מען זיך ווענדן מיט די קאָרבאָנעס, וואָס מע האָט געוואָלט ברענגען פֿאַר גאָט, און דורך זיי פֿלעגט מען זיך דערוויסן דעם ראַצוין פֿון גאָט. די קויהאַנים האָבן געטראָגן מיט זיך אורים וועטומים און וואַרפֿנדיק גוירל פֿאַר די דאָזיקע אורים וועטומים, פֿלעגן זיי זיך דערוויסן דעם ראַצוין פֿון גאָט, באַקומען פֿון אים טשוווּעס און איבערגעבן די דאָזיקע טשוווּעס דעם פֿאָלק, ווי אַ טוירע (אַ געזעץ) פֿון יאַהווע. אַלע ווייניק אַנטוויקלטע פֿעלקער ווענדן זיך אין שווערע פֿאַלן צו גאָטס מישפּעט. ענלעכע מינהאָגים געפֿינען מיר באַ די אור־אַלטע הערמאַנער, די גרינדער פֿון די מאָדערנע אייראָפּעיִשע מעלוכעס. די הערמאַנער פֿלעגן אַפֿילע אין אַלע פֿאַלן זיך ווענדן צו גאָטס מישפּעט: דעם באַשולדיקטן פֿלעגט מען קאָכן אין זודיקער וואַסער אָדער פֿײַניקן מיט אַן אָנגעברענטן אײַזן, און אויב ער פֿלעגט אויסהאַלטן דעם ניסאָיען, פֿלעגט עס זײַן אַ באַווײַז, אַז ער איז אומשולדיק; מע פֿלעגט אויך געפֿינען דעם פֿאַרברעכער דורך גוירל וואַרפֿן, אָדער מע פֿלעגט פֿאַרלייגן די צדאָדים זיך שלאָגן איינער מיט דעם צווייטן. און דער צווייקאַמף האָט טאַקע געהייסן דער מישפּעט פֿון גאָט. די אוראַלטע סלאַוון האָבן באַניצט אַזאַ מישפּעט פֿון גאָט אין די זעלבע פֿאַלן ווי די בנײ־יִסראָעל, דאָן, ווען ס׳איז ניט געווען קיין „הערערס און קיין זעערס". דאָס הייסט, ווען ס׳איז ניט געווען קיין איידעס, פֿלעגט מען באַניצן דעם מישפּעט פֿון גאָט.

אַזוי זעען מיר, אַז געוויינלעך האָבן געמישפּעט דאָס פֿאָלק די זקיינים אָדער די קויהאַנים; אָן די קויהאַנים האָט מען זיך בעשום־אויפֿן ניט געקאָנט באַגיין אין שווערע לעבנס־פֿאַלן. נאָר בײַס ס׳האָבן זיך באַוויזן די פֿאָלקס־אָנפֿירער, ווען דאָס פֿאָלק האָט גערעכנט פֿאַר אָנגעוויזענע פֿון גאָט אַליין, האָבן זיי באַקומען אַ גרעסערע מאַכט און אַ גרעסערע דייע ווי די קויהאַנים: דער קויהען דינט מער ניט ווי אין אַ באַשטימטן אָרט, צום גאָט פֿונעם דאָזיקן אָרט; הײַנט איז דער קויהען דאָ, מאָרגן דאָרט; ס׳איז אויך געווען אַ סאַך וואַנדערנדיקע קויהאַנים, וועלכע פֿלעגן זיך פֿאַרדינגען צו פֿאַרמעגלעכע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט זייערע היימישע הייליקטימער מיט איפֿאָדן. קויהאַנים זײַנען געווען אַ סאַך, און ניט אַלעמען פֿון זיי האָט מען געקאָנט גלײַך טרויען: ס׳קאָן זײַן, אַז דער קויהען ווייסט, ווי אַרײַנצוטרעטן אין באַציִונגען מיט גאָט, און ס׳קאָן זײַן, אַז ניט; ס׳קאָן זײַן, אַז ער איז אָנגענומען באַ גאָט, און ס׳קאָן אויך זײַן, אַז ניט. דעריבער, בעשאַס ס׳האָבן זיך באַוויזן אַזעלכע פֿאָלקס־פֿירער ווי גידעאָן אָדער יִפֿטאָך, איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס מע האָט זיך אָנגעהויבן ווענדן צו זיי אין שווערע פֿאַלן. איז עמעצער געווען ניט צופֿרידן מיטן פּסאַק־דין, וואָס ס׳פֿלעגט אַרויסטראָגן דער קויהען־שויפֿעט, אָדער ווען דער קויהען פֿלעגט זיך אָפּזאָגן צו באַטראַכטן דעם איניען, האָט מען זיך געקאָנט ווענדן צום שויפֿעט־אָנפֿירער. דער אָנפֿירער פֿלעגט באַטראַכטן דעם איניען, און אויב ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ גוטן שויפֿעט, פֿלעגט זײַן מאַכט ווערן פֿעסטער און ער פֿלעגט ווערן אַלץ רײַכער. פֿאַר זײַן מישפּעטן פֿלעגט ער באַקומען מאַטאָנעס, און אין זײַן מאָקעם־קוידעש צו זײַן איפֿאָד פֿלעגט מען ברענגען קאָרבאָנעס, און אַזאַ אָנפֿירער האָט דעריבער געקאָנט ווערן גענוג מעכטיק. ס׳איז צו גלייבן, אַז גידעאָן איז אַף אַזאַ אויפֿן געוואָרן אַ גאַנץ מעכטיק קיניגל, און נאָך זײַן טויט — אַווימעלעך און אַנדערע שאָפֿטים־אָנפֿירער. מיט דער צײַט האָט די מאַכט פֿון אַזעלכע שאָפֿטים־אָנפֿירער געמוזט נאָך מער וואַקסן, און דער קריגס־אָנפֿירער האָט, ווי גידעאָן, געקאָנט ווערן אַ קיניג און גרינדן אַ דינאַסטיע. אַזוי איז שויעל פֿון די קריגס־אָנפֿירער אינעם קאַמף מיט די פּלישטים געוואָרן אַ קיניג, נאָך אים איז אין יעהודע געוואָרן אַ קיניג דאָוויד, וועלכער האָט געגרינדעט אַ דינאַסטיע, וואָס האָט געהערשט אין דאָרעם־פּאַלעסטינע ביז מאַלכעס־יעהודע איז צעשטערט געוואָרן פֿון די באָוולער.

העכער טויזנט יאָר פֿאַר קריסטוסעס געבוירן (בערערך אין 1050־טן יאָר) זײַנען די אָנפֿאַלן פֿון די פּלישטים געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז אַפֿילע די זעלבשטענדיקײַט פֿון די בנײ־יִסראָעל איז געשטאַנען אין געפֿאַר. אינעם קאַמף מיט די פּלישטים האָבן די בנײ־יִסראָעל אָנגעווענדט דעם שטאַרקסטן מיטל; זיי האָבן מיטגענומען אָפֿן שלאַכטפֿעלד דעם אָרן פֿון יאַהווע, וועלכער האָט זיך דאַן געפֿונען אין שילאָ; דאָרט איז פֿאַרן אָרן געווען אויסגעבויט אַ קליינער בייס־האַמיקדעש, און באַם בייס־האַמיקדעש האָבן זיך שטענדיק געפֿונען קויהאַנים פֿון עליס מישפּאָכע. עלי האָט געשיקט מיטן אָרן זײַנע צוויי זין. נאָר די יִידן האָבן געליטן אַ שרעקלעכע מאַפּאָלע: די פּלישטים האָבן פֿאַרכאַפּט דעם אָרן, עליס קינדער זײַנען דערהאַרגעט געוואָרן, און עלי אַליין איז געשטאָרבן, בײַס מע האָט אים אָנגעזאָגט די טרויעריקע בסורע וועגן דער מאַפּאָלע און וועגן דעם, אַז דער אָרן איז אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון די פּלישטים. די פּלישטים האָבן אַפֿילע גיך אומגעקערט דעם אָרן, ווײַל זיי האָבן גערעכנט, אַז אַלע אומגליקן, וואָס האָבן זיך פֿאַר דער צײַט געטראָפֿן אין זייערע שטעט, זײַנען געקומען איבער דעם, וואָס זיי האָבן פֿאַרהאַלטן דעם אָרן. נאָר דאָס האָט ניט געהאָלפֿן די בנײ־יִסראָעל, און זיי האָבן אויך ווײַטער געמוזט צאָלן די פּלישטים. צו די צאָרעס איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס אין גילעאַד, פֿון יענער זײַט יאַרדן, האָבן זיך ווידער באַוויזן גאַנצע מאַכנעס פֿון

די בני־אמוין און זײַנען אָנגעפאַלן אױף דער פּעסטונג יאוויש, וואָס ליגט באַם סאַמע ברעג פון יאַרדן. אין אַזאַ שווערער צײַט האָט זיך אין שיוועט בינימין באַוויזן אַן ענערגישער קעמפער פאַר דער פרײַהײַט פון די בני־יִשׂראל; זײַן נאָמען איז געווען שויעל; און ער איז טאַקע געוואָרן דער ערשטער מײלעך פון די בני־יִשׂראל.

וועגן דעם, וויאַזוי שויעל איז געוואָרן מײלעך, זײַנען פאַרבליבן אַ סאַך לעגענדעס. נאָך דאָך ווײַדן איז שויעל דער באַליבטסטער פאָלקס־העלד. איין לעגענדע דערציילט, אַז שויעל איז באַרימט געוואָרן דורך דעם, וואָס ער האָט באַפרײַט די שטאָט יאוויש פון די בני־אמוין. דער אָנפירער פון די בני־אמוין נעכאָש, וועלכער האָט באַלאַגערט יאוויש, איז מערויצע געווען צו מאַכן שאָלעם מיט די אײַנוווינער פון יאוויש, נאָר מיטן טנאַי, אַז מע זאָל יעדן פון זיי אויסשטעכן דאָס רעכטע אויג און אױף אַזאַ אויפן מאַכן צו שאַנד ערעץ־יִשׂראל; אױף אַ טשוווע האָט ער געגעבן זעקס טעג צײַט. די באַלאַגערטע האָבן געשיקט שעליכים צו אַלע שוואָטים און געבעטן קומען זיי צו הילף; ווען די שע־ליכים זײַנען אָנגעקומען קיין גאַוואַ, וווּ ס׳האָט געלעבט שויעל, איז ער גראָד אָנגעקומען פון פעלד מיט די רינדער. אַז ער האָט דערהערט דעם כוצפּעדיקן פאָרשלאַג פון נעכאָשן, האָט אױף אים גערוט דער גײַסט פון גרויסן צאָרן, האָט ער צעשניטן די רינדער אױף שטיקער און געשיקט שעליכים איבער גאַנץ יִשׂראל מיט די ווערטער: „אַזוי וועט געטאָן ווערן מיט די רינדער פון יעדן, ווער ס׳וועט ניט גיין מיט מיר העלפן דער שטאָט יאוויש“. אױף שויעלס רוף האָבן זיך אָפּגערופן די שוואָטים בינימין, יעהודע און עפראַים, און דאָס דאָזיקע כאַיִל אונטער דער אָנפירונג פון שויעלן האָט באַפרײַט יאוויש. ווען דאָס כאַיִל איז צוריק איבערגעגאַנגען דעם יאַרדן, האָט עס אין גאַלגאַל דערקלערט שויעלן פאַר אַ מײלעך. צווישן פאָלק זײַנען געגאַנגען קלאַנגען, אַז יאַהאָשוע האָט נאָך פריִער דורך זײַן קויהען און נאָווי שמועלן אָנגעוויזן אױף שויעלן. שמועל איז געווען גאָר אַ באַזונדער ליבלינג בא גאָט; זײַן געבוירן איז געווען פונקט אַזוי סוידעסדיק ווי דאָס געבוירן פון שימשענען, און דערצויגן האָט ער זיך אין שילאָ, אין מישקאַן באַם קויהען עלי, אין די צײַטן פון שויעלן איז שמועל באַרימט געווען מיט זײַנע נעוויִעס; נאָך פאַר דער מײַסע מיט יאוויש האָט זיך שויעל צופעליק געטראָפן מיט שמועלן בעשאַס ער האָט געזוכט די אייזלען פון זײַן פאָטער. דער קנעכט, וואָס האָט באַגלייט שויעלן, האָט אים גע־ראָטן זיך ווענדן צו שמועלן נאָך אַן אייצע, וויאַזוי צו געפינען די אייזלען; און יאַהאָשוע האָט נאָך פריִער אין כאָלעם אָנגעזאָגט שמועלן, אַז אים וועט באַזוכן דער קומענדיקער קיניג פון יִשׂראל, וואָס וועט באַפרײַען דאָס פאָלק פונעם יאָך פון די פּלישטים. שויעל איז אָנגעקומען בעשאַס שמועל האָט געבראַכט אַ קאָרבן אױף דער באַמע; שמועל האָט אויסגעטיילט שויעלן דעם בעסטן כײלעק פון קאָרבן, האָט אים געזאָגט, אַז די אייזלען האָבן זיך שוין געפונען, און אױף מאָרגן האָט ער אים גע־זאַלבט פאַר אַ קיניג; צי די מײַסע איז טאַקע געווען אַזוי, ווייסן מיר ניט, נאָר שויעלן האָט מען געהאַלטן, אַזוי ווי גידעאָנען, פאַר אַן אָנפירער פון פאָלק, אױף וועלכן ס׳רוט דער גײַסט פון יאַהאָשוע, פונעם שטרענגן גאָט פון מילכאָמע און נעקאָמע. שויעל האָט צונויפגעקליבן אַ כאַיִל פון שטאַרקע און קריגערישע מענער און האָט אָנגעהויבן אַ בלוטיקן קאַמף מיט די פּלישטים; אים האָט אָפּגע־גליקט אָפּהאַלטן איבער זיי אַ גלענצנדיקן ניצאָכן בא מיכמאָש. אַזאַ ניצאָכן האָט ער אויך אָפּגעהאַלטן איבער די מידבער־וואַנדערער, די אַמאַלייקים. נאָך די דאָזיקע ניצכוינעס האָבן אים אַלע דאָרעמדיקע און מיזרעכדיקע שוואָטים פון יִשׂראל אָנערקענט פאַר אַ קיניג. און אין זײַן געבוירן־שטאָט גאַוואַ, אַרומגערינגלט פון זײַנע נאָענטסטע העלדישע יונגע גיבוירים, אונטערן שאָטן פון אַ ברייטצווײַגיקן פײַגנבוים פלעגט שויעל מישפּעטן דאָס פאָלק. נאָר די פּלישטים זײַנען נאָך ניט אינגאַנצן באַזיגט געוואָרן. זיי זײַנען נאָך די שרעקלעכע מאַפּאָלעס איבגיכן געקומען צו־זיך, און ס׳האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן מיט זיי בלוטיקע מילכאָמעס; אין די דאָזיקע מילכאָמעס איז באַרימט געוואָרן שויעלס קעגנער, דער קומענדיקער קיניג דאָוויד.

(פאָרזעצונג קומט)

# ווּ איז געבוירן געוואָרן וואָלאָדאַרסקי?

מיט א יאָר צוואַנציק צוריק איז מיר אויסגעקומען אין באַשטאַנד פון א גרופּע יונגע קאַנטקענער פון דער ליובאַרער מיטלשול צו באַזוכן מיט אַן עקסקורסיע דאָס שטעטל אָסטראָפּאָל, כמעלניצקער געגנט, און דאָרט באַקוקן דעם מוזיי, געווידמעט דעם אָנטיילנעמער פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, דעם באַוווּסטן טוער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי פון לענינס גוואַרדיע וו. וואָלאָדאַרסקי.

דער צענטראַלער סטענד פון דער עקספּאָזיציע אין מוזיי האָט מיטגעטיילט, אַז וו. וואָלאָדאַרסקי (מאָיסיי מאָרדקאָוויטש גאָלדשטיין) איז געבוירן געוואָרן אין אָסטראָפּאָל (דעמלט — וואָלינער גובערניע), אין 1891. ס׳האָט צוגעצויגן מײַן אויפֿמערקזאַמקײַט אַן אַנקעטע, וואָס האָט זיך געפֿונען אויף אַן אַנדער סטענד. דאָרט איז געווען פֿאַרצייכנט: „מאָיסיי מאָרדקאָוויטש גאָלדשטיין. א פּויער. 19 יאָר אַלט. צוגעשריבן צו דער ליובאַרער דאָרף־געמיינדע״. די דאָזיקע אייגנהאַנטיקע אַנקעטע, וועלכע מע האָט אַנטדעקט אינעם מעלוכישן אַרכיוו פון דער אַרכאַנגעלסקער געגנט, האָט צוגעשיקט קיין אָסטראָפּאָל וואָלאָדאַרסקיס שוועסטער.

ס׳האָט בײַ מיר אויפגעבליצט א געדאַנק: „אויב מאָיסיי מאָרדקאָוויטש איז צוגעשריבן צו דער ליובאַרער דאָרף־געמיינדע, צי איז ער ניט געבוירן געוואָרן אין אונדזער שטעטל?״ קעדיי געפֿינען אַן ענטפֿער אויף אָט דער פֿראַגע, האָב איך אָנגעהויבן זאַמלען אָנגאַבן וועגן וו. וואָלאָדאַרסקין און זײַנע קרובֿים.

אין קומענדיקן יאָר האָט זיך מיר אײַנגעגעבן באַגעגענען זיך אין לענינגראַד מיט פֿאַינע מאָרדקאָוונע וואָלאָדאַרסקע, א געבוירענע אין 1900. פון אירע דערציילונגען האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מאָיסייס עלטערן און ער אַליין זײַנען טאַקע געבוירן געוואָרן אין שטעטל ליובאַר, געוועזענער וואָלינער גובערניע. פּונקט דאָס זעלבע האָט מיר באַשטעטיקט אין מאָסקווע אין 1984 וו. וואָלאָדאַרסקיס ברודער, פּראָפֿעסאָר לעוו מאָרדקאָוויטש וואָלאָדאַרסקי, א מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

פונדעסטוועגן איז געווען נייטיק צו געפֿינען נאָך דאָקומענטאַלע באַווײַזן. די געדרוקטע קוואַלן ברענגען ווידערשפּרעכלעכע אָנגאַבן וועגן דער דאַטע און וועגן דעם אָרט פון מאָיסיי גאָלדשטיינס געבורט, די ערשטע בײַאָגראַפֿן באַהויפּטן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל אָסטראָפּאָל. וועגן דעם, אַז וואָלאָדאַרסקי האָט געהאַט וועלכע־ניט־איז שײַכעס צו אָסטראָפּאָל, האָבן די בײַאָגראַפֿן געקאָנט זיך דערוויסן פון די מענטשן, מיט וועלכע ער האָט געלעבט און געאַרבעט אין פּעטראָגראַד אין 1917, נאָכן אומקערן זיך פון דער עמיגראַציע. דאָס האָט זיי געגעבן א סמאַך צו באַהויפּטן, אַז אָסטראָפּאָל איז זײַן געבורטס־אָרט, און די האַשאָרע איז אַרײַן אין די צײַטונגען, ביכער און ענציקלאָפּעדיעס.

אָבער דעם 20 יוני 1927 האָט די צײַטונג „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ״ אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פון לעוו מאָרדקאָוויטש וואָלאָדאַרסקין „דער פּראָלעטאַרישער טריבון וו. וואָלאָדאַרסקי (צו די נײַן יאָר פונעם מאָרד)״, ווּ דער ברודער שרײַבט, אַז מאָיסיי איז געבוירן געוואָרן אין ליובאַר.

אויף לעוו וואָלאָדאַרסקיס אַרטיקל האָבן איבער אומקלאָרע סיבעס די פֿאָרשער ניט געלייגט קיין אַכט. דערפֿאַר איז אין 1951 דערשינען א נײַע ווערסיע וועגן דעם געבורטס־אָרט. מיר געפֿינען זי אין דער צווייטער אויסגאַבע פון דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע: „די היימשטאָט פונעם באַוווּסטן טוער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי וו. וואָלאָדאַרסקי איז וואָלאָדאַרסק־וואָלינסקי (ראַיצענטער פון זשיטאָמירער געגנט)״. אין 1971 האָט מען געמוזט די דאָזיקע ניט־וויסנשאַפֿטלעכע פֿעסטשטעלונג אָפּוואַרפֿן, און די רעדאַקציע פון דער לעצטער דריטער אויסגאַבע פון דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער מער פֿאַרשפּרייטער ווערסיע: „וואָלאָדאַרסקי מ. מ. איז געבוירן געוואָרן אין אָסטראָפּאָל, כמעלניצקער געגנט״.

אַזעלכע ווידערשפּרעכלעכע געדרוקטע מיטטיילונגען האָבן געשטויסן נאָך מער אַקטיוו אויסצופֿאָרשן דעם איניען. אין די אַרכיוון פונעם זאַגס פון פּסקר האָבן זיך קיין מעטרישע פֿאַרנאָטירונגען וועגן מאָיסיי גאָלדשטיינס געבורט ניט פֿאַרהיט. און פּלוצעם — אַן אויפֿבליץ פון האָפֿענונג: די וויסנשאַפֿטלעכע מיטאַרבעטער פונעם מעלוכישן אַרכיוו פון דער אַרכאַנגעלסקער געגנט האָבן צוגעשיקט א באַשטעטיקונג, אַז בײַ זיי האָט זיך פֿאַרהיט די פּערסאָנעלע דאָסיע פונעם פֿאַרשיקטן „פֿאַר אָנגעהעריקײַט צו דער פֿאַרברעכערישער געמיינשאַפֿט״, פֿאַר דער רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט צווישן די פּויערים, דעם 19־יאָריקן מאָיסיי מאָרדקאָוויטש גאָלדשטיין. אין אָט דער פּאָליציייִשער דאָסיע איז געלונגען צו געפֿינען די שוין פֿריִער דערמאָנטע אַנקעטע, וועלכע איז פֿאַרפֿולט געוואָרן מיט מאָיסייס האַנט, ווי אויך פֿאַרנאָטירונגען וועגן דעם, אַז מאָיסיי האָט

געהאלטן עקזאמענעס אלס עקסטערן בא דער אר־כאנגעלסקער גימנאזיע.

נאָכן אָפּגעבן די עקזאמענעס אין יול 1911 האָט מען מ. מ. גאָלדשטיינען אומגעקערט דעם אויסצוג פון דער מעטריקע, די צײַגעניש וועגן פארענדיקן די נײַ־אָסטראָפּאָליער צווייאָריקע שול און דעם אטעסטאט וועגן זײַנע דערפאָלגן אַף די עקזאמענעס פארן 6־טן קלאס פון דער ארכאנגעלסקער מענער־גימנאזיע. אין די דאָקומענטאלע פאָנדן איז פארבליבן בלויז די מעלדונג און די שווארץ־צײַגעניש וועגן די רעזולטאטן פון די עקזאמענעס.

אין אָט דעם לעצטן דאָקומענט איז מיר געלונגען צו געפינען די נייטיקע אָנגאבן, ווען כ׳בין אין אווגוסט 1984 געקומען קיין ארכאנגעלסק. ס׳האָט ארויסגעהאָלפן דאָס, וואָס אין אָנהייב יאָרהונדערט פלעג מען אין דער צײַגעניש וועגן דער בילדונג ארײַנשרײַבן דאָס אָרט און די דאטע פון געבורט פונעם שילער, דערפאר האָט דער סעקרעטאר פונעם פעדראט, וועלכער איז, מיסטאמע, געווען א פונקטועלער מענטש און ער האָט געהאט בא זיך אונטער דער האנט דעם אויסצוג פון דער מעטריקע און דעם אטעסטאט וועגן פארענדיקן די שול, פלײַסיק צוגעגרייט דעם פראָיעקט פון דער צײַגעניש וועגן די רעזולטאטן פון די עקזאמענעס פארן זעקסטן קלאס פון דער גימנאזיע.

ער האָט טאקע פארשריבן אין איר, אז דער פויער מאָיסיי מאָרדקאָוויטש גאָלדשטיין איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל ליובאר, וואָלינער גובערניע, דעם 13־טן (לויטן נײַעם סטיל — דעם 25־טן) נאָיאַבער 1890.

## פּאָטאָ־פּאקט



אָט אזעלכע זײַנען זיי — די ארטיסטן פונעם אָקאָרשט געשאפענעם אין קיִעוו ייִדישן טעאטער „מאזלטאָוו“

# מיינונגען און ראַיוּנעס

דער שטראָם פון בריוו אין רעדאַקציע ווערט ניט איבערגעריסן אַפֿ קיין איין טאָג אין מעשעך שוין פון א היפּש ביסל יאָרן. איצטער, ווען מיר זײַנען אַרײַן אינעם נײַעם עטאַפּ פון דער איבערבויונג, איז דאָס די הויפּט־טעמע פון אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן. ברייט ווערן באַהאַנדלט די פּראַגן פון גלאַסנאָסט, דעמאָקראַטיזאַציע פון אונדזער געזעלשאַפט, אין צענטער פון וועלכע עס שטייט דער מענטש.

ניט לאַנג צוריק האָט צוגעשיקט א בריוו פון ווילנע אָ. וואָלפּײַטע־סאָלאָדאָוניקאָווא, א געוועזענע פאַרבינדלערן פון דער זעכצנטער ליטווישער שיסער־דיוויזיע. זי דערציילט וועגן איר פּראָנטקאַווערטע זשעניע סאַפּאָזשניקאָווײַטע־סמושקעוויטש, וועלכע האָט געפירט א געוואַגטן געראַנגל מיט די פאַשיסטן, און ניט נאָר אַלס סאַניטאַרקע. ריזיקירנדיק טאָגטעגלעך מיטן אייגענעם לעבן, פלעג זי אַרויסשלעפּן פונעם פײַער שווער פאַרוווּנדעטע שלאַכטלײַט, און ווען עס איז אויסגעקומען, גענומען דעם אווטאָמאַט אין די הענט.

אָ. וואָלפּײַטע־סאָלאָדאָוניקאָווא האָט אונדז צוגעשיקט דעם בריוו, וועלכן זשעניע סאַפּאָזשניקאָווײַטע האָט מיט פינף און פערציק יאָר צוריק, דעם 5־טן יוני 1943, ערעוו א שלאַכט, ניט ריכטנדיק זיך, אַז זי וועט פון דאָרט זיך אומקערן א לעבעדיקע, געשריבן צו דער מאַמען, דעם טאַטן, די שוועסטערלעך, וועלכע האָבן ניט באַוויזן זיך עוואַקויִרן און זײַנען פאַרבליבן אין דער אָקופּירטער קאָוונע. דעם בריוו האָט זשעניע סאַפּאָזשניקאָווײַטע איבערגעגעבן אין שטאַב פון איר באַטאַליאָן מיט א באַקאָשע, מע זאָל אים איבערשיקן, ווען ליטע וועט באַפרײַט ווערן (זי האָט דעמאָלט ניט געוווּסט, אַז אַלע אירע קרוֹווים און נאָענטע זײַנען ברוטאַל אומגעבראַכט געוואָרן אין שטוטגאַרטער קאָנצלאַגער...).

אָט וואָס עס האָט געשריבן דאָס מיידל, וואָס איז אין אירע זעכצן יאָר געוואָרן א סאָלדאַט פון דער רויטער אַרמיי:

„גאַנץ אָפט פלעג מיך פּײַניקן דער געדאַנק, אַז מײַנע טײַערסטע נייטיקן זיך אויך עפּשער אין מײַן הילף, נאָר ליידער בין איך ווײַט פון זיי. יאָ, טײַערע, איך ווייס אײַער לעבן אין געטאָ, איך ווייס וועגן אַקציעס, וועגן מאַסן־מאָרד. דאָס האַרץ ווערט צעריסן און גאַרט נאָך נעקאָמע! אין 1943, אין מאַרט מאָנאַט, האָב איך געוואָלט אָנקומען אין פּאַרטיזאַנישן פאַראַשוטן־אָטריאַד, וואָס האָט געדאַרפט זיך אַראָפּלאָזן אין ליטע. איך האָב געהאָפט אײַך טרעפן, לינדערן אײַערע ליידן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען א קינדערשער פּלאַן, ווײַל מיט מײַנע שוואַרצע אויגן האָט מען מיך אין אָטריאַד ניט גענומען. און געגעבן האָב איך זיך אָן אייצע: אויב ניט העלפן מײַנע טײַערסטע, איז כאָטש העלפן פאַרניכטן זייערע הענקער. אין די פריִערדיקע שלאַכטן פלעג איך זײַן אין די פונקטן פאַר ערשטער הילף. איצט בין איך אַלץ. כ׳פאַרבײַט א שיסער, א פאַרבינדלער און א קראַנקןשוועסטער. און אָט גיי איך הײַנט צום ערשטן מאָל אין אָנגריף... טײַערע מאַמינקע, פּאַפּינקע, איטעלע און מאַשענקע, מיינט ניט, אַז איך האַלט אײַך פאַר טויטע. ניין! איר לעבט, איר לעבט און וועט לעבן! אַפֿ אייביק זײַט איר אײַנגעקריצט בא מיר אין האַרצן. הײַנט האָף איך, אַז איר וועט מיר העלפן אין שווערע מינוטן. באַוויינט מיך ניט. פרייט זיך. איך גיב אַפּ דאָס לעבן פאַר א גרויסער זאַך. דעם בריוו שרײַב איך אין אָקאָפּ, אין א רווישיקער מינוט, אונטער א האָגל פון קוילן און סנאַריאַדן. איך שרײַב מיט בלוטיקן האַס צו אונדזערע מערדער...”

קימאַט יעדער בריוו, וואָס קומט אָן אין רעדאַקציע, דערציילט אַזוי אָדער אַנדערש, אַמאָל קורץ, אַמאָל גענוי, וועגן עמעצנס גורל.

אונדזער לייענערן פון ווילנע כײַע ווילקאָרישטשענע בעט, מיר זאָלן אָפּמערקן אין „סאָוועטיש היימלאַנד” דעם הומאַניסטישן אופטו אין קאָוונער געטאָ פון שמועל ראָזענטאַל. פאַרופנדיק זיך אַפֿ דאָקומענטאַלע קוואַלן, שרײַבט כ. ווילקאָרישטשענע, אַז כאָטש לערנען ייִדישע קינדער איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, האָט די קאָוונער אונטערערד געגרינדעט אין אומלעגאַלע ייִדישע שול אין א פאַרבאָרגענער שטאַל. מיט דער שול


1 1943-VI-5

זשעניע סאַפּאָזשניקאָוויטשע בײַס דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע.
א פאָטאָסטאַט פון זשעניע סאַפּאָזשניקאָוויטשעס בריוו

האָבן אָנגעפירט דער געוועזענער לערער פון דער קאָוונער שאָלעם־אַלייכעם־גימנאַזיע שמואל ראָזענטאַל און זײַן פרוי ראַניע ראָזענטאַלע (וועלכע האָט, אַגעוו, ארויסגעראַטעוועט עטלעכע צענדליק קינדער פון דער קאָוונער געטאָ און געפונען פאַר זיי זיכערע באַהעלטענישן בײַ פרײַנטלעכע ליטווינער).

שמואל ראָזענטאַל איז געווען אן אקטיווער טוער פון דער נאָכמילכאָמעדיקער ייִדישער קולטור, אָפּגעגעבן פיל צײַט און קויכעס דעם ווילנער ייִדישן פאָלקס־טעאַטער, שאַפנדיק פאַר אים די נייטיקע בוטאַפאָריע. עס געדענקען ראָזענטאַלן אויך די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד", פאַר וועלכע ער פלעג דרוקן נאָטיצן אין זשורנאַל. שוין קימאַט פינף יאָר, ווי שמואל ראָזענטאַל איז מער ניטאָ צווישן די לעבעדיקע... ער האָט באַוויזן אָנשרײַבן זיכרוינעס וועגן זײַן געטאָ־שול. די רעדאַקציע גרייט איצט דעם מאַנוסקריפּט צום דרוק.

כײַע ווילקאָרישטשענע איז שמואל ראָזענטאַלס שוועסטער. זי איז אן אינטערעסאַנטער מענטש אן און פאַר זיך. איצט, ווען זי האָט שוין צעביטן דעם נײַנטן צענדליק, דערמאָנט זי זיך אָפּט אין דעם דורכגעגאַנגענעם וועג. צו פערצן יאָר הייבט זי אָן אַרבעטן אויף א קאָנפעטן־פאַבריק, דערנאָך אין א פאַבריק, וואָס פּראָדוצירט זייף. א זעכצניאָריקע, טרעט זי אַרײַן אין קאָמיוג, פאַרשפּרייט קאָמוניסטישע ליטעראַטור, דערלערנט דערבײַ די ליטווישע און רוסישע שפּראַכן. איבער די פּאָליציי־פאַרפאָלגונגען מוז זי איבערפאָרן פון איר געבורטס־שטאָט ווילקאָווישקיס קיין קאָוונע, ווו זי קומט אָן אַלס דערציִערן אין א קינדערהיים. אין קאָוונע פאַרטרויט מען איר צו זײַן א פאַרבינדלערן בײַ די קאָמוניסטן און קאָמסאָמאָלצעס. אין 1926 גייט זי אַרײַן אין באַשטאַנד פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון די שטוב־אַרבעטערנס. אין נאָמען פון דער אָנפירונג שרײַבט זי אָן אן אויפרוף צו די שטוב־אַרבעטערנס אויף פיר שפּראַכן: ייִדיש, רוסיש, ליטוויש און פּויליש.

אין 1927 פּעקלט כײַע איבער פון קאָוונע קיין קיבאַרטײַ א גרויסע פּאַרטיע מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור, נאָר די פאַשיסטישע פּאָליציי כאַפּט זי בײַ דער האַנט, און דער מיליטערישער פעלדגעריכט פאַרמישפּעט זי אויף אײַביקער טפיסע. אין טורמע באַהערשט זי די יעסוידעס פונעם מאַרקסיזם. אין 1935 ווערט זי אַמניסטירט, שליסט זיך אָן אין דער טעטיקײַט פון דער „רויטער הילף". אַגעוו, דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער „רויטער הילף" פון ליטע פירט דורך זײַן זיצונג, לויט כײַעס אײַנלאַדונג, אין שמואל ראָזענטאַלס דירע. כײַע ווערט אויסגעוויילט אַלס רעדאַקציע־מיטגליד פון דער אומלעגאַלער צײַטונג „צו הילף", וואָס דערשײַנט אין ייִדיש.

ווי נאָר עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן די סאָוועטנמאַכט אין ליטע, ווערט כײַע ווילקאָרישטשענע קאָמיסאַר פון דער פאַבריק „העלאָ", שפּעטער איז זי אויף פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט אין א



'ער בראָנזענער ביוסט פונעם צוויי מאָל העלד
פון סאָציאַליסטישער מי א. נודעלמאַן.

ײַז־טרעסט. אין אָנהייב פון דער מילכאָמע מיט
היטלעריסטן עוואַקויִרט זי זיך קיין סווערד־
ווסק, ווו זי ארבעט אױף א פאַניער־פאַבריק, אין
שול פון ארבעטס־רעזערוון. אין 1945 קערט זי
אום קיין ווילנע, ארבעט און לערנט זיך.
כײַע ווילקאָרישטשענע איז אן אקטיווע לייע־
ין פון „סאָוועטיש היימלאַנד". צומאָל קומט אויס
ז איר דיסקוטירן, דאָס לעצטע מאָל — איבער
אגן פון פאָעזיע. זײַן איר אָפּאָנענט איז ניט קיין
שעטער איניען — זי פארשטייט און פילט דיכ־
ג. לאָמיר איר ווינטשן לאנגע און מאָזלדיקע
.

מיכאַיִל סלוצקי פון מינסק דערציילט אין זײַן
יוו, אז בײַס דער באפרײַונג פון פוילן מיצאַד
ר סאָוועטישער ארמיי האָט ער מיט זײַן קאָמאַנ־
סאָלדאַטן באקומען א פארגעבונג קאָנוואָירן אױף
' אײַזנבאַן א טראַנספּאָרט מיט אוויִאבאָמבעס,
דער סטאנציע לוואָוו איז דער עשעלאָן אָנגע־
ָעמען גאנצפרי. דעם לאָקאָמאָטיוו האָט מען אָפּ־
טשפּעט, און ער איז אוועקגעגאנגען זיך אָנ־
רן מיט שטיינקוילן און וואַסער. „ביזוואַנען וואָס־
ז, — דערמאָנט זיך מ. סלוצקי, — האָב איך באַ־
רקט לעבן מײַנע פלאַטפאָרמעס, אױף א צווייטער
זנבאַן־ליניע, פיר וואַגאָנען, בײַ וועלכע עס האָבן
געייסעקט סאָניטאַרן אין ווײַסע כאַלאַטן. מיך
ט פארינטערעסירט, וואָס עס קומט דאָרט פאָר.
ן איך בין צוגעגאַנגען צו די וואַגאָנען, האָב
' דערזען, אז אין זיי געפינען זיך פרויען, ניין,
ן קיין פרויען — יונגע מיידלעך און אױף אַזויפיל
'סגעצערטע, אז זיי זײַנען ניט בעקויעך זיך
ועלן אױף די פיס — הויט און ביין, לעבעדיקע
עלעטן. איך האָב זיך דערוווּסט, אז דאָס זײַ־
ן יידישע מיידלעך פון פארשיידענע אייראָפּעיִשע
נדער — עסטרײַך, אונגאַרן, פראנקרײַך, האָ־
נד, — וועמען די פאשיסטן האָבן זיך געקליבן
פירן צו די אויוונס פון אָשווענטשים, נאָר עס
בן זיי אויסגעלייזט פונעם טויט די סאָלדאַטן
ן דער אָנגרײַפנדיקער סאָוועטישער ארמיי".
און ווײַטער שרײַבט מיכאַיִל סלוצקי, אז ווען
און זײַנע כאַווירים האָבן דערזען דעם דאָ־

זיקן שוידער, האָבן זיי גלײַך אָפּגעגעבן די אומ־
גליקלעכע זייערע פּראָדוקטן און מיטגעטיילט וועגן
זיי דער קאָמאַנדשאַפט.
די פלאַטפאָרמעס מיט די אוויִאבאָמבעס האָט
מען לאַנג אױף דער קנופּ־סטאַנציע ניט פארהאַלטן.
סלוצקי האָט זיך געזעגנט מיט די מיידלעך און
איז אוועקגעפאָרן ווײַטער, אױף מײַרעו.
אין 1946, אומקערנדיק זיך אַהיים פון א
ספּעציִעלער פארגעבונג, איז ער אין איינעם אַן
אָוונט געבליבן שטעקן אפּדערנאַכט אין בודאַ־
פּעשט. די באַלעבאַטים, בײַ וועמען ער האָט זיך
אײַנגעאָרדנט איבערנעכטיקן, זײַנען געווען גאַסט־
פרײַנטלעכע מענטשן. זיי האָבן זיך געקליבן אױף
א כאַסענע, און קעדיי עס זאָל ניט זײַן אומעטיק
דעם גאַסט, האָבן זיי אים פארבעטן מיט זיך. מע
האָט אים באַקענט מיט דער קאַלע, מיטן כאָסן,
מיט די מעכוטאָנים — אַלעמען האָט אימפּאָנירט,
וואָס אױף דער כאַסענע איז געקומען א ייִדישער
אָפיצער. אַליין מיכאַיִל סלוצקי איז אויך געווען
צופרידן. מיט פארגעניגן האָט ער אָנטיילגענומען
אין די צערעמאָניעס פון דער אונגאַרישער ייִדישער
כאַסענע. עס האָבן אױף אים א כלינע געטאָן זײַנע
קינדער־יאָרן, ער האָט זיך דערזען אין א שטעטל
לעבן דער ווײַסרוסישער שטאָט מאָזיר. א בענק־
שאַפט האָט זיך אָפּגערופן אין זײַן האַרצן.
בײַ דעם געדעקטן טיש האָט מיכאַיִל סלוצקי
אויסגעזונגען עטלעכע רוסישע און ייִדישע לידער.
דערבײַ האָט די קאַלע געקוקט אױף אים מיט ברייט
צעעפנטע, פארוווּנדערטע אויגן, אים באַטראַכט ניט
אזוי, אַלנפאַלס, ווי א געוויינלעכן גאַסט. מיטאַמאָל
האָט זי זיך געווענדט צו אים:
— כאַווער אָפיצער, עפּעס זעט איר מיר באַ־
קאַנט, נאָר כ'קאָן זיך ניט דערמאָנען, ווו איך
האָב אײַך געזען. איך מיין... ניין, ס'קאָן ניט זײַן,
כאָטש ווער ווייסט, עפּשער... זאָגט מיר, איך בעט
אײַך, ניט אײַערע סאָלדאַטן האָבן אונדז אָפּגעגעבן
אױף דער סטאַנציע לוואָוו זייער שפּײַז און אָפּגע־
מינטערט אונדז?
מענטשן דאַרפן נעמען מיט זיך אין ווײַטן
לעבנסוועג דאָס גוטס, וואָס זיי איז געלונגען אויפ־
צוטאָן אױף דער וועלט. ווײַל פון דעם שטאַמט דאָס
נײַע גוטס, וואָס עס שטייט ערשט פאָר צו ברענ־
גען. פון שלעכטס קאָן קיין גוטס ניט געבוירן
ווערן.
אויב אויפמערקזאַם זיך אַרײַנטראַכטן אין די
יעדיִעס, וועלכע עס טראָגן אין זיך די בריוו, וואָס
קומען אָן אין רעדאַקציע, וואָלט זײַן באַרעכטיקט
צו זאָגן, אז אונדזער פאָלק פארמאָגט ניט קיין קליי־
נעם כיילעק אין דעם אַלגעמיינעם גוטס פון אונ־
דזער לאַנד. מע דאַרף אויך וויסן, אז פיל ווילע
אויפטוען לעטויווּעס דעם היימלאַנד זײַנען ניט באַ־
ווּסט אָדער ווייניק באַוווּסט דעם ברייטן אוילעם.
די כאַווירים פעלדשטיין און טשערפּאַס פֿון
אָדעס האָבן געמאַכט אויפמערקזאַם די רעדאַקציע,
אז עס איז טעטיק בײַ אונדז אין לאַנד אַן אָנגע־
זעענער סאָוועטישער געלערנטער, איינער פון די
גרינדער פון דער סאַמע פּאָרגעשריטענער, פּראָ־
גרעסיווער טעכניק, דער צוויי מאָל העלד פון סאָ־
ציאַליסטישער מי אַלעקסאַנדער עמאַנויִלאָוויטש

נודעלמאַן. ביכדיי עס זאָלן אונדז ניט מאַטערן
קיין ספּייקעס און מיר זאָלן ניט פּאַטערן קיין צײַט
אױף זיך דערוויסן, צי איז עס עמעס, צי ניין, טיילן
אונדז מיט די קאָרעספּאָנדענטן, אַז אין אָדעס איז
אױפן קאַמסאַמאָלסקי בולוואַר אױפגעשטעלט א
בראָנזענער ביוסט פונעם טאַלאַנטפולן אינזשע־
ניער. דעם ביוסט האָט געשאַפן דער באַוווּסטער
סקולפּטאָר, פאָלקס־קינסטלער פון פּכסר און לאַור־
רעאַט פון דער לענין־פּרעמיע לעוו קערבעל. וועגן
די וויסנשאַפטלעכע און קאָנסטרוקטאָרישע דער־
פאָלגן פון אַלעקסאַנדער נודעלמאַנען זאָגן איידעס
די באַלוינונגען, מיט וועלכע ער איז אָפּגעמערקט
געוואָרן אין פאַרשיידענע צײַטן: זײַן ברוסט באַ־
צירן פיר לענין־אָרדענס, אַן אָרדען פון דער אָקטיאָ־
בער־רעוואָלוציע, צוויי קוטוזאָוו־אָרדענס פון דער
ערשטער מאַדרייגע, צוויי אָרדענס פון דער רויטער
אַרבעטס־פאָן... ער איז לאַורעאַט פון דער לענין־
פּרעמיע און פינף מאָל לאַורעאַט פון דער מעלו־
כע־פּרעמיע. ניט מער און ניט ווייניקער!

ווער איז כאַיִם ריסין? ענטפערן אױף דער
פראַגע קאָנען נאָר יעכידים, און טאַקע גאָר ווײַ־
ניק. ער איז אַן אויסגעצייכנטער קינסטלער. זײַנע
ווערק שאַפט ער אין מעטאַל. א פאָלקס־קינסטלער
פון דער לעטלענדישער רעפּובליק. מיט זײַנע אַר־
בעטן קאָן מען אָבער זיך באַגעגענען ניט נאָר אין
ריגע, אינעם קונסט־מוזיי, צי אין דאָמסקער סאָ־
באָר, פאַר וועלכן ער האָט געשאַפן פּרעכטיקע
קאַנדעליאַבערס. כאַיִם ריסין האָט אָנטיילגענומען
אין דער גראַנדיעזער אַרבעט אױף צו שאַפן העכער
פערציק מאָנומענטאַל־דעקאָראַטיווע אַנסאַמבלען פון
גרויסער קינסטלערישער און געזעלשאַפטלעכער
באַדײַטונג, ניט נאָר אָנטיילגענומען — דער דאָזי־
קער אױפטו איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אונטער
זײַן אָנפירונג. אַהער קאָן אַרײַנגערעכנט ווערן די
מעטאַל־קינסטלערישע אויספורעמונג פונעם בי־
ניען, ווו עס קומען פאָר די צוזאַמענפאָרן פון
דעם אויבער־סאָוועט פון פּססר, די באַצירונגען פר־
נעם גרויסן קרעמל־פּאַלאַץ, פון דעם פּילשטאָקיקן
ביניען אױפן אופשטאַנד־פּלאַץ אין מאָסקווע, פון
עטלעכע ביניאָנים אױף קאַלינין־פּראָספּעקט אין דער
הויפּט־שטאָט, ווי אויך פון צוויי פּיאָנער־לאַגערן
אין אַרטעק און פון עטלעכע מעלוכע־אָביעקטן אין
פּיצונדע. כאַיִם ריסין און זײַנע כאַווײרים האָבן
באַפּוצט נײַן מעטראָ־סטאַנציעס אין מאָסקווע, דרײַ
אין לענינגראַד, איין סטאַנציע אין טאַשקענט...

מײַסטערהאַפט און אָריגינעל האָט ריסין גע־
לייזט די אויספורעמונג פון דער מעטראָ־סטאַנציע
„באַריקאַדנאַיאַ" אין מאָסקווע. לעקאָוועד די אַר־
בעטער, וועלכע האָבן זיך געראַנגלט אױף די באַ־
ריקאַדעס אין 1905, זײַנען אוועקגעשטעלט געוואָרן
פּײַערלעכע אַרקעס פון שטאָל און אַליומיני. אױף
די ווענט לענגויס דעם פּעראָן זײַנען פאַנאַנדערגע־
וויקלט רעליעפע מעטאַלענע פּאַנאָ, וועלכע שיל־
דערן אַרבעטער־הענט מיט האַמערס, וואָס ברעכן
דורך די וואַנט פון דער זעלבסטהערשונג. די
מעטראָ־סטאַנציע „פּלאָשטשאַד נאָגינאַ" איז אויס־
געפורעמט ווי א קאָנסטרוקציע פון פאַרשיידענע
קריסטאַלן. באַזונדערס אײַנדרוקספול איז דער קאַר־
ניז מיט זײַן קאָלערלייִקער פאַקטור, וועלכער דינט



דער קינסטלער כ. ריסין בא דער אַרבעט

איינציײַטיק אַלס דעקאָר פון דער סטאַנציע און אַלס
א צאַם פאַר דער באַלויכטונג־סיסטעם. אייגנאַרטיק
איז אויך די מעטאַל־קינסטלערישע אויספורעמונג
פון דער מעטראָ־סטאַנציע „טשילאַנזאַר" אין דעם
טאַשקענטער מעטראָפּאָליטען, נײַן רינגאַרטיקע ליי־
סטרעס אין נוסעך פונעם אוזבעקישן אָרנאַמענט,
באַהעפטעט מיט פילקאָלירקן גלאָז, רופן אַרויס א
פּײַערלעכע שטימונג.

א סוואַרע, אַז עס איז געקומען די צײַט
ערנסט און פּראַקטיש „אינוועטאַריזירן" און צו־
נויפזאַמלען אונדזערע ווערטן, וועלכע זײַנען צע־
שלײַדערט ווו נאָר איר ווילט. דאָס פאָדערט די
צײַט. ס'פאַרלאַנגען עס די לייענער פון „סאָוועטיש
היימלאַנד". אינדערעמעסן טאַקע, ווער פאַרנעמט
זיך בא אונדז מיט אופשטעלן די געשיכטע פו־
נעם פאָלק ביכלאַל און פון זײַן קונסט, ליטעראַ־
טור, וויסנשאַפט, פילאָסאָפיע, קולטור ביפּראַט?
וואָס, מיר זײַנען דען א פאָלק אָן וואָרצלען, אָן
טראַדיציעס, אָן פאָרגייער? ווו זײַנען די היטער בא
אונדזערע טויערן? יאָ, מיר געדענקען פער׳אָדן,
ווען יעדע נאַטירלעכע גײַסטיקע באַדערפעניש פון
די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן בא אונדז אין לאַנד,
צווישן זיי פון דער ייִדישער, פלעג איגנאָרירט
ווערן, אָדער נאָך ערגער — פאַרורטיילט און באַ־
שמוציקט ווערן מיטן זשופּעל פון נאַציאָנאַליזם.
אָבער איצט איז דאָך בא אונדז אין לאַנד אַן אַנ־
דער אַטמאָספער. עס איז שוין פאַר אַלעמען קלאָר
און אױף אַלע שטאַפּלען פון אונדזער געזעלשאַפט
אָנערקענט, אַז די רײַכטימער פונעם גרויסן סאָ־
וועטנפאַרבאַנד באַשטייען פון די ווערטן, וועלכע
ס'טראָגן אַרײַן אַלע, אָן אויסנאַם, ברידערלעכע
פעלקער.

און ס׳איז קיין כידעש ניט, וואָס אונדזערע לייענער זיצן ניט מיט פאַרלייגטע הענט, מע קוקט זיך אַרום, מע טראַגט זיך אַרום אין דער אומגעבונג, מע דענקט, מע מאַכט אויספירן און מע נעמט פאַר פאַרשיידענע שריט. די לייענער שרײַבן בריוו, וואָס אַנטהאַלטן באַקאַשעס, רעקאָמענדאַציעס, מיינונגען, פאָדערונגען.

ארן קימעל פון טיראַספּאָל האָט טײַנעס צו אונדזער רעדאַקציע, לעמײַ מיר האָבן פונקט ווי פאַרגעסן, אַז גאָר ניט לאַנג צוריק איז אויף דער בינע געווען טעטיק א באַדײַטנדיקער שוישפּילער אלעקסאַנדער גראַנאַך. דער אַוטאָר פונעם בריוו שטעלט זיך אײַן פאַר אן אַרטיסט ניט דערפאַר, ווײַל ער האָט זײַנערצײַט כאַסענע געהאַט מיט גראַנאַכס קוזינע. ניין, ארן קימעל איז איבערצײַגט, אַז „עס איז א כויוו פון די לעבנגעבליבענע, ס׳זאָל בלײַבן א זייכער פון דעם פּאַשעטן דאָרפסייִנגל, וואָס איז געוואָרן אַדאַנק זײַן טאַלאַנט א גרויסער אַרטיסט אינעם דײַטשישן און יידישן טעאַטער, אויספילנדיק אין זיי די סאַמע שענסטע ראָלן, און וועלכער איז אַזוי טראַגיש אומגעקומען אין די יונגע יאָרן". א. קימעל האָט צוגעשיקט עטלעכע פאָטאָגראַפיעס פונעם אַרטיסט. אויף דער ערשטער איז א. גראַנאַך פאָטאָגראַפירט מיט זײַנע שוועסטערקינדער אין 1934, נאָך דעם, ווי ער איז אַנטלאָפן פון היטלערן. אויף דער צווייטער זעען מיר דעם קאַפּראַל אלעקסאַנדער גראַנאַך מיט זײַן מוטער ריווקע גראַנאַך. די דריטע שילדערט אלעקסאַנדער גראַנאַכן אין וו. שעקספּירס „שיילאָק", געשפּילט אין יידיש, לאָדזש, 1935. פון אונדזער זײַט ווילן מיר דערמאָנען דעם כאַשעוון א. קימעל, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט פאַרעפנטלעכט א גאַנצן ראָמאַן וועגן גראַנאַכן — הערשל פּאָליאַנקערס.

פאַרוווּרפן דער רעדאַקציע סײַ פאַר דעם, וואָס זי האָט געטאָן, און סײַ פאַר דעם, וואָס זי האָט ניט געטאָן, באַקומען מיר קימאַט יעדן טאָג. גוט איז עס, צי שלעכט? מיסטאָמע, גוט. א רייליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור איז ניט צופרידן, אַשטייגער, מיט דעם, וויאַזוי עס ווערן רעקלאַמירט די יידישע ביכער, איבערהויפּט די לידער־זאַמלונגען. פאַקטיש באַקומט זיך אַזוי, אַז פאַרלויפיק באַשטעלן א בוך גיט זיך ניט אײַן, ווײַל בלויז איינצלנע מענטשן ווייסן, וואָס עס פּלאַנירן אַרויסגעבן די פאַרלעגער. אַזאַ לאַגע איז טאָפּלט סאַקאָנעסדיק. קוידעמקאָל בלײַבט דער פאַרערער פונעם יידישן וואָרט אָן דער אויסגאַבע. עס לײַדן אויך סײַ די מעכאַבערים, סײַ די פאַרלאַגן, ווען עס ווערט באַשטימט דער טיראַזש פון דעם אָדער יענעם בוך. די ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור בעטן, אַז דער זשורנאַל זאָל באַצײַטנס מיטיילן, אין וועלכע פאַרלאַגן און אין וואָס פאַר א יאָר עס דערשײַנען יידישע ביכער. אויב א מענטש, וואָס איז פאַרינטערעסירט צו קריגן דעם אָדער יענעם בוך, וועט וויסן קלאָר, ווו דער בוך גרייט זיך צום דרוק, וועט ער קאָנען בא זיך אינדערהיים פויעלן בא דער אָרטיקער ביכערקראָם, זי זאָל מאַכן א באַשטעלונג. א פּאַשעטע אָפּעראַציע. אָבער אָנהייבן דאַרף זי זיך אויף די זײַטלעך פון „סאָוועטיש היימלאַנד".

עמעס, די פּראָבלעם פון פאַרשפּרייטן יידישע ביכער איז א צווייזײַטיקע. ס׳איז קיין סאָד ניט, אַז דער לייענער פון דער יידישער ליטעראַטור כאַפּט זיך ניט צומאָל אויסקויפן די יידישע ביכער אין יענע קראָמען, ווו זיי זײַנען יאָ פאַראַן. די מערהײַט זאַמלונגען פון יידישער פּראָזע און פּאָעזיע, וועלכע ליגן אויף די סטעלאַזשן פון די בי־



דער אַרטיסט אלעקסאַנדער גראַנאַך צווישן די קרויווים

כער־קראָמען, האָבן פאַרדינט א בעסערן גורל. די יידישע ליטעראַטור האָט קעסיידער געהאַט א גרויסן אַטריאַד מויכערספּאַרימניקעס. עס איז געקומען די צײַט אופשטעלן אָט די טראַדיציע. דעמלט וואָלט ניט פאַרגעקומען מיט די יידישע אויסגאַבעס דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט, צום בײַשפּיל, מיטן בוך „די לירע". אין אָט דער לידער־זאַמלונג זײַנען פאַרגעשטעלט די סאָוועטישע יידישע פּאָעטן, וועלכע זײַנען געפאַלן אין די שלאַכטן פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. ווי געווײנלעך, האָט קײנער ניט אַנאָנסירט די זאַמלונג, און זי איז דערשינען מיט א ביז גאָר קלײנעם טיראַזש. „די לירע" האָט זיך אָבער צום לײענער דורכגעריסן. וועגן דעם זאָגן אײדעס די ווענדונגען אין רעדאַקציע, וועלכע אַנטהאַלטן, אַלס קלאַל, אײן קורצע באַקאָשע: „ווו נעמט מען די זאַמלונג?" וועגן דעם פרעגן זיך אָן ניט בלויז קרויווים פון די געפאַלענע דיכטער, זייערע פרײַנט, כאַווײרים, נאָר סטאַם פאַרערער פון גוטער פּאָעזיע. אָבער וויאַזוי העלפט מען זיי? דער טיראַזש דערלויבט ניט צו באַפרידיקן די מערהײַט ביטעס. נאָר סײַווי קריגן מענטשן דעם בוך אין פאַרשיידענע רעגיאָנען פון אונדזער לאַנד, מע לײענט אים, מע באַהאַנדלט אים, מע שיקט וואַרעמע אָפּרופן.

„ווײַזט אויס, אז זיך מיסוואָדע זײַן — איז אן אַלגעמײנע מענטשישע באַדערפעניש, — שרײַבט אין רעדאַקציע מאָטל דערבאַרעמדיקער פון קיִעוו. — מיך האָט באַווירקט צו מאַכן א שטיקל מיסוואָדע־סאַכאַקל דער לידער־קראַנץ „די לירע", אין וועלכער עס זײַנען פאַרעפנטלעכט די לידער פון מײַן מיטשילער און בען־איר שמוליק אײַזנוואַרג".

וועגן זײַן כאַווער און וועגן דער בערדיטשעווער ליטעראַרישער סוויווע אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן וועט מאָטל דערבאַרעמדיקער דערציילן אין זײַן בריוו עטוואָס שפּעטער, מיר וועלן אים ברייט ציטירן, ער האָט עס ערלעך פאַרדינט, דערווײַל אָבער, ביזוואַנען וואָס־ווען, זאָגט ארויס אונדזער קאָרעספּאָנדענט עטלעכע געדאַנקען, וואָס האָבן אזוי אָדער אַנדערש א שײַכעס צום זשורנאַל, איבערהיפּערן זיי ווילט זיך ניט.

„דעם דאָזיקן בריוו שרײַב איך שוין קימאַט א יאָר צײַט און קאָן אַלץ זיך ניט דערוועגן אים אָפּשיקן, — לײענען מיר ווײַטער בא מ. דערבאַרעמדיקערן. עפּשער דאַרפט איר גאָר מײַן שרײַבעכץ אַף קאַפּאָרעס? נאָר פון דער אַנדערער זײַט, אזוי ווי איך בין א לאַנגאָריקער לײענער פון אײַער־אונדזער זשורנאַל, און איר זײַט איצט די גרעסטע צאַדיקים פון יידיש, מײַן מוטערשפּראַך, איז יוע־מען נאָך קאָן איך, א פּאַשעטער כאָסיד אײַערער, דערציילן עפּעס, וואָס איך ווייס ניט, צי עס האָט פאַר אײַך און פאַר די לײענער א ווערט..."

נאָך אָט דער פּרעאַמבולע קאָן מען שוין אַרויסברענגען, וואָס דאָס האַרץ לעכצט, און דער אווטאָר פונעם בריוו זעצט פאָר: „אויב עס גייט שוין יאָ א רייד וועגן „סאָוועטיש היימלאַנד", ווילט זיך דאָ זאָגן, צווישן אַנדערס, א פּאָר ווערטער. ווי איר זעט, סטאַרע איך זיך, ווי ס'איז מיר ניט שווער, אויספילן די מיצווע פון שרײַבן שלוס־אויסיִעס. שווער איז דערפאַר, ווײַל נאָך פאַרן אָנקומען אין שול און אין ערשטן קלאַס, דוכט זיך, האָבן מיר יאָ געהאַט שלוס־אויסיִעס, נאָר דערנאָך האָט מען אונדז דערקלערט, אז מע דאַרף זיי ניט, און די גאַנצע צײַט פון מײַן אַקטיווער טעטיקײַט אין יידיש בין איך זיך באַגאַנגען אָן זיי. מע קאָן פאַרשטיין, אז דאָס צוריק אַרײַנפירן זיי איז א גאַב דעם יידיש־אויסטויש מיט אויסלאַנד. דאָס איז דערקלערבאַר, און איך טו, ווי איר הייסט. נאָר איך קאָן ביז איצט ניט באַנעמען, צוליב וואָס דאַרפט איר אין זשורנאַל אזויפיל, אַף שריט און טריט, ניט־פאַרטײַטשטע העברעיִזמען, וועלכע זײַנען אינגאַנצן אָדער קימאַט ניט געווען אין פּאַשעטן יידיש. אויב מיר, וואָס כ'האָב נאָך באַוויזן צו שמעקן א פּאָר יאָר כיידער און געלײענט פאַרמילכאָמעדיקע, און אפילע פאַר־רעוואָלוציאָנעראַע יידישע אויסגאַבעס, איז שווער צו לײענען אײניקע אײַערע פּובליקאַציעס מאַכמעס זייער אָנגעשטאָפּטקײַט מיט אומבאַקאַנטע אויסדרוקן, איז וואָס זאָלן טאָן די מער יונגערע לײענער? ספּעציעל דערלערנען איווריט, קעדיי זיך צופּאַסן צום זשורנאַל?"

און ווײַטער: „מיר דוכט זיך, אז אײניקע מאָל ווילן די רעדאַקטאָרן — די מעכאַברים וואָלט מען נאָך געקאָנט מויכל זײַן — ווײַזן, אז זיי זײַנען ניט ערגער, אײדער אַנדערע, באַקי אין די קלײנע אויסיִעלעך. אזוי אָדער אַנדערש, נאָר מענדעלען, שאָלעם־אַלײכעמען און אפילע פּערעצן איז פיל מאָל לײַכטער צו לײענען, אײדער אײניקע נײַע פּובליקאַציעס אין „סאָוועטיש היימלאַנד". גאָטעניו אין הימל, זײַט איר שוין יאָ אזעלכע אײַנגעזעסענע אָנהענגער פון העברעיִש, פאַרטײַטשט זשע אים כאָטש — פוסנאָטעס האָט מען נאָך דערווײַל ניט אָפּגעשאַפן..."

די פאָרזעצונג פון מ. דערבאַרעמדיקערס מיסוואָדע זײַנען זיך אין פאַר אונדז ניט ווייניקער אינטערעסאַנט, אײדער דער אָנפאַנג, ווײַל אין איר זײַנען פאַראַן פּראָטים וועגן די ערשטע טריט אין דער יידישער ליטעראַטור פון א באַגאַבטן יידישן דיכטער, וועלכער האָט ניט באַוויזן צו רעאַליזירן זײַנע שעפערישע מעגלעכקײַטן, ווײַל ער איז יונגערהייט אומגעקומען אַף אן אונטערוואַסערשיף בייס א שלאַכט מיט א פאַשיסטישער סובמארינע:

„מיט שמוליק אײַזנוואַרגן האָבן מיר אינאײנעם זיך געלערנט אײן יאָר — אין אַכטן קלאַס פון דער בערדיטשעווער יידישער מוסטער־שול נומער פינף אין 1934 — 1935. שמוליק אײַזנוואַרג האָט זיך שוין דאַן, אין עלטער פון פופצן־זעכצן יאָר, און אפילע פריִער, אויסגעטײלט ווי א קומענדיקער דיכטער. זײַנע לידער פלעגן זיך אָפט דרוקן אין דער בערדיטשעווער יידישער צײַטונג „דער אַרבעטער". מיר האָבן דעמלט אינאײנעם באַזוכט דאָס ליטעראַרישע קרײַזל, וואָס האָט פונקציאָנירט בא דער שטאָט־ביבליאָטעק א געוויסע צײַט אונטער דער אָנפירונג פון מוישע העלמאָנדן. איך בין אינגיכן אַוועק פון דער יידישער שול, פאַרענדיקט די מיטעלע בילדונג אין אַרבפאַק און אין 1936 אָנגעקומען זיך לערנען אין א טעכנישער הויכשול

אין קיִעוו. ליטעראַטור איז, ווײַזט אויס, ניט מײַן באַרוף. העלמאַנד האָט באַשטאַט עטלעכע ווערק פֿון די קרײַזל־מיטגלידער אויף א ספּעציעל זײַטל אין דער וויניצער געגנטלעכער ייִדישער צײַטונג „פּראָלעטאַרישער עמעס" (אין די יאָרן 1935 — 1936 איז בערדיטשעוו אַרײַנגעגאַנגען אין באַשטאַנד פֿון דער וויניצער געגנט). צווישן די ווערק פֿונעם ליטעראַרישן זײַטל אין „פּראָלעטאַרישן עמעס" איז אײַנײַנעם מיט שמוליק אײַזנוואַרגס לידער געווען אָפּגעדרוקט מײַנע א שרײַבעכץ. דאָס איז געווען מײַן ערשטע — און די לעצטע — ליטעראַרישע אַרויסטרעטונג, כאָטש פֿאַר זיך פֿלעג איך נאָך אַמאָל פּאַטערן פּאַפּיר... איך געדענק אויך, אַז אין אונדזער ביבליאָטעק איז אַן אָפּטער גאַסט געווען דער בערדיטשעווער הענטשקעמאַכער וועוויק ראַבינאָוויטש, וועמען אונדזער העלמאַנד האָט געהאָלפֿן שרײַבן דעם בוך „מײַן ברודער שאָלעם־אַלייכעם". ס'האָבן געלייענט פֿאַר אונדז זייערע ווערק און געשמועסט מיט די קרײַזל־מיטגלידער די יונגע פּאָעטן מאָטל האַרצמאַן און יאָסל קאָטליאַר, די פּראָזע־שרײַבער מוישע אַראָנסקי און אַווראָם קאַהאַן (א געוועזענער בערדיטשעווער טוישעוו, מײַנע עלטערנס א שאָכן). אַגעוו, ווען איך בין נאָך געווען א שילער פֿון דער זיבן־יאָריקער שול, האָט בא אונדז אונטעריכטעט ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור אַווראָם גאָנטאַר".

מיט אָט דער אינפֿאָרמאַציע וואָלט מען זיך געקאָנט באַנוגענען און זיך געזעגענען מיט אונדזער קאָרעספּאָנדענט, האָגאַם אין זײַן גרויסן בריוו גייען שפּעטער באַשרײַבונגען וועגן דער אויסשפּירערן פֿונעם בערדיטשעווער פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד פּאַניע בראַילאָווסקאַיאַ, וועמען די פֿאַשיסטן האָבן געכאַפּט און אופֿגעהאַנגען, וועגן די מאַטערנישן און דעם מעסירעסנעפֿעש פֿון די בערדיטשעווער ייִדן בײַס דער פֿאַשיסטישער אָקופּאַציע. צום לעצט אָבער ווילט זיך ברענגען נאָך אַן אויסצוג פֿון מ. דערבאַרעמדיקערס בריוו — א קריטישן זאַלפּ:

„איך מוז זיך מודיע זײַן, אַז אין דער ערשטער צײַט האָב איך זיך באַצויגן סקעפּטיש צום זשורנאַל, צו זײַנע אופֿגאַבעס און מעגלעכקײַטן. העכער צען יאָר נאָכן שלימאַזלדיקן 1948 האָט פּאַקטיש געדויערט דאָס שטילשווײַגן אין געביט פֿונעם געדרוקטן ייִדישן ליטעראַרישן וואָרט אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד. קיינעם האָט זיך ניט געגלייבט, אַז עמעצער וועט עס נאָך דאַרפֿן. נאָר איר האָט געגרינדעט און פֿירט א פּרעכטיקן זשורנאַל! אָבער וואָס פֿעלט נאָך אויס, אין וואָס באַשטייט אונדזער אַלעמענס כעס? אין ניט אַרויסזאָגן דעם גאַנצן עמעס. צי דען איז, אַשטייגער, אין טומלדיקן עמיגראַציע־שטראָם פֿון די ייִדן און אין דעם באַשטענדיקן וועלן באַריידן די ייִדן־פֿראַגע שולדיק בלויז די אויסלענדישע פּראָפּאַגאַנדע, און מיר אַלע זײַנען, ווי מע זאָגט, שולדיק נאָר דער ייִדענע פֿאַר מילך? אָדער לאָמיר א קוק טאָן אין אַן אַנדער זײַט. ס'איז אַוודאי גוט, וואָס מיר דרוקן די ווערק פֿון דאָוויד בערגעלסאָן, לייב קוויטקאָ, איציק פֿעפֿער, פּערעץ מאַרקיש, דער ניסטער און אַנדערע קלאַסיקער פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, ס'איז יוישערדיק, וואָס מיר דערמאָנען זיי, שרײַבן וועגן זיי, באַציִען זיך צו זיי מיט דרעכערעץ. דאָס דאַרף געזאָגט ווערן אויך וועגן נאָך גרויסע קולטור־מײַסטערס — אַזעלכע, ווי שלוימע מיכאָעלס, בינאַמין זוסקין... נאָר כוץ דעם, וואָס זיי זײַנען געווען טאַלאַנטן, פּערזענלעכקײַטן, זײַנען זיי דאָך געווען סתּם מענטשן מיט לעבעדיקע נעשאָמעס, מיט לײַב פֿון בלוט און פֿלייש, אַלע אינדערפֿרי, פֿלעגן זיי זיך אופֿכאַפּן פֿון שלאָף, זיי פֿלעגן וועלן עסן, טרינקען. זיי האָבן געליטן פֿון ווייטיקן, זיך געפֿרייט און געטרויערט. צי דען איז גענוג, וואָס מע דערמאָנט, אַז זיי זײַנען קאָרבאָנעס פֿונעם פּערזאָנען־קולט? איך מיין, איך בין איבערצײַגט, אַז מיר אַלע האָבן דאָס רעכט גענויער צו וויסן, וויאַזוי זיי זײַנען אומגעקומען, ווער קאָנקרעט איז שולדיק אין זייערע מאַטערנישן און טויט, וויאַזוי זײַנען יענע לײַט באַשטראָפֿט געוואָרן. דאָס מוז מען פֿאַרווירקלעכן ניט בלויז אין זכות פֿון די אומגעבראַכטע, נאָר צוליב די לעבנגעבליבענע — עס זאָל אַזעלכעס מער ניט קאָנען זיך איבערכאַזערן. אויב מיר שווײַגן, צינדן אָן פֿאַלשע יאָרצײַט־ליכט די סאָנים. צוליב וואָס דערלאָזן מיר אַזוינס? דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט נאָר א ייִדישע זאַך, נאָר אַן אַלפֿאָלקישע, א מעלוכישע. אָבער בנוגע די ייִדישע קולטור־פֿראַגן ליגט דער כויוו צו רעדן עפֿנטלעך, אויף א קאָל, דרייסט און פֿאַראַנטוואָרטלעך אויף אײַך, ייִדישע שרײַבער און זשורנאַליסטן".

אין צוזאַמענהאַנג מיט מ. דערבאַרעמדיקערס בריוו ווילן מיר דאָ זיך פֿאַרופֿן אויף דער כאַראַקטעריסטיק, וואָס עס האָט געגעבן דער גלאַסנאָסט אַלעקסאַנדער ניקאָלײַעוויטש יאַקאָוולעוו, א מיטגליד פֿון דער פּאָליטביוראָ, סעקרעטאַר פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד. אין זײַן אַרויסטרעטונג דעם 28 סענטיאַבער 1988 אויף דער צווייטער סאָוועטיש־אַמעריקאַנער באַגעגעניש מיקויעך די אינפֿאָרמאַטיווע קאָנטאַקטן האָט ער צווישן אַנדערס געזאָגט, אַז „גלאַסנאָסט — הייסט זיך אָפּזאָגן פֿון ליגנערײַ אין אירע באַליביקע פֿאָרמעס, פֿון דירעקטער און בעקיוונדיקער זעלבסטנאַרערײַ, פֿון באַקוועמע פֿאַרשווײַגענישן און קעדוימע אַזעלכע זאַכן. גלאַסנאָסט — דאָס איז קויעך, מוט און פֿעיִקײַט צו קוקן אין פּאָנעם דעם עמעס פֿונעם לעבן. מיר זײַנען גרייט צו איר סײַ אין די איניאָנים אינערלעכע, סײַ אין די איניאָנים אויסערלעכע".

אַז די רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" איז גרייט צו אַרבעטן אויף אַזעלכע יעסוידעס, האָט דער לייענער, האָפֿן מיר, שוין באַקומען א מעגלעכקײַט זיך איבערצײַגן.

אויפֿן רעדאַקציאָנעלן טיש ליגט שוין לאַנג אַן אומרויִקער בריוו, וועלכן עס האָט אַרײַנגעשיקט דער מאָסקווער טוישעוו מאַקס ראָזענבערג. ס'גייט א רייד וועגן אַן אָנגעווייטיקטן איניען — וועגן גלײַכגילט, וואָס שטערט אונדז, טאָרמאָזירט דעם פֿאָרויסגאַנג און מוז אַנטשיידן אָפּגעוואָרפֿן ווערן פֿון אונדזער לעבנסוועג. אָט וואָס עס שרײַבט מאַקס ראָזענבערג: „אין אונדזערע טעג זײַנען אויף

די בעסוילעמס קימאט אלע קוואָרים ארומגעזוען. פון מיכאָעלסעס קייווער אָבער אפן פעלד פונעם ערשטן מאָסקווער קרעמאַטאָרי גייסטו אוועק מיט א געפיל, אז ער איז פארוואָרלאָזט. מיכאָעלס האָט פארדינט עפעס בעסערס. עפשער האָט די רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" א מעגלעכקייט צו באַצירן דאָס בערגל ערד ארום דער מאַצייווע מיט בלומען און מיט פרישן גרינס, מיט איידעלע גרעזעלעך, אוועקשטעלן דערנעבן א מירמלשטיינ־באַנק, אופלייגן צום צופוסנס פונעם סקולפּטיר־פאַרטרעט פון דעם פאָלקס־ארטיסט א בראָנזענעם קראַנץ אָדער א קראַנץ פון אַן אנדער ווערטפולן מאַטעריאַל. אויב דער ביודזשעט פונעם זשורנאַל איז א באַגרענעצטער, וואָלט עפשער געווען ווינטשנסווערט זיך ווענדן צום קאָמיטעט פונעם גענעראַל דראַגונסקי אָדער פאַשעט לאָזן איבער די הענט א צדאָקע־בלאָטל?"

דער פינאַנץ־ביודזשעט פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט, פארשטייט זיך, זײַנע ספּעציפישקייטן, נאָר דעם ביודזשעט פון יוישער, פון געוויסן איז ניט מעגלעך צו באַגרענעצן. עס ווערן פאַרגענומען באַמיונגען צו לייזן פּאָזיטיוו די פראַגן, וועלכע ווערן אָנגערירט אינעם בריוו. דער קייווער פון שלוימע מיכאָעלסן איז א הייליקייט באַם פאָלק, און מיט אים דאַרף מען זיך באַגיין, ווי מיט א הייליקייט.

מאַקס ראָזענבערגס סיגנאַל איז ניט דער איינציקער. א בריוו פון דאַוגאַווּפּילס האָט צוגעשיקט אין דער רעדאַקציע דער כאַווער שניידער: „בא אונדז אין שטאָט איז געבוירן געוואָרן, אויסגעוואַקסן און געלעבט שלוימע מיכאָעלס. אָבער אויף דער שטוב, ווו ער האָט דערזען די וועלט, איז אדהײַנט ניטאָ קיין מעמאָריאַל־ברעט. די שטאָט פארמאָגט ניט קיין גאַס אויף זײַן נאָמען. אינעם אָרטיקן מוזיי איז ניט פאַראַן קיין עקספּאָזיציע, געווידמעט מיכאָעלסן. וואָס איז דאָס? פאַשעט א פארשווײַגעניש, צי אַן איגנאָרירונג? עפשער וואָלט איר אונדז געהאָלפן פאַרײַביקן שלוימע מיכאָעלסעס נאָמען אין זײַן היימשטאָט?"

די רעדאַקציע האָט זיך געווענדט אין אויספירקאָם פונעם דאַוגאַווּפּילסער שטאָט־סאָוועט מיט א באַקאָשע אָנעמען א באַשטימונג וועגן דעם איניען. דערווײַל האָבן מיר נאָך קיין ענטפער ניט באַקומען. מיר ווייסן אָבער, אז הײַנט־צו־טאָג לייזט מען אזעלכע פּראָבלעמען, אלס קלאַל, סאָפּקאָל־סאָף פּאָזיטיוו. נאָר ווער ווייסט, עפשער וועט נאָך אויסקומען צו שטרײַטן מיט די דאַוגאַווּפּילסער באַלעבאַטים...

אין כאַרקאָוו האָט די געזעלשאַפטלעכקייט געפירט א לאַנגדויערנדיקן קאַמף פאַר פאַרייביקן דעם אָנדענק פון קימאַט דרײַסיק טויזנט דאָרטיקע ייִדן, אומגעבראַכטע מיצאַד די פאַשיסטן אין דעקאַבער 1941 אין דראָביצקער יאָר. פּאַוועל סאָקאָלסקי, אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער פון אָט דעם קאַמף, שרײַבט אין דער רעדאַקציע, אז ערשט אין יוני 1988 זײַנען אָנגענומען געוואָרן באַשטימונגען פונעם מיניסטאָרן־ראַט פון אוקראַינע און פון דעם כאַרקאָווער געגנט־אויספירקאָם, וועלכע דערלויבן צו האָפן, אז די זאַך וועט פאַרווירקלעכט ווערן.

אונדזער קאָרעספּאָנדענט טיילט מיט, אז ווער עס וויל מיטהעלפן אָט דער פאַרווירקלעכונג, קאָן איבערשיקן זײַן צושטײַער אפן „ראָסטשאָטני שטשאָט" פון דער כאַרקאָווער געגנטלעכער אָפּטיילונג פונעם אוקראַיִנישן קולטור־פאָנד נומער 702402 אין זשילסאָצבאַנק פון דער שטאָט כאַרקאָוו, מפאָ 351016. אפן בלאַנק דאַרף אין רוסיש אָנגעוויזן ווערן: „אויף אויסבויען דעם דענקמאָל אין דראָביצקער יאָר".

לאָמיר אַרײַנעמען אין אונדזערע הערצער נאָך איין מאַסעשן ברודער־קייווער, דעם דראָביצקער יאָר — פאַרגעדענקט! — דעם דראָביצקער יאָר אין כאַרקאָוו...

„קרוסטפּילס איז ניט קיין גרויסע שטאָט אין דער לעטלענדישער סאָוועטן־רעפּובליק. ביז דער וועלט־מילכאָמע האָבן דאָרט געוווינט בא צוויי טויזנט ייִדן. אין אָנהייב סענטיאַבער 1941 האָבן די פאַשיסטישע מערדער אַרויסגעפירט די ייִדן פופצן קילאָמעטער הינטער דער שטאָט און אַלעמען אומגעבראַכט". אזוי הייבט אָן זײַן בריוו צו אונדז דער קרוסטפּילסער טוישעוו ס. סאַרקין. — אין 1968 האָט מען די טויטע קערפּערסן אויסגעגראָבן און איבערגעפירט אפן ייִדישן בעסוילעם. דעם פערטן סענטיאַבער האָבן זיך אין קרוסטפּילס צונויפגעזאַמלט לאַנדסלײַט און ייִדן פון אַנדערע שטעט, ביכדיי צו באַערן דעם אָנדענק פון די קדוישים. דער קרוסטפּילסער אויספיר־קאָמיטעט האָט געגעבן אַן אויטאָבוס, און אַן אוילעם פון העכער הונדערט מאַן איז אַוועקגעפאָרן צום אָרט, ווו מע האָט אַכזאָריעסדיק דערמאָרדעט די ייִדישע באַפעלקערונג. לעם דעם אָנדענק־סלופּ איז געשטאַנען אַן ערנוואַך פון פּיאָנערן".

ס. סאַרקין שרײַבט ווײַטער, אז אפן אזקאָרע־מיטינג איז אַרויסגעטראָטן דער קרוסטפּילסער לאַנדסמאַן מ. מאַריין, וועלכער האָט דערציילט וועגן דעם לעבן און אומקום פון פיל לעטלענדישע ייִדן, וועגן דער גווורע פון די קעמפער קעגן פאַשיזם. ער האָט גערופן קיינמאָל וועגן דעם ניט פאַרגעסן, איבערגעבן דאָס פון דאָר צו דאָר. דער פאָרשטייער פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט פון לעטלאַנד כ. ברעגמאַן האָט מיטגעטיילט, אז אין ריגע, אפן אָרט, ווו עס איז געשטאַנען די גרויסע כאָרשול, וועלכע די דײַטשן האָבן פאַרברענט אינאיינעם מיט די פאַרטריבענע אַהין ייִדן, וועט מען אופשטעלן א דענקמאָל די קדוישים. אָנדענקס־טעג זײַנען פאָרגעקומען אין אויגוסט 1988 אין די שטעט רעזעקנע, לודזאַ, קאָרסאַווע, וואַראַקליאַן, אומעטום האָבן די אָקופּאַנטן געשאָכטן די ייִדן...

וועגן דעם, אז ייעדן דריטן זונטיק אין אויגוסט כוידעש, יאָר נאָך יאָר, פאָרן זיך צונויף אויף קייווער־אָוועס די לעבנגעבליבענע קרויווים פון די קימאַט צוועלף טויזנט אומגעבראַכטע בײַס דער פאַשיסטישער אינוואַזיע ייִדן אין דער שטאָט כמעלניק, וויניצער געגנט, דערציילט אין זײַן בריוו יאָסיף ברענער פון קיִעוו. די, וואָס האָבן אַלפּינעס אויסגעמיטן דעם אומקום אין די אַקציעס דעם צוועלפטן אויגוסט 1941, דעם נײַנטן און זעכצנטן יאַנוואַר 1942, טיילן זיך מיט זייערע זיכרוינעס.

די שטאָט איז אין די טעג פון קיִווער־אָוועס פאַרפלייצט מיט בלומען. קיין כמעלניק קומען צו פאָרן פיל וועטעראַנען פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, מישפּאָכעסווײַז, מיט קינדער און אייניקלעך. צווישן די לעבנגעבליבענע זײַנען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן, זײַענדיק נאָך קליינע קינדער, אַלפּי נעס איבערגעלעבט די אָקופּאַציע (לעמאָשל, מישע גערשמאַן, לעשטשינסקי יאַשע, איזיע רעדניקאָוו, איגאָר זאַלצמאַן פון מאָסקווע, ליאָניע שטיטעלמאַן און יעפים מוסענקיס פון קיִעוו, איזיע מאַנקאָוו און אַרקאַדי וואַרשאַווסקי פון דאָנעצק). די מערהײַט פון זיי איז נאָך דער אויסלייזונג אַרײַנגעטראָטן אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי און מוטיק זיך געראַנגלט מיטן סוינע. אין סאַמע צענטער פון כמעלניק איז אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל די העלדיש געפאַלענע בײַסן קריג, צווישן זיי דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד עפראָים שוואַרצמאַן.

צענדליקער בריוו האָט די רעדאַקציע באַקומען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער שענדלעכער טעטיקײַט פון דער אַזויגערופענער ניט־פאָרמעלער פאַראייניקונג „פּאַמיאַט" און פון אַנדערע, געגליכענע צו איר אָרגאַניזאַציעס אין פאַרשיידענע שטעט פון סאָוועטנפאַרבאַנד.

דער וועטעראַן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע ל. ראָזענבלאַט האָט אונדז צוגעשיקט פון דער שטאָט באַקו אַ בריוו, אין וועלכן ער פרעגט מיט אומרו: וויפל איז דער שיר, אַז צעיושעטע אַנטיסעמיטן זאָלן באַגיסן מיט שמוץ אַ גאַנץ פאָלק? דער געוועזענער סאָלדאַט וואַרפט פאָר דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד": „אין איינעם פון די נומערן פונעם זשורנאַל איז געווען געדרוקט עפּעס אַ ביסל וועגן דער באַנדע אַנטיסעמיטן פון „פּאַמיאַט", אָבער דאָס זײַנען געווען נאָר ציטאַטעס פון אַנדערע בלעטער, אײַער אייגענע מיינונג האָב איך דאָרט ניט געלייענט. הערט נאָר אויס, נאָך די רייד פון דער „פּאַמיאַט" באַקומט זיך, אַז די ייִדן, וואָס וווינען אין סאָוועטנפאַרבאַנד, זײַנען ציִעניסטן, פײַנט פון דער היים, שולדיקע אין אַלע אירע פּלאָגן, און מע דאַרף מיט זיי מאַכן אַ סאָף. און קיינער פאַרשטאָפּט ניט דאָס מויל די כוצפּעניקעס".

דאָ דאַרף קודעמקאָל געזאָגט ווערן, און ניט צוליב דעם, קעדיי זיך פאַרענטפערן, בלויז צוליב קלאָרקײַט, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט סײַ איבערגעדרוקט פּרינציפּיעלע מאַטעריאַלן אויף אָט דער טעמע, וועלכע זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די וויכטיקסטע פּרעסע־אָרגאַנען פון אונדזער לאַנד, וואָס עס איז אַ באַווײַז פון דער פּאָזיציע פונעם זשורנאַל גופע, סײַ עס זײַנען געווען אייגענע איבערזיכטן און מאַטעריאַלן (לעמאָשל דער אויספירלעכער אַרטיקל פון א. טשערקיזאָוו אין נומ. 1 פאַרן 1988). וויבאַלד אָבער מיר זײַנען ניט דערהערט געוואָרן, כאַזערן מיר דאָ איבער באַ דער געלעגנהײַט דעם הויפּט־טעזיס אין דער פּאָזיציע פון דער רעדאַקציע אין אַלע פּובליקאַציעס וועגן „פּאַמיאַט". נעמלעך, די איצטיקע רעדלפירער און די, וואָס גייען נאָך זיי און שטיצן זיי אין אָט דער ניט־פאָרמעלער פאַראייניקונג, זײַנען פּראָפּאַ־

גאַנדיסטן פון אַנטיסעמיטישן סאַם, און דאָס איז אַ ניט־דערלאָזבאַרע דערשײַנונג אין אַ סאָציאַליסטישער מעלוכע.

די אומגעבונג באַ אונדז אין לאַנד איז איצט אַזאַ, וואָס דערלויבט יעדן האָבן זײַן מיינונג און אַרויסזאָגן זי. פרײַהײַט פון וואָרט — איז אַ גרויסע דערגרייכונג. אָבער מיר האַלטן, אַז אָט די פרײַהײַט איז ניט קיין גרענעצלאָזע. עס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זײַן, עס טאָר ניט זײַן קיין פרײַהײַט אויף צו פאַרדיקן אידייען, וועלכע זײַנען אין אונדזער געזעלשאַפט קעגנער פון נאַציאָנאַלער סינע, רופן אַרויס האַס מיצאַד איין נאַציאָנאַליטעט צו דער צווייטער. די קאָנסטיטוציע פאַרווערט אַזאַ מין פאַרדיקונג, און ווער עס פאַרנעמט זיך מיט איר, דאַרף לויטן געזעץ באַשטראָפט ווערן.

עס זײַנען פאַראַן ערנסטע באַווײַזן, אַז די ברייטע רוסישע מאַסן, די אינטעליגענץ, און ניט נאָר די רוסישע סאָוועטישע מענטשן, זײַנען אויפגעבראַכט און פּראָטעסטירן אַקטיוו קעגן די פאַקטן פון אַנטיסעמיטיזם. מיר גלייבן, אַז אָט די שענדלעכע אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט דערשײַנונג וועט אויף אייביק פאַרשווינדן.

פון לענינגראַד, ווו די „פּאַמיאַט" פּרוּווט די לעצטע צײַט פאַנאַנדערוויקלען אַ ראַשיקע טעטיקײַט, האָט צוגעשיקט אַ בריוו אין רעדאַקציע וואָלאָדימיר לעפּלער, ער שרײַבט: „אין יוני 1988 בין איך צופעליק בײַגעווען אויף אַ לעקציע „דער עמעס וועגן דער אַלוועלטלעכער מאַסאָנישער פאַרשווערונג". די לעקציע האָט פאָרגעלייענט דער דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן ס. לאַנדאַ. דער זאַל איז געווען פולגעפּאַקט. צווישן די צוהערער האָב איך אָנגעציילט אַ דרײַ צענדליק מענטשן פון דער „פּאַמיאַט", לויט זייערע שוואַרצע העמדלעך. איך וויל זאָגן ניט וועגן דעם אינהאַלט פון דער לעקציע — זי איז געווען אינטערעסאַנט. איך האָב בעדייע מיטיילן אײַך, אַז דער אוילעם, וואָס איז געקומען אויסהערן דעם לעקטאָר — אין דער איבערוויגנדיקער מערהײַט ניט קיין ייִדן, — האָט ווירדיק זיך קעגנגעשטעלט דער כאַליאַסטרע פון „פּאַמיאַט" און ניט דערלאָזט, אַז די לעקציע זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַנטיסעמיטישער דעמאָנסטראַציע".

איצט לאָמיר זען, וואָס אַ רוסישער זשורנאַליסט אַלעקסאַנדער ניקיטין שרײַבט אין דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ", וועלכע פאַרמאָגט אַ פילמיליאָניקן טיראַזש. זײַן אַרטיקל „די קונסט פון לעבן צוזאַמען" איז פאַרעפנטלעכט דעם 8 אויגוסט 1988. „אייניקע באַליידיקן זיך אַצינד פאַר דער ניט־פאָרמעלער פאַראייניקונג „פּאַמיאַט", מע נעמט זיך אָן איר קריוודע: די בייזע זשורנאַליסטן, זעט איר, האָבן זי, נעבעך, אינגאַנצן אָפּגעפּליקט, מע לאָזט זי ניט לעבן. און פאַרוואָס רופט מען אַן מענטשן „שאָוויניסטן"? דערפאַר, ווײַל זיי שטעלן זיך אײַן פאַר די ווערטן פון דער רוסישער קולטור? נאָר די „פּאַמיאַט" איז „באַרימט" געוואָרן ניט ווײַל זי האָט געראַטעוועט סאָבאָרן, און ניט דערמיט, וואָס זי האָט געשאַפן פאָלקלאָר־אַנסאַמבלען, נאָר מיט דעם איז באַרימט געוואָרן די „פּאַמיאַט", וואָס אירע אידעאָלאָגן פאַרדיקן סײַ מינד־

לעך, סײַ שריפֿטלעך, דירעקט און אומדירעקט אַנטיסעמיטיזם. איז הײַזוי װעט איר אין אַט דעם פֿאַל באַפֿױלן זיך אופֿירן דעם רוסישן סאָװעטישן מענטשן? שטילינקערהייט שװײַגן, װען פֿאַר דײַנע אױגן באַלײדיקט מען צװײ מיליאָן דײַנע ברידער־לאַנדסלײַט? נײן, מיר האָבן נאָך דעם זיקאָרן ניט פֿאַרלױרן. מיר געדענקען, מיט װאָס עס פֿאַרענדיקט זיך, װען מע מאַכט אַן „אײן־און־אײנציקן" אױסנאַם פֿונעם קלאַל װעגן פֿעלקער. אײדער אַדאָלף היטלער איז געװאָרן אַ „פֿיורער", האָט ער אױך אָף קאַלעריי יאַרידים פֿון די ברױנע שטורמאַװיקעס געגװאַלדעװעט װעגן דער „ייִדיש־מאַסאָנישער פֿאַרשװערונג". עס קאָן ניט און עס טאָר ניט זײַן אין אונדזער לאַנד אַזאַ מין „גלאַסנאָסט". כּוח דעם, איז נאָך פֿאַראַן בײַ אונדז אַ געזעץ, װאָס פֿאַרװערט פּראָװאָצירן נאַציאָנאַלן האַס, און דאָס איז אַ גוטער, אַ ריכטיקער געזעץ".

פֿאַרענדיקנדיק דעם איבערזיכט, דאַרפֿן מיר באַמערקן, אַז די רעדאַקציע נעמט אױף מיטן גרעסטן דערעכערעץ די בריװ פֿון די לײענער, הערט זיך אױפֿמערקזאַם אײַן אין דעם, װאָס זײ אײַנצעגען.



## נײַעס פֿון אױסלאַנד

### צום 70־טן געבורטסטאָג פֿון רװון סינײַ

מיט גרױס פֿאַרשפּעטיקונג האָבן מיר זיך דערװוּסט, אַז רװון סינײַ איז אַלט געװאָרן 70 יאָר. „סאָװעטיש הײמלאַנד" באַגריסט האַרציק דעם טאַלאַנטפֿולן זשורנאַליסט פֿון אַרגענטינע, דעם לאַנגיאָריקן קעמפֿער פֿאַר דעמאָקראַטיע, פּראָגרעס און שאָלעם.

אין פֿאַרבינדונג מיט דער יובײלײ־פֿײַערונג האָט די ייִדישע בירגערלעכע פּרעסע אַטאַקירט רװון סינײַען, אַז ער „גײט ניט אין די װעגן פֿון זײַן זײדן און פֿאָטער אין באַצוג צו דער ייִדישער שפּראַך און קולטור". מע קאָן אים ניט מוחל זײַן, האַלעמײַ ער איז אײנער פֿון די פּלאַמיקסטע פּובליציסטן אין דער ייִדישער פּראָגרעסיװער פּרעסע אָף דער שפּאַנישער שפּראַך, זײַענדיק דער הױפּט־רעדאַקטאָר פֿונעם בוענאָס־אײַרעסער זשורנאַל „טיעמפּאָ" און אײנער פֿון די אָנפֿירער פֿונעם אַרגענטינער „איקוף".

מיר װינטשן רװון סינײַען פֿיל נײַע דערפֿאָלגן אין קאַמף פֿאַר דעמאָקראַטיע, שאָלעם און סאָציאַליזם.

### אין אַ מוזײ פֿון ייִסראָעל

אַ װיכטיקע געשעעניש אין דער אַרכעאָלאָגיע פֿונעם טאַנאַך איז אַ „מילגרױם" פֿון העלפֿאַנדבײן, װאָס איז אַלט 3 טױזנט יאָר. מיט עטלעכע װאָכן צוריק האָט דער מוזײ אין ירושאָלאיִם באַקומען אַלס מתּנה אַ גלעקעלע אין דער פֿאָרם פֿון אַ מילגרױם, געמאַכט פֿון העלפֿאַנדבײן, װאָס איז דאַטירט מיטן אַכטן יאָרהונדערט פֿאַר דער נײַער צײַט־רעכענונג, אַ רעליקװיע פֿונעם די צײַטן פֿון שלױמע האַמעלעך.

דעם „מילגרױם" האָט געקױפֿט אין דער שװײץ אַן אומבאַקאַנטער פֿאַר דער סומע פֿון 500 דאָלאַר, און ער איז אװעקגעשיקט געװאָרן קײן ייִסראָעל, װוּ ער װעט זיך געפֿינען אין אַרכעאָלאָגישן אָפּטײל פֿונעם מוזײ.

דער אָביעקט האָט 34 מילימעטער די הײך און אין דיאַמעטער 12 מילימעטער. אינװײניק געפֿינט זיך די אױפֿשריפֿט: עס געהערט דעם בײס־האַמיקדעש פֿון גאָט און איז הײליק פֿאַר די קױהאַנים. דער אױפֿשריפֿט איז געמאַכט אין דער אוראַלטער העברעישער שפּראַך.

דער מילגרױם איז לױט דעם טאַנאַך דער סימבאָל פֿון אַ רײַכער גערעטעניש (רימאָן), מיט װעלכער ערעץ־ייִסראָעל איז געבענטשט, און איז געװען אַ באַצירונגס־עלעמענט אין בײס־האַמיקדעש.

## אינטערוויו מיט...

# אַ שמועס אין מיניסטעריום

דער רעדאַקציע־מיטאַרבעטער פֿון אונדזער זשורנאַל גענאַדי עסטרײַך האָט זיך באַגעגנט מיט די פֿאַראַנטוואָרטלעכע טוער פֿונעם מיניסטעריום פֿאַר פֿאָלקס־בילדונג פֿון דער רוסלענדישער פֿעדעראַטיווער סאָוועטן־רעפּובליק: דעם שעף פֿון דער הויפּט־פֿאַרוואַלטונג פֿון די אָרגאַנען פֿאַר פֿאָלקס־בילדונג אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש יעגאָראָוו און זײַן פֿאַרטרעטער, דעם שעף פֿונעם אָפּטייל פֿון נאַציאָנאַלע שולן אַלאַ לוואָוונאַ בוגאַיאָוואַ, — און זיי געבעטן ענטפֿערן אויף עטלעכע פֿראַגעס, וועלכע זײַנען פֿאַרבונדן מיטן אונטעררעכטן ייִדיש אין דער רוסלענדישער פֿעדעראַציע.

„סאָוועטיש היימלאַנד": ווי איר ווייסט, זײַנען אין סאַך פֿון די 30־ער יאָרן פֿאַרמאַכט געוואָרן קימאַט אַלע לערן־אַנשטאַלטן, וווּ דאָס אונטערריכטן האָט זיך געפֿירט אויף ייִדיש. פֿון דעמלט אָן, מיט געציילטע אויסנאַמען, האָט מען ייִדיש אין ערגעץ ניט געלערנט. וואָס פֿאַר אַ מיטלען נעמט אָן אײַער מיניסטעריום, כּדי פֿאַרפֿילן דעם בליץ אין דערלערנען ייִדיש, ייִדישע געשיכטע און קולטור?

א. יעגאָראָוו: צום אַלעם ערשטן דאַרף מען זאָגן וועגן דעם, אַז די פּאָזיציע פֿון די אָרגאַנען פֿון פֿאָלקס־בילדונג האָט זיך געביטן. ס'איז ניט קיין סוד, אַז דאָס דערלערנען נאַציאָנאַלע שפּראַכן האָט מען אין משך פֿון פֿיל יאָרן געהאַלטן פֿאַר אַ צווייטראַנגיקער פּראָבלעם. אַשטייגער, דאָס אַרויסלאָזן אין 1982 אַ באַזונדערן לערנבוך דעם „אַלעפֿבייס" איז אָפּגעשאַצט געוואָרן ווי אַן אויסנאַם. אונדזער איצטיקע פּאָזיציע איז אַזאַ: אין יעדער שטאָט, אין יעדן יישוב פֿון דער רעפּובליק דאַרף מען, אויב עס פֿאַרלאַנגען די עלטערן און שילער, אָרגאַניזירן גרופּעס, קלאַסן פֿאַר דערלערנען די ייִדישע שפּראַך.

„ס. ה.": וואָס איז פֿאַרפּלאַנירט פּירצונעמען אין מאָסקווע, אין דער שטאָט מיט אַ קימאַט פֿערטל־מיליאָניקער ייִדישער באַפֿעלקערונג?

א. יע.: אין די לעצטע טעג פֿונעם פֿאַריקן יאָר איז בײַ אונדז אין מיניסטעריום פֿאָרגעקומען אַ באַראַטונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט פֿאָרשטייער פֿון דער הויפּט־פֿאַרוואַלטונג פֿון פֿאָלקס־בילדונג פֿון מאָסקווע. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו עפֿענען אײַנגיכן קורסן פֿאַר דערוואַקסענע, די צאָל פֿון די קורסן וועט זײַן אָפּהענגיק פֿון די באַדערפֿענישן, און פֿונעם אָנהייב פֿון דעם קומענדיקן לערן־יאָר, ד. ה. אין סענטיאַבער 1989, צוטרעטן צו דערלערנען ייִדיש אין אייניקע שולן פֿון מאָסקווע. עס שטייט פֿאַר אַ גרויסע אַרבעט, כּדי אויסקלאָרן די פֿאַרלאַנגען פֿון די עלטערן. פֿון דער „געאָגראַפֿיע" פֿונעם קומענדיקן קאָנטינגענט שילער וועט זײַן אָפּהענגיק דער אַרסענאַל פֿון די באַזע־שולן פֿאַר די לימודים. קודם־כּל דאַרף מען, פֿאַרשטייט זיך, צו וויסן געבן דער באַפֿעלקערונג וועגן דעם אָנגענומענעם באַשלוס.

„ס. ה.": צי איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ געוויסער אָרגאַניזאַציאָנעלער וואַריאַנט פֿאַר דערלערנען ייִדיש אין די שולן?

א. יע.: מיר רעכענען אויס צו עפֿענען אין די אָפּגעקליבענע באַזע־שולן ראַיאָנישע אָדער צווישנראַיאָנישע גרופּעס פֿאַר פֿאַקולטאַטיוו דערלערנען ייִדיש. אָבער אייניקע פּעדאַגאָגן דערווידערן קעגן אַזאַ באַשלוס, ווײַל אין דעם פֿאַל וועט אויסוואַקסן די אָנלאָדונג פֿון די שילער, וועלכע וועלן זיך לערנען אין די קינפֿטיקע ייִדיש־שפּראַכיקע גרופּעס. מע האַלט, אַז ריכטיקער וואָלט געווען אויסטיילן באַזונדערע קלאַסן, פֿאַר וועלכע מע דאַרף אַרײַנטראָגן נייטיקע קאָרעקטיוון אין דער לערן־פּראָגראַם, כּדי אײַנשליסן אין איר די לימודים פֿון ייִדיש. אַזוי אַז די דאָזיקע פֿראַגע דאַרף מען נאָך אויפֿמערקזאַם אויספּאָרשן. פֿראַגן זײַנען בכלל פֿאַראַן אַ סך. צום אַלעם ערשטן איז שווער צו געפֿינען אַ גענוגנדיקע צאָל קוואַליפֿיצירטע לערער. ניט יעדער מענטש, וואָס קען ייִדיש, איז אימשטאַנד צו אונטעררעכטן די דאָזיקע שפּראַך. מע דאַרף וויסן די מעטאָדיק, די עלטער־פּעדאַגאָגיק. ס'איז באַשלאָסן דורכפֿירן אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם לויפֿנדיקן יאָר אַ מעטאָדישן סעמינאַר בײַם אינסטיטוט פֿון העכערן די קוואַליפֿיקאַציע פֿון לערער. מיר האָפֿן, אַז אונדז וועט העלפֿן דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", אַרום וועלכן עס גרופּירן זיך פּראַקטיש אַלע ספּעציאַליסטן אין געביט פֿון ייִדיש.

„ס. ה.": צי קאָן מען צוציִען צום אָנטייל אינעם סעמינאַר לערער פֿון אַנדערע שטעט, רעפּובליקן?

א. בוגאַיאָוואַ: אָן שום ספֿק. בכלל האָפֿן מיר, אַז די פּראָבלעם מיט פּעדאַגאָגישע קאַדרען וועט אין די נאָענטסטע יאָרן געלייזט ווערן אויף כּעזשבן פֿון די אַרויסלאָזניקעס פֿונעם בירעבידזשאַנער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, וועלכן מע וועט עפֿענען הײַיאָר, ווי אויך אויף כּעזשבן פֿון דער עקזיסטירנדיקער בירעבידזשאַנער פּעדאַגאָגישער שול, וווּ מע אונטעררעכטעט שוין ייִדיש. ס'איז פֿאַרפּלאַנירט אויך גרייטן לערער פֿון ייִדיש אין אַ פּעדאַגאָגישער שול אין מאָסקווע. און עס וועלן זיך פֿאָדערן אַ סך לערער, ווײַל, לויט אונדזער איצטיקער קאָנצעפּציע, דאַרף מען אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך לערנען סײַ אין די קינדער־גערטנער, סײַ אין די שולן, ווי מע פּראַקטיקירט דאָס שוין טיילווײַז אין

דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. אגעוו, ניט לאַנג צוריק בין איך ספּעציעל געפאָרן קיין ביראָבידזשאַן, און בא מיר זײַנען געבליבן גוטע אײַנדרוקן. כ'בין געווען אף א לימעד פון ייִדיש אין א צווייטן קלאַס, ווו עס לערנען זיך 33 טאַלמידים, צווישן זיי 15 — ניט־ייִדן. די לימודים גייען דורך אינטערעסאַנט, און די זאַך איז ניט נאָר אין דער פּראָפעסיאָנעלער אָפּשאַצונג מיצאַד ספּעציאַליסטן, וועלכע זײַנען געווען מיט מיר, נאָר אויך אין דעם, וואָס קיינער פון די שילער און עלטערן זאָגט זיך ניט אָפּ פאַרצוועצן די לימודים.

א. יע.: יאָ, איך בין אויך געווען אין ביראָבידזשאַן, און איך האַלט, אַז דאָרט האָט מען געמאַכט א געוויסן טראַט אף א ריכטיקן וועג. דאָס סאַמע וויכטיקסטע — עס האָט זיך געביטן די שטעלונג בענעגייע ייִדיש סײַ מיצאַד דער געזעלשאַפטלעכקײַט, סײַ מיצאַד דער אָנפירונג. פריער פלעגן דאָך די ייִדן אויך גאַנץ אָפט ניט ארויסװײַזן קיין באַזונדערן אינטערעס צו זייער מאַמע־לאָשן. כ'וויל אונטערשטרײַכן, אַז אָן א פאַרלאַנג מיצאַד דער ייִדישער באַפעלקערונג וועט זיך גאָרנישט ניט באַקומען אין אָט דער דעליקאַטער איבערבויונג.

א. ב.: און אויב עס גייט שוין א רייד וועגן ביראָבידזשאַן, וויל איך זיך ווענדן דורך אײַער זשורנאַל צו די פּאָטענציעלע לערער פון ייִדיש, וועלכע לעבן אין פאַרשיידענע רעפּובליקן. ביראָבידזשאַן איז גרייט צו שאַפן אַלע באַדינגונגען פאַר די, וועד ס'וועט אויסדריקן א פאַרלאַנג זיך איבערקלײַבן צו זיי כאָטש אף עטלעכע יאָר, קעדיי אוועקשטעלן אף די פיס דאָס אונטעריכטן פון דער ייִדישער שפּראַך אין דעם פּעדינסטיטוט, וועלכן מע עפנט דאָרט, ווי אויך אין די עצעם שולן און אין דער שוין דערמאָנטער פּעדאַגאָגישער שול.

א. יע. עס וואָלט אויך געווען גוט מיטיילן אײַערע לייענער, אַז דער מיניסטעריום איז גרייט באַהאַנדלען די פאָרשלאָגן פון אווטאָרן און אווטאָרישע קאָלעקטיוון מיקויעך שאַפן פאַרשיידענע לערן־מעטאָדישע מאַטעריאַלן. א וויכטיקע ראָליע וועלן שפּילן, פאַרשטייט זיך, די לערנביכער און היקף־ביכער, וועלכע עס גרייטן די מיטאַרבעטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד". איר האָט שוין, אַפּאָנעם, דערציילט אײַערע לייענער וועגן די פּלענער פון דעם כאַבאַראָווסקער ביכער־פאַרלאַג און דעם מאָסקווער פאַרלאַג „מאַליש". אָבער עס זײַנען דאָך נייטיק סײַ נײַע ווערטערביכער, סײַ לערנביכער, סײַ כרעסטאָמאַטיעס פאַר פאַרשיידענע קלאַסן...

א. ב.: ...אויך היקף־ביכער פון געשיכטע, ביכער וועגן די נאַציאָנאַלע מינהאָגים, וועגן דער נאַציאָנאַלער קולטור. אגעוו, אײניקע פעריאָדישע אויסגאַבעס, וועלכע גייען ארויס אף די שפּראַכן פון אנדערע סאָוועטישע פעלקער, האָבן אײַנגעפירט בא זיך רובריקעס „צי קענסטו דײַן מוטער־שפּראַך?". אײַער זשורנאַל וואָלט אויך געקאָנט העלפן די „מענטשן, וואָס דערלערנען ייִדיש".

„ס. ה.": איר ווייסט דאָך שוין וועגן אונדזער לאַנגאָניקער רובריק „לימודים פון ייִדיש" און וועגן דעם ייִדיש־רוסישן ווערטערבוך, וועלכן דער זשורנאַל דרוקט איצט אין זײַן ביכער־בײַלאַגע. אינעם לויפיקן יאָר וועלן די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" באַקומען נאָך פיל נוצלעכע מאַטעריאַלן, וועלכע וועלן העלפן טיפער צו דערלערנען דאָס מאַמע־לאָשן. אָבער א זשורנאַל איז א זשורנאַל, און וואָס איז שײַעך די ביכער־אויסגאַבעס, האָבן מיר אין דער לייענער־פּאָטשט א סאַך טײַנעס בענעגייע דעם מיזרעכדיקן טיראַזש פונעם, לאָמיר זאָגן, „אַלעפבייס". צי וועט זיך ניט באַקומען דאָס זעלבע אויך מיט די נײַע אויסגאַבעס?

א. יע.: אַזוינס דאַרף זיך ניט באַקומען. אָבער צוליב דעם איז נייטיק צו האָבן געהעריקע באַשטעלונגען פון די אָרטיקע אָרגאַנען פון פאָלקס־בילדונג. א טייל פונעם טיראַזש פון די נײַע לערנביכער זײַנען מיר גרייט צו לאָזן אין פרײַען פאַרקויף, אָן פאָרויסיקע באַשטעלונגען. טאָמער ס'וועלן ניט סטײַען די מעגלעכקײַטן באַם כאַבאַראָווסקער פאַרלאַג — וועלן מיר זיך צונויפרײדן מיט די צענטראַלע פאַרלאַגן.

„ס. ה.": און ווי באַציט איר זיך צו א הינטער־אויגיקער פאָרם פון דערלערנען ייִדיש? ניט אין יעדער שטאָט קאָן מען דאָך אָרגאַניזירן א קלאַס, א גרופּע. אַפילע אין די גרויסע שטעט זײַנען פאַראַן „יעכידים", וועלכע האַלטן פאַר גלײַכער צו אַרבעטן זעלבשטענדיק.

א. ב.: די אידיי איז א גוטע און, לויט מײַן מיינונג, קאָן זי זײַן רעאַליזירט. מע דאַרף א טראַכט טאָן, ווי מע קאָן דאָס בעסער אָרגאַניזירן. ווידעראַמאָל וועלן מיר זיך דאָ ניט באַגיין אָן דער היקף פון אײַער זשורנאַל.

א. יע.: און א לערנבוך וועט מען דאַרפן פאַר דעם ספּעציעל צוגרייטן.

„ס. ה.": די לעצטע פראַגע, פּינקטלעכער א פאָרשלאָג. און פאַרוואָס ניט אָרגאַניזירן בא אײַער הויפּט־פאַרוואַלטונג אין מיניסטעריום אָן אַרבעטס־גרופּע, אין באַשטאַנד פון וועלכער וואָלטן אַרײַן ספּעציאַליסטן אין געביט פון ייִדיש? אַזאַ גרופּע וואָלט געקאָנט אַרבעטן אף געזעלשאַפטלעכע יעסוידעס, לעכאַלדהאַפּאַכעס ביז דער צײַט, ווען ייִדיש, ייִדישע ליטעראַטור און געשיכטע וועלן לעסאָף ווערן א טעמע פאַר די וויסנשאַפטלעך־פאָרשענישע אינסטיטוטן פון דעם לאַנד.

א. ב.: מיר וועלן וואַרטן אף פאָרשלאָגן פונעם זשורנאַל מיקויעך דעם באַשטאַנד פון אַזאַ אַרבעטס־גרופּע.

א. יע.: איך וואָלט געוואָלט צום סאָף באַדאַנקען די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַר איר אַקטיווער פּאָזיציע אין אָט דער פראַגע. מיר האָפן אף א ווײַטערדיקער מיטאַרבעט. מיר זעען בוילעט די דאָזיקע פּראָבלעמען, און מיר דאַרפן זיי אינײנעם לייזן. עפּשער ניט אַלץ וועט זיך גלײַך באַקומען. כאָטש עס איז ניטאָ קיין סאָפעק, אַז פון אונדז מיט אײַך איז פיל אָפּהענגיק.

# ציטאַטעס פון דער סאָוועטישער פרעסע

א מענטש נעמט מיט זיך אין לעבן דאָס, וואָס עס האָבן אים געגעבן זײַן קינדהײַט און זײַן געבורט־לאַנד. ס׳איז ניט וויכטיק, וואָס דאָס איז פאַר א לאַנד — א באַוווּסטע שטאָט אָדער א פאַרוואָרפן ערגעץ אין אויסרײַסעניש דאָרף. זיי זײַנען אַלציינס טײַער פאַר א פּילעוודיק האַרץ.

מע קאָן זיך כידעשן, וואָס דער פּראָווינציעלער וויטעבסק האָט אופגעטאָן פאַר מאַרק שאַגאַלן. וויטעבסק איז געוואָרן אן אומויסשעפּלעכער קוואַל פאַר זײַן גרויסער ליבע צו מענטשן, די טעמע פון דאָסראָוו זײַנע ווערק. צום באַדויערן, האַלטן די, וואָס באַשטימען די קולטור־פּאָליטיק אין ווײַסרוס־לאַנד, אין איין אָפּלייקענען די שאַפונג פון זייער גרויסן לאַנדסמאַן. צו שאַגאַלס הונדערטיאָריקן יובילײ איז קעגן אים און זײַנע מאָלערײַ־ווערק פּאַנאַנדערגעוויקלט געוואָרן א גאַנצע רעכילעס־קאַמפּאַניע. ביזן הײַנטיקן טאָג איגנאָרירט מען דעם געזעלשאַפטלעכן רוף צו שאַפן אין וויטעבסק שאַגאַלס מוזיי. אָבער שאַגאַלן איז סײַווי געלונגען זיך דורכרײַסן צו זײַן באַליבטער געבורט־שטאָט, דאָס מאָל — מיט זײַן פּאָעזיע. דער מינסקער פאַרלאַג „מאַסטאַצקאַיאַ ליטעראַטוראַ" האָט צוגעגרייט צום דרוק אן אַנטאָלאָגיע פון דעם קינסטלערס לידער, וועלכע עס האָט איבערגעזעצט דער אויסגעצייכנטער דיכטער, א געבוירענער אויך אין דער וויטעבסקער געגנט — ריגאָר באָראָדולין. די אַנטאָלאָגיע שליסט אײַן 25 שאַגאַלס לידער, באַווײַזנדיק די טיפקײַט פונעם מעכאַבערס מענטשלעכע געפילן, די קלוגשאַפט פון זײַן וועלט־באַנעם און... די ליבע צו זײַן טײַערן וויטעבסק. אין דעם פּראַט איז אוניקאַל שאַגאַלס ווענדונג צו דער שטאָט, מיט וועלכער עס עפנט זיך די אַנטאָלאָגיע. ער האָט אָנגעשריבן די ווענדונג אין די אָמערסטן שווערע מילכאָמע־יאָרן, און איצט קלינגט זי ווי א הומאַניסטישער רוף צו זײַנע בנײ־איר.

שאַגאַלס לאַנדסלײַט און די פאַרערער פון זײַן טאַלאַנט וואַרטן מיט ביטאָכן, עפשער וועלן די קולטור־פירער פון דער רעפּובליק זײַן מער באַרעמהאַרציק צו שאַגאַלן דעם דיכטער, איידער זיי זײַנען געווען צו שאַגאַלן דעם קינסטלער.

וואַסילי ביקאָוו
(„מאָסקאָווסקיע באָוואָסטי")

...די רוסישע קולטור געהערט צו די אָמערסטן רײַכע וועלט־קולטורן. ווי אַנדערע, פונקט אַזעלכע רײַכע קולטורן, האָט זי זיך אײַנגעשטעלט ניט אָפּגעזונדערט, נאָר אדאַנק אן ענגסטער קעגנזײַטיקער ווירקונג מיט אַנדערע קולטורן, אופנעמענדיק און שענקענדיק ווערטן. פון דער רוסישער קולטור קאָן מען ניט ארויסרײַסן די גריכישע איקאָנע־מאָלער, די איטאַליענישע אַרכיטעקטאָרן, די פראַנצויזישע כאָרעאָגראַפן, מע קאָן ניט ארויסוואַרפן דעם בײַטראָג פון די פאַררוסישטע אײַנוווינער פון דער געוועזענער רוסלענדישער אימפּעריע — דײַטשן, אוקראַינער, ייִדן, גרוזינער, פּאָליאַקן, טאָטערן און פיל אַנדערע, אפילע טערקן און עטיאָפּן.

פּאָעל קאַרפּ
(„קניזשנאָיע אָבאָזרעניִע")

איר געדענקט, בא מאיאַקאָווסקין: „נאַט, לייענט, און זײַט מיר מעקאַנע: איך בין א בירגער פון פאַרבאַנד פון די ראַטן". אָבער דאָס איז וועגן דעם אויסלענדישן פּאַספּאָרט. אין דעם אינערלעכן איז דאָך פאַראַן א רובריק „נאַציאָנאַליטעט". הייסט עס: לייענט, און זײַט מיר מעקאַנע: איך בין א קאַראַימער. אָדער — א רוס. אָדער — אן אוקראַינער...

וויפל גורלעס זײַנען צעבראָכן געוואָרן, וויפל מענטשן זײַנען געגאַנגען אף מעסערס איבער דער דאָזיקער אקשאָנעסדיקער רובריק. דערבײַ הייבט עס זיך אָן אפילע ניט פונעם פּאַספּאָרט — שוין פון דער צײַגעניש וועגן געבורט. דאָס נעפעשל איז נאָך אין א האַלב־עמבריאָנעלן, אַזוי צו זאָגן, צושטאַנד, און אין די גרינינקע, ווי יונגע גרעזעלעך, „טעוועלעך" פיגורירן שוין די נאַציאָנאַליטעטן פון ביידע עלטערן. צוליב וואָס?

...שטייט, וועלן זאָגן וואַכזאַמע כאַוויירים, אָבער בא אונדז איז דאָך א פילנאַציאָנאַלע מעלוכע. צי וועלן מיר זיך ניט פאַרפּלאָנטערן, ניט פאַרלירן די וואָרצלען, ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין א סטאַדע אָן אן אייגן פּאָנעם, טאָמער פונעם פּאַספּאָרט וועט אַראָפּגענומען ווערן די דאָזיקע רובריק?

וואָס קאָן מען אף דעם ענטפערן? ס׳איז שלעכט, אויב די נאַציאָנאַליטעט הייבט זיך אָן און פאַרענדיקט זיך מיט א פאַרנאָטירונג אינעם פּאַספּאָרט. אָט דער באַגריף איז א סאַך ברייטער פון דעם געראַמטן פונקט. ער איז אין דער נעשאָמע, אינעם זיקאָרן, אינעם געוויסן...

וויטאַלי וויטאַליעוו
(„אָגאָניאָק")

# ווו קויפט מען א ייִדישן בוך?

די דאָזיקע פראגע טרעפן מיר אָפט אין די בריוו פון אונדזערע לייענער. אויב אזוי, דארף מען קוידעמקאָל א קלער טאָן, צי אלץ איז בא אונדז אין אָרדענונג מיט דער פּראָפּאגאנדע פונעם ייִדישן וואָרט. אויב זיך גוט ארומקוקן, קאָן מען דערזען, אז אָט דער איניען איז פארוואָרלאָזט. פארשטייט זיך, די געזעלשאפטלעכע פארשפּרייטער פון „סאָוועטיש היימלאנד" סטארען זיך, אז די ליבהאָבער פון ייִדיש זאָלן וויסן וועגן די ווערק פון זייערע שריפטשטעלער, וועלכע דערשײַנען אין א בוך־פאָרם, נאָר דאָס איז, ווײַזט אויס, ניט גענוגנדיק.

מיר דארפן אנערקענען, אז די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד" האָט די לעצטע צײַט אויך ניט אלץ געטאָן, קעדיי ליבהאָבער פון ליטעראטור זאָלן באקומען די נייטיקע אינפאָרמאציע פון דער ביכער־וועלט: די צאָל רעצענזיעס אין די זשורנאל־נומערן איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אזא קליינע, ווי איצט.

עס דארף געזאָגט ווערן, אז די אנאָנסירונג פון די פארלאגן, וועלכע לאָזן ארויס ווערק פון ייִדישע שרײַבער, איז א ניט באפרידיקנדיקע געווען פון סאָמיד אָן. אלס קלאל, באנוגענען זיך די ארויסגעבער בלויז מיט דעם, וואָס זיי שטעלן ארײַן אין די טעמאטישע פלענער אף יעדעס יאָר די נעמען פון שרײַבער און ווערק, וועלכע זיי זײַנען בעדייע אפּדרוקן. דאָס איז אוואדע גוט, נאָר געוויס ווייניק.

וואָס שײַעך דער רעצענזירונג פון די דערשינענע ווערק אינעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", טיילן מיר מיט די אבאָנענטן, אז אין דעם נײַעם יאָר וועט די רובריק „קורצע רעצענזיעס" ווידער ווי געהעריק אופגעלעבט ווערן.

כוץ דעם, וועלן מיר פאָרנעמען קאָנקרעטע טריט אף צו פארבעסערן די פּראָפּאגאנדע פון דעם ייִדישן בוך מיצאד די פארלעגערישע און האנדלס־אמטן.

דערווײַל איז מיסטאמע ווינטשנסווערט נאָכאמאָל מאכן אופמערקזאם די ליבהאָבער פונעם ייִדישן וואָרט, אז ווערק פון סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער אין אָריגינאל דרוקן זיך הײַנט־צו־טאָג, כוץ אין דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", אין דעם סאמע גרעסטן שרײַבערישן פארלאג פון אונדזער לאנד „סאָוועטסקי פּיסאטעל", וועלכער איז טעטיק אין מאָסקווע. אין דער איבערזעצונג אף אנדערע שפּראכן — אף רוסיש, אוקראַיִניש, ווײַסרוסיש, מאָלדאוויש, ליטוויש — דערשײַנען די ביכער פון ייִדישע שרײַבער, אויסער „סאָוועטסקי פּיסאטעל", אויך אין אנדערע מאָסקווער פארלאגן — אין „כודאָזשעסטווענאיא ליטעראטורא", „סאָווրעמעניק", „סאָוועטסקאיא ראָסיִא", „מאליש", „דיעטסקאיא ליטעראטורא", אין די פארלאגן פון קיִעוו, מינסק, קעשענעוו, ווילניוס, לענינגראד, כאבאראָווסק.

די דערשינענע ביכער, ווי עס פירט זיך, איז מעגלעך באשטעלן אין יעדן יִשעוו בא אונדז אין לאנד, ווו עס איז דאָ א ביכער־קראָם. צוליב דעם דארף מען זיך ווענדן צום טאָווארָאוועד פון אָט דער קראָם, בא וועמען עס איז פאראן דער טעמאטישער פּלאן פונעם פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" און די טעמאטישע פּלענער פון אנדערע פארלאגן אף יעדן יאָר.

מיר האָפן, אז עס איז נאָך ניט שפּעט געבן צו וויסן אונדזערע לייענער, וואָס ווילן קריגן ביכער פון ייִדישע שרײַבער פאר די שטוביקע ביבליאָטעקן, אז אין 1988 זײַנען אין „סאָוועטסקי פּיסאטעל" דערשינען אין ייִדיש, צווישן אנדערע, לייב קוויטקאָס גרעסערע דערציילונג „ליאָם און פּעטריק", יויסעף ראבינס בוך „אין פארשיידענע יאָרן", אָרן ווערגעליסעס לידער־זאמלונג „צוויבערגאנג", לעוו בערינסקיס ערשטער בוך „דער זוניקער וועלטבוי". אין דער איבערזעצונג אף רוסיש זײַנען אין זעלבן פארלאג ארויס דער בוך פון כאַיִם מעלאמוד „גלייבן דעם מענטשן", באָריס סאנדלערס „די טרעפּלעך ארוף צו א נעס", יעכיִעל שרײַבמאנס ראָמאן „ווײַטער...", יאָסל בוכבינדערס לידער־זאמלונג „נאָענטע ווײַטן". ס'איז אָקאָרשט דערשינען דער פּערטער בוך פונעם יעזשעגאָדניק «Год за год» („יאָר נאָך יאָר").

ס'איז ווינטשנסווערט דרינגענד און צו דער צײַט באשטעלן די צוגעגרייטע אין „סאָוועטסקי פּיסאטעל" אף ארויסגעלאָזט ווערן אין לויפנדיקן יאָר אף ייִדיש שמועל גאָרדאָנס בוך „לייד און פרייד" (ארויסלאָז־פּלאן פון „סאָוועטסקי פּיסאטעל" אפן 1989, אינדעקס 400), אָרן בייגעלמאנס ערשטלינג „דער גאָלדענער לײַכטער" (אינדעקס 392), אירמע דרוקערס ראָמאן „מיכאָעל־יויסעף גוזיקאָוו" (אינדעקס 402), א זאמלונג ווערק פון די יונגע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער (אינדעקס 407), איזי כאריקס צווייִשפּראכיק בוך (אף ייִדיש און אין דער איבערזעצונג — אין איינע טעוועלעך) „פיר פּאָעמעס", וועלכער אנטהאלט די פּאָעמעס „מינסקער בלאָטעס", „מיט לײַב און לעבן", „קײַלעכדיקע וואָכן" און „אף א פרעמדער כאסענע" (אינדעקס 424). אין דער איבערזעצונג אף רוסיש וועט דער פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" ארויסגעבן אָרן ווערגעליסעס בוך רײַזע־פארצייכענונגען „זעכצן לענדער, ארײַנגערעכנט מאָנאקאָ" אין דער דריטער דערגאנצטער אופלאגע (אינדעקס 396), מישע לעווס בוך „לאנגע שאָטנס", (אינדעקס 405), באָריס מאָגילנערס פּראָזע־זאמלונג „די בערעזקע" (אינדעקס 406), די ליבהאָבער פון דער ייִדישער ליטעראטור אין רוסיש־לייענענדיקן סעקטאָר וועלן באקומען דעם פינפטן בוך פונעם יעזשעגאָדניק „יאָר נאָך יאָר".

עס איז שוין באשטעטיקט דער ארויסלאָז־פּלאן פונעם פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" אפן 1990 יאָר. אין איינעם פון די נאָענטסטע נומערן „סאָוועטיש היימלאנד" וועלן מיר וועגן דעם אינפאָרמירן די לייענער.

# צו שלוימע ווערכאַווסקיס 80־טן געבורטסטאָג



ש. ווערכאַווסקי. אויטאָפּאָרטרעט

שלוימע ווערכאַווסקי איז באַקאַנט די ייִדישע לייענער ווי אַן אויטאָר פֿון אונדזער זשורנאַל. אין משך פֿון אַ סך יאָרן קומט ער אָפֿט צו אונדז צו גיין אויף דער קיראָוו־גאַס, 17, ווי אַ פֿרײַנט און מיטאַרבעטער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" אַלס קינסטלער־גראַפֿיקער פֿון די פֿאַרשיידענע רובריקעס, וועלכע ווערן פֿון מאָל צו מאָל אַרײַנגעפֿירט און באַנײַט אויף די זײַטן פֿונעם זשורנאַל. זײַנע מוסטערן פֿון דעם ייִדישן געמאָלטן שריפֿט קאָן מען זען צווישן די איבונגען און טאַבעלעס פֿון די לימודים פֿאַר די, וואָס דערלערנען די ייִדישע שפּראַך.

פֿאַר די לעצטע יאָרן האָט שלוימע ווערכאַווסקי געהאַט אין מאָסקווע צען פּערסאָנעלע אויסשטעלונגען פֿון זײַנע אַקוואַרעל־בילדער און צייכענונגען, אייניקע פֿון זיי זײַנען געווען רעפּראָדוצירט אויף די קינסטלערישע בײַלאַגעס פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד".

אַ באַדײַטנדיק אָרט אין ש. ווערכאַווסקיס שעפֿערישער מי פֿאַרנעמט פֿאַר די לעצטע יאָרן אויך זײַן זשורנאַליסטישע טעטיקײַט אַלס פֿאָרשער און דערציילער וועגן די העלדנטאַטן פֿון סאָוועטישע מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן אויף די פֿראָנטן פֿון דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע. ער האָט צונויפֿגעזאַמלט און דאָקומענטאַל באַשריבן ביאָגראַפֿיעס פֿון הונדערטער העלדן אויף דער מילכאָמע — פֿון געוואָגטע פֿליִער־באָמבאַרדירער, פֿאַרניכטלער, וואָס האָבן פֿאַרווירקלעכט טאַראַנען אויף פֿאַשיסטישע אַעראָפּלאַנען, וועגן מעסירעסנעפֿעשדיקע אַטאַקעס פֿון טאַנקיסטן און צולעצט פֿון ביז אַהער אומבאַוווּסטע מאַרטירער, וועלכע האָבן איבערגעכאַזערט דעם העלדנטאַט פֿונעם לעגענדאַרן אַלעקסאַנדער מאַטראָסאָוו.

אַ גרויסע צאָל פֿון ש. ווערכאַווסקיס פֿאָרשונגען (וואָס דאָס אַליין קאָן אָפּגעמערקט ווערן ווי אַ געוואָגטער זשורנאַליסטישער אופֿטו) זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן און באַווײַזן זיך נאָך ביז הײַנטיקן טאָג אין צענדליקער אויסגאַבעס פֿון דער סאָוועטישער פּעריאָדיק. אייניקע פֿון זײַן סעריע מאַטעריאַלן „העלדן אויף דער מילכאָמע" דערונטער וועגן ייִדישע שלאַכטלײַט, זײַנען געווען געדרוקט אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".

מיט אונדזער איצטיקער מיטיילונג, געווידמעט שלוימע ווערכאַווסקין אַלס גראַפֿיקער אין „סאָוועטיש היימלאַנד", מערקן מיר אָפּ זײַן 80־טן געבורטסטאָג און ווינטשן פֿון פֿולן האַרצן אונדזער כאַשעווען יובילאַר אַריכעס־יאָמים און נײַע שעפֿערישע דערפֿאָלגן.

## דאָס איז טשיקאַווע

# דער אָדעסער איזוואָזטשיק

„די אָדעסער איזוואָזטשיקעס זײַנען אן אויסערסט געוויסנלאָז פאָלק: וויפל דו צאָלסט זיי ניט, זײַנען זיי ניט צופרידן, אלץ איז זיי ווייניק. די אָדעסער דראָזשקעס זײַנען זייער ניט באקוועם פאר צווייען; אף זיי איז פאראן אָרט בלויז פאר איינעם; אײַנגעשפאנט זײַנען זיי, אין דער מערהײַט, מיט א פאָר פערד, אָבער עס זײַנען פאראן אויך מיט איין פערד — דאָס זײַנען די סאמע עלעגאנטע. פאָרן די איזוואָזטשיקעס גלענצנד, און זעלטן טרעפט א וועלכע־ניט־איז פאסירונג; ארבעט פארמאָגן זיי זייער א סאך...”

אזוי האָט כאראקטעריזירט די אָדעסער איזוואָזטשיקעס דער ליטעראט מ. ב. טשיסטיאקאָוו, וועלכער האָט באזוכט אָדעס אין דער מיט פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. די קאָלאָריטע פיגורן פון די איזוואָזטשיקעס, בריטשניקעס, בינדיוזשניקעס האָבן באזונגען א סאך באוווסטע געסט פון דער שטאָט. ניט ווייניק שורעס האָבן זיי געווידמעט שרײַבער און זשורנאליסטן־אָדעסיטן, קוידעמקאָל דער „ראָמאַנטישער היסטאָריאָגראַף פון אָדעס באבעל”.

צווישן א היפשער צאָל אזעלכע ליטעראַרישע פערסאָנאַזשן פארנעמט בעפיירעש איינע פון די בעקאָוועדיקע ערטער דער איזוואָזטשיק בעריאָזא. א. ס. פושקין איז, ווי עס ווײַזט אָן דער קענער פון דער אָדעסער פושקיניאַנע, דער שריפטשטעלער און פעדאגאָג קאָנסטאנטין זעלענעצקי, געווען גוט באקאנט מיטן איזוואָזשטשיק. גראָד בעריאָזא האָט מיטגעטיילט איינעם פון די אָדעסער אדרעסן פונעם פאָעט, דערציילט וועגן דעם, וויאזוי ער האָט געפירט פושקינען אף רענאָס דאטשע, ווי יענער פלעג זיך צעצאָלן מיט די בירזשע־איזוואָזטשיקעס, וועמען ער איז געווען שולדיק אין די טעג, ווען ער האָט ניט געהאט קיין געלט. בעריאָזא האָט אויך דערציילט וועגן אנדערע לעבעדיקע פראָטים. איך בין זיך מודע, אז איך באצי זיך צו אזעלכע גוויעסאיידעס גאנץ אײַנגעהאלטן, ווײַל כ׳האָב זיך ניט איין מאָל איבערצײַגט אין זייער ניט־ריכטיקײַט. אזוי, לעמאָשל, איז די לאָך אין דער וואנט פון פפייפערס קאָנדיטערײַ, וועלכע ס׳האָט קלוימערשט איבערגעלאָזט פושקינס באוווסטער אײַזערנער שטעקן (וועגן דעם האָט געשריבן דער ליטעראַט ב. מאַרקעוויטש), — ניט מער ווי א רעקלאמע־קונץ פון דעם פיפיקן באלעבאָס: אזא אונטערנעמונג האָט אין די יאָרן 1823 — 1824 אין אָדעס ביכלאל ניט עקזיסטירט, דאָס איז קאָנטראָלירט לויט ארכיוו־מאַטעריאלן. צי דען איז דער איזוואָזטשיק בעריאָזא אן אנאלאָגישע לעגענדע?

אינעם אָדעסער געגנטלעכן ארכיוו האָב איך זיך אָנגעשטויסן אף אן אויסערסט טשיקאַוון איניען, וואָס דערמעגלעכט, דאכט זיך, צו ענטפערן אף דער געשטעלטער פראגע. דאָס איז דער איניען „וועגן די איזוואָזטשיקעס, וועלכע דרייען זיך ארום אף דער בירזשע”, וועלכער איז צונויפגעשטעלט אינעם אָנהייב 1825. כראָנאָלאָגיש אָבער געהערט ער צום יאָר 1824, דה. פונקט צו יענער צײַט, ווען בעריאָזא האָט קלוימערשט געהאט א קאָנטאקט מיט פושקינען. פון אָט דעם איניען דערוויסן מיר זיך, אז אין 1824 זײַנען געווען אין אָדעס 85 דראָזשקע־אייגנטימער, 108 בריטשניקעס, 271 באלעגאָלעס און 37 בינדיוזשניקעס. יעדער פון די אייגנטימער האָט געצאָלט פאר איין איינס פונעם אקס־טראנספאָרט א שטײַער פון 2 רובל 50 קאָפּיקעס פאר א האלב יאָר. צי איז פאראן אין אָט דער רעשימע בעריאָזא?

פארשטייט זיך, אז זוכן האָט מען אים געדארפט צווישן די דראָזשקע־אייגנטימער, דה. צווישן יענע, וועלכע פארנעמען זיך מיט אריבערפירן פאסאזשירן. אף א דערפאָלג וואָלט מען געקאָנט האָפן בלויז דעמלט, אויב בעריאָזא איז א פאמיליע אָדער א צונאָמען, א דעריוואט פון דער פאמיליע פונעם דראָזשקע־אייגנטימער.

און ווירקלעך, אין דער רעשימע פון די דראָזשקע־אייגנטימער געפינען מיר א געוויסן בערעזאָווסקי. פארבלײַבט צו האָפן, אז דאָס איז ניט סתם א צונויפאל. אלנפאלס, אין אָט דער און אין אנדערע רעשימעס (סאכאקל 300 פערזאָנען) איז ניט פאראן קיין איין אנדערע צוגענגלעכע פאמיליע.

אָלעג גובאר
(אָדעס)

לויט דער באַקאַשע פון אונדזערע לייענער
ברענגען מיר דאָ אַדרעסן פון אייניקע אויסלענדישע פירמעס,
ווו מע קאָן זיך אַבאָנירן אױף „סאָוועטיש היימלאַנד":

USA

Victor Kamkin, Inc.,
12224 Park Lawn Drive,
Rockville, MaryLand 20852

EBSCO Industries, Inc.,
Post Office Box 1943
Birmingham, AL 35201 — 1943

Imported Publications, Unc.,
320 West Ohio Street,
Chicago, Illinois 60610

CANADA

Progress Books
71 Bathurst Street, 3rd Floor
Toronto, Ontario
M5V 2P6

Librairie Nouvelles Frontières Inc.
185, rue Ontario est
Montréal, P.Q.
H2X IH5

ISRAEL

Boleslavski Ltd.,
72 Allenby Road,
P.O. Box 3346,
Tel Aviv

FRANCE

Messidor Globe
2, Rue de Buci
75006 Paris

Les Livres Etrangers S.A.
10, Rue Armand-Moisant
75737 Paris

Assosiation France— URSS
4 — 4 bis, Rue A. Malraux
42000 Saint-Etienne

WEST GERMANY

VVG
Verlags- und Vertriebsgesell-schaft m.b.H.
Xantener Str. 7
Postfach 10 15 55
4040 Neuss 13

Lange & Springer GmbH & Co.
K G Follerstraße 2 — Postfach
10 16 10 5000 Köln 1

Kubon und Sagner GmbH
Postfach 34 01 08
8000 München 34

WEST BERLIN

Buchhandlung Elwert & Neurer
Hauptstraße 101
1 Berlin 62/West

GREAT BRITAIN

Collet's Holdings Ltd.,
Denington Estate,
Wellinghorough,
Northants, (N N 8 2QT)

Central Books Ltd.,
14, The Leathermarket,
London (SE1 3ER)

AUSTRALIA

New Era Books & Records,
64-68 Shepherd Street,
Marrickville, N.S.W. 2204

C.B.D. Library and Subscription
Service,
Box 4886, G.P.O.
Sydney, N.S.W. 2000

Gordon and Gotch Ltd.
P.O. Box 29
Burwood, Victoria 3125

ARGENTINA

"Dirple S.R.L."
Sanchez de Bustamante
466, 1173 Cap. Fed.
Buenos Aires

# מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן
## פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור

### שמאַיענאַק, כאַנע
### (1913)

— אַקטריסע, רעזשיסער, פּובליציסט. געבוירן אין איוואַנקאָוו, טשערנאָבילער ראַיאָן, קיִעווער געגנט. אין 1927 פאַרענדיקט די מאַלינער ייִדישע ארבעט־שול. אין די יאָרן 1929 — 1932 זיך געלערנט אין דער טעאַטראַלער סטודיע פונעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער. פונעם 1932 ביזן פאַרמאַכן דעם מאָסקווער גאָסעט געווען אַן אַקטריסע און אויסגעפילט א סאַך ראָלן אין פאַרשיידענע ספּעקטאַקלען. אין 1961 אָנגעקומען ארבעטן אלס רעזשיסער פון דער גאָרילסקער טעלעוויזיע, אָנגעשריבן א ריי סצענאַריעס, אינסצענירונגען און איינאַקטערס, וועלכע זײַנען דאָרט געשטעלט געוואָרן. אויסער פון פיל טעאַטראַלע רעצענזיעס, פאַרעפנטלעכטע אין דער פּרעסע. פונעם 1972 לעבט אין מאָסקווע. אָנגעשריבן פאַרצייכענונגען און זיכרוינעס וועגן דעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער, וועלכע האָבן זיך געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד", לעבט אין מאָסקווע.

ווערק (אין „סאָוועטיש היימלאַנד"): קאָלזמאַן דאָס האַרץ קלאַפּט (וועגן דעם רעזשיסער כאַיִם געלפאַנד). 1981, נומ. 4; שלוימע מיכאָעלס, ווי איך האָב אים פאַרגעדענקט. 1982, נומ. 8; מענאַשע מיימאַנס כסימע. 1983, נומ. 2.

### שיינקער, שלוימע
### (1954—1903)

— דיכטער. געבוירן אין דער קאָלאָניע יעפינגאַר, ניקאָלײַעווער געגנט, אוקראַיִנע. אין א מישפּאָכע פון א באַטראַק. אָנגעהויבן ארבעטן אין 1917 אלס פּאַסטעך בײַ די אָרטיקע פּויערים. אין די יאָרן 1918 — 1928 געאַרבעט אלס שוסטער אין זײַן געבורטס־אָרט און אין ניקאָלײַעוו, אין 1929 — 1931 געווען א קורסאַנט פון דער אָדעסער סאָוופּאַרטשול. נאָכן פאַרענדיקן די שול געווען פּאַרוואַלטער פון א פּאַבזאַוושול אין ניקאָלײַעוו. אין 1933 — 1934 געאַרבעט אין דער צײַטונג „אָדעסער ארבעטער", און ווען די צײַטונג איז פאַרמאַכט געוואָרן, אריבערגעפאָרן קיין קאַלינינדאָרף, געאַרבעט אינעם פּאָליט־אָפּטייל פון דער מאַשינטראַקטאָר־סטאַנציע. פונעם 1935 ביזן 1941 געווען רעדאַקטאָר פון דער ראַיאָנישער צײַטונג „קאָלווירט־עמעס" (קאַלינינדאָרף). מיטן אָנהייב פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע אוועק אפן פראָנט, זיך דעמאָביליזירט אין 1945 אלס אינוואַליד. מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון 1929. נאָך דער מילכאָמע געאַרבעט א צײַט אלס אינסטרוקטאָר פון ראַיקאָם פון דער פּאַרטיי אין קאַלינינער ראַיאָן כערסאָנער געגנט. דעביוטירט אין דער ליטעראַטור אין סאָף פון די 20־ער יאָרן, געדרוקט לידער אין די זשורנאַלן „פּראָליט", „די רויטע וועלט", אין די צײַטונגען „אָדעסער ארבעטער", „דער שטערן", „דער עמעס". פּאָרטראָטן מיט לידער אין „דעקלאַמאַטאָר פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור" (מאָסקווע, פאַרלאַג „עמעס", 1934), אין דער זאַמלונג „שלאַכטן", געווידמעט דעם 15־טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע (כאַרקאָוו—קיִעוו. אוקרמעלוכענאַצמינדפאַר ל א ג, 1932).

### שפּראַך, פראַיִם
### (1937 — 1890)

— פּובליציסט. געבוירן אין טאָרטשין, וואָלינער גובערניע. אין 1912 פאַרענדיקט א גימנאַזיע, שפּעטער שטודירט מעדיצין אין בערן, שווייץ, אין פּראָג, טשעכאָסלאָוואַקיע. אין דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג זיך אָנגעשלאָסן אין 1905. אין די יאָרן 1920 — 1922 אָנגעפירט מיט דער ייִדישער בילדונגס־ארבעט אין ראָסטאָוו, אָדעס, וויטעבסק, געווען א לעקטאָר פון געזעלשאַפטסקענטעניש אף פּעדאַגאָגישע קורסן. אין די יאָרן 1925 — 1928 געלעבט אין כאַרקאָוו, דערנאָך אריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע, געווען שטעלפאַרטרעטער פונעם רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג „דער עמעס". אויטאָר פון פילצאָליקע פּובליציסטישע ווערק, וועלכע האָבן זיך געדרוקט אין א ריי ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן. אין 1937 געווען אומגעזעצלעך רעפּרעסירט, נאָכן צוואַנציקסטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר רעאַבילוטירט.

ווערק: (צוזאַמען מיט ש. רייוועס) קאַמף, פּאָליטישער אַלעפּבייס פאַר שולן פון סאָציִאַלער דערציִונג. מאָסקווע, צענטרפאַרלאַג, 1925; די ציִעניסטן, ווער זײַנען זיי און וואָס ווילן זיי. כאַרקאָוו, „שטערן־ביבליִאָטעק", 1926; (צוזאַמען מיט א. ידיצקי און ל. מישקאָווסקי) פּאָליט־איוורע, קיִעוו, פאַרלאַג „קולטור־ליגע", 1926; (צוזאַמען מיט א. מאַקאַגאָן) פּאָליט־אויפקלער־ארבעט אין שטעטל. דאָרט, 1928; קאָמיוגישע פּאָליט־שמועסן. מאָסקווע, צענטרפאַרלאַג, 1929; שאָוויניזם. קיִעוו, „קולטור־ליגע". 1929; גאָט, קאַפּיטאַל און קליידעש. מאָסקווע, צענטרפאַרלאַג, 1930; צום דריטן יאָר פונעם פינפיאָר. דאָרט, 1931; דער היסטאָרישער פּלענום. דאָרט, „עמעס", 1933; די פאַשיסטישע קאָנטר־רעוואָליוציע און די ייִדישע בורזשואזיע. דאָרט, 1933.

ביבליִאָגראַפיע: ז. רייזען, לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור, פּרעסע און זשורנאַליסטיק; ב. 4; לעקסיקאָן פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור. ניו־יאָרק, 1981, אַכטער באַנד, שפּאַלטן 790 — 791.

## Урок IX — לימעד נײַן

**Грамматика:** Глагол. Простые и сложные формы глагола.
Три формы прошедшего времени. Многократно-прошедшее время. Партицип.

**Словообразование.** Суффиксы существительных: ־קע, ־ניצע, ־ניק; ־ערן; ־נער, ־לער, ־ער, ־ונג

## ГРАММАТИКА

### Простые и сложные формы глагола

Изученные вами глагольные формы настоящего времени и повелительного наклонения называются **простыми личными формами глагола**, т. к. они состоят из **одного слова** — спрягаемого в **форме** 1, 2 или 3-го **лица**, например:

1) иди! 2) идешь; 3) они идут. — 1) גיי! 2) גייסט; 3) זיי גייען.

Все остальные спрягаемые формы глагола сложные.

**Сложные формы глагола** состоят из двух частей: **а) изменяемой части** — вспомогательного глагола (по нему мы узнаем время действия, число и лицо); **б) неизменяемой части** — основного глагола, обозначающего само действие. Сравните, например, составные части некоторых глагольных временных форм.

| Время | Перевод | Неизменяемая часть — основной глагол | Изменяемая часть — вспомогат. глагол | Лицо |
|---|---|---|---|---|
| Прошедшее | мы читали<br>ты читал<br>он читал<br>мы читали | געלייענט<br>געלייענט<br>געלייענט<br>געלייענט | האָב<br>האָסט<br>האָט<br>האָבן | איך<br>דו<br>ער<br>מיר |
| Будущее | я буду читать<br>ты будешь читать<br>он будет читать<br>мы будем читать | לייענען<br>לייענען<br>לייענען<br>לייענען | וועל<br>וועסט<br>וועט<br>וועלן | איך<br>דו<br>ער<br>מיר |

דאָצענט ש. סאַנדלער

life last summer... There just isn't an organ to send a Yiddish word to. Maybe you'll find room for my essay in "Sovietish Heimland"?

Yours

ever

Avrom Bick".

A. Bick's essay included in the current issue is entitled "The Theme of the Old Testament in Soviet Yiddish Poetry". Avrom Bick, a famous literary critic, had spent most of his conscious life in the USA, then he emigrated to Israel and at present, as is seen from his letter, he is again temporarily living in the USA.

"The Jewish Theme in Polish Literature and Historiography", a review of books turned out by the Polish publishers, has been contributed by the "Inter-press" agency (Warsaw).

Poet Elya Beider (Gorky) contributed a literary critical essay "David Bergelson's Last Day", and Mikhail Krutikov (Moscow) — a review of I. Shifman's book entitled "The Old Testament and its World". In its section "On the Cinema Screen" the magazine tells of the harsh fate of the film "Commissar" released only last year, two decades after its production.

In the "Ethnography" section historian-ethnographer Igor Krupnik and demographer Mark Kupovetsky (Moscow) introduce the readers to the "Lakhlukhs", a little known ethnographic group of Soviet Jews.

The current issue includes the study "Unknown Letters of Ch.-N. Byalik to I. Zinberg and D. Magid (from the literary heritage of the famous Soviet hebraist Leib Vilsker, 1919-1988).

In January "Sovietish Heimland" started a new section under the title of "Jewish History". The current issue continues the publication of professor N. M. Nikolsky's work on the ancient period of this history dealing with the settlement of the ancient Jews in Canaan. An original illustration to this section is the artistic inset reproducing the pictures of Michelangelo, Rembrandt, Bassano and van Dyck.

The "Book Drawing" section is devoted to the work of the painter Solomon Verkhovsky (Moscow).

"The flow of letters to the editor has not stopped for a single day in the course of many years. Now when we have entered into a new stage of the restructuring (perestroyka), it has become the main topic of our correspondents who widely discuss openness and democratization in our society for the btnefit of our people", thus begins the letters review introduced by Boris Mogilner (Moscow).

The magazine furnishes detailed information on the Jewish cultural life.

The issue concludes with its traditional sections: "Items of Interest", "Materials for a Lexicon of Jewish Soviet Literature", "Chronicle", "Teach yourself Yiddish".

"Yiddish-Russian Dictionary, part I" is the title of the double supplement for January and February. Part 2 will appear in March-April.

# RÉSUMÉ

## "Sovietish Heimland" ("Soviet Homeland")
## No 2, February, 1989

"Pages of my Life" is the title of the autobiographical novel by the poet Yosif Bukhbinder (Kiev), victim of the stalinist terror rehabilitated in the 1950s, whose first chapters open the current issue.

The magazine continues the publication of Sholom Aleichem's novel "Bloody Joke" included in the last six 1988 "Sovietish Heimland" issues and in No 1, 1989.

The February issue's prose section also carries the stories "Brasilov", "Festive Dinner" and "An Everyday Story" by the young Jewish writer Gennady Estraikh (Moscow), the story "Mother, you Must Like him" from the literary heritage of Yosif Rabin (1900-1987), and the story "The Old Roof" to celebrate the 95th birthday of the writer Moisey Lyakhovitsky (Moscow).

The poetry section contains the poems "Expanses" by Matvei Shturman (Moscow) and "Old Village Motifs" by Yakov Milshtein (Novy Boog, Nikolayev Region), selection of "One Poem" Max Riant (Samarkand), Motl Gruvman (Novgorod), Lipa Heller and Felix Chaimovich (Minsk), Boris Mogilner (Moscow), Pinya Plotkin (Bobruysk), Hirsh Reles (Minsk).

"Does the culture of our international relations always attain the level of the neighbourliness which was a distinguishing feature of our fathers and grandfathers who were less literate but in no way less cultured?"—this problem is dealt with by the famous Ukrainian poet and dramatist Vasili Folvarochny (Chernovtsy) in his notes "Lessons of Brotherhood" which open the "Current Affairs" section. In his notes entitled "The Young Generation in the Modern World" journalist Eduard Rosenthal (Moscow) focuses on the problem of the young people of the 1980s. The section concludes with the chapter from Vasili Grossman's novel "Life and Destinies" which was missing from its first publication by the Moscow magazine "Oktyabr", but later added."Sovietish Heimland" features this chapter under the title of "Vasili Grossman on Anti-Semitism".

The "Literary Criticism. Bibliography. Art" section of the current issue carries a wide choice of materials. It opens with polemic notes "Resurrect Criticism" by Yakov Tiflinsky (Zhitomir) who points to the low level of the magazine's literary criticism which has been mostly complimentary in the recent years.

At the end of last year the editor received a letter from Detroit (USA):

"Dear friends,

As you know I've lived almost twenty years in Jerusalem. I've come to Detroit to visit my son and grandson. I am torn away from the world of Yiddish which has withered away and ascended into enternity. Three weeks ago the weekly "Morgn Fraihait" ceased to exist, and "Forverts" is in a state of agony. There isn't an organ in which I can have my works published. I am sending you my short essay I wrote for the Jerusalem magazine "Folk und Tsion" which departed this

крупных городах имеются «одиночки», предпочитающие работать самостоятельно.

*А. Б.*: Идея хорошая и, по-моему, реализуемая. Но надо продумать, как это лучше организовать. Опять-таки здесь не обойтись без помощи вашего журнала.

*А. Е.*: И учебник надо будет специальный разработать.

*«С. г.»*: Последний вопрос, точнее предложение. Почему бы не создать при вашем главке рабочую группу, в которую вошли бы специалисты в области еврейского языка. Такая группа могла бы действовать на общественных началах, по крайней мере до тех пор, пока идиш, еврейская литература и история не станут, наконец, темой в научно-исследовательских учреждениях страны.

*А. Б.*: Будем ждать предложений журнала по составу такой рабочей группы.

*А. Е.*: Я бы вообще хотел в заключение поблагодарить редакцию «Советиш геймланд» за активную позицию в данном вопросе. Надеемся на дальнейшее сотрудничество. Мы вместе одинаково видим эти проблемы, вместе нам их и решать. Может быть, не все получится сразу. Хотя нет сомнения в том, что от нас с вами многое зависит.

Журнал подробно информирует читателей о новостях еврейской культурной жизни.

Номер завершается традиционными рубриками «Это интересно», «Материалы для лексикона еврейской советской литературы», «Хроника», «Самоучитель еврейского языка».

«Краткий еврейско(идиш)-русский словарь, выпуск первый» — так озаглавлено сдвоенное книжное приложение к «Советиш геймланд» за январь и февраль месяцы. Вторая тетрадь выйдет в марте—апреле с. г.

а также существующего Биробиджанского педучилища, где уже ведется преподавание идиша. Планируется также готовить учителей еврейского языка в одном из педучилищ в Москве. А учителей потребуется много, так как, по нашей нынешней концепции, национальный язык надо изучать и в детских садах, и в школах, как это уже частично практикуется в Еврейской автономной области. Кстати, я недавно специально поехала в Биробиджан, и у меня остались хорошие впечатления. Побывала я на уроке идиша во втором классе, в котором 33 ученика, из них 15 — не евреи. Уроки проходят интересно, и дело здесь не только в профессиональной оценке со стороны присутствовавших вместе со мной специалистов, но и в том, что никто из учеников и родителей не отказывается от продолжения занятий.

*А. Е.*: Да, я тоже был в Биробиджане, и считаю, что там сделан некоторый шаг в правильном направлении. Самое главное — это то, что изменилось отношение к еврейскому языку и со стороны общественности, и со стороны руководства. Раньше ведь и евреи зачастую не проявляли особого интереса к родному языку. Хочу подчеркнуть, что без желания самого еврейского населения ничего в этой деликатной перестройке не получится.

*А. Б.*: Раз уж зашел разговор о Биробиджане, то хочу обратиться через ваш журнал к живущим в различных республиках потенциальным преподавателям еврейского языка. В Биробиджане готовы создать все условия для тех, кто выразит желание переехать к ним хотя бы на несколько лет, чтобы поставить на ноги преподавание еврейского языка в открывающемся там пединституте, да и в самих школах и в том же педучилище.

*А. Е.*: Хорошо было бы также сообщить вашим читателям, что министерство готово оперативно рассмотреть предложения авторов и авторских коллективов о подготовке различного рода учебно-методических материалов. Большую роль сыграют, конечно, те учебники и пособия, которые готовят сотрудники «Советиш геймланд». Вы уже, видимо, сообщали читателям о планах Хабаровского книжного издательства и издательства «Малыш». Но ведь требуются и новые словари, и учебники, и хрестоматии для различных классов...

*А. Б.*: ...и пособия по истории, книги о национальных традициях, национальной культуре. Кстати, некоторые периодические здания, выходящие на языках других народов СССР, ввели у себя рубрику типа «Знаешь ли ты свой родной язык?». Ваш журнал мог бы тоже помочь изучающим идиш.

*«С. г.»*: О нашей давнишней рубрике «В помощь изучающим идиш» и о публикующемся ныне идиш-русском словаре вы уже знаете. В текущем году читатели «Советиш геймланд» получат еще много полезных материалов, которые помогут им глубже изучить родной язык. Но журнал — журналом, а что касается книжных изданий, то в читательской почте много жалоб по поводу мизерного тиража, скажем, букваря. Не получится ли так же и с новыми изданиями?

*А. Е.*: Не должно так получиться. Но для этого нужны соответствующие заявки от местных органов народного образования. Часть тиража новых учебников мы готовы пустить в розничную продажу. Не хватит мощности Хабаровского издательства — будем договариваться с центральными.

*«С. г.»*: А как вы относитесь к идее заочной формы обучения идишу? Ведь не в любом городе можно создать класс, группу. Да и в

зования РСФСР: начальником Главного управления органов народного образования Александром Александровичем Егоровым и его заместителем, начальником отдела национальных школ Аллой Львовной Бугаевой, — и попросил ответить на несколько вопросов, связанных с преподаванием еврейского языка идиш в Российской федерации.

*«Советиш геймланд»:* Как вам известно, в конце 30-х годов были закрыты почти все учебные заведения, преподавание в которых велось на еврейском языке. С тех пор, за редким исключением, идиш не изучался ни в одном учебном заведении страны. Какие шаги предпринимает Министерство для восполнения этого пробела в изучении еврейского языка, еврейской истории, культуры?

*А. Егоров.* Прежде всего следует сказать о том, что позиция руководства органов народного образования изменилась. Не секрет, что в течение многих лет вопрос изучения национальных языков считался второстепенным. Скажем, выпуск в 1982 году отдельного издания еврейского букваря расценивался как исключение. Нынешняя наша позиция: в любом городе, в любом населенном пункте республики надо, при наличии запросов родителей или учащихся, создавать группы, классы для изучения еврейского языка.

*«С. г.»*: Что намечается предпринять в Москве, городе с почти четвертьмиллионным еврейским населением?

*А. Е.:* В конце прошлого года у нас состоялось совещание, в котором приняли участие представители Главного управления народного образования Москвы. Решено в ближайшее время организовать платные курсы для взрослых, количество их — в зависимости от потребностей, а с начала следующего учебного года, т. е. с сентября 1989, приступить к изучению идиша в отдельных школах Москвы. Предстоит большая работа по выяснению запросов родителей. От «географии» запросов будет зависеть, какие школы станут базовыми для занятий. Прежде всего следует, конечно, оповестить население о принятом решении.

*«С. г.»*: Предусматривается ли единый организационный вариант изучения идиша в общеобразовательных школах?

*А. Е.*: Предполагается открыть в базовых школах районные или межрайонные группы факультативного изучения еврейского языка. Однако некоторые педагоги возражают против такого решения, так как в этом случае увеличится нагрузка для учеников будущих еврейско-язычных групп. Считают правильней выделить отдельные классы, учебная программы для которых должна быть соответственно скорректирована, с тем, чтобы включить в нее уроки идиша. Так что этот вопрос еще следует внимательно изучить. Проблем вообще много. Прежде всего сложно найти достаточное число квалифицированных преподавателей. Ведь не любой человек, знающий идиш, может преподавать этот язык. Требуются знания методики, возрастной педагогики. Решено в первой половине текущего года провести методический семинар при институте повышения квалификации учителей. Надеемся на помощь журнала «Советиш геймланд», вокруг которого группируются практически все специалисты в области языка идиш.

*«С. г.»*: Можно ли привлечь к участию в этом семинаре учителей из других городов, республик?

*А. Бугаева*: Несомненно. Вообще-то в ближайшие годы мы надеемся частично решить проблему учительских кадров за счет выпускников открывающегося в этом году Биробиджанского пединститута,

литературно-критических материалов журнала, носящих в последние годы в основном комплиментарный характер.

В конце прошлого года редакция получила письмо из Детройта (США):

«Уважаемые друзья!

Как вы знаете, уже скоро двадцать лет, как я живу в Иерусалиме. В Детройт я приехал к моему сыну и внуку. Я оторван от мира идиша, который уже зачах и ушел в вечность. Три недели тому назад прекратил свое существование еженедельник «Моргн-Фрайхайт», в состоянии агонии находится «Форвертс». Негде печататься. Посылаю вам свое короткое эссе, написанное для иерусалимского журнала «Фолк ун Цион», который тоже этим летом приказал долго жить... Негде просто напечатать слово на идиш. Возможно, вы найдете место в «Советиш геймланд» для моего эссе. Ваш, как в прежние годы, Авром Бик».

Эссе А. Бика, с которым читатель ознакомится в нынешнем номере, озаглавлено «Тема ветхого завета в советской еврейской поэзии». Авром Бик — известный литературный критик, проведший большую часть своей сознательной жизни в США, затем эмигрировавший в Израиль и ныне, как это видно из его письма, снова поселившийся временно в Америке.

«Еврейская тема в польской литературе и историографии» — этот обзор книг, выпущенных польскими издательствами, подготовлен агентством «Интерпресс» (Варшава).

Поэт Эля Бейдер (г. Горький) печатает литературоведческий очерк «Последний день Давида Бергельсона». С рецензией на книгу И. Шифмана «Ветхий завет и его мир» выступает Михаил Крутиков (Москва). Под рубрикой «На киноэкране» журнал рассказывает о сложной судьбе фильма «Комиссар», вышедшего на широкий экран только в прошлом году — спустя двадцать лет после его создания.

В разделе «Этнография» историк-этнограф Игорь Крупник и демограф Марк Куповецкий (Москва) знакомят читателей с «лахлухами» — мало известной этнографической группой советских евреев.

Журнал печатает исследование «Неизвестные письма Х.-Н. Бялика И. Цинбергу и Д. Магиду» (из творческого наследия известного советского гебраиста Лейба Вильскера, 1919—1988).

Начиная с января текущего года «Советиш геймланд» открыл постоянную рубрику «Еврейская история». В февральском номере продолжается публикация работы проф. Н. М. Никольского о древнем периоде этой истории. Рассказывается о начальном этапе поселения древних евреев на землях Ханаана. Своеобразной иллюстрацией к рубрике «Еврейская история» служат материалы художественной вклейки, на которой воспроизводятся произведения Микельанджело, Рембрандта, Д. Бассано, Ван Дейка.

Рубрика «Книжная графика» посвящена работам советского художника Соломона Верховского (Москва).

«Уже на протяжении многих лет ни на один день не прерывается поток писем в редакцию. Сейчас, когда мы вошли в новый этап перестройки, это стало главной темой наших корреспондентов. Широко обсуждаются проблемы гласности, демократизации в нашем обществе, в центре которых стоит человек», — так начинается обзор писем, подготовленных Борисом Могильнером (Москва).

Сотрудник журнала «Советиш геймланд» Геннадий Эстрайх встретился с ответственными работниками Министерства народного обра-

# РЕЗЮМЕ

«Советиш геймланд» («Советская родина»)
№ 2, февраль, 1989

«Страницы моего дневника» — так называется автобиографическая повесть поэта Иосифа Бухбиндера (Киев), пострадавшего от сталинского произвола и реабилитированного в 50-х годах. Первые главы повести открывают февральский номер «Советиш геймланд».

Журнал продолжает печатать роман Шолом-Алейхема «Кровавая шутка» (начало публикации см. в последних шести выпусках журнала за 1988 год и в № 1 за 1989 год).

Прозу номера представляют также рассказы «Брасилов», «Праздничный обед» и «Бытовая история» молодого еврейского писателя Геннадия Эстрайха (Москва), рассказ «Мама, он должен тебе понравиться» из литературного наследия Иосифа Рабина (1900—1987) и рассказ «Старая крыша», публикацией которого журнал отмечает 95-летие литератора Моисея Ляховицкого (Москва).

В поэтической рубрике журнала печатаются циклы стихов «Просторы» Матвея Штурмана (Москва) и «Старые деревенские мотивы» Якова Мильштейна (Новый Буг, Николаевская область), подборка стихотворений Макса Рианта (Самарканд), Мотла Грувмана (Новгород), Липы Геллера и Феликса Хаимовича (Минск), Бориса Могильнера (Москва), Пини Плоткина (Бобруйск) и Гирша Релеса (Минск).

«Всегда ли культура наших межнациональных взаимоотношений достигает уровня того добрососедства, которым отличалась жизнь наших отцов и дедов, бывших менее грамотными, но ничуть не менее культурными?» — этот вопрос рассматривает известный украинский поэт и драматург, председатель буковинской писательской организации Василий Фольварочный (Черновцы) в своих заметках «Уроки братства», которыми журнал открывает раздел публицистики. Проблемам молодежи 80-х годов посвящены заметки «Молодое поколение в современном мире», с которыми выступает журналист Эдуард Розенталь (Москва). Завершает раздел глава из романа Василия Гроссмана» «Жизнь и судьба», не попавшая в текст первой публикации в московском журнале «Октябрь». Позже глава была журналом «Октябрь» напечатана. «Советиш геймланд» публикует этот фрагмент под заголовком «Василий Гроссман об антисемитизме».

В нынешнем номере журнала широко представлены материалы раздела «Литературная критика. Библиография. Вопросы искусства».

Открывают раздел полемические заметки Якова Тифлинского (Житомир) «Воскресить критику». Автор отмечает падение уровня

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД**

**(Советская родина)**

**Ежемесячный**
**литературно-художественный журнал**

*На еврейском языке*

**Орган Союза писателей СССР**

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**



Адрес редакции журнала:
101000, Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

главный редактор — 928-27-91
ответственный секретарь — 923-96-07

Художественная и техническая редакция
В. Соколова, Е. Чернина.
Корректор Б. Гершман

Сдано в набор 30.12.1988. Подписано к печати 18.01.1989. Формат 70×108¹/₁₆. Бумага типографская № 1. Печ. л. 11+0,25 вкл. (Усл. печ. л. 15,75). Бум. л. 5,5+0,125. Цена 70 коп. Зак. 1365.

Ордена Трудового Красного Знамени
Московская типография № 7 «Искра революции»
В/О «Совэкспорткнига» Государственного
Комитета СССР по делам издательств,
полиграфии и книжной торговли.
121019, Москва, пер. Аксакова, 13.

Цена 70 коп.

70821

issn 0134—4315

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

**В НОМЕРЕ:**



1989

№ 2